פראָלעטאַריער פון אַלע לענדער, פאַראייניקט זיך!

ס. ס. ר. צו פייערן דעם 20-יאָריקן יובילײ

190 יאָר און היסטפּאַרט פון צ. ק. ק. פּ. (ב.) װ.

# 1905

די ר

–) אין (–

# װײַסרוסלאַנד.

## זאַמלבוך.

צונױפגעשטעלט פון היסטפּאַרט באַם צ. ק. ק. פּ. (ב). װ.

אונטער דער רעדאַקציע און מיט אַ פאָרװאָרט

פון ש. (ס.) אַגורסקי



מינסק — 1925.

באַפֿעלקערונג איז געווען (און איז נאָך איצט אויך) אין גרעסטן טייל אַ ייִדישע און האָט אין סאָציאַלן זין פֿאָרגעשטעלט פֿון זיך אַזאַ בילד. די ייִדישע באַפֿעלקערונג איז געווען צעטיילט אין עטלעכע גרופּן. די ערשטע און קלענסטע גרופּע איז באַשטאַנען פֿון די גרויסע סאָחרים און פֿאַבריקאַנטן, וועלכע האָט זיך אָנגעהויבן צו באַווייזן אין סאָף פֿון די 80=קער יאָרן אין ביאַליסטאָק, גראָדנע און אַנדערע שטעט פֿון ווייסרוסלאַנד. די צווייטע גרופּע איז באַשטאַנען פֿון קליין=הענדלער און מעקלער, וועלכע האָבן געלעבט פֿון לופֿט און שווינדל. די דריטע גרופּע איז באַשטאַנען פֿון באַלמעלאָכעס, וועלכע פֿלעגן האָבן וואַרשטאַטן און האַלטן לערנייִנגלעך און אויך לוינאַרבעטער. די אַרבעט=באַדינגונגען אין די דאָזיקע וואַרשטאַטן זיינען געווען אומענטשלעכע; מען פֿלעגט אַרבעטן צו 18—16 שאָ אין טאָג און קיינמאָל ניט פֿאַרדינען גענוג צום עסן.

די פֿערטע גרופּע איז באַשטאַנען פֿון די ייִדישע קאַבצאָנים, וועלכע האָבן געלעבט פֿון קיצווע און זיך אַרומגעשלעפּט פֿון איין שטאָט אין דער צווייטער און געבעטלט.

די לאַגע פֿון די ייִדישע באַלמעלאָכעס און דער אָרעמער ייִדישער באַפֿעלקערונג איז געווען אַן אומדערטרעגלעכע. א. ליבערמאַן, איינער פֿון די פּיאָנערן פֿון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג צווישן די ייִדישע מאַסן, האָט אין אַן אַרטיקל, וועלכער איז געווען געדרוקט אין לאַווראָווס „ווּפּעריאָד“ אין 1876 יאָר אונטער דעם נאָמען „ווייסרוסלאַנד“, באַשריבן די לאַגע פֿון דער אָרעמער ייִדישער באַפֿעלקערונג אַף אַזאַ אויפֿן:

„דער שטאָטישער עלעמענט פֿון די שטעטלעך פֿון „ווייסרוסלאַנד“ — שרייבט ליבערמאַן אין דעם אַרטיקל — באַשטייט אויסשליסלעך פֿון ייִדן... די מישפּאָכע פֿון די נעגידים האַלט אין פֿולשטענדיקער עקאָנאָמישער פֿאַרשקלאַפֿונג קימאַט אַלע מיטגלידער פֿון דער געזעלשאַפֿט, וואָס דינען קימאַט אַלע באַ איר פֿאַר לעגענדאַריש=נידעריקע סכירעס...

עס פֿאַרדינען נאָר די עלטסטע פֿון דער פֿאַמיליע. קינדער פֿון 16—14 יאָר פּייניקט מען אין כיידער צו 12 שאָ אין מעסלעס. אין דינסט באַ די נעגידים געפֿינט זיך אַגעוו אַפֿילע דער ראָוו... קיין וואלן פֿון קאָהאָלס=לייט קען ניט זיין, און קיינער וואָלט ניט געהאַט קיין האָזע צו זאָגן אַ דייע די נעגידים, וואָס טאַינען, אַז זיי זיינען די שטאָט=באַלטויוועס... די גאַנצע לאַסט פֿון די הויצאָעס פֿאַלט אַף די אָרעמע לייט... גראָד די באַלטויוועס פֿון די פֿאַרשיידענע שטעטלעך האָבן זיך געקליגט צו אויסזוכן נייע געזעלשאַפֿטלעכע הויצאָעס, אַרופֿלייגנדיק אומדירעקטע שטייערן אַף די פּראָדוקטן פֿון דער ערשטער נויטווענדיקייט, ווי לעמאָשל, זאַלץ, קעראָסין, ליכט, ניט רעכענענדיק די קאָראָבקע... באַלמעלאָכעס זיינען אין די שטעטלעך דאָ ווייניק... קיין ייִנגלעך האַלטן זיי ניט, ווײַלע עס קלעקט פֿאַר זיי אַליין קאָם אַרבעט“.

אָט אַזוי האָט א. ליבערמאַן באַשריבן די לאַגע פֿון די ייִדישע אָרעמע לייט אין די שטעט און שטעטלעך פֿון ווייסרוסלאַנד.

די קריסטלעכע באַפעלקערונג פון די שטעט און שטעטלעך פון ווייסרוסלאַנד איז געווען צוטיילט אין פאָלגנדיקע גרופן: די ערשטע גרופע איז באַשטאַנען פון פאַרשיידענע טשינאָווניקעס און רעגירונגס-אַנגעשטעלטע, גאַלאָכים, מאָנאַכן, מאָנאַשקעס און אַנדערע גייסטלעכע, וועלכע זיינען געווען קאָנצענטרירט אין די גרעסערע שטעט. די צווייטע גרופע איז באַשטאַנען פון דער פאַראָרעמטער דאָרפי-שער באַפעלקערונג, וועלכע איז געקומען אין שטאָט נאָך אַרבעט און פלעגט טאָן די שוואַרצע אַרבעט פון שטאָט סײַ בײַ דער יידישער און סײַ בײַ דער ניט יידישער באַפעלקערונג; דאָך איז דער יידישער אָרעמקייט געווען נאָך ערגער. די יידישע קאַבצאָנים זיינען געווען געשמידט אין די קייטן פון „טכום“ (טשערטאַ אָסעדלאָסטי) און האָבן ניט געהאַט די מעגלעכקייט צו זוכן אַרבעט, ווו זיי האָבן געוואָלט.

קיין אינדוסטריע איז קימאַט ווי נאָך ניט געווען אין ווייסרוסלאַנד אין די זיבע-ציקער און אַפילע אין די אַכציקער יאָרן. לויט דער סטאַטיסטיק פון 1887 זיינען אין די פינף גובערניעס, וועלכע שטעלן צוזאַמען דעם שעטאַך פון ווייסרוסלאַנד, געווען בעערעך 10 טויזנט פאַבריק און זאַוואָד-אַרבעטער... די דאָזיקע „זאַוואָדן“ און „פאַבריקן“ זיינען באַשטאַנען צוויי-דריטל פון בראַנפן און ביר-ברייזער, און דער דריטער טייל „זאַוואָדן“ איז געווען צוטיילט אַף פאַרשיידענע צווייגן פון דער אינדוסטריע. אַף די אַלע „זאַוואָדן“ זיינען קימאַט אינגאַנצן געווען באַשעפטיקט ניט קיין יידישע אַרבעטער, ווייל די בראַנפן-ברייזער האָבן זיך געפונען אַף די פרי-ציישע גיטער, ווו עס האָבן געאַרבעט די פויערים. אין די זעג-מילן, וואָס זיינען פאַרעכנט אין דער סטאַטיסטיק פון 1887 אַלס זאַוואָדן, האָבן אייך געאַרבעט נאָר פויערים.

אַף אַזאַ אויפן זעען מיר, אַז עקאָנאָמיש האָט מיט זיך ווייסרוסלאַנד פאָרגע-שטעלט אין סאָף פון לעצטן יאָרהונדערט, פון איין זייט, אין דאָרף אַ האַלב-פעאָדאַלן צושטאַנד, ווו די פריצים, גאַלאָכים און צאַרישע טשינאָווניקעס האָבן געוועלטיקט איבער די פויערים-מאַסן, און פון דער צווייטער זייט, אין שטאָט און שטעטל — אַ טפיסע אין דער געשטאַלט פון דער „טשערטאַ אָסעדלאָסטי“, אין וועלכער עס האָבן זיך געפייניקט די יידישע אָרעמע מאַסן אונטער דעם יאָך פון די צאַרישע טשינאָווניקעס, יידישע נעגידים און זייערע מיטהעלפער — די יידישע קלעריקאַלן.

* * *

די עקאָנאָמישע לאַגע פון דעם פויערטום און שטאָטישער אָרעמער באַפעלקע-רונג פון איין זייט, און פון דער צווייטער זייט — די נאַציאָנאַלע אונטערדריקונג פון די פעלקער פון מאַירעוו-געגנט, באַזונדערס בענוגייע די יידן, פאָליאַקן און ווייסרוסן, האָט געשאַפן אַ גוטן באָדן פאַר אַ רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אין ווייסרוסלאַנד. דערפאַר טאַקע זעען מיר, אַז ניט געקוקט אַף דעם, וואָס אין ווייסרוסלאַנד איז קיין פראָ-לעטאַריאַט ניט געווען, פאַרנעמט דאָך ווייסרוסלאַנד אַן אָנגעזעענעם אָרט אין דער געשיכטע פון דער רוסלענדער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. אין 1863 יאָר, אין צייט

פֿון פּויליִשן אויפֿשטאַנד, האָט קאַסטוס קאַליִנאָווסקי אָרגאַניזיִרט רויטע־פּויעריִשע אָטראַדן און געפֿיִרט אַ קאַמף ניִט נאָר קעגן די „מאַסקאַלעס" (צאַריִשע אונטער־דריִקער), נאָר אויך קעגן די פּויליִשע און ווייסרוסיִשע פּריִצים, די־דאָזיִקע פּויעריִם־אויפֿשטאַנדן זיינען אונטערדריִקט געוואָרן. קאַסטוס קאַליִנאָווסקי איז אין אַפּרעל 1864־טן יאָר אויפֿגעהאַנגען געוואָרן.

שפּעטער, ווען אין די 70־ער יאָרן האָט זיִך אָנגעהויבן צו פֿאַרשפּרייטן די באַוועגונג פֿון די נאַראָדניִקעס, געפֿינען מיִר גלייך אין די שטעט פֿון ווילנער, מיִנסקער און גראָדנער גובערניע גרופּן פֿון „זעמליאַ אי וואָליאַ" און „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ". אין דעם באַרימטן „פּראָצעס פֿון די 193", וועלכער איז פֿאָרגעקומען אין 1877־טן יאָר, געפֿינען מיִר אויך די נעמען פֿון קאַוואַליק, וואַכאָווסקאַיאַ, פּומיאַנסקאַיאַ און אַנדערע רעוואָלוציאָנערן פֿון ווייסרוסלאַנד *).

אין 1879, ווען די „זעמליאַ אי וואָליאַ" האָט זיִך געשפּאָלטן אין צוויי גרופּן — „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ" און „טשאָרני פּערעדעל", געפֿינען מיִר אין ווייסרוסלאַנד גרופּן פֿון ביידע ריִכטונגען.

אייניִקע פֿון די ווייסרוסיִשע נאַראָדניִקעס האָבן פֿאַרנומען אַן אָנגעזעענעם אָרט, ווי אָנפֿיִרער פֿון דער גאַנצער באַוועגונג אין רוסלאַנד. צוויִשן די אָנפֿיִרער פֿון דער „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ", וועלכע האָבן דעם ערשטן מאַרט 1881־טן יאָר געטויט אַלעקסאַנדער דעם צווייטן, געפֿינען מיִר דעם סטודענט גריִנעוויִצקי פֿון מיִנסקער גובערניע, וועלכער האָט מיִט זייַן באָמבע געטויט דעם צאַריִשן הערשער. צוזאַמען מיִט איִם געפֿינען מיִר אויך דאָס ייִדיִשע מיידל פֿון מאָזיר — העסיע העלפֿמאַן, וועלכע האָט געהאָלפֿן אָרגאַניזיִרן דעם אָנפֿאַל אויף אַלעקסאַנדער דעם צווייטן.

צוויִשן די „טשאָרנע פּערעדעלצעס" האָבן די רעוואָלוציאָנערן פֿון ווייסרוסלאַנד פֿאַרנומען אַן אָנגעזעענעם אָרט. מיִט דער היִלף פֿון דער מיִנסקער גרופּע „טשאָרני פּערעדעל" איז אין 1879־טן יאָר אין מיִנסק (אויף קאָמסאָמאָלסקע ראָג אוניווערסיִטעטסקע גאַס) אָרגאַניזיִרט געוואָרן אַן אונטערערדיִשער דרוק, ווו מען האָט געדרוקט דריי נומערן פֿון דער צייטונג „טשאָרני פּערעדעל", און אייניִקע פּראָקלאַמאַציעס. אין דער דרוקעריי האָבן געאַרבעט גרונטפּעסט, הערץ און אַנדערע ייִדיִשע דרוקער.

צוויִשן די „טשאָרנע פּערעדעלצעס" פֿון מיִנסק איז געווען דער אַלטער רעוואָלוציאָנער באָנטש אָסמאָלאָווסקי, וועלכער איז אַרעסטיִרט געוואָרן און געמיִשפּעט געוואָרן אין דעם פּראָצעס פֿון די „טשאָרנע פּערעדעלצעס".

---

*) אין 1877 יאָר זיינען אַרעסטיִרט געוואָרן אין אַלע טיילן פֿון רוסלאַנד 2000 פּערזאָן „פֿאַר פֿאַרשפּרייטן רעוואָלוציאָנערע פּראָפּאַגאַנדע אין איִמפּעריע". פֿון די אַרעסטיִרטע זיינען 193 געשטעלט געוואָרן פֿאַרן געריִכט. פֿון די 193 זיינען 12 פֿאַרמיִשפּעט געוואָרן צו 10 יאָר טפֿיִסע אין שליִסלבורגער פֿעסטונג. אַסאַך זיינען פֿאַרמיִשפּעט געוואָרן צו פֿאַרשיִקונג אין סיִביִר. צוויִשן די, וואָס זיינען פֿאַרמיִשפּעט געוואָרן צו 10 יאָר פֿעסטונג, איז געווען קאַוואַליק, וועלכער איז אין אַפּרעל 1926־טן יאָר געשטאָרבן אין מיִנסק.

אין די זיבעציקער יאָרן דרינגט דער סאָציאַליסטישער געדאַנק אַריין צווישן דער יידישער אינטעליגענץ פון אונדזער געגנט.

צוערשט קומט א. ליבערמאַן, וועלכער עמיגרירט אין אויסלאַנד און הויבט אָן אַרויסצוגעבן דעם העברעישן זשורנאַל „האמת". צוזאַמען מיט ווינטשעווסקען און אַנדערע הויבן זיי אָן פאַרשפרייטן דעם סאָציאַליסטישן געדאַנק צווישן דער יידישער אינטעליגענץ.

אין 1887-טן יאָר ווערט אין ווילנע געגרינדעט דער ערשטער יידישער סאָציאַליסטישער קרייז, וועלכער האָט זיך געשטעלט אַלס אויפגאַבע פירן אַ סאָציאַליסטישע פראָפּאַגאַנדע צווישן די יידישע באַלמעלאָכעס.

אונטער דער ווירקונג פון דער סאָציאַליסטישער פראָפּאַגאַנדע הויבט זיך אָן אַ באַוועגונג צווישן די יידישע באַלמעלאָכעס צו אָרגאַניזירן „פאַך-קאַסעס".

אין 1888 יאָר האָבן די זאָקן-מאַכערקעס אָרגאַניזירט די ערשטע „קאַסע". נאָך דעם האָבן אויך אָרגאַניזירט קאַסעס די שניידער און שטעפּער. צווישן די מיטגלידער פון די „קאַסעס" איז געפירט געוואָרן אַ סאָציאַליסטישע פּראָפּאַגאַנדע.

דאָס אָרגאַניזירן פון די פאַך-קאַסעס, וועלכע זיינען אייגנטלעך געווען די ערשטע קערנדלעך פון די פראָפעסיינען, האָט זייער אַ גרויסע באַדייטונג, ווייל פון די „קאַסעס" איז אויך אויסגעוואָקסן די סאָציאַליסטישע באַוועגונג צווישן די יידישע אַרבעטער, אַדאַנק די קאַסעס איז מעגלעך געווען אין ווילנע צו פייערן דעם 1-טן מאַי דעם ערשטן מאָל אין 1892-טן יאָר.

אין אָנהויב פון די 90-קער יאָרן הויבט ביסלעכווייז אָן צו וואַקסן די אינדוסטריע אין ווייסרוסלאַנד. אין ביאַליסטאָק הויבט זיך אָן צו פאַרשפרייטן די טעקסטיל-אינדוסטריע, ווו עס האָבן זיך אָנגעהויבן צו קאָנצענטרירן גרעסערע גרופּן אַרבעטער. צווישן זיי הויבן זיך אָן צו גרינדן סאָציאַליסטישע גרופּן און אין 1893 געפינען מיר שוין סאָציאַליסטישע גרופּן אין מינסק, סמאַרגאָן, און אַנדערע ערטער. אומגעפער אין דערזעלבער צייט זיינען שוין פאָרגעקומען שטרייקן פון די בערשטער, וועלכע האָבן געפאָדערט בעסערע לעבנבאַדינגונגען.

אין 1894-טן יאָר זיינען שוין פאָרגעקומען אַ גאַנצע ריי שטרייקן אין פאַרשיידענע ערטער פון ווייסרוסלאַנד. אין מינסק איז פאָרגעקומען אַ קאַמף פאַר אַ 10 שאָיקן אַרבעט-טאָג, אָבער אנשטאט אַ 10 שאָיקן אַרבעט-טאָג האָבן זי זיך דערשלאָגן צו פאַרקירצן דעם אַרבעט-טאָג פון 17 שאָ אַף 14... און באַ די דאָזיקע שטרייקן האָבן אייניקע גרופּן יידישע אַרבעטער צום ערשטן מאָל אַרויסגעשטעלט פּאָליטישע פאָדערונגען.

אין די יאָרן 1895—1894 ווערט די סאָציאַליסטישע באַוועגונג צווישן די יידישע אַרבעטער באַדייטנד פאַרברייטערט: אין ווילנע, מינסק, ביאַליסטאָק, בריסק, סמאַרגאָן, ווילקאָווישקי, קרעסלאַווקע און אַנדערע שטעט פון ווייסרוסלאַנד און ליטע זיינען אָרגאַניזירט געוואָרן „קאַמפּס-קאַסעס" און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ ריי שטרייקן. באַזונדערס שטאַרק איז דער וווקס פון די „קאַמפּס-קאַסעס" געווען אין ווילנע און אין מינסק. אין ווילנע זיינען פון די קאַמף-קאַסעס געווען אָרגאַני-

זײַנען 850 אַרבעטער, װעלכע האָבן געהערט צו 27 פאַכן, אין מינסק זײַנען אין די קאַסעס געװען 870 אַרבעטער, װעלכע האָבן באַלאַנגט צו 15 פאַכן.

די אױפגאַבע פון די „קאַמפּ-קאַסעס" איז געװען צו קעמפן פאַר אַ קלע-נערן אַרבעט-טאָג, פאַר העכערן די סכירעס און בעסערע באַהאַנדלונגען בײַ דער אַרבעט.

אין מינסק האָבן די „קאַמף-קאַסעס" אין מעשעך פון צװײ יאָר (1896 — 1894) דורכגעפירט מער װי 50 שטרײַקן. אין אײניקע ערטער האָבן די אַרבעטער אַרױסגעשטעלט פאָליטישע פאָדערונגען.

אין 1895 איז דער ערשטער מאַי געפײַערט געװאָרן אין װילנע, מינסק און סמאָרגאָן. אין װילנע איז די מאַי-פײַערונג פאָרגעקומען דורך צװײ פאַרזאַמלונגען, אױף װעלכע עס זײַנען בײַגעװען 250 ייִדישע אַרבעטער. אױף די פאַרזאַמלונגען האָט מען געבראַכט רױטע פאָנען מיט אױפשריפטן: „אַרבעטער פון אַלע לענדער, פאַראײניקט זיך! מיר קעמפן פאַר אַ 10 שאָעדיקן אַרבעט-טאָג!" אױף אײנע פון די דאָזיקע פאַרזאַמלונגען האָט מאַרטאָװ געהאַלטן זײַן באַװוסטן פאָרטראָג: „דער װענדונגס-פונקט אין דער ייִדישער אַרבעטער באַװעגונג". אין דעמדאָזיקן פאָרטראָג האָט מאַרטאָװ דערקלערט, אַז אױב די ייִדישע אַרבעטער װילן זיך דערשלאָגן פאָליטישע און עקאָנאָמישע באַ-פרײַונג, דאַרפן זײ זיך ניט פאַרלאָזן אױף די רוסישע און פױלישע אַרבעטער, נאָר זײ דאַרפן שאַפן אַ באַזונדער ייִדישע אַרבעטער-אָרגאַניזאַציע *).

אין 1895 יאָר האָט די אַרבעטער-באַװעגונג אין אונדזער געגנט אָנגעהױבן צו װאַקסן ניט נאָר צװישן די ייִדישע אַרבעטער. אין דעמזעלביקן יאָר איז אין ביאַליסטאָק פאָרגעקומען אַ גרױסער װעבער-שטרײַק, אין װעלכן עס האָבן אַן אָנטײל גענומען 26 טױזנט װעבער. אין דעמזעלביקן יאָר איז אױך פאָרגעקומען אין מינסק די ערשטע קאָנפערענץ פון װילנער און מינסקער אַרבעטער-גרופן.

די באַװעגונג אַנטװיקלט זיך און װערט שטאַרקער. סאָציאַל-דעמאָקראַטישע גרופן זײַנען געשאַפן געװאָרן אין אַ גאַנצער רײע שטעט פון װײַסרוסלאַנד.

אין רוסלאַנד הױבט זיך אָן אין דערזעלביקער צײַט צו שאַפן אַ באָדן פאַר אַן אַלגעמײנער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער אָרגאַניזאַציע, אָבער די ייִדישע קלײנבירגער-לעכע אינטעליגענץ האָט אױפגעכאַפּט דעם געדאַנק פון מאַרטאָװס רעדע און אין 1897-טן יאָר אין װילנע באַשאַפן דעם „בונד", דורך װעלכן זײ האָבן אָפּגעזונדערט די ייִדישע אַרבעטער פון דעם רוסישן פּראָלעטאַריאַט. מיט אַ יאָר שפּעטער (אין 1898) איז אין מינסק פאָרגעקומען דער ערשטער צוזאַמענפאָר פון ר.ס.ד.א.פּ. דער

---

*). מאַרטאָװ האָט זיך שפּעטער אָפּגעזאָגט פון דעם פאַלשן געדאַנק. דערפאַר האָבן עס אױפגענומען די גרינדער פון „בונד" און געשאַפן די ייִדישע אָרגאַניזאַציע צו קענען קעמפן פאַר דער באַפרײַונג פון די ייִדישע אַרבעטער. נאָר כאַראַקטעריסטיש איז, אַז מאַרטאָװ װעלכער איז געװען דער טאַטע פון נאַציאָנאַליזם, איז אױך געװען דער אידעאָלאָג פון „בונד", האָנאָם ער האָט זיך דערנאָך פון דערדאָזיקער אידײַע אָפּגעזאָגט.

בונד האָט זיך באַטייליקט אין דעם צוזאַמענפאָר און איז נאָכן צוזאַמענפאָר אַריין אין דער פּאַרטיי אַלס אַן אַווטאָנאָמער טייל פון דער פּאַרטיי...

נאָך דער גרינדונג פון בונד און ר.ס.ד.א.פּ. הויבן זיך אָן שטאַרקע פאַרפאָלגונגען קעגן דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. גלייך נאָכן צוזאַמענפאָר ווערט אין באָברויסק אויפגעדעקט די צענטראַלע דרוקעריי און עס ווערן אַרעסטירט 70 פּאַרטייטוער. דערדאָזיקער אַרעסט האָט די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג ניט אָפּגעשטעלט. אין קעגנטייל: אין די יאָרן 1898—1901 איז די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג אומגעהויער געוואָקסן. די צאַרישע רעגירונג האָט אָנגעהויבן צו זוכן מיטלען, ווי צו שטערן דעם וווּקס פון דער באַוועגונג, ניט נאָר דורך רעפּרעסיעס: דער מאָסקווער זשאַנדאַרם-פּאָלקאָווניק זובאַטאָוו האָט אָנגעהויבן אָרגאַניזירן פּאָליציישע אַרבעטער-אָרגאַניזאַציעס, קעדיי אָפּציִען די אַרבעטער פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג.

אין 1902 ווערט דורך זובאַטאָווס אַגענטן אין מינסק אָרגאַניזירט „די אומאָפּהענגיקע ייִדישע אַרבעטער-פּאַרטיי“. די פירער פון דערדאָזיקער פּאַרטיי זיינען געווען מאַניע ווילבושעוויטש, גאָלדבערג און אַנדערע *). מאַניע ווילבושעוויטש און אירע כאַוויירים האָבן אין זובאַטאָווס פּאַרטיי געאַרבעט, וויסנדיק, אַז זובאַטאָוו איז איר שעף. כוץ דער „אומאָפּהענגיקער ייִדישער אַרבעטער-פּאַרטיי“ האָט זובאַטאָוו אויך אויסגענוצט די ציאָניסטישע אָרגאַניזאַציעס, וועלכע ער האָט דערלויבט לעגאַל צו עקזיסטירן. דערדאָזיקער פאַקט ווערט באַשטעטיקט אין אַ בריוו, וואָס מאַניע ווילבושעוויטש האָט געשריבן צו זובאַטאָוון, אין וועלכן זי דערציילט זובאַטאָוון וועגן איר אַרבעט צווישן די ציאָניסטן.

„די אומאָפּהענגיקע ייִדישע אַרבעטער-פּאַרטיי“ האָט אַ געוויסע צייט געהאַט דערפאָלג (באַזונדערס אין מינסק). אָבער גאַנץ גיך איז פאַר דער ייִדישער אַרבעטערשאַפט אויפגעדעקט געוואָרן דער פּאָנים פון זובאַטאָווס אַרבעטער-פּאַרטיי, און זובאַטאָווס אַגענטן האָבן די פּאַרטיי ליקווידירט.

אין דער צייט, ווען זובאַטאָוו האָט געשיקט זיינע אַגענטן צווישן דער ייִדישער אַרבעטערשאַפט צו שטערן דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, איז די באַוועגונג קאָלאָסאַל אויסגעוואַקסן. אין אָנהייב 1902, אין רעכטן וווּקס פון זובאַטאָווישטשינע אין ווייסרוסלאַנד, דערגרייכט דער וווּקס פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אין מאַירעווגעגנט צו אַזאַ מאַדרייגע, אַז דעם ערשטן מאַי 1902 האָבן די ווילנער אַרבעטער באַשלאָסן צו מאַכן אַ מאַסן-דעמאָנסטראַציע. די דעמאָנסטראַציע איז פאָרגעקומען; אויף דעם באַפעל פון ווילנער גובערנאַטאָר, פאָן וואַל, זיינען הונדערטער דעמאָנסטראַנטן אַרעסטירט געוואָרן, און די אַרעסטירטע סיי מענער און סיי פרויען זיינען באַשטראָפט געוואָרן מיט לייבשטראָף. די דאָזיקע האַנדלונג פון צאַרישן הענקער האָט אַרויסגערופן אַ שטאַרקע אויפרעגונג צווישן די אַרבעטער-מאַסן און מען האָט אָנגעהויבן פאָדערן נעקאָמע פאַר דער שענדלעכער האַנדלונג פון די צאַרישע מעשאָרסים;

*) מאַניע ווילבושעוויטש איז איצט אַן אָנגעזעענע טוערן אין דער פּועליי-ציאָן-פּאַרטיי און געפינט זיך אין פּאַלעסטינע. גאָלדבערג געפינט זיך איצט אין מינסק.

דער ייִדישער אַרבעטער (אַ שוסטער) הירש לעקערט האָט מיט נאָך אַפּאָר אַר־בעטער גענומען צוגרייטן אַן אָנפֿאַל אױף פֿאָן װאַלן. די פֿירער פֿון װילנער קאָמיטעט פֿון „בונד“ זיינען געװען קעגן דעם פּלאַן פֿון הירש לעקערטן און האָבן ניט געװאָלט דערלאָזן, אַז דער אָנפֿאַל אױף פֿאָן װאַלן זאָל דורכגעפֿירט װערן. דער רעװאָלוציאָנע־רער אינסטינקט פֿון דעם אַרבעטער, װעלכער האָט אַפֿילו ניט געקענט לייענען און שרייבן, איז געװען שטאַרקער װי די פֿילאָסאָפֿיע פֿון די אינטעליגענטישע פֿירער פֿון בונד; לעקערט האָט זיין פּלאַן דורכגעפֿירט. ער האָט געשאָסן אױף פֿאָן װאַלן און אים פֿאַרװוּנדעט. פֿאַר דעם העלדישן טאַט באַצאָלט לעקערט מיט זיין לעבן. דעם 11־טן יוני 1905 האָט מען לעקערטן אױפֿגעהאַנגען אַרום די װענט פֿון װילנער טפֿיסע.

אין די יאָרן 1902—1904 װאַקסט די רעװאָלוציאָנערע באַװעגונג אין װייס־רוסלאַנד און אין גאַנצן מאַירעװ־געגנט מיט אַ באַזונדער גיכקייט. אין די שטעט, שטעטלעך און דערפֿער קומען פֿאָר רעװאָלוציאָנערע אַרױסטרעטונגען. מאַסן אונטער־ערדישע ליטעראַטור און פּראָקלאַמאַציעס זיינען טעגלעך פֿאַרשפּרייט געװאָרן. עקאָ־נאָמישע און פּאָליטישע שטרייקן האָבן גענומען טראָגן אַ ריזיקן מאַסן־כאַראַקטער. דער 14 שאָיקער אַרבעטס־טאָג איז שױן געװאָרן אַ זאַך פֿון דער פֿאַרגאַנגענהייט.

בײַ אַלע רעװאָלוציאָנערע אַרױסטרעטונגען זיינען שױן געװאָרפֿן געװאָרן לאָ־זונגען: „מיר פֿאָדערן אַן 8 שאָיקן אַרבעטס־טאָג!“

די צאַרישע רעגירונג האָט געװאָלט אונטערדריקן די רעװאָלוציאָנערע באַװעגונג מיט אַלע מיטלען; זי האָט פֿאַרפֿלייצט די שטעט און שטעטלעך מיט שפּיאָנען און פּראָ־װאָקאַטאָרן, װעלכע האָבן אַרױסגעגעבן מאַסן רעװאָלוציאָנערן; די טורמעס זיינען אָנגעפֿילט געװאָרן מיט „פּאָליטישע פֿאַרברעכער“, און מאַסנװייז פֿלעגט מען פֿאַרשיקן אין סיביר. אַחוץ דעם האָט די צאַרישע רעגירונג גענומען אָרגאַניזירן פּאָגראָמען אױף ייִדן, קעדיי אָפּצוציִען די מאַסן פֿון קאַמף מיט דער רעגירונג.

דער אױסברוך פֿון דער מילכאָמע מיט יאַפּאָניע האָט נאָך מער פֿאַרשטאַרקט די רעװאָלוציאָנערע באַװעגונג. עס האָט זיך אָנגעהױבן אַ קאַמף קעגן דער מילכאָמע; די רעװאָלוציאָנערע פּאַרטייען האָבן גערופֿן די סאָלדאַטן ניט צו גיין אױפֿן שלאַכט־פֿעלד.

אין מיטן פֿון דער רוסיש־יאַפּאָנישער מילכאָמע קומט דער 9־טער יאַנואַר; די בלוט־באָד פֿון „רױטן זונטיק“ האָט אָנגעצונדן װי אַ פֿייער דאָס גאַנצע לאַנד. עס האָבן זיך אָנגעהױבן פּאָליטישע שטרייקן און פּראָטעסט־דעמאָנסטראַציעס קעגן דער האַריגע פֿון די פּעטערבורגער-אַרבעטער; אין דידאָזיקע רעװאָלוציאָנערע אַרױסטרע־טונגען האָט זיך באַזונדערס אױסגעצייכנט דער מאַירעװ־געגנט פֿון דער געװעזענער רוסי־שער אימפּעריע — װייסרוסלאַנד, פּױלן און לעטלאַנד. אין װייסרוסלאַנד איז קימאַט ניט געװען קיין איין װיכטיקע שטאָט אָדער שטעטעלע, װו עס זיינען ניט פֿאָרגעקומען קיין אַרױסטרעטונגען קעגן דער בלוט־באָד פֿון 9־טן יאַנואַר. אין קרינקי (גראָדנער גובערניע) האָט די אַרױסטרעטונג דערגרייכט די העכסטע שטופֿע; די אַרבעטער האָבן פֿאַרכאַפּט די גאַנצע שטאָט און פֿאַריאָגט פֿון שטאָט אַלע צאַרישע טשינאָװניקעס, און נאָר מיט דער הילף פֿון קאַזאַקן און סאָלדאַטן, װאָס מען האָט פֿון אַנדערע ערטער

געשיקט, האָט מען אונטערדריקט דעם ברייטן אויפשטאַנד אין קרינקי *). קרינקי איז אָבער ניט געווען דער איינציקער רעוואָלוציאָנערער צענטער אין ווייסרוסלאַנד. דער גרויסער פּראָלעטאַרישער צענטער ביאַליסטאָק און אַ גאַנצע רייע אַנדערע שטעט האָבן ביז דער רעוואָלוציע פון 1905 און אין דעם 5-טן יאָר געשפּילט אַ גאַנץ באַדייטנדע ראָל אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג.

* * *

צוליב דער געמישטער באַפעלקערונג אין מאַירעוו-געגנט האָבן מיר אין ווייסרוסלאַנד געהאַט אַ גאַנצע ריי נאַציאָנאַלע פּאָליטישע פּאַרטייען. יעדע נאַציע האָט אַפילע געהאַט צוו עטלעכע פּאַרטייען. באַזונדערס איז געווען גרויס די צאָל פון פּאָליטישע פּאַרטייען צווישן יידן.

וואָס פאַר אַ ראָל האָבן די פאַרשיידענע פּאָליטישע פּאַרטייען געשפּילט אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג ביז דער רעוואָלוציע פון 1905 און אין פינפטן יאָר?

אין די אַרטיקלען און אין די דאָקומענטן פון דעם זאַמל-בוך וועלן די לעזער זיך באַקאַנען מיט די פאַרשיידענע פּאַרטייען, וועלכע האָבן אין יענער צייט געאַרבעט אין אונדזער געגנט.

דאָ וועלן מיר נאָר אין קורצן אויסרעכענען די פּאַרטייען און איבערגעבן דעם תּמצית פון זייערע פּראָגראַמען.

די גרעסטע פּאַרטיי איז געווען דער „בונד“, וועלכע האָט געהאַט אַ גרויסע ווירקונג אויף די יידישע מאַסן. דער „בונד“ איז געווען די ערשטע סאָציאַל-דעמאָקראַטישע אָרגאַניזאַציע, וועלכע האָט אָנגעהויבן פירן אַ מאַסן-אַרבעט צווישן די יידישע אַרבעטער אויף יידיש — די איינציקע שפּראַך, וואָס די יידישע אַרבעטער האָבן פאַרשטאַנען.

די אַנדערע סאָציאַל-דעמאָקראַטישע פּאַרטייען, וואָס האָבן דערנאָך עקזיסטירט, האָבן קימאַט קיין יידישע אַרבעט ניט געפירט, דעריבער האָט דער „בונד“ געהאַט אַזאַ ווירקונג אויף די יידישע אַרבעטער.

דער „בונד“ האָט זיך גערופן סאָציאַל-דעמאָקראַטישע פּאַרטיי. אין טאָג גענומען איז דער „בונד“ געווען אַ קליינבירגערלעכע נאַציאָנאַליסטישע פּאַרטיי.

ווי מיר האָבן שוין פריער דערמאָנט, האָבן די גרינדער פון „בונד“ אויפגעכאַפּט די טעאָריע פון מאַרטאָווס רעדע, וועלכע ער האָט געהאַלטן דעם ערשטן מאַי אין 1895 יאָר, אין וועלכער ער האָט דערקלערט, אַז אויב דער יידישער אַרבעטער וויל זיך דערשלאָגן פּאָליטישע און עקאָנאָמישע באַפרייונג, דאַרף ער זיך ניט פאַרלאָזן

*) קרינקי איז געווען אַ גרויסער אַרבעטער-צענטער. דאָרט זיינען אין יענער צייט געווען אַ רייע גרויסע לעדער-פאַבריקן.

האָבן זיך גערופֿן סאָציאַליסטישע. די ערשטע איז געווען די „פּ.פּ.ס.“ (פּוילישע סאָ-ציאַליסטישע פּאַרטיי). וועלכע געוועלטיקט איצט אין פּוילן. דער ציל פֿון דער „פּ.פּ.ס.“ איז געווען צו באַפֿרייען פּוילן פֿון יאָך פֿון דער צאַרישער אונטערדריקונג און דערנאָך איינפֿירן אין פּוילן די סאָציאַליסטישע אָרדענונג. די פּ.פּ.ס. האָט געפֿירט אַן אַרבעט צווישן די ייִדישע אַרבעטער און האָט אַרויסגעגעבן פֿאַרשיידענע בראָשורן און פֿלוג-בלעטער.

די צווייטע נאַציאָנאַליסטישע פּאַרטיי איז געווען די „ווייסרוסישע“ סאָציאַ-ליסטישע גראַמאַדאַ“. די דאָזיקע פּאַרטיי האָט זיך אָרגאַניזירט אין די יאָרן 1904—1905. איר ציל איז געווען צו קריגן נאַציאָנאַלע קולטורעלע אַווטאָנאָמיע פֿאַר דעם ווייסרוסישן פֿאָלק. די „ווייסרוסישע סאָציאַליסטישע גראַמאַדאַ“ האָט גערופֿירט אַרום זיך אַ קליין גרופּע אינטעליגענץ.

די דאָזיקע פּאַרטיי האָט קיין ווירקונג ניט געהאַט אויף די שטאָטישע אַרבעטער און האָט אויך קיין ווירקונג ניט געהאַט אין דאָרף.

„די ווייסרוסישע סאָציאַליסטישע גראָמאַדאַ“ האָט איננאַנצן אַרויסגעלאָזן אַ צענדליק פּראָקלאַמאַציעס און איין נומער פֿון אַ צייטונג „סוואָבאָדאַ“ (פֿרייהייט).

די „ווייסרוסישע סאָציאַליסטישע גראַמאַדאַ“ און דעם „בונד“ האָט לענין כאַראַקטעריזירט, אַלס קליינבירגערלעכע און נאַציאָנאַליסטישע פּאַרטייען.

אין ווייסרוסלאַנד האָט אויך געאַרבעט די עסערישע פּאַרטיי. אין איר ריי‍ען זיינען געווען מערסטנטייל אינטעליגענץ און קליינבירגער. ווי אומעטום האָבן די עסערן זיך דאָ באַשעפֿטיקט מיט טעראָר. קיין גרויסע ווירקונג האָבן זיי אין ווייס-רוסלאַנד ניט געהאַט.

אין דעם מאַבל פֿון די דאָזיקע פֿאַרשיידענע פּאַרטייען האָט געאַרבעט די ר.ס.ד.א.פּ.

די ערשטע גרופּן פֿון דער ר.ס.ד.א.פּ. האָבן זיך אָרגאַניזירט נאָכן ערשטן צוזאַמענפֿאָר פֿון דער פּאַרטיי. שפּעטער, ווען עס האָט אָנגעהויבן דערשיינען די „איסקראַ“, האָבן זיך אָנגעהויבן צו אָרגאַניזירן „איסקראַ“-גרופּן. די גרופּן פֿון ר.ס. ד.א.פּ. האָבן זיך נאָר געשאַפֿן אין די גרעסערע שטעט, ווי ווילנע, ביאַליסטאָק, מינסק.

די דאָזיקע גרופּן האָבן נאָר געאַרבעט צווישן די רוסישע אַרבעטער. נאָכן צווייטן צוזאַמענפֿאָר, ווען דער „בונד“ איז אַרויס פֿון דער פּאַרטיי, האָבן די „איסקראָווצעס“ אָנגעהויבן צו אַרבעטן צווישן די ייִדישע אַרבעטער און קעמפֿן קעגן נאַציאָ-נאַליזם פֿון „בונד“. די „איסקראָווצעס האָבן אָבער ניט געפֿירט די אַרבעט אויף ייִדיש, דערפֿאַר האָט די ייִדישע אַרבעטערשאַפֿט זיי ניט פֿאַרשטאַנען און געבליבן אונטער דער השפּעה פֿון „בונד“.

נאָכן צווייטן צוזאַמענפֿאָר, ווען עס איז פֿאָרגעקומען די שפּאַלטונג אין דער פּאַרטיי, הויבן אָן געשאַפֿן ווערן באָלשעוויסטישע גרופּן אין מינסק, ווילנע, גאָמעל און אַנדערע שטעט. די דאָזיקע גרופּן איז אויסגעקומען צו פֿירן אַ קאַמף מיט אַלע קליינבירגערלעכע נאַציאָנאַליסטישע פּאַרטייען פֿון אונדזער געגנט.

אין דעמדאָזיקן זאַמלבוך ווערט באַשריבן (באַזונדערס אין בעלענקעס און שקלאָווסקעס אַרטיקלען), ווי דער קאַמף איז געפירט געוואָרן. עס ווערט פֿאַר אונדז אַנטפּלעקט אַ גאַנצע ריי פֿאַקטן, וועלכע קיינער האָט נאָך ביז איצט ניט באַלויכטן. מיר דערוויסן זיך, אַז מיט צוויי און צוואַנציק יאָר צוריק האָבן אין אַ ריי שטעט און שטעטלעך פֿון ווייסרוסלאַנד די ייִדישע אַרבעטער געשאַפֿן באָלשעוויסטישע גרופּן און געקעמפּט קעגן „בונד“ און אַנדערע ייִדישע נאַציאָנאַליסטישע פּאַרטייען.

דערדאָזיקער זאַמלבוך איז דער ערשטער, וועלכער באַלייכט די אַרבעט פֿון די באָלשעוויסטישע גרופּן אין ווייסרוסלאַנד.

דער איספּאַרט באַם צ.ק.ק.פּ.ווו.(ב) גרייט צו נאָך אַ זאַמלבוך, וועלכער וועט נאָך מער באַלויכטן די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג אין ווייסרוסלאַנד אין דער עפּאָכע פֿון 1905־טן יאָר און גענוי קלאָר מאַכן די ראָל פֿון פֿאַרשיידענע פּאַרטייען אין דער רעוואָלוציע און נאָך דער רעוואָלוציע פֿון 1905־טן יאָר.

ש. (ס.) אַגורסקי.



א גרופּע מיטגלידער פון דער מינסקער באָלשעוויסטישער אָרגאַניזאַציע אין די יאָרן 1905—1913.
1-טע ריי: ל. ב. קאַמענעוו, ג. י. בעלענקי, ג. אי. גורעוויטש, (צונאָמען „איוואַן“), א. מ. בעלענקאַיאַ,
2-טע ריי: ג. אי. מיכאַילאָווא (צונאָמען „מאַרוסיאַ“), י. י. בעלענקי (צונאָמען „סערגיי“), א. ד. קאַמע-
ניעווא, ג. ל. שקלאָווסקי.

יע. בּעלענקי (סערגײ).

# די מינסקער
## באלשעװיסטישע ארגאניזאציע ערעװ 1905.

(זיכרוינעס).

די מינסקער סאָציאַלדעמאָקראַטישע באָלשעװיסטישע אָרגאַניזאַציע איז אַנטשטאַנען אין הארבסט 1903 יאָר. ביז דערדאָזיקער צייט איז דער „בונד" אין מינסק און ביכלאַל אין צאָפּנמאירעװדיקן קאַנט (אויסער װילנע, װוּ די פּאַרטעיִשע אָרגאַניזאַציע איז אַנטשטאַנען פריער) געװען די איינציקע אָרגאַניזאַציע, װאָס האָט געפירט אַ סאָציאַלדעמאָקראַטישע אַרבעט צװישן די יידישע האַנדװערקער.

מען דאַרף מודיע זיין: דער יידישער אַרבעטער האָט אין די רייען פון „בונד" באקומען אַ גלענצנדיקע רעװאָלוציאָנערע דערציִונג. נאָך שוין אין 1902 יאָר, און באַזונדערס אין 1903 יאָר, צו דער צייט פונם צװייטן צוזאַמענפאָר פון ר. ס. ד. א. פּ. הויבן זיך אָן אין דער בונדישער אָרגאַניזאַציע צו באַװייזן צװישן באַזונדערע אַרבעטערגרופּן ריכטונגען, װאָס זיינען ניט איינשטימיק מיט דער אַלגעמיינער פּאָזיציע פון „בונד". װי עס איז באװוּסט, באַװייזט זיך אַף דער יידישער גאַס נאָך ביז דעם 1902 יאָר, קימאַט איינצייטיק, פון איין זייט די זובאַטאָװשטשינע, און פון דער צװייטער — דער ציעניזם אין אַלע זיינע שאַטירונגען, אָנהויבנדיק פון דעם סאַמע רעכטן, פון דעם אַזוי גערופענעם אָרטאָדאָקסאלן ציעניזם און ענדיקנדיק מיט דער ריכטונג, װאָס האָט זיך שפּעטער אנטװיקלט, װי א לינקע „סאָציאַליסטיש"-ציעניסטישע — „פויאַלייציען".

אין מינסק פלעגן די זובאַטאָװצעס איינאָרדענען אפענע פאַרזאַמלונגען אין זאַל „פאַריזש". אַף די גרויסע פאַרזאַמלונגען פון די זובאטאָװצעס פלעגט מען זינגען זייערע לידער „קלינג, גלאָק". מאָדנע און אומנאַטירלעך האָט אויס-

געזען די עקזיסטענץ (באַזונדערס אין ייִדישן טכום) פֿון דער לעגאַלער, כוצפּעדיקער זובאַטאָווישער אָרגאַניזאַציע, וואָס איז אָנגעפֿירט געוואָרן אין מינסק דורך דעם זשאַנדאַרמעריעפּאָלקאָווניק וואַסיליעוו, פּאַראַלעל מיט דער אומלעגאַלער אָרגאַ-זאַציע פֿון „בונד".

צוגלייך מיט דער זובאַטאָווּשטשינע טרעט אַרויס אַף דער סצענע אָפֿן און לעגאַל דער ציעניזם. איין צייט, אף דעם אַלרוסלענדישן ציעניסטישן צו-זאַמענפֿאָר, וואָס איז פֿאָרגעקומען אין מינסק, אויב איך האָב קיין טאָעס ניט, אין 1902 יאָר, האָט די ציעניסטישע אידייע דערגרייכט צו איר קולמינאַציאָנס-פּונקט. זי האָט דאַן אַרומגעכאַפּט אלע שיכטן פון דער ייִדישער. באַפֿעלקערונג און עס האָט זיך געדוכט, אז די „נאַציאָנאַלע אידייע האָט פֿאַרייניקט דעם „גוויר און ארימאַן". נאָר די איינהייטלעכע נאַציאָנאַלע ציעניסטישע אָרגאַני-זאַציע, איז נאָכן ציעניסטישן צוזאַמענפֿאָר, זיך גיך צופֿאַלן אף פיל פארשיי-דענע גרופּירונגען. עס טיילן זיך אויס די אָרטאָדאָקסאלע ציעניסטן, די קול-טורניקעס („אכאדהאאמיסטן"). די לעצטע האָבן נאָך פריער, ביז דעם ציע-ניסטישן צוזאַמענפֿאָר געפֿירט זייער פראפּאגאַנדע; עס טיילן זיך אויס אויך אנדערע, מער לינקע ריכטונגען.

די נאַציאָנאַליסטישע שטימונגען, וועלכע זיינען אַריינגעדרונגען אין דער ייִדישער אָרעמער באַפֿעלקערונג און צווישן די באלמעלאָכעס, זיינען, פֿאַר-שטייט זיך, געוועזן אַ טוריעליויצע פֿון די פֿאַרפֿאָלגונגען און די פאגראמען, וואָס די צארישע רעגירונג האָט אָרגאַניזירט קעגן די ייִדן. דער „בונד" האָט געמאכט פֿארזוכן צו קעמפֿן קעגן די ציעניסטן, אָבער ער איז אליין געפֿאַלן אַ קאָרבן אין דעם קאמף; אויב אייניקע עלעמענטן פון די ציעניסטישע גרו-פירונגען זיינען אַריין אין די בונדישע ארגאניזאַציעס, האָט אָבער פֿון דער צווייטער זייט דער „בונד", אַריינטרעטנדיק אין א געראנגל מיט די ציעניס-טישע אָרגאַניזאַציעס, איבערגענומען בא זיינע אידעישע קעגנער אַ סאך פֿון זייער אידעישן באגאַזש. דער אידעישער קאַמף און די שטענדיקע דיסקוסיעס מיט די זובאטאָווצעס און ציעניסטן, וואָס זיינען פֿאָרגעקומען קימאַט אין יעדער ווערקשטאַט, אַף פארזאמלונגען און אף דער גאס, ווי אויך די שטענדיקע ריי-סעריינען איבער די פֿראגן פֿון פראגראַם און טאקטיק, האָבן אריינגעצויגן דעם ייִדישן ארבעטער, באקאנט אים מיט די סאציאליסטישע אידייען און געהאָלפֿן פֿאַנאנדערקלייבן זיך אין דעם פֿאָרגעקומענעם קאמף.

דאָס איז אין אלגעמיין די סיטואציע, וואָס איז געווען און צאָפֿנמאַי-רעוודיקן קאַנט, און באזונדערס אין מינסק, פֿארן צווייטן צוזאַמענפֿאָר פון ר.ס.ד.א.פּ.

צום מאָמענט פֿון 2-טן צוזאמענפֿאָר פון ר.ס.ד.א.פּ. האָט זיך שוין אלץ שאַרפֿער געשטעלט די פֿראגע וועגן די באַציִונגען צווישן „בונד" מיט דער ר.ס.ד.א.פּ. ווי באַוווסט, זיינען די כלוקעדייעס צווישן „בונד" מיט דער פארטיי

(„איסקרא״) געווען ניט נאָר אין דער אָרגאַניזאַציע־פּראַגע, נאָר אויך אין דער נאַציאָנאַלער. די פּאָלעמיק איבער די דאָזיקע פראַגן, וואָס האָט זיך גע־פירט אין „איסקרא״, איז געגאַנגען צוגלייך מיט דער דיסקוסיע אין דער בונדישער אָרגאַניזאַציע און אין דער בונדישער פּרעסע „אַרבעטערשטימע״ און אַנד.

צו דער צייט האָבן שוין עקזיסטירט אין דער מינסקער אָרגאַניזאַציע פון „בונד״ איינצלנע גרופּן פון פאַרגעשריטענע אַרבעטער, וואָס זיינען גע־שטאַנען אין אָפּאָזיציע צו דער בונדישער אָרגאַניזאַציע. צו דער צייט, ווען דער „בונד״ איז אַרויסגעטראָטן פון ר. ס. ד. א. פּ., זיינען די דאָזיקע גרופּן, וואָס זיינען ניט געווען איינשטימיק מיטן שטאַנדפּונקט פון „בונד״ אין דער אָרגאַניזאַציע־פּראַגע, אַרויסגעטראָטן פון דער בונדישער אָרגאַניזאַציע *).

די דאָזיקע פאָרגעשריטענע אַרבעטער האָבן געדינט פאַר דעם ערשטן גרונטשטיין, וואָס איז געלייגט געוואָרן אויף צו בויען די פּאַרטייִשע (באָלשע־וויסטישע) אָרגאַניזאַציע אין מינסק, די אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט שפּעטער געשפּילט אַן אָנגעזעענע ראָל אין 1905 יאָר און וואָס האָט אָנגעפירט מיט דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אין גאַנץ מינסקער גובערניע.

מיט אייניקע אַרבעטער פון די דאָזיקע גרופּן איז מיר געלונגען צו פאַרבינדן זיך נאָך פריער. אין האַרבסט פון 1903 יאָר האָט אַ קליינער קרייזל אַרבעטער, אויף וועלכן עס זיינען אָנוועזנד געווען 8—7 מענטשן, נאָך מיין פאָרטראַג איבער דער אָרגאַניזאַציע־פּראַגע, באַשטימט אָפיציעל צו צושטיין צו דער ר.ס.ד.א.פּ. דער דאָזיקער קרייזל איז געווען דער ערשטער קערן פון אונזער קינפטיקער אָרגאַניזאַציע אין מינסק. נאָך אַ גאַנצער ריי אַזעלכע פאָר־טראַגן און דיסקוסיעס איבער פּאַרטייִשע פראַגן, וואָס זיינען איינגעאָרדנט געוואָרן מיט דער הילף פון דער ערשטער אַרבעטערגרופּע אויף קליינע אַרבע־טער־פאַרזאַמלונגען, זיינען צו אונזער אָרגאַניזאַציע צוגעשטאַנען אַרום 35—40 אַק־טיווע אַרבעטער, וואָס האָבן פריער געהערט צום „בונד״. אינגיכן איז מיר געלונגען צו פאַרבינדן זיך מיט אייניקע סאָציאַלדעמאָקראַטן אינטעליגענטן, וואָס האָבן גע־וואוינט אין מינסק און וועלכע זיינען צווישן זיך ניט געווען פאַרבונדן. צוערשט האָב איך זיך באַקאַנט מיטן כאַווער קוזנעצאָוו (יעפּים), אַן אינזשענער פון ליבאַווע־ראָמ־נער אייזנבאַן (מיטן כאַווער קוזנעצאָוו האָבן מיר שפּעטער געאַרבעט אין מינסקער אָרגאַניזאַציע ביזן אָנהויב 1906 יאָר). אינגיכן איז מיר געלונגען צו

*) די שפּאַלטונג פון דער בונדישער אָרגאַניזאַציע באַשטעטיקט פאָלגנדיקע קאָרעספּאָנדענץ: „מינסק. יאַנוואַר. אויף אַ רעפעראַט „דער אַרויסטריט פון „בונד״ פון ר.ס.ד.א.פּ.״, וואָס האָט אַרויסגע־רופן לאַנגדויערנדיקע און גענויע דעבאַטן, האָבן מיר, יידישע אַרבעטער פון מינסק אין אַ צאָל פון 21 קעגן 3 אָפּגעהאַלטענע אויסגעדריקט אונדזער סאָלידאַריטעט מיט דער ר. ס. ד. א. פּ. און זיך פאַרייניקט צו איר. „איסקרא״ נומ. 61 פון 5-טן מאַרט 1905 יאָר. באַמערקונג פון רעדאַקציע.

באַקאַנען זיך מיט סערגיי אַלעקסייעוויטשן און ווערא איליניטשנע וואָליִנסקי. די וואָלינסקעס האָבן שפּעטער, ווי באָלשעוויקעס, גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל אין דער אַרבעט פון דער מינסקער אָרגאַניזאַציע. זיי האָבן דער אָרגאַניזאַציע, ווי אויך באַזונדערע כ"כ פון דער אָרגאַניזאַציע, געטאָן ניט ווייניק טויוועס אין מעשעך פון די יאָרן 1903—1906*).

פון דער ערשטער גרופּע יידישע אַרבעטער, וואָס זיינען צוגעשטאַנען אין מינסק צו דער ר.ס.ד.א.פּ., קאָן איך אָנרופן פאָלגנדיקע: כאַווער שמועל (אַ בעקער, זייער אַ באַוווסטזיניקער, פאַרגעשריטענער אַרבעטער און גוטער אַגיטאַטאָר, זיין פאַמיליע געדענק איך ניט); שמועלכאַים דער פריקאַזטשיק— זייער אַ לעבעדיקער און אַקטיווער כאַווער, וואָס האָט אונדזער אָרגאַניזאַציע אַ סאַך געהאָלפן אין הינזיכט פון פאַרבינדונג מיט דער מאַסע, ווי אויך אין דער טעכנישער אַרבעט; די שניידערנס—דווירע, מירקע און נעכאַמקע**). פון די ערשטע אַרבעטער, וואָס זיינען צוגעשטאַנען צו אונזער אָרגאַניזאציע, זיינען געווען פאָלגנדיקע אַרבעטער: זאַלמען דער בלעכער, אידל דער קירזש-נער, רוּוון דער גאַרבער, מיראָן דער פריקאַזטשיק און אַנדערע (די מערהייט פון דידאָזיקע כאַווירים האָבן שפּעטער עמיגרירט אין אַמעריקע).

אין אַ צייט אַרום, נאָך מיין ערשטער באַגעגעניש מיטן כאַווער קוזנע-צאָוו באַ אים אין דירע, האָב איך געטראָפן אַ כאַווער, וואָס איז געקומען פון פעטראָגראַד—דעם כאַווער „אַלעקסיי" (זיין פאַמיליע איז מיר ניט באַוווסט). דער כ. קוזנעצאָוו האָט מיר באַקאַנט מיט אים. דורך דעם כאַווער אלעקסיי האָבן מיר זיך אָרגאַניזאציאָנעל פארבונדן מיטן צ. ק. ר.ס.ד.א.פּ. „אַלעקסיי" איז פאַרבליבן אף אַ קורצער צייט אין מינסק. צוויי מאָל איז ער אָנוועזנד געווען אַף אונדזערע פאַרזאמלונגען. דורך אים האָבן מיר באַקומען אביסל ליטעראַטור. נאָך אלעקסייס אָפּפאָר האָבן מיר אָנגעהויבן באַקומען סיסטעמא-טיש פארטייליטעראַטור. כוץ דער פּאַרטעישער און איבערהויפּט אומלעגאלער ליטעראַטור אף דער רוסישער שפּראך, האָבן די ארבעטער אויך געהאַט יידי-שע ליטעראַטור. מיט דערדאָזיקער ליטעראַטור האָבן מיר נאָר טיילוויִז געקענט באַפרידיקן די ארבעטער פון אונדזער אָרגאַניזאציע, ווייל די נאָכפראגע אף ליטעראַטור מיצאַד די ארבעטער איז געווען זייער גרויס.

אף דער ערשטער אָרגאַניזאציִעפאַרזאמלונג איז באַשלאָסן געוואָרן די מינסקער אָרגאַניזאציע צו אָנרופן „מינסקער גרופּע פון ר.ס.ד.א.פּ.". אויך שפּע-טער, ווען די אָרגאַניזאציע האָט זיך פאַרברייטערט און פאַרשטאַרקט און אפילע דאַן, ווען איר איז אויסגעקומען צו אָנפירן מיט דער באַוועגונג אין

*) איצטער זיינען די וואָלינסקעס אַרויסגעטראָטן פון אונדזער פאַרטיי.

**) די לעצטע איז דעם 18-טן אָקטיאַבר פון 1905 יאָר דערהאַרגעט געוואָרן צוזאַמען מיט פיל אַנדערע כאַווירים אַפן וואקזאלפלאץ אין דער צייט פונם מיטינג דורך דעם צאַרישן הענקער—גובערנאַטאָר קורלאָוו.

גאנץ מינסקער גובערניע, איז באשלאָסן געוואָרן דעם נאָמען פֿון דער אָרגא־ניזאציע ניט צו בייטן.

אין אָנפֿירנדיקן אָרגאַן—אין דער „צענטראַלער גרופּע“ (קאָמיטעט) זיי־נען אריין: קוזנעצאָוו (יעפּים), שמואל דער בעקער און איך. שפּעטער האָט זיך דער באשטאנד פֿון דער צענטראלגרופּע פֿארגרעסערט ביז 5 און נאָך מער מיטגלידער, ווייל אין דער צענטראלער גרופּע זיינען אריין דער פֿאר־אנטוואָרטלעכער אָרגאניזאטאָר, סעקרעטאר, פֿארוואלטער מיט דער פּראָפּא־גאנדעגרופּע, קאסיר, פארוואלטער מיט דער טעכניק א. א. וו. דער באשטאנד פֿון דער אָרגאניזאציע איז צוליב דער אומלעגאלער ארבעט געווען א בייטנ־דיקער, עס פֿלעגט אויסקומען ארופלייגן אף דעם אָדער יענעם כאוועך די אָדער יענע פונקציעס. מיר, צום ביישפּיל, איז אויסגעקומען אין דער ערשטער צייט, ווען איך בין געווען א פֿאראנטוואָרטלעכער אָרגאניזאטאָר, גאנץ אָפט צו אָנפֿירן מיט ארבעטערקרייזלעך, שרייבן און אליין דרוקן אפֿן העקטאָגראף און אפילע האָבן פֿארבינדונגען מיט אונדזער אונטערערדישער דרוקעריי. זומער פון 1904 יאָר בין איך טאקע ארעסטירט געוואָרן אף א פּראָפּאגאנדיסטישן קרייזל. פּארשטייט זיך, אז אזא לאגע האָט זיך געצויגן נאָר קאָלזמאן אין דער אָרגאניזאציע אין נאָך ניט געווען קיין שטענדיקער צופלוס פֿון מענטשן, אָבער ווי נאָר אונדזער אָרגאניזאציע איז געוואָרן שטארק גענוג, איז מעגלעך געוואָרן צו פֿארטיילן די פארטייארבעט לויט יעדנס ספּעציאליטעט*).

ווי נאָר אונדזער אָרגאַניזאַציע האָט זיך אויסגעבילדעט, איז די פּאַרטיי־אַרבעט אין מינסק אַוועק אין צוויי ריכטונגען: פֿון איין זייט דער קאמף מיטן „בונד“ פֿאַר דער ווירקונג אַף דער יידישער אַרבעטערמאסע, און פון דער צווייטער—פֿאַרבינדן זיך מיט די רוסישע אַרבעטער פֿון די מינסקער פֿאַבריקן און זאַוואָדן און אייזנבאַנען. אין מינסק זיינען קיין גרויסע פֿאבריקן ניט געווען. כוץ די אייזנבאַנוואַרקשטאַטן (ליבאווערעאָמנער און מאָסקוועבריסקער אייזנבאַן) איז אַ מער אָדער ווייניקער באַדייטנדיקע צאָל אַרבעטער געווען באַשעפטיקט אַפן הייוונזאַוואָד, טאַבאַקפֿאַבריק, וואַסערלייטונג, עלעקטרעסטאַנציע, שטאָטישע קאָנקע א. א. וו. אונדזער אָרגאַניזאַציע איז פֿון אָנהויב אָן אויסגעקומען צו פֿירן אַ שאַרפֿן קאַמף מיטן „בונד“ צוליב מיינונגפֿאַרשיידנהייטן וועגן דער אָרגאַניזאַציאָנעלער און נאַציאָנאַלער פראַגע. דידאָזיקע כלוקעדייעס האָבן זיך געפילט אין טכום מערער און שאַרפער, ווי אַנדערש וו, ווייל דער „בונד“ האָט זייער פיינטלעך באַגעגנט די אַנטשטייונג פון אונדזער אָרגאַניזאַציע אין דעם ראַיאָן פון „בונד“. אף דאָרעם, צום ביישפיל, האָט דער קאַמף געטראָגן

*) די לאגע מיט איבערוואַרפן און צוקלייבן טוער אין צאָפּ־מאירעווקאנט האט זיך באַ־דייטנדיק פארבעסערט ערשט אין אָנהויב פון 1905 יאָר, ד. ה. נאָך דעם ווי עס איז אין 1904 יאָר פארשטארקט געוואָרן דער צאָפּנמאירעוודיקער קאָמיטעט, וועמעס פליכטן עס זיינען הויפטזאכלעך באשטאנען אין פארטיילן די פאַרטייקוויכעס אין דעמדאָזיקן ראַיאָן.

אַ מער איינגעהאַלטענעם כאַראַקטער: אין צאָפּנמאירעוודיקן קאַנט האָט דער „בונד“ ביזן 1905-טן יאָר ניט געוואָלט אַנערקענען די עקזיסטענץ פון אונדזערע פּאַרטאָרגאַניזאַציעס ניט „דע-יורע“ און ניט „דע-פאַקטא“. עס פלעגט דערגיין ביז אַנעקדאָטן: אויסמיידנדיק צו אַנערקענען אין צאָפּנמאירעוודיקן קאַנט די ר.ס.ד.א.פּ., פלעגן די בונדיסטן די גאנצע צייט, אַפילע נאָכן 1905 יאָר, רופן די באָלשעוויקעס „איסקראָווצעס“, ניט קוקנדיק דערויף, וואָס די „איסקרא“ איז נאָכן II צוזאַמענפאָר געוואָרן אַן אָרגאַן פון די מענשעוויקעס.

די שטרעבונג צו קעמפן מיטן „בונד“ האָט זיך נאָך באַרעכטיקט דערמיט, וואָס די איזאָלירטקייט און אָרגאַניזאַציאָנעלע אָפּגעזונדערטקייט פונם יידישן פּראָלעטאַריאַט אין דער בונדישער אָרגאַניזאַציע האָבן ניט געשטימט מיט די טעאָרעטישע גרונטלאגן און מיטן לאָזונג פון דער ר.ס.ד.א.פּ.: „פּראָלעטאַריער פון אלע לענדער, פאַרייניקט זיך!“. אויסער דעם, האָט די עקזיסטענץ פון אַן אָפּגעטיילטער אָרגאַניזאַציע פון יידישן פּראָלעטאַריאַט אין צאָפּנמאירעוודיקן קאַנט געמאַכט שווער די אָנפּירונג מיטן עקאָנאָמישן און פּאָליטישן קאַמף, וועלכער האָט געפאָדערט אַן איינהייטלעכע אָנפירונג.

מען דאַרף האָבן אין זינען, אַז די אַרבעט פון ר.ס.ד.א.פּ. צווישן יידישן פּראָלעטאַריאַט האָט נאָך געהאַט אויך די וויכטיקע באַדייטונג, וואָס מיט דערדאָזיקער אַרבעט האָט די פּארטיי מיט מאַיסים געקענט דערוייזן דעם יידישן פּראָלעטאַריאַט, ווי אויך דעם פּראָלעטאַריאַט פון אַנדערע נאַציאָנאַליטעטן, אַז די ר.ס.ד.א.פּ. קען צוגיין צום פּראָלעטאַריאַט פון יעטווידער נאַציאָנאַליטעט אַף דער מוטערשפּראַך, וועלכע איז אים פאַרשטענדלעך, קען זיך רעכענען מיט דער פּסיכאָלאָגיע פון פּראָלעטאַריאַט פון פאַרשיידענע נאַציאָנאַליטעטן*). דער „בונד“ האָט אָבער ניט געוואָלט אַנערקענען, אז די ר.ס.ד.א.פּ. קען פירן אַזאַ אַרבעט צווישן די פאַרשיידענע נאַציאָנאַליטעטן.

די ערשטע העקטאָגראַפישע פּראקלאַמאַציע, וואָס איז ארויסגעלאָזט געוואָרן אין 1904 יאָר פון דער „מינסקער גרופּע“ ר. ס. ד. א. פ. אַף יידיש צו די שטרייקנדיקע פריקאַזטשיקעס, האָט געהאַט א דערפאָלג. שפּעטער, אין 1905 יאָר, ווען אונדזער דרוק האָט זיך באַרייכערט מיט יידישן שריפט, פלעגן מיר צוזאַמען מיט רוסישע פּראקלאַמאַציעס, אַרויסלאָזן אין נאָמען פון צאָפּנמאירוודיקן קאָמיטעט און פון דער „מינסקער גרופּע“ אויך יידישע פּרא-

---

*) אין זיינע פאָלעמישע ארויסטרעטונגען האָט דער „בונד“ אָנגערופן די ר.ס.ד.א.פּ. רוסישע ס.ד.א.פּ. און ניט „רוסלענדישע“. דערמיט האָט דער „בונד“ אונטערגעשטראָכן זיין באַציונג צו דער פראַגע וועגן דער אָרגאַניזאַציע פון דער ר.ס.ד.א.פּ., וועלכע דאַרף געבויט ווערן אף פעדעראַטיווע יעסוידעס און פון וועלכער דער „בונד“ דארף זיין אַ פעדעראַטיווער טייל. קעגן דעם דאָזיקן שטאַנדפּונקט האָט געקעמפט די „איסקרא“ און איבערהויפּט דער כ׳ לענין (זע 4-טן באנד פון לענינס ווערק די ארטיקלען „די לאגע פון „בונד“ אין דער פּארטיי“ און „צו דארף דער יידישער פּראָלעטאריאט א זעלבסטשטענדיקע פּארטיי“.

קלאַמאַציעס. אגעוווּרכע, האָט דער צאָפּנמאירעווקאָמיטעט זומער פון 1905 יאָר אַרויסגעלאָזט אף יִדיש די פראָגראַם פון ר. ס. ד. א. פּ. דידאָזיקע פּראָגראַם פון דער פאַרטיי האָט איבערגעזעצט אַ געוועזענער מיטגליד פון צאָפּנמאַירעווקאָמיטעט נעגאַיעוו (דער אייִנציקער מענשעוויק אין צאָפּנמאירעוו-קאָמיטעט). האַגאַם די איבערזעצוּנג איז ניט געווען קיין געלונגענע, נאָר די דערשיינונג פון דער פארטייפּראגראַם אַף יִדיש האָט געמאַכט אַ גרויסע וויר-קונג אַף די יִדישע אַרבעטער.

## II.

צום אָנהויב פון 1904 יאָר שטעלט שוין די מינסקער גרופּע פון זיך פאָר אַן אינגאַנצן פאָרענדיקטע אָרגאַניזאַציע. אומאָפּהערלעך וואַקסט זי און שטאַרקט זיך. ביסלעכווייז הויבן אָן צו אונדזער גרופּע אַרבעטער צוצושטיין אייניקע אינטעליגענטן. באַ דער צענטראַלער גרופּע (קאמיטעט) אָרגאַניזירט זיך איִנגיכן אַ פּראפּאגאַנדיסטישע קאָלעגיע, אין וועלכער עס גייען אַריין אַ גאַנצע ריי גוט צוגעגרייטע ס.-ד.-פּראפּאגאַנדיסטן און אַגיטאַטאָרן. צו דער-דאָזיקער צייט באַווייזט שוין די מינסקער גרופּע צו פאַרברייטערן און באַפעס-טיקן אירע אָרגאַניזאַציאָנעלע פארבינדונגען מיט די אַרבעטער פון דאָס ראָוו אונטערנעמונגען, ווי אויך מיט דער אָרטיקער אומפּאַרטעיִאישער אינטעליגענץ. פון די פּראפּאגאנדיסטן, וואָס האָבן געאַרבעט אין מינסק אין די יאָרן 1904-1905 קען איך אָנרופן פאָלגנדיקע כאַוויירים: האַיליץ („אַלעקסיי"), די ברידער ליובימאָוו (וולאַדימיר וואַסילי און לעאָניד), פאָמאַ (זיין פאַמיליע געדענק איך ניט), טשאַפּינסקי*), פאָמאַ, לענסקי און אַנדערע. כוץ די פערזאָנען, האָבן אין

*) טשאפינסקי האָט זיך שפּעטער ארויסגעוויזן פאַר א רענעגאַט פון דער העכסטער מארקע. נאָכן 17 אָקטיאַבר פון 1905 יאָר האָט ער זיך באַנוצט מיט די צייטווייליקע צענזור-פארגרינגע-רונגען און צוגעטראָטן צו דער איבערזעצונג פון ק. מארקס ווערק. אייניקע בראָשורן פון ק. מאַרקס, וואָס ער האָט איבערגעזעצט, זיינען ארויסגעגעבן געוואָרן דורכן פאַרלאג „מאָלאָט". שפּעטער האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן, אַז טשאַפּינסקי האָט אף אן אייגנאַרטיקן אויפן איבערזעצט דידאָזיקע ווערק: ער האָט גענומען די שוין איבערזעצטע אין רוסיש ווערק פון ק. מאַרקס, איבערגעמאכט אייניקע ווערטער און פראַזן און ארויסגעגעבן זיי ווי זיינע אן ארבעט. האָנאָראר האָט ער באקומען ווי פאר אן אייגענער ארבעט. אזא איבערזעצונג האָט בלויז פארקריפּלט ק. מארקס ווערק. אין דע-קאבר 1905 יאָר איז טשאפינסקי ארעסטירט געוואָרן צוזאמען מיט אנדערע כאוויירים אין צוזאמענ-האנג מיטן דעקאַברשטרייק. די ווייטערדיקע טעטיקייט פון דעמדאָזיקן אייגנאַרטיקן „איבערזעצער" קומט פאָר אין טשעכאָסלאָוואַקיע, ווו טשפאינסקי איז איינער פון די לידערס פון פּ. פּ. ס. טשאַ-פינסקי איז געווען א דעלעגאט פון די פּ.פּ.ס. אין אמעריקע, ווו ער האט געפירט אן אגיטאציע קעגן דער סאָוועטנמאַכט און קאָמינטערן. ניט לאנג האָט „ראסטא" מיטגעטיילט, אז טשאפינסקי איז צוזאמען מיטן עסער וויקטאר טשערנאָוו געפאָרן אין ווארשע אף צו פירן געהיימע אונטער-האנדלונגען מיט די פּ. פּ. ס. וועגן אן ארויסטרעטונג קעגן ס. ס. ס. ר.

דערדאָזיקער צייט געאַרבעט אלס פראפאגאנדיסטן פעטרוסעוויטש און רומיאנצעוו *).

אין אָנהויב פון 1905 יאָר איז קיין מינסק געקומען צופאָרן פון באַברויסק דער כ׳ שקלאָווסקי (געאָרגי). כ׳ שקלאָווסקי האָט גענומען אַ טעטיקן אַנטייל אין דער אַרבעט פון דער מינסקער אָרגאַניזאַציע. ער האָט פאַרוואַלטעט מיט דער פראפאגאנדיסטנגרופע. א צייט איז ער געווען אויך סעקרעטאַר פון דער צענטראלער גרופע. פון מאי 1905 יאָר האָט אין מינסק געאַרבעט אַלס פראפאגאַנדיסט און אַגיטאַטאָר דער כ׳ ניקאָלאי גורוויטש (איוואַן); זיינע אַרויסטרעטונגען פלעגן האָבן אַ גרויסן דערפאָלג בא די אַרבעטער און שטודירנדיקער יוגנט. ווי אַ פראפאגאַנדיסט, האָט אין דערדאָזיקער צייט אויך געאַרבעט דער געוועזענער בונדאָוועץ באריס ראבינאָוויטש, וועלכער האָט שפעטער עמיגרירט קיין אַמעריקע.

אין ערשטן פעריאָד פון דער טעטיקייט פון דער מינסקער גרופע האָט מען אויך באפעסטיקט די אָרגאַניזאַציאָנעלע פארבינדונגען מיט די פאַרטייאָרגאַניזאַציעס אין די אויעזדשטעט פון מינסקער גובערניע: באבּרויסקער, באריסאווער א. אנד. אין באריסאוו איז דאַן געווען אַ סאַך אַרבעטער, וואָס האָבן געאַרבעט אַף דער שוועבלפאַבריק, אַף די זעגמילן (פילנעס) א. א. וו. די אָרגאַניזאַציע איז דאָרטן אנטשטאַנען אין אָנהויב 1904 יאָר. די באָברויסקער אָרגאַניזאַציע פון ר. ס. ד. א. פ. איז אנטשטאַנען, אומגעפער, אין אָנהויב פון 1904 יאָר. איר גרינדער איז געווען כ׳ שקלאָווסקי (געאָרגי). שפעטער האָבן זיך אונדזערע אָרגאַניזאַציאָנעלע פאַרבינדונגען פאַרברייטערט, ארומכאַפנדיק דאָסראָוו שטעטלעך און דאָרפישע געגנטן.

צו די כאַראַקטעריסטישע דערשיינונגען פונם פעריאָד פון די יאָרן 1904-1905, געהערט דער גרויסער דראנג צו אָרגאַניזירן זיך מיצאַד די אַרבעטער, ווי אויך די שטרעבונג פון אייניקע, אקאָרשט אַנמשטאַנענע אָרגאַניזאַציעס, צו פאַרבינדן זיך צווישן זיך. אייניקע, כאַווירים פלעגן אַף זייער אייגענער אַכראיעס פאַרבינדן זיך מיט באַלמעלאָכעס, פויערים, נאָוואָבראַנצעס און סאלדאַטן. עס זיינען אַפילע געווען פאַלן פון פירן אן אַגיטאַציע צווישן פאָליציילייט. מיר דערמאָנט זיך פאָלגנדיקער פאַל: איינמאָל זיינען מיר מיטן כ׳ גרישע בעלענקי געגאַנגען אַף שיראָקע גאַס. אונדז אנטקעגן גייט א יונגער גאראדאוואי. צו מיין פארוואונדערונג זע איך ווי גרישע גריסט זיך האַרצלעך

*) פעטרוסעוויטש און רומיאנצעוו זיינען געווען פארבונדן מיט דער ארבעט פונם ערשטן צוזאמענפאָר פון ר. ס. ד. א. פ., וועלכער איז פאָרגעקומען אין מינסק אין 1898 יאָר. פעטרוסעוויטש, (לויט זיער פראָפעסיע אן אדוואָקאט) האָט געפירט א פראָפאַגאַנדיסטישע אַרבעט אין מינסק. ער פלעגט אויך ארויסטרעטן ווי אַ פאַרטיידיקער אין פאָליטישע פראָצעסן. שפעטער, אין דער צייט פון דער פוילישער אָקופאציע אין מינסק, האָט ער געדינט באַ די ווייספאָליאקן און איז פון אַ פארטיידיקער געוואָרן אַ באשולדיקער—ער האָט פארנומען דעם פאָסט פון מינסקער פּראָקוראָר.

מיטן גאראדאוואָי. דאָס איז אַן „אונדזעריקער״, דערקלערט מיר גרישע. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז זיצנדיק אין פּאָליצייצירקל, האָט גרישע באַוויזן צו איבעראַגיטירן צוויי פּאָליציילייט און פאַרוואַנדלען זיי אין „אונדזעריקע״. שפּעטער האָבן זיי אים געטאָן אַ סאַך טויווס.

די רוסיש-יאַפּאַנישע מילכאָמע, וואָס האָט זיך דערנסטמאָל אָנגעהויבן, האָט געווירקט אַף דער ריכטונג פון דער טעטיקייט פון אונדזער אָרגאַניזאַציע. די מילכאָמע האָט צוערשט אַרויסגערופן צווישן דעם קליינבירגערטום און טיילווייז אויך צווישן די אָפּגעשטאַנענע אַרבעטער אַ פּאַטריאָטישע שטימונג. דער פּאָליציי געלינגט אַרויסצורופן די שטאָטישע קליינבירגער און טייל-ווייז אויך די אָפּגעשטאַנענע אַרבעטער אַף גאַסנמאַניפעסטאַציעס מיט הייליקע בילדער און צאַרישע פאָרטרעטן. אונטער דער ווירקונג פון די מילכאָמע-מאַפּאָלעס פאַרשווינט אָבער גיך דער פּאַטריאָטישער טשאַד. אין צוזאַמענהאַנג מיט דער מילכאָמע איז אונדז אויסגעקומען צו אויסזוכן נייע מאָסמיטלען פון צוגיין צו דער מאַסע. באַזונדערס קאָמפּליצירט איז געוואָרן די פּאַרטייאַרבעט אין יידישן טכום. יעדער מאָביליזאַציע, יעדער פּאַרטיע אַוועקגעשיקטע אַפן פראָנט סאָלדאַטן און מאָביליזירטע האָבן אין טכום אַרויסגערופן אַ פּאָגראָם-שטימונג און אַ פּאַניק צווישן דער באַפעלקערונג. דעריבער האָט די אָרגאַני-זאַציע געשענקט אַ באַזונדער אויפמערקזאַמקייט דער פראַגע וועגן פירן אַן אַגיטאַציע צווישן די נאָוואָבראַנצעס און מאָביליזירטע סאָלדאַטן, וואָס פלעגן געשיקט ווערן אַפן פראָנט. שפּעטער פלעגט די מינסקער אָרגאַניזאַציע אַרויס-לאָזן צו די נאָוואָבראַנצעס פּראָקלאַמאַציעס און אויפרופן. זי פלעגט פאַרשפּרייטן צווישן זיי אויך אַנדערע פּאַרטייִשע ליטעראַטור. אַזוי אַרום איז דער מינסקער יונגער אָרגאַניזאַציע אויסגעקומען פון אָנהויב אָן פון איר אַנטשטייונג צו שענקען אַ גרויסע אויפמערקזאַמקייט דער אַרבעט צווישן סאָלדאַטן.

די מינסקער אָרגאַניזאַציע איז אין איר גרונטקאַדער באַשטאַנען פון אַרבעטער, וואָס האָבן שוין געהאַט אַ פּראַקטישע רעוואָלוציאָנערע צוגרייטונג אין זין פון פּאַרטיידיסציפּלין, קאָנספּיראַציע און אויסגעהאַלטנקייט. אַ דאַנק דעמדאָזיקן געזונטן קערן, איז געוואָרן שטאַנדהאַפטיק די באָלשעוויסטישע פּאָזיציע פון דער אָרגאַניזאַציע. דידאָזיקע פּאָזיציע האָט די מינסקער אָרגאַניזאַציע אויס-געהאַלטן אין פעריאָד פון פאַרשאַרפטן פראַקציאָנערן קאַמף מיט די מענשע-וויקעס. אַ דאַנק דעמדאָזיקן אַרבעטערקערן, איז אויך ריכטיק אַוועקגעשטעלט געוואָרן די פּאַרטייאַרבעט אין דער אָרגאַניזאַציע.

די סטרוקטור און פאָרם פון דער מינסקער אָרגאַניזאַציע, זיינען אין אַלגעמיין געווען צוגעפּאַסט צו דעם צושטאַנד פון דער אינדוסטריע אין מינסק, ווו די האַנטווערקערײַ און קליינאינדוסטריע האָט דאָמינירט איבער די גרויס-אינדוסטריע. גרעסערע פאַבריקן און זאַוואָדן זיינען אין מינסק געווען אין

אַ גאָר קליינער צאָל. די סטרוקטור פון אונדזער אָרגאַניזאַציע, וועלכע איז סטיכיש געשאַפן געוואָרן, איז דעריבער געווען פאָלגנדיקע:

דאָס גרונטקעמערל פון דער אָרגאַניזאַציע איז געווען די פאַכסכאָדקע, די דאָזיקע פאַכסכאָדקע איז באַשטאַנען פון פאָרשטייער פון וואַרקשטאַטן פון איינעם און דעמזעלביקן פאַך אָדער פראָפעסיע. אַזוי אַרום איז די שטאָטישע אָרגאַניזאַציע באַשטאַנען פון פאָלגנדיקע סכאָדקעס: שניידערשע, שוסטערשע, סטאָליאַרישע, קירזשנערשע א. אז. וו. איבער דער פאַכסכאָדקע איז געווען די צענטראַלע סכאָדקע, וועלכע איז באַשטאַנען פון פאָרשטייער פון די פאַכ-סכאָדקעס אָדער זייערע פאַריינינקונגען. אין דער צענטראַלער סכאָדקע פלעגט אויך אַריינגיין אַ פאָרשטייער פון דער צענטראַלער פאַרטייגרופע. כוץ דעם פאַראַנטוואָרטלעכן אָרגאַניזאַטאָר, פלעגן אין דער צענטראַלער סכאָדקע אַריינ-גיין נאָך איינער אָדער צוויי מיטגלידער פון דער צענטראַלער גרופע. די לעצטע פלעגן אָבער צוליב קאָנספּיראַציעבאַדינגונגען אַריינגיין ניט אָפיציעל. די צענטראַלע סכאָדקע פלעגט ניט וויסן, אַז זיי זיינען מיטגלידער פון דער צענטראַלער גרופע (ערשט זומער פון 1905 יאר, הויפּטזאַכלעך נאָך אָקטיאַבער האָט זיך די מינסקער גרופע גענומען בויען אַף דעמאָקראַטישע יעסוידעס, דאַן פלעגן די פאַכסכאָדקעס אויסקלייבן זייערע פאָרשטייער אין דער צענטראַלער סכאָדקע, און די צענטראַלע סכאָדקע פלעגט אויסקלייבן אַ פאַראַנטוואָרטלעכן אָרגאַניזאַטאָר אין דער צענטראַלער גרופע).

אַף די פאַבריקן און אייזנבאַנדעפּאָ, אַף דער וואַסערלייטונגסטאַנציע א. אז. וו., דאָס הייסט אומעטום, ווו די פּראָדוקציע איז געווען אַ מער צענט-ראַליזירטע, פלעגן אָנשטאָט די פאַכסכאָדקעס עקזיסטירן אַרבעטערקרייזלעך, וועלכע זיינען געווען פאַרבונדן דורך אַגיטאַטאָרן און פּראָפּאַגאַנדיסטן ניט מיט דער צענטראַלער סכאָדקע, נאָר מיט דער פּראָפּאַגאַנדיסטישער גרופע. די דאָזיקע קרייזלעך האָבן זיך אונטערגעשיידט פון די פאַכסכאָדקעס הויפּטזאַכלעך דערמיט, וואָס דער קרייזל אַף דער פאַבריק פלעגט פאַראייניקן אַרבעטער פון איינער און דערזעלביקער פאַבריק, וואָס האָבן געאַרבעט אין איינע און די זעלביקע אַרבעטבאַדינגונגען. די פאַכסכאָדקע, אָבער, פלעגט פאַראייניקן אַרבעטער פון פאַרשיידענע וואַרקשטאַטן, האַגאַם פון איינער און דערזעלביקער פּראָפעסיע, נאָר וואָס האָבן געאַרבעט אין פאַרשיידענע אַרבעטבאַדינגונגען. מע דאַרף גע-דענקען, אַז די סכאָדקעס ווי אויך קרייזלעך אַף די פאַבריקן פלעגן ביז דער אויסבילדונג פון די פּראָפאַריינען דאַרפן פאַרבייטן די פּראָפאַריינען. די סכאָדקעס און פאַבריק-קרייזלעך פלעגן כוץ אַלגעמיינפּאָליטישע פראַגן און דיסקוסיעס איבער פאַרטייפראַגן (די דאָזיקע פראַגן פלעגן ניט אַראָפּגיין פון טאָגאָרדענונג פון די אַרבעטערפאַרזאַמלונגען) דאַרפן באַהאַנדלען אויך פראַגן, וואָס זיינען פאַרבונדן מיט די אַרבעטבאַדינגונגען און מיטן לעבנשטייגער פון די אַרבעטער: וועגן אַרבעטסטאָג, וועגן אַרבעטלוין א. א. וו. דאָס, וואָס די אָרגאַ-

ניזאַציע און די אַרבעטערקרייזלעך האָבן גיך באַקומען אַ גרויסע ווירקונג אַף דער אַרבעטערמאסע, דערקלערט זיך דערמיט, וואָס אונדזער אָרגאַניזאַציע האָט גענומען דעם לעבעדיקסטן אַנטייל אין דער באהאנדלונג און לעזונג פון אַלע אָפּטמאָל זייער קליינלעכע פראגן פון פראָפעסיאָנעלן און פערזענלעכן לעבן פון די אַרבעטער. דאָס דערקלערט זיך אויך דערמיט, וואָס זי האָט געקענט צוגיין צו דער מאַסע, אויסנוצנדיק די עקאָנאָמישע און שטייגערלאגע פון די אַרבעטער, ווי אַן אויסגאַנגפונקט פאר איר אַלטעגלעכער פאָליטישער אַגי-טאציע און פראָפאגאנדע. בײַ דער אָפּוועזנקייט פון פראָפעסיאָנעלע פאריינען, האָט די פאַרטייאָרגאַניזאציע געדאַרפט פאַרבייטן די פראָפאריינען, און זי האָט זיי פאַקטיש פאַרביטן.

קעדיי מיר זאָלן קענען גענויער זיך פאָרשטעלן די אלגעמיינע סיטואַציע פון דער פאַרטעיִשער ארבעט אין מינסק, דאַרף מען געדענקען, אז אין צאָפּנ-מאירעוודיקן קאַנט, ווו עס האָבן זיך געפונען ארבעטער פון 3 נאַציאָנאַליטעטן: רוסישע, יידישע און פוילישע, פלעגן אָפּט אין איינעם און דעמזעלביקן ווערק-שטאַט ארבעטן אָנהענגער פון פאַרשיידענע פאַרטייען.

אין אלגעמיין איז די צאָל פאַרטייען אין מינסק דערגאַנגען ביז 5, און אָפּטמאָל מער. כוץ ר.ס.ד.א.פּ. און „בונד”, האָבן אין מינסק געאַרבעט די עסערן, ציעניסטן פון אַלערליי מינים, ווי פּויאַלייציעניסטן, עס-עס א. א. וו. צום סאָף פון 1905 יאָר האָבן דאָ געארבעט אויך אַנאַרכיסטן פון פאַרשיידענע ריכטונגען. אין ווילנע האָט אַ כוץ די אלע פאַרטייען, געארבעט אויך די פּ.פּ.ס. די ארבעטער פלעגן דעריבער מוזן ערנסט פאַנאנדערקלייבן זיך אין די צווישנ-פארטעיִשע מאַכלויקעסן איידער צו לעזן די פראַגע וועגן גיין אין דער אָדער יענער פאַרטיי. אין אלגעמיין אָבער האָט די ארבעטערמאַסע די ערשטע צייט מער סימפאַטיזירט ניט מיט דער פארטיי און אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט איר בעסער געגעבן צו פאַרשטיין די פּאָליטישע טאָגפראַגן, נאָר מיט דער, וואָס האָט בעסער און מיט מער ערפאָלג פאַרטיידיקט אירע „עקאָנאָמישע” טאָגטעג-לעכע אינטערעסן, וואָס האָט בעסער געקענט אָרגאַניזירן עקאָנאָמישע שטרייקן, בעסער פאָרמולירן אירע פאָדערונגען און מער שטאַנדהאַפטיק פירן דעם קאַמף. די פאָפּולערקייט פון דער מינסקער גרופע איז, אָן ספק, פארבונדן מיט איר ארבעט אין דערדאָזיקער ריכטונג. אַ גאַנצע ריי שטרייקן: ווי דער שטרייק פון די האַנדלאָנגעשטעלטע, בעקער, שניידער א. א. וו., וועלכע זיינען דער-פאָלגרייך דורכגעפירט געוואָרן, האָט פאַרשטאַרקט די ווירקונג פון דער מינ-סקער אָרגאַניזאציע אין שטאָט. ניט זעלטן זיינען געווען פאַלן, ווען דער אָדער יענער וואַרקשטאַט, וואָס האָט נאָך ניט געהאַט קיין פארבינדונג מיט דער פארטיי, פלעגט זוכן די „איסקראָווסקע” אָרגאַניזאציע, קעדיי צו מיטיילן איר, אז דער וואַרקשטאַט האָט באשלאָסן שטרייקן און אז די ארבעטער ווילן, אַז מיטן שטרייק זאָל אָנפירן דאַווקע די „איסקראָווסקע אָרגאַניזאַציע”. אין אַזעל-

כע פאַלן פלעגט אונדזער אָרגאַניזאַציע, נאָך אונטערהאַנדלונגען מיט די פאַר-שטייער פון די ארבעטער אָרגאַניזאַציעס, צוזאַמענרופן אַן אַלגעמיינער פאַר-זאַמלונג פון די ארבעטער פון ווארקשטאַט, אף וועלכער עס פלעגן אויסגע-פאָרשט ווערן די ארבעטבאַדינגונגען און אויסגעארבעט ווערן די גרונטפאָ-דערונגען, וואָס דארפן ארויסגעשטעלט ווערן דעם אונטערנעמער. אף דער-זעלביקער פארזאמלונג פלעגט אויסגעקליבן ווערן אַ שטרייקקאָמיסיע, וועלכע פלעגט צוזאמען מיט אַ פאָרשטייער פון דער אָרגאַניזאַציע, אָנפירן מיטן שטרייק. דערעכאַגעוו איז קעדאַי צו באמערקן, אז אין 1905 יאָר איז פון די שטרייקן, וועלכע די מינסקער גרופע האָט אָנגעפירט, ניט געווען קיין איינער, ווו די אַרבעטער זאָלן צוגלייך מיט עקאָנאָמישע פאָדערונגען ניט אַרויסשטעלן אויך קיין פאָליטישע. אין אַלע פאָדערונגען האָט אומבאַדינגט פיגורירט די פאָדערונג פון אַן 8 שאָעדיקן אַרבעטסטאָג, ווי אַ מוזאך איז גיווען געוויינטלעך די פאָדערונג, „אַז קיינער טאָר ניט באַשטראָפט ווערן פאר אַנטיילנעמען אין שטרייקן", אויך די פאָדערונג וועגן „באַפרייען די אַרעסטירטע, אויב עס זיינען פאָרגעקומען אַרעסטן", און „איינצאָלן פאר דער צייט פון שטרייק". דאָס, וואָס די פאָדערונגען צו דעם אָדער יענעם באַלעבאָס פלעגן אַרויסגעשטעלט ווערן אין נאָמען פון דער מינסקער אָרגאַניזאַציע, האָט אין דאָסראָוו פאַלן געהאט אַן אַנטשיידנדיקע באַדייטונג פארן שטרייק אין דער הינזיכט, וואָס אַלע פאָדערונגען פלעגן באפרידיקט ווערן.

דער דראַנג אין דער פאַרטיי, וועלכע, האָט זיך באמערקט נאָך פון אָנ-הויב פון דער אנטשטייונג פון דער אָרגאַניזאַציע, איז געווען ניט נאָר בא די אַרבעטער, נאָר אויך בא דער יוגנט ביכלאַל און בא דער שטודירנדיקער יוגנט און אינטעליגענץ ביפראַט. אַרום דער אָרגאַניזאַציע האָט זיך געשאַפן אַ שיכט מענטשן, וואָס האָט מיטגעפילט דער פאַרטיי און וואָס האָט אונדז געטאָן טייווועס דורך אויסזוכן דירעס פאר „יאַווקעס" און ליטעראַטור און דורך אָנווייזן זיכערע אַדרעסן פאר קאָנספיראַטיווע בריוו, פאַר אומלעגאַלע ליטעראַטור פון אויסלאַנד, פארן צענטראַלאָרגאַן פון דער פארטיי א. אז וו. דערדאָזיקער שיכט מענטשן האָט געטאָן דער באַוועגונג גרויסע טויוועס.

ס'איז אַ גרויסער סאָפעק, צו מע וואָלט אין יענער צייט, ווען די אַרבעטער באַוועגונג איז נאָך געווען אַ שוואכע און ניט קיין מאסאָווע, ווען די פאָלי-צעישע באדינגונגען זיינען געווען שווער, צו מע וואָלט געקענט פירן אַזא פרוכטבארע רעוואָלוציאָנערע טעטיקייט אָן דידאָזיקע מיטפילנדיקע.

די אָרטיקע יידישע באַפעלקערונג, אַפילע די קליינבורזשואַזיע, האָט זיך באַצויגן צו אונדז מיטפילנדיק. פון דער זייט האָבן מיר קיינע סורפריזן אין זין פון פאַרעטערישקייט ניט געקענט דערווארטן. אין די עקן שטאָט, ווו עס וואָינען די „האלענדראנצעס און קאַבצאָנים", האָבן מיר געקענט שטענדיק האָפן צו געפינען אַן אָרט אַף באהאלטן זיך, אַ דירע אַף אומלעגאלע פארזאמלונגען.

דאָרטן זיינען מיר געווען זיכער, אַז מע וועט אונדז אָנזאָגן אין פאַל פון אַ געפאַר מיצאַד דער פּאָליציי. איינע אַזא דירע אין עק שטאָט, ווו מיר פלעגן די ערשטע צייט איינאָרדענען אונדזערע פאַרזאַמלונגען, געדענק איך זייער גוט. אין דערדאָזיקער דירע איז ניט געווען אַפילע קיין זייכער פון קיין מעבל. ס׳איז געווען אַ ווונדער, ווי עס האָבן דאָרט געוואוינט מענטשן.

אין אַלגעמיין ביז 1905 יאָר, ד. ה. ביז דער צייט, ווען די באַוועגונג האָט אָנגענומען אַ מאסנכאַראַקטער, האָט געפּילט זיך צייטנווייז זייער שאַרף דער מאַנגל אין דירעס. זומער פלעגט די אָרגאַניזאַציע פּרוּוון איינאָרדענען פאַרזאַמלונגען אַף שיפלעך, אָדער אין וואַלד. נאָר סאַי דער ערשטער מיטל, סאַי דער צווייטער האָבן ניט געטויגט. די ערשטע מאַסאָווע דיסקוסיע־פאַרזאַמלונג, וואָס מיר האָבן איינגעאָרדנט אין וואַלד, איז שיר ניט דורכגעפאַלן. אַף דערדאָזיקער פאַרזאַמלונג האָט געזאָלט אַרויסטרעטן ב. סטאָלפּנער. דער לעצטער האָט געאַרבעט אין די יאָרן 1904—1905 יאָר אין צאַפּנמאַירעווודיקן קאַנט. די מינסקער אָרגאַניזאַציע פלעגט אים אָפּט איינלאַדן אַף לייענען פאָר־טראַגן, איבערהויפּט איבער דער נאַציאָנאַלער פראַגע קעגן „בונד". סטאָלפּנער האָט אַפילע קוינעשעם געווען אין צאַפּנמאַרעווודיקן קאַנט ווי אַ „בונדיסטנ־פרעסער". און ווירקלעך: ביז דער „בונד" איז אַרויסגעטראָטן פון ר. ס. ד. א. פ. איז סטאָלפּנער געווען איינער פון די גרעסטע קעגנער פון ציוניזם, שפּעטער, נאָכדעם, ווי דער בונד איז אַרויסגעטראָטן פון פאַרטיי, איז סטאָלפּנער געוואָרן איינער פון די גרעסטע קעגנער פון „בונד". כוץ אין מינסק האָט סטאָלפּנער גע־לייענט פאָרטראַגן אויך אין ווילנע. אַף אַ פאַרזאַמלונג אין ווילנע איז ער, דאַכט זיך, אויך געוואָרן אַרעסטירט. זייענדיק אַ מענשעוויק, האָט זיך סטאָלפּנער נאָך דער רעוואָלוציע פון 1905 יאָר אַריינגעלאָזן אין מיסטיק און „גאָטזו־כעניש".

די דירעספראַגע האָט אין אונדזער אַרבעט פאַרנומען איינע פון די וויכטיקסטע ערטער. ס׳איז געווען שווער צו קריגן דירעס פאַר אַלע נויטווענ־דיקייטן, און נויטווענדיקייטן זיינען געווען אַ סאַך: מע האָט געדאַרפט דירעס, פאַר אַ סקלאַד, פאַר „יאַווקעס", פאַר קרייזלעך און פאַרזאַמלונגען. דער אָר־גאַניזאַציע איז אויסגעקומען צו אויסטיילן ספּעציעלע קאָמיסיעס, וואָס זאָלן זיך באַשעפטיקן מיט אויסזוכן דירעס. מיט דער דירעספראַגע זיינען פאַרבונדן אַ סאַך סורפּריזן. אין 1904 יאָר, פאַרן ערשטן מאַי, האָבן מיר געדאַרפט קריגן אַ סקלאַד פאַר דער ערשטמאַיִשער ליטעראַטור און פּראָקלאַמאַציעס און איינצייטיק באַפרייען דעם אַלטן ליטעראַטורסקלאַד. דאָס האָט מען געדאַרפט דורכמאַכן אַפן קאָנספּיראַטיווסטן אויפן. איך צוזאַמען מיט אַ כאַווער האָבן באַשלאָסן פאַנאַנדערקלייבן באַנאַכט די ליטעראַטור און צוגרייטן פּראָקלאַמאַ־ציעס צום פאַרשפּרייטן. צוזאַמען מיט דער באַלעבאָסטע פון דער דירע, וועל־כע איז געווען אַ מיטפילנדיקע פון אונדזער פאַרטיי, האָבן מיר זיך שפּעט אין

דער נאָכט געזעצט צו דער אַרבעט. מיר האָבן שוין אפגעאַרבעט 2 שאָ; די אויסגעסאָרטירטע ליטעראַטור איז צולייגט געוואָרן אַף די טישן און שטולן פון דער גרויסער און גוט מעבלירטער קוואַרטיר; אַרום האָט געהערשט אַ שטיל-קייט. מיר האָבן ניט געוואָלט שטערן דער שטילקייט און האָבן דורכגעמאַכט אונדזער אַרבעט אין דער מאַקסימאַלער שטילקייט. 2 אָדער 3 אַזייגער באַנאַכט, ווען מיר זיינען געווען אריינגעטאָן אין דער אַרבעט, האָט זיך געעפנט די טיר און א הויכער פאַטריאַרכאַלער זאָקן, דער טאַטע פון דער באַלעבאָסטע, האָט זיך אין אונטערוועש אַריינגעריסן מיט געשרייען אין צימער. מיר האָבן געמוזט פאַרלאָזן דעם צימער, איבערלאָזנדיק דאָרטן די טאָכטער מיט איר פאָטער. מיר זיינען געווען איבערצייגט, אַז צו דער פאָליציי וועט עס ניט דערגיין, ווייל דער פאָטער וועט מוירע האָבן פאַרן גורל פון זיין טאָכטער. אַף מאָרגן האָבן מיר געמוזט איבערטראָגן די ליטעראַטור פון דעם ניט גאַסט-פריינטלעכן באַלעבאָס.

אין 1905 יאָר, ווען די באַוועגונג האָט זיך פאַנאַנדערגעוואָקסן און אָנ-גענומען אַ מאַסנכאַראַקטער, האָט די אָרגאַניזאַציע געלייזט די דירעספּראַגע אַף א רעוואָלוציאָנערן אויפן. דעמדאָזיקן מיטל האָבן מיר צוערשט באַנוצט זומער פון 1905 יאָר. אין דער צייט פונם שטרייק פון די „קאַנקע"אַרבעטער איז נויטיק געווען אומבאַדינגט צו איינאָרדנען א פאַרזאַמלונג פון די אַרבעטער און אָנגעשטעלטע אַף דער „קאָנקע", עס איז אָבער ניט געווען קיין פאַסיקע דירע.

אַ גרופע אַרבעטער פון אונדזער אָרגאַניזאַציע האָט געלייזט די פראַגע אַף פאָלגנדיקן אויפן: זי האָט אַרומגערינגלט דעם מינסקער שולהויף, אַרעסטירט דעם שאַמעס און גאַבאי פון שול, צושטעלט פאַטרולן נעבן אַלע אַריינגאַנגען פון שולהויף, אַריינגעלאָזן אַלעמען אפן שולהויף, נאָר קיינעם ניט אַרויסגעלאָזט פון דאָרטן. אין דעמדאָזיקן טאָג איז אין שול פאָרגעקומען אַ פילצאָליקע פאַר-זאַמלונג פון די שטרייקנדיקע קאָנקעאַרבעטער, אַף וועלכער עס זיינען בייגע-ווען אַרבעטער פון אַנדערע אונטערנעמונגען. כ׳ איוואַן האָט פאַר די פאַר-זאַמלטע געהאַלטן א פייערדיקע רעדע פון דער בימע. דאָ טאַקע האָבן מיר פאָרמולירט די פאָדערונגען פון די שטרייקנדיקע, וואָס זיינען אַרויסגעשטעלט געוואָרן דעם שטאָטישן „גאָלאָוואַ". שפּעטער האָבן זיך מיט אַזעלכע מיטלען באַנוצט אויך אַנדערע פאַרטייען: די עסערן און דער „בונד". אַף דער טערי-טאָריע פון שולהויף האָט ז׳יך אַזוי אַרום איינגעשטעלט אַ געוויסע פאַרטעיִשע ווירקונגספערע.

נאָך דערדאָזיקער גלענצנדיק דורכגעפירטער פאַרזאמלונג, פלעגן אלע גרויסע מיטינגען, וואָס אונדזער אָרגאַניזאַציע האָט איינגעאָרדנט, פאָרקומען אין שול, אפילע די וואלן אין דער ארגאניזאציע און די דיסקוסיעס זיינען דאָרט אייגעאָרדנט געוואָרן. ס׳איז קעדאַי צו פאַרצייכענען, אז ניט

קוקנדיק אַף דעם, וואָס די פֿאַרזאַמלונגען פֿלעגן איינגעאָרדנט ווערן אין שול, זיינען זיי קיינמאָל ניט דורכגעפאַלן. די פאליציי האָט איניקע מאָל אפֿילע יע געפרוווט קעמפֿן מיט דעם און ניט דערלאָזן די פאַרזאַמלונגען אין שול, נאָר זי האָט גאָרנישט געקענט טאָן: ס׳איז געווען שווער צו פֿעסטשטעלן די צייט פֿון די פֿארזאַמלונגען. דער שולהויף איז טאמיד געווען געפֿאַקט מיט מענטשן.

אין דער אָרגאַניזאַציע גופֿע האָט זיך געפֿירט אַן ערנסטע אינערלעך-פּאַרטעיִשע מאַסע. אויסער פֿאָרטראַגן וועגן „בונד”, „ס-ר” און מענשעוויקעס, פֿלעגן געלייענט ווערן פֿאָרטראַגן וועגן קלאַסנקאַמף, וועגן די אינערלעכע געשעענישן אין לאַנד א. א. וו. נאָר די הויפטפראַגן, אַף וועלכע די אָרגאַניזאַציע האָט געלייגט גרויס אופֿמערקזאַמקייט, זיינען געווען די כלוקעדייעס מיטן „בונד” און די פֿראַגע וועגן דער טאַקטיק פון די מענשעוויקעס. די מינסקער ייִדישע אַרבעטער האָבן שטאַרק ליב געהאַט דידאָזיקע דיסקוסיעס. די ליבע צו פאַרטעיִשע רייסערייען און דיסקוסיעס האָבן די יידישע אַרבעטער באַקומען, מיסטאמע, בעירושע פֿון דעם קאַמפּפעריאָד מיט די זובאַטאָוועצעס און די ציעניסטן. יעדנפאַלס איז קעדאַי צו פֿאַרצייכענען, אַז די יידישע אַרבעטער האָבן מיט אַ באַזונדער ליידנשאַפֿט אנטיילגענומען אין אַזעלכע דיסקוסיעס; די מאַסע איז געווען אַף אַזויפֿיל אַקטיוו, אַז זי פלעגט סאַי אַליין דיסקוטירן איבער פאַרטעיִשע פֿראַגן און סאַי צוהערן זיך גערן צו די דיסקוטירנדע און מע דאַרף מודיע זיין, אַז אין דעמדאָזיקן קאַמף האָט דער יידישער אַרבעטער זיך אויסגעשמידט זיין פערזענלעכע מיינונג און איבערצייגונג.

אַף דער טאָגאָרדענונג פֿון דער מינסקער אָרגאַניזאַציע האָט זיך געשטעלט די פֿראַגע וועגן טעכניק. נאָך אין אָנהויב פֿון דער אַנטשטייונג פֿון דער מינסקער אָרגאַניזאַציע האָט כאַווער שמועלכאַים מיטגעטיילט אונדז, אַז באַ זיי וואַלגערט זיך ערגעץ אַף אַ קאָנספּיראַטיווער קוואַרטיר דרוקשריפֿט און פאַרשיידענע טיילן פֿון אַ דרוקעריי. אין אַ קורצער צייט אַרום האָט ער מיר אַוועקגעפֿירט אַף דער קוואַרטיר, ווו די דאָזיקע הייליקע זאַכן זיינען געווען באַהאַלטן. ער האָט מיר געבראַכט אין אַן אלטן איינשטאָקיקן מויער, ניט ווייט פֿון נעמיגע, אין אַ געסל, וואָס פֿירט צו דער גאַלאָכישער סעמינאַריע. אין דעמדאָזיקן הויז האָט זיך געפֿונען אַ שלאָסאַרנע. דער אַריינגאַנג פֿון הויף האָט געפֿירט דורך א קיך אין צימער, ווו עס זיינען געווען באַהאַלטן די דרוקעריימאַכשירים. דערדאָזיקער צימער איז געווען באַקוועם דערמיט, וואָס ער איז געווען אינגאַנצן איזאָלירט פֿון ווארקשטאַט. אין דער קיך פלעגט מען קאָכן פאַר די אַרבעטער פֿון ווארקשטאט נאָר אינדערפֿרי, באַטאָג און באַנאַכט איז אין קיך קיינער ניט געווען, דאָ האָט זיך איניקע ארבעטער איינגעגעבן צו פֿאַנאנדערנעמען די פּאָדלאָגע, אויסגראָבן אַ גרוב און באהאלטן אין איר שריפֿט און אַנדערע דרוקערייטיילן. דעם צימער האָבן די אַרבעטער געהיט ווי דאָס שווארצאַפל פון אויג. ווען איינער פֿון די, וואָס וואָינען אין צימער, האָט גע-

דאַרפֿט אַוועקפֿאָרן, פֿלעגט זיין קוואַרטיר איבערגעגעבן ווערן נאָר עמיצן פֿון דערזועלבער גרופּע אַרבעטער. מע האָט זיך געדאַרפֿט ווונדערן אַף דער ענערגיע און פֿאַרשטאַנד, וועלכע די דאָזיקע כאַוויירים האָבן אַרויסגעוויזן.

אף צו אַיינאָרדענען און ברענגען אין דער געהעריקער אָרדענונג די דרוקעריי, האָט דער צ. ק. קאָמאַנדירט צו אונדז אַ טעכניקער—א האָמליער אַרבעטער. דערדאָזיקער כאַווער האָט לאנג זיך געאייסיקט מיט ז'ער זאַך, נאָר אלץ אָן ערפֿאָלג. אַ קוואַרטיר פֿאַר דער דרוקעריי האָט ער געפֿונען אַף אַ שטילער, רויקער גאַס, אין עק שטאָט, ניט ווייט פֿון דעם גובערנאַטאָרס סאָד, אף אַ ביידימגעביידע פֿון א הילצערנער שטוב, ווּהין ער איז אריבערגעפֿאָרן מיט דער טעכניק. נאָר ווען מיר האבן צוזאמען מיט אים באטראַכט די דירע, האָבן מיר אַיינגעפֿונען, אז זי טויג ניט פֿאַר אַן אומלעגאלער דרוקעריי: ערשטנס דערפֿאַר, וואָס באַם דרוקן וואָלט זיך יעדער קלאַפּ פֿונם וואַליק געהערט אין אונטערשטן שמאָק, צווייטנס, ווייל די גאַס איז אויך ניט געווען צוגעפּאסט פֿאַר אַ דרוקעריי. אַף דערדאָזיקער שטילער און רויִקער גאַס האָט זיך יעדער מענטש געוואָרפֿן אין די אויגן און דאָס איז דאָך קעגן די עלעמענטאַרסטע געזעצן פֿון קאָנספּיראַציע. מיר האָבן געוווּסט, אַז אַ דרוקעריי איז בעסער אַיינאָרדענען אין אַן אונטערשטן שטאָק און אין דעם לעבעדיקסטן טייל פֿון שטאָט, ניט אַף אַ טויטער גאַס.

צו דערדאַזיקער צייט איז קיין מינסק געקומען אַלעקסאַנדער (ראַסניצין*), וועלכן איך האָב געקענט נאָך זיין אַרבעט אין מאָלעווער גובערניע. ראַסניצין האָט אויסגעדריקט דעם ווילן צו אַרבעטן אין דרוקעריי, האַגאַם ביז איצט האָט ער קיין שום שאַיכעס צום דרוקערפאַך ניט געהאַט, ער איז געווען גאָר אַ לערער.

אַלעקסאַנדער האָט צוזאַמען מיט דער דרוקערין סאָניע, וואָס איז געקומען פֿון ווילנע, ווי אַ פּאָר פּאָלק געדונגען אַ נייע דירע ניט ווייט פֿון מאַרקפּלאַץ, אין אַן אונטערשטן שטאָק פֿון אַ הילצערנער שטוב. דידאָזיקע קוואַרטיר איז געווען באַקוועם דערמיט, וואָס אַהין האָט מען געקענט אַריינפֿאַלן פֿון 4 גאַסן. דאָס, וואָס די דירע איז געווען נאָענט פֿון מאַרק, איז אויך געווען אַ פּליוס. דער אלטער, פֿינצטערער, צוויישטאָקיקער הילצערנער פּליגל, ווו עס האָט זיך געפֿונען די דרוקעריי, האָט זיך געפֿונען אין סאָף פֿון אַ קליינעם סעדל. פֿון גאַס איז די הויז ניט געווען קענטיק. קעדיי אַריינקומען אין דרוקעריי, האָט מען געדאַרפֿט דורכגיין אינגאַנצן פֿינצטערע טרעפּ. כוץ אַן אַריינגאַנגצימער זיינען אין דערדאָזיקער קוואַרטיר געווען נאָך צוויי קליינע צימערלעך: אין איינעם פֿון די צימערלעך, פֿון וועלכע די פֿענצטער זיינען ארויסגעגאַנגען אין סאָד, האָט זיך געפֿונען די דרוקעריי. איידער צו צוטרעטן צו דער אַרבעט, האָט אלעקסאנדער באַ זיך אין דרוקעריי גענומען לערנען

*) אַלעקסאַנדער איז איצט אַוועק פֿון אונדזער פּאַרטיי.

זיך זעצעריי. אין א צייט ארום האט ער מיר געמאָלדן, אז ער קאָן שוין די מעלאָכע און איז גרייט שוין צו צוטרעטן צו דער ארבעט. פאפיר און אנדערע מאכשירים פלעגט סאניע ברענגען אין א קאשיק, אין וועלכן באלעבאסטעס טראגן פראוויזיע.

די ערשטע פראקלאַמאציע, וועלכע איז אפגעדרוקט געווארן אין אונדזער דרוקעריי, איז געווען די מעלדונג וועגן דער אנטשטייונג פון צאפנמאירעוודיקן קאָמיטעט*) דער צאָפנמאירעווקאָמיטעט איז אַנטשטאַנען אין אנהויב פון 1904 יאָר (אומגעפער אין די כאַדאָשים מאַרט—אַפרעל). דער צאָפנמאירעווקאָמיטעט האָט פאַראייניקט פאָלגנדיקע אָרגאַניזאַציעס: ווילנער, מינסקער, וויטעבסקער, דווינסקער און שפעטער אויך סמארגאָנער. פון מינסקער אָרגאַניזאַציע איז אין צאָפנמאירעווקאָמיטעט אריינגעגאַנגען כ׳ מיכאַיל (קאָריניעווסקי**) אף איינער פון די זיצונגען פון דער צענטראַלגרופע איז באהאַנדלט געוואָרן די פראַגע וועגן די צילן און אופגאַבן פון דער נייער אָרגאַניזאציע און וועגן אירע צווישנבאציִונגען מיט דער פעריפעריע.

פון די מיטגלידער פון צאָפנמאירעוודיקן קאָמיטעט, וועלכע זיינען מיר געווען באוווּסט, זיינען אויסער מיכאַילן, געווען: סטראשינסקי (אַנטאָן), אן אָפיצער פון ווילנע, כ׳ פרומקין (מינאי)—פון וויטעבסק, קוזנעצאָוו (יעפים) פון מינסק, נעגאַיעוו און טראָצקי (סעמיאָן); די לעצטע האָבן אין סאָף פון 1905-טן יאָר געאַרבעט אין מינסק, ווו עס האָט זיך פאַקטיש געפונען אין דערדאָזיקער צייט דער צאָפנמאירעוודיקער קאָמיטעט.

די פראגע וועגן דעם, צו איז דער צאָפנמאירעוודיקער קאָמיטעט געווען א „האַרטער״, אָדער ער איז צוגעשטאַנען צו די פשאָרעמאכער, האָט זיך אייניקע מאָל געשטעלט און איז פון פאַרשיידענע כאַוויירים פאַרשיידן באלויכטן געוואָרן. דער צאָפנמאירעוודיקער קאָמיטעט איז פון אנהויב אן פון זיין אנטשטייונג געשטאַנען אפן שטאנדפונקט פון דער „מערהייט״. אן אפנייג אין דער ריכטונג פון „פשאָרעריי״ ווייזט דער צאָפנמאירעוודיקער קאָמיטעט ארויס ערשט באם צונויפרופן דעם III פארטייצוזאמענפאָר. וועגן דעם אָפנייג זאָגט איידעס די רעזאָלוציע פון דער מינסקער גרופע איבער דער פראַגע וועגן די וואַלן צום III צוזאַמענפאָר. ווי באוווּסט, האָט זיך ארום דער פראַגע וועגן די וואלן אפן III צוזאמענפאָר געפירט א האַרטנעקיקער קאמף אין דער פאַרטיי

*) די דאָזיקע מיטיילונג פונם צאָפנמאירעוודיקן קאָמיטעט, וואָס איז אָפגעדרוקט אין מינסקער דרוקעריי, איז ניט לאנג פארעפנטלעכט געוואָרן אינם זשורנאל „פראָל. רעוואל.״ נומ. 9—8 (31—32).

**) מיכאַיל איז געווען לויט דער פראָפעסיע א דאָקטאָר. ער האָט געארבעט אין מינסק אקורצע צייט. פון יענער צייט אָן האָב איך אים מער גיט באַגעגנט, ווי אייניקע כ״כ האָבן מיר איבערגעגעבן, האָט מיכאַיל אַ צייט, אין 1905-טן יאָר, געאַרבעט אין אָדעס. איינער אַ כאַווער האָט מיר איבערגעגעבן, אַז מיכאַיל זאָל איצטער אַרבעטן ערגעץ אין מאָסקווע, שטייט שוין לאנג אויסער די רייען פון פאַרטיי.

גופע, דער צאָפּנמאירעוודיקער קאָמיטעט האָט פאַרנומען א וואַקלדיקע פּאָזיציע. די מינסקער גרופע, פאַרקערט, האָט, פאַרייניקנדיק זיך צום שטאַנדפונקט פון דער „ב. ק. ב.״ (ביוראָ פון די מערהייט קאָמיטעטן), זיך ארויסגעזאָגט, פאַר צוניפרופן דעם צוזאַמענפאָר. די מינסקער גרופע האָט איינצייטיק אויסגעדריקט אומצוטרוי דעם צאָפּנמאירעוודיקן קאָמיטעט, ווי א פשאָרע-מאכער, און האָט זיך מישטאדל געווען וועגן דערלויבן איר צו שיקן אפן צוזאַמענפאָר א באַזונדער דעלעגאַט. די מינסקער גרופע האָט ווי אן אָרגאַניזאַציע, וואָס גייט אריין אין באשטאַנד פון צאָפּנמאירעווקאָמיטעט, ניט געטאָרט שיקן קיין באזונדער דעלעגאַט אפן צוזאַמענפאָר, ווייל דידאָזיקע רעכט האָט געהערט בלויז דעם צאָפּנמאירעוודיקן קאָמיטעט. די ביוראָ פון די מערהייט-קאָמיטעטן האָט אָבער געגעבן דער מינסקער אָרגאַניזאַציע דאָס רעכט צו שיקן א באַזונדער דעלעגאַט. די מינסקער גרופע האָט דעלעגירט אפן 3-טן צוזאַמענפאָר דעם כ׳ שקלאָווסקי (געאָרגי), וועלכן דער צוזאַמענפאָר האָט באשטעטיקט מיט בעראַטונגרעכט. דער דעלעגאַט פון צאָפּנמאירעוודיקן קאָמיטעט אפן 3-טן צוזאַמענפאָר איז געווען וואדים (פּאָסטאַלאווסקי), וואדים האָט געאַרבעט אין צאָפּנמאירעוודיקן קאָמיטעט ווי א פּראָפעסיאָנאַל און שפּעטער ווי א מיטגליד פון צ. ק. אין מעשעך פון 1904—1905 איז וואדים אָפט געווען אין מינסק און איז געווען ענג פאַרבונדן מיט דער מינסקער אָרגאַניזאַציע.

אויך נאָכן צוזאמענפאָר האָט דער צאָפּנמאירעוודיקער קאָמיטעט ארויסגעוויזן א וואקלדיקע פּאָזיציע, נאָר אין דערזעלביקער צייט האָט ער זיך ארויסגעזאָגט פאר איינשטעלן פאַרבינדונגען מיט דעם ניי-אויסגעקליבענעם אפן צוזאמענפאָר צעקאַ. דער צעקאַ איז אף דעם איינגעגאַנגען.

צו די פראגן, וועלכע זיינען די גאַנצע צייט ביזן 1906 יאָר ניט אראָפּגעגאַנגען פון טאָגאָרדענונג פון די אָרטיקע אָרגאַניזאַציעס, האָט געהערט די פראגע, וועגן די פונקציעס און אופגאַבן פון צאָפּנמאירעוודיקן קאָמיטעט. צו דארף דער צאָפּנמאירעוודיקער קאָמיטעט זיין אן אידעיִשער אָנפירער, אָדער זיין ראָל דארף זיין א מער שמאָלערע, ד. ה. ער דאַרף אויספילן ריין-טעכנישע פונקציעס, ווי צום ביישפּיל, פאַרטיילן די פּארטעיִשע קויכעס אין צאָפּנמאירעוודיקן קאַנט, צושטעלן ליטעראַטור, פאַרטיילן די מאטעריִעלע רעסורסן א. א. וו. דידאָזיקע פראַגע האָט שפּעטער אנגענומען א מער אלגעמיינע פאָרם אין צוזאַמענהאנג מיט דער אלגעמיינער אוועקשטעלונג פון דער פראגע אין פארטיי: וועגן די צווישנבאציונגען צווישן די אָרטיקע און צענטראלע אָרגאַניזאַציעס און וועגן דער אווטאָנאָמיע פון די אָרטיקע אָרגאניזאציעס. דער צאָפּנמאירעוודיקער קאָמיטעט האָט די גאנצע צייט געהאַט א טענדענץ צו האלטן זיך פאר אן אָרגאן, וואָס פאַרייניקט א געוויסע טעריטאָריע, אף וועלכער ער האָט ניט נאָר ריין-טעכנישע פונקציעס, נאָר ער איז אויך אן אָרגאן פון אידעיִשער אָנפירונג. די אָרטיקע ארגאניזאציעס, באַזונדערס די מינסקער גרו-

פּע, האָבן געהאלטן, אז דער צאָפּנמאירעוו׳קאָמיטעט דארף זיין נאָר א טעכנישער אָרגאן און אז די אידעישע אָנפירונג דארף געהערן דורכויס דעם צענטראל-קאָמיטעט פון דער פארטיי. דאָס, וואָס די פראגע, וועגן אידעישער אָנפירונג איז באזונדער שאַרף אויפגעשטעלט געוואָרן, דערקלערט זיך מיט דער פארשארפטקייט פון דעם אידעישן קאמף, וועלכער האָט זיך גע-פירט מיט די מענשעוויקעס איבער דער גאנצער פארטעישער ליניע. די מוירע דערפאר, אז די מענשעוויקעס, וועלכע וועלן נאָך דעם, ווי אפן טאָגסיידער איז אוועקגעשטעלט געוואָרן די פראגע וועגן איינהייטלעכקייט אין דער פארטיי, אויסנוצן די רעכט פון אידעישער אָנפירונג אין זייערע פראַקציאָנעלע אינטע-רעסן, האָט געצווונגען אונדזערע אָרגאַניזאציעס, דעריין אויך די מינסקער, צו באַציען זיך צו דער פראגע וועגן אידעישער אָנפירונג זייער פאָרזיכטיק. אפן באָדן פון אויסטייטשן אף פארשיידענעם אויפן די פרעראָגאטיוו פונם צאָפּנמאירעוודיקן קאָמיטעט איז זומער 1905 יאָר פאָרגעקומען ניט ווייניק קאנפליקטן און מיספארשטייענישן צווישן דער מינסקער גרופּע מיטן פאָרשטייער פון צאפנמאירעוודיקן קאָמיטעט,—אָדער, ווי מיר פלעגן אים אָנרופן איראָניש, „נאמעסטניק פון צאָפנמאירעוו קאנט״—מיט נעגאָיעוון.

דער אופרוף וועגן דער אויסבילדונג פון צאָפּנמאירעוודיקן קאָמיטעט איז צוזאמענגעשטעלט געוואָרן דורך מיכאילן. דאָס בלעטל איז ארויס לאַנג און ניט פּאָפּולער. מעלדנדיק וועגן דער אויסבילדונג פון אַ נייער אָרגאַניזאַציע, דערקלערט אין דער אייגענער צייט דאָס בלעטל, צוליב וואָס ס׳איז גע-ווען אַ נויטווענדיקייט אין צאָפּנמאירעוודיקן קאַנט צו שאפן צוגלייך מיטן „בונד״ און פּ.ס.ד. אַ נייע סאָציאַלדעמאקראַטישע אָרגאניזאַציע.

דעם אופרוף האָב איך איבערגעבן אָפּצודרוקן אין דרוקעריי. נאָר ווייל אַלעקסאַנדער איז נאָך געווען אַ גאַנץ שוואַכער זעצער, האָט זיך דערדאָזיקער אופרוף אַ לאַנגע צייט געזעצט. צום סאָף, האָט מיר אַלעקסאַנדער אין אַ באַ-שטימטן אָרט איבערגעגעבן אַף איבערקוקן אן אָפּצוג פון דער ערשטער העלפט פונם אופרוף, וועלכע ער האָט אויסגעזעצט. אין צוויי שא אַרום נאָך מיין באַ-געגעניש מיט אַלעקסאַנדערן בין איך ארעסטירט געוואָרן. דער אַרעסט איז פאָרגעקומען באַ פאָלגנדיקע אומשטאַנדן: גייענדיק אַ היים, האָב איך באַגעגנט אונדזערן אַ כאַווער אַן אַרבעטער, וועלכער האָט מיר איבערגעגעבן, אַז באַ אים אין דירע האָט זיך אופגעקליבן אַן ארבעטערקרייזל און דער פראָפּאַגאַנדיסט איז ניט געקומען, אין יענער צייט האָט די מינסקער אָרגאַניזאַציע איבערגעלעבט אַ דירעקריזיס. אונדזערע קרייזלעך, וועלכע זיינען קוים צונויפגעשטוקעוועט געוואָרן, האָבן זיך אָנגעהויבן פאַנאַנדערפאַלן. דעריבער טאַקע האָט דער כאַ-ווער, וואָס האָט מיר באגעגנט, געפאָדערט, אַז איך זאָל צוגיין אַפן קרייזל. ווען ניט, וועט שוין זיין שווער צונויפרופן דעם קרייזל אַ צווייטן מאָל. ניט קוקנדיק דערוף, וואָס באַ מיר איז געלעגן אַ פראָקלאַמאַציע, האָב איך מאסקים

געוועז צו גיין אַפֿן קרייזל, האָבנדיק אין זינען, אַז מיר וועט געלינגען צו־נויפֿריידן זיך מיט די מיטגלידער פֿון קרייזל וועגן דעם טאָג פֿון די לימודים.

באַם כאַוועך אין דירע האָב איך געטראָפֿן אַלע מיטגלידער פֿון קרייזל. עס זיינען געקומען אַרבעטער און ארבעטערנס. איך האָב דעריבער באַשלאָסן דורכפֿירן מיט די פֿארזאמלטע אַ שמועס. אין אַ קורצער צייט אַרום האָט זיך איינער פון די שכיינים פון הויז אַריינגעריסן אין צימער, ווו מיר האָבן זיך פאַרזאַמלט, און אָנגעזאָגט, אַז פּאָליציי האָט אַרומגערינגלט די הויז. נאָך אים האָט זיך טאַקע באַוויזן די פּאָליציי. כוץ דעם אָפּצוג פון דער פּראָקלאַמאַציע, וואָס אַלעקסאַנדער האָט מיר איבערגעגעבן, איז באַ מיר קיין „טרייפע" זאַכן ניט געווען. דעם אָפּצוג האָב איך באַוויזן צונויפֿקנוילן און אַרויסוואַרפֿן אין אַ ווייטן ווינקל פֿונם צימער. די פּאָליציי האָט, אַרומזוכנדיק יעדן איינציקן פֿון אונדז, קיין פּראָטאָקאָל וועגן דער אונטערזוכונג ניט געמאַכט. דאָס דערקלערט זיך דערמיט, וואָס באַ דער אונטערזוכונג האָט די פּאָליציי באַ מיר צוגענומען אַ טייסטער, מיט וועלכן זי האָט זיך געוואָלט באַנוצן. זי האָט דאָס טאַקע געטאָן. אין טפּיסע האָבן איניקע כאַוויירים אויסגעטייטשט די האַנדלונג פֿון דער פּאָליציי בייס אונדזער אַרעסט דערמיט, וואָס די פּאָליציי און זשאַנדאַרמעריע פון מינסק זיינען געווען אין אָנגעשטרענגטע באַציונגען און האָבן זיך געסטאַרעט איינע די אַנדערע אָנזאַלצן. די פּאָליציי האָט דערשמעקט וועגן אונדזער סכאָדקע און באַשלאָסן זעלבסטשטענדיק, אָן דער זשאַנדאַרמעריע, צו דורכפֿירן די אונטערזוכונג און דעם אַרעסט. זי איז דעריבער באַגאַנגען אַסאַך פֿעלערן. ס'איז שווער צו זאָגן אַף וויפֿל די לעצטע האשאָרע האָט טאַקע אַ באָדן. פֿאַרקערט די ווייטערדיקע ווענדונג פֿון דער זאַך האָט ניט באַשטעטיקט די האַשאָרעס פֿון די כאַוויירים.

מער פֿאַר אַלץ האָט מיך באַומרויִקט דער געדאַנק, אז אין פֿאַל, אויב די זשאנדארמעריע וועט געפינען אַ ניט פֿארענדיקט בלעטל, וועט זי זיך אָנשטויסן, אז אין מינסק איז דאָ אַ טעכניקע (געוויינטלעך פלעגט מען, קעדיי צו אָפּציען די אויפֿמערקזאמקייט פֿון די זשאנדארמען, אין דער שטאָט, ווו עס פלעגט זיך געפֿינען אַ דרוקערײ פֿארשפרייטן די פּראָקלאמאציעס שפעטער ווי אין אנדערע ערטער). יעדנפֿאַלס, איז געווען נויטיק, אז די אָרגאניזאציע זאָל זיך דערוויסן וועגן מיין ארעסט און אָנעמען די געהעריקע מיטלען. מען האָט דעריבער געמוזט וואָס לענגער אָפּציען די צייט מיט פֿעסטשטעלן מיין פּער־זענלעכקייט. כ'האָב דעריבער אָנגערופֿן באם פֿארהער אין פּאָליצייצירקל אַ נאָ־מען „פֿון דער האפּטיירע" און אָנגעוויזן ניט קיין ריכטיקן אדרעס. ווען מען האָט אונדז שפעטער, ארומגערינגלטע דורך א מאכנע פּאָליציי, געפֿירט איבער גובערנאטאָרסקע גאס, האָב איך צו מיין גרויס פרייד באמערקט אפֿן טראָטואַר א גאנצע גרופּע כאוויירים ארבעטער בעראָש מיט שמועלכאיִמען, וועלכע האבן שוין ערגעץ דערשמעקט וועגן מיין ארעסט. איצט האָב איך געקענט

זיין רויִק, אַז אַלע מיטלען וועלן אָנגענומען ווערן באַצייטנס. כ'האָב נאָר גע־צווייפלט צו זיי וועט זיך איינגעבן צו געפינען און אָפּרייניקן מיין קוואַרטיר, ווייל מיין אַדרעס האָט געוווּסט גאָר אַ באַגרעניצטע צאָל מענטשן.

אין פּאָליציי־צירקל האָט מען מיר אָפּגעטיילט פון אַלע אַנדערע אַרעס־טירטע כאַווערים, קעדיי איך זאָל זיך מיט זיי ניט קענען אויסריידן, נאָר אויפן וועג אין פּאָליציי־צירקל האָבן מיר שוין באַוויזן צונויפריידן זיך וועגן דעם, וועלכע באַוויזן צו געבן. אָן קיינע איבעריקע דערקלערונגען האָט מען מיך געהאַלטן לאַנג. מען האָט מיך אַפילע געהאַלטן ניט הינטער די גראַטעס. שפּע־טער האָב איך זיך אָנגעשטויסן, אַז די פּאָליציי זוכט מיין קוואַרטיר. ענדלעך האָבן פּאָליציילייט מיר אַרויסגעפירט אויף דער גאַס, אַוועקגעזעצט אויף אַ דראָזש־קע, פאָדערנדיק באַ מיר, אַז איך זאָל זאָגן דעם פורמאַן מיין אַדרעס. ס'איז שוין אַוועק אַ לאַנגע צייט, זינט די כאַווערים האָבן אונדז באַמערקט אויף גו־בערנאַטאָרסקע גאַס — פאַר דער צייט האָבן זיי שוין געקענט אָפּראַמען מיין צימער. אַריינגייענדיק מיט דער פּאָליציי אין מיין צימער, האָב איך זיך אי־בערצייגט אַז די כאַווערים זיינען שוין געווען דאָ און אויסגעראַמט דעם „כאָ־מעץ". די באַלעבאַטים פון מיין צימער זיינען געווען דערשטיינערט פון דעם אַלץ, וואָס איז פאָרגעקומען. ווי אויך פון מיין אַרעסט, ווייל זיי האָבן מיר פריער געהאַלטן פאַר אַן „אָנשטענדיקן מענטשן". גאָר גיך האָט די פּאָליציי אַכזאָריעסדיק זיך נויקעם געוווּען אָן מיר דערפאַר, וואָס איך האָב זי אַ לאַנגע צייט געפירט פאַרן נאָז.

שפּעט באַנאַכט האָט מען מיך פון מיין קוואַרטיר אַוועקגעפירט אין 3־טן פּאָליציי־צירקל, אויף ראַקאָווער גאַס. די קאַמער, וווהין מע האָט מיך אַריינגע־זעצט איז געווען אַן עמעסער וואַנצנעסט, פולגעפּאַקט מיט אַרעסטירטע. אויף די נאַרעס און אויפן דיל זיינען געלעגן מענטשן. די איינוואוינער פון דער קאַנורע האָבן מיין אָנקומען ניט באַמערקט. אינדערפרי האָט מען אַלע אַרעסטירטע אַרויסגעפירט פון דערדאָזיקער קאַמער און איבערגעלאָזט מיר איינעם אַליין. אין אַ קורצער צייט אַרום האָט די פּאָליציי אין קאַמער אַריינגעלאָזן 2 שיקערע סוביעקטן און טייקעף פאַרמאַכט די טיר אויפן שלאָס. די סוביעקטן האָבן זיך אַרויסגעוויזן פאַר דוואָרניקעס*). די שיקערע דוואָרניקעס האָבן זיך אַ וואָרף געטאָן אויף מיר און אָן איבעריקע רייד גענומען מיך אומבאַראַכמאָנעסדיק שלאָגן. מע האָט מיך געשלאָגן אַ היבשע צייט. די פּאָליציילייט זיינען אין דערדאָזיקער צייט געשטאַנען הינטערן טיר און, האַגאַם זיי האָבן געהערט אַלץ, וואָס עס קומט פאָר אין קאַמער, האָבן זיי זיך אָבער געמאַכט ניט הערנדיק

*) אין יענער צייט האָט די פּאָליציי, אויב איך האָב קיין טאָעס ניט, אין מינסקער גוב. איינגעפירט אַ נייעם אינסטיטוט פון „דוואָרניקעס". דידאָזיקע „דוואָרניקעס האָבן ניט געדינט אויף ציהיטן די שטאָטישע בירגער, נאָר אויף צו העלפן דער פּאָליציי קעמפן מיט דער „קראַמאָלע" און רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג.

און ניט געלייגט אף דעם קיין שום אכט, שפּעטער האָבן די פּאָליציייליייט רויִק געעפֿנט די טיר און ארויסגעלאָזן די דוואָרניקעס. אין דער ארגאַניזירונג פון דעם געשלעג האָט די פּאָליציי אַרויסגעוויזן א טייוולאָנישע קאַלטבלוטיקייט און פאָרזיכטיקייט, באזייטיקנדיק פריער וועלכע ניט איז איידעס.

אין זשאַנדאַרמעריעפּאַרוואַלטונג, וווּהין מען האָט מיך אין צוויי טעג אַרום געבראַכט, האָב איך שוין געטראָפֿן אַלע כאַווערים, וואָס זיינען אַרעסטירט געוואָרן צוזאמען מיר. די מינסקער זשאנדאַרמעריעפּאַרוואַלטונג איז מיר שוין געווען באַקאנט, ווייל מיך האָט מען שוין איינמאָל צוגעצויגן צום מישפּעט פֿאַר פּייערן דעם 14 (1) מאַרט פֿון 1902 יאָר*). דער דאָזיקער פּראָצעס האָט זיך דאַן געענדיקט פֿאַר מיר צוגוטן.

אינגיכן האָט מען מיך פֿון זשאנדאַרמעריעפּאַרוואלטונג איבערגעשיקט אין טפּיסע, מאַכמעס אין זשאַנדאַרמעריע האָב איך זיך אָפּגעזאָגט צו געבן וועלכע ניט איז דערקלערונגען אלס צייכן פון פּראָטעסט קעגן דעם, וואָס מען האָט מיך אין צירקל געשלאָגן. די איבעריקע כאַווערים האָט מען דעם זעלביקן טאָג באַפֿרייט, די זאך האָט, קענטיק, אָנגענומען ניט גאָר קיין ערנסטן כאַראַקטער.

צו יענער צייט איז אין מינסקער טפּיסע שוין געווען אַ סאַך פּאָליטישע אַרעסטירטע. ווי באוווּסט, האָט די טפּיסע אין רוסלאַנד שטענדיק אָפּגעשפּיגלט דעם ווירקלעכן צושטאַנד פֿון רעוואָלוציאָנערן קאַמף אין דעם אָדער יענעם היסטאָרישן פּעריאָד. די פּאָליטישע ארעסטירטע פֿון מינסקער טפּיסע זיינען באַשטאַנען דורכויס פֿון בונדאָווצעס, איינציקע עסערן און ציעניסטן; מיטגלידער פֿון ר.ס.ד.א.פּ. אָדער „איסקראָווצעס" (ווי דער „בונד" פֿלעגט אונדז אָנרופן) איז אין מינסקער טפּיסע נאָך ניט געווען. אונדזער אָרגאַניזאַציע האָט נאָר וואָס אָנגעהויבן צו פֿירן אַ מאַסאָווע פּאַרטייארבעט, דעריבער בין איך געווען דער ערשטער „איסקראָוועץ" אין מינסקער טפּיסע. נאָר צום סאָף פֿון 1904 יאָר האָבן די איסקראָווצעס אַף אזויפֿיל פֿאַרגרעסערט זייערע קאדרעס אין מינסקער טפּיסע, אַז זיי האָבן שוין אויך דאָרטן געקענט קאָנקורירן מיטן „בונד".

אין טפּיסע האָב איך געטראָפֿן אייניקע אַלטע באקאנטע. דאָ איז געזעסן טעפּער (מיראָן), איינער פֿון די באוווּסטע אין צאָפּנמאַירעוודיקן קאַנט בונדישע רעדנער; נאָך פֿאַר זיין אַרעסט האָט ער שוין אַרויסגעוויזן אַ נייגונג צו אנאַרכיזם. אין מינסקער טפּיסע האָבן דאַן אָפּגעקומען שטראָף די פּאָליטקאַטאָרזשניקעס—פּינסקער ארבעטער, בונדיסטן—מוישע ציטראָן, דוואָרקין און אַ דריטער, וועמענס פאמיליע איך געדענק ניט. זיי אַלע זיינען פֿאַרמישפּעט געוואָרן דורכן מיליטערישן קרייזגעריכט צו 8-10 יאָר קאטאָרגע פֿאַר הארגענען אין פּינסק

*) די פארזאמלונג פון 14 (1) מארט, וואס דער „בונד" האט איינגעארדנט אין 1902 יאר אין איינע פֿון די ראטשעס הינטערן שטאט, איז אויסגעפירט געוואָרן פון דער פאליציי. פֿון דער גאנצער פּילצאליקער פארזאמלונג זיינען לויט דער אנווייזונג פון די דווארניקעס אַרעסטירט געווארן נאר עטלעכע מענטשן, וועלכע זיינען פארשיקט געווארן אַף אן אדמיניסטראַטיוון אויפן.

א בונדישן פראָוואָקאַטאָר. צווישן די אַרעסטירטע זיינען אויך געווען די בונ-
דיסטן רייזין, איטקין, אראָנסאָן א. אנד.

דורך פארשיידענע פאַרבינדונגען מיט דער שטאָט האָבן די פּאָליטישע געהאַט א מעגלעכקייט צו אכטונג געבן אף די געשעענישן, וואָס זיינען פאָרגעקומען הינטער דער טפּיסעוואַנט. די פאַרבינדונג מיט דער שטאָט האָט מען געהאַלטן דורך פאַרשיידענע אויפאנים: דורך פערזאָנען, וואָס פלעגן קומען אַף זעען זיך מיט די ארעסטירטע, דורך שמועסן פון טפּיסעפענסטער, דורך די קרימינעלע, וואָס פלעגן ארבעטן אין שטאָט און אומקערן זיך אָוונטצייט אין טפּיסע.

די טפּיסע האָט לעבעדיק רעאַגירט אַף אלע טאָגגעשעענישן, זי פלעגט אופנעמען אלע געשעענישן מער פילבאַר, ווי הינטער דער טפּיסעוואנט. ס'איז ניט קיין כידעש, וואָס, אין טפּיסע האָט זיך אויך געפילט שארפער דער קאמף, וואָס ס'איז פאָרגעקומען אין דער פארטיי צווישן „בונד" מיט דער ר.ס.ד.א.פ. פון איין זייט און צווישן די באָלשעוויקעס און מענשעוויקעס פון דער צווייטער. דערדאָזיקער קאמף האָט זיך פאנאַנדערגעפלאַקערט אין טפּיסע איבעהויפּט נאָכדעם, ווען אין טפּיסע האָבן זיך אָנגעהויבן אריינגיסן אלס „זיצער" אַכוץ בונדיסטן אויך פארטייכאַווײרים.

כוץ געוויינטלעכע רייסערייען איבער פּאָליטישע פראגן, פלעגן אין טפּיסע איינגעאָרדנט ווערן דיסקוסיעס מיט פאָרטראגן איבער פאַרשיידענע שלאגפראגן פון דער פראגראם און טאקטיק. באזונדערס האָט זיך די מאַכלויקעס מיטן „בונד" פאַרשאַרפט נאכדעם, ווי אין טפּיסע איז דערהאלטן געוואָרן די יעדיע וועגן דער אנטשטייונג פונם צאָפנמאירעוודיקן קאָמיטעט. די בונדיסטן זיינען געווען שטארק אופגעבראכט דערפאַר, וואָס דער אופרוף פון צאָפנמאירעוודיקן קאָמיטעט האָט טראַקטירט דעם בונדישן נאציאָנאַליזם, ווי א קליינבירגערלעכע טענדענץ און ווי א פארשמעלערונג פון די טעאָרעטישע גרונטלאגן פון מארקסיזם". איך, ווידער, האָב זיך נאכדעם, ווי ס'איז ארויסגעלאָזן און פאַרשפּרייט געוואָרן דער אופרוף פון צאָפנמאירעוודיקן קאָמיטעט, אינגאַנצן בארויִקט וועגן דעם גוירל פון אונדזער דרוקעריי. ס'איז געווען קענטיק, אז די פּאָליציי און זשאנדארמעריע האָבן ניט איינגעביסן די געשיכטע מיט דער פּראָקלאַמאַציע. קעדיי צו אָפּשאַצן די פּראָקלאַמאַציע, וואָס מיכאַיל האָט אָנגעשריבן, דאַרף מען אָנמערקן, אַז דידאָזיקע ערשטע פּראָקלאַמאַציע פון צאָפנמאַירעוודיקן קאָמיטעט איז אָנגעשריבן געוואָרן מיט אַ ליטעראַרישער, ניט פאַרשטענדלעכער פאַר דער מאַסע אינטעליגענטישער שפּראַך. אַפאָנים, אַז אַפילע די מינסקער פּאָליציי איז ניט געווען צוגעגרייט צו „איינבייסן" אַזאַ ליטעראַרישע שאַפונג. ווו עס האָבן זיך דורכגעוואָרפן אַזעלכע פראַזן: „ספּעציפישע שאַרפע באַזונדערקייטן", „דער פּראָלעטאַריאַט, וואָס האָט זיך אַנטוויקלט אונטער דער ווירקונג פון פאַרשיידענע געזעלשאַפטלעך-פסיכאָלאָגישע מאָמענטן" א. א. וו.

וועגן דעם וווּקס פֿון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אין לאַנד האָבן מיר געוווּסט ניט נאָר פֿון די צייטונגען און פֿון די גרוסן, וועלכע מיר פֿלעגן באַקומען פֿון אויסער דער טפּיסע, מיר האָבן עס געפֿילט אויך אין דעם ענדערן די באַציונג צו אונדז. דידאָזיקע ענדערונג האָט זיך אויסגעדריקט אין דער אָפּשוואַכונג פֿונם טפּיסערעזשים. דאָס האָט זיך אויך געפֿילט אין דער אויפֿמערקזאַמער באַציונג צו די פּאָליטישע מיצאַד דער אַזוי־גערופֿענער אָרטיקער ליבעראַלער געזעלשאַפֿט אין פּאָליטישן „רויטן קרייץ".

.III

צום 1905 יאָר איז די מינסקער אָרגאַניזאַציע שוין אַ שטאַרקע און באַדייטנדיק אויסגעוואָקסענע. צו דער צייט האָט זיך טיילווייז געביטן אויך דער קאַדער פּאַרטעיִשע טוער פֿון דער מינסקער אָרגאַניזאַציע. כּוץ דעם כ. טראָצקי (סעמיאָן) און נעגאָיעוו, וועלכע האָבן געאַרבעט אין דער מינסקער אָרגאַניזאַציע ווי מיטגלידער פֿון צאָפֿנמאַירעוודיקן קאָמיטעט (זיי האָבן געאַרבעט אין מינסק אין האַרבסט פֿון 1905 יאָר), האָבן אין אָנהייב פֿון 1905 יאָר אין מינסק געאַרבעט אַבראַם דער סטאָלער און פּאַוועל דער אינטעליגענט (זייערע פֿאַמיליעס געדענק איך ניט) פֿון וויטעבסק. אין זומער פֿון 1905 יאָר האָט מען אונדז אויך צוגעשיקט אַף אַרבעט דעם כ. פּאָמאַ—אַ יעקאַטערינאָסלאַווער אַרבעטער,—אַ שליאָסער*). אויסער נעגאָיעוון זיינען אַלע כאַווערים געווען באָלשעוויקעס. שפּעטער האָבן אין דער מינסקער גרופּע געאַרבעט די באָוושאָווערס, אָסיפּ און לאַריסע. אָסיפּ איז איין צייט געווען פֿאַראַנטוואָרטלעכער אָרגאַניזאַטאָר און לאַריסע—קאַסירערן. סאַי אָסיפּ און סאַי לאַריסע זיינען געווען מענשעוויקעס. זייער אַרבעט אין מינסק געהערט צו די כאַדאָשים סענטיאַבער—דעקאַבער, ד. ה. שוין נאָכדעם, ווי די פֿראַגע וועגן פֿאַרייניקונג מיט דער ר.ס.ד.א.פּ. האָט זיך געשטעלט אַפֿן טאָגסיידער און ווען די רעוואָלוציאָנערע געשעענישן האָבן געצווּנגען די מענשעוויקעס און בונדיסטן צו גיין האַנט באַ האַנט מיט די באָלשעוויקעס.

נאָכן 22 (9) יאַנוואַר האָט די מינסקער גרופּע געפּרוּווט אײַנאָרדענען אַן אַלגעמיינעם פּאָליטישן שטרייק. נאָר דער שטרייק האָט זיך ניט איינגעגעבן ווי אַן אַלגעמיינער. עס האָבן געשטרייקט נאָר די קליינע וואַרקשטאַטן, עס האָט זיך אָבער ניט איינגעגעבן צוצוציען צום שטרייק און אַראָפּנעמען פֿון דער אַרבעט די אַרבעטער פֿון די גרויסע אונטערנעמונגען, ווייל די פּאָליציי האָט געהיט די פֿאַבריקן. אין דער צייט פֿון דער אַזוי גערופֿענער זעמסקער קאַמפּאַניע האָבן די ליבעראַלגעשטימטע „גלאַסנע" פֿון דער מינסקער

*) כ. פּאָמאַ (זיין פֿאַמיליע ווייס איך ניט) האָט געאַרבעט אין מינסק אומגעפֿער פֿון יול ביז דעקאַבער 1905. ער האָט געפֿירט אַן אַרבעט הויפּטזעכלעך צווישן די אייזנבאַנאַרבעטער ווי אויך צווישן די אַרבעטער פֿון די גרעסערע אונטערנעמונגען. כ׳ פּאָמאַ איז געווען זייער אַ הויכער.

שטאָטדומע אײַנגעאָרדנט אין שטאָטדומע אַ באַנקעט. אונדזערע רעדנער, ווי אויך די בונדיסטן, האָבן אויסגענוצט דעמדאָזיקן באַנקעט אף אַרויסטרעטן און פאַרלייענען אַ סאָציאַלדעמאָקראַטישע רעזאָלוציע.

פון דאַן אָן הערן קימאַט ניט אוף די שטרייקן. זיי כאפּן אַרום ביס־לעכווייז אלע אונטערנעמונגען, סאי די גרויסע און סאי די קליינע. עס שטרייקן גארבער, מילנער, ברויזאַרבעטער, בעקער א. א. וו., אפילע ווע־שערנס—האלטן אויס קימאַט א צווייוואָכיקן שטרייק, דאָס אָנפירן מיטן שטרייק פון די וועשערנס האָט געקאָסט דער מינסקער אָרגאַניזאציע א סאך ענערגיע, ווייל די קליינע וועשערייען זיינען געוועזן צוואָרפן איבער דער גאנצער שטאָט און ס'איז שווער געווען צו איינשטעלן א קאָנטראָל איבער די באַלע־באַטים פון די וועשערייען, מיראָן דער פריקאַזטשיק, ווען פאָטער האָט געהאַט א קליינע וועשעריי, האָט, קעדיי אונטערצוהאַלטן דעם שטרייק, אראָפּ־גענומען פון דער ארבעט די וועשערנס פון זיין פאָטערס וועשעריי. זומער האָט ארויסגערופן אין שטאָט אַ גרויסן טומל דער שטרייק פון די קאָנקע־אַרבעטער, וועגן וועלכן איך האָב געשריבן פריער. די אומגעוויינטלעכע סיטו־אַציע, אין וועלכער ס'איז דורכגעגאַנגען די ערשטע פאַרזאמלונג פון די פערד־אָנטרייבער און אַנדערע אַרבעטער אין דער געביידע פון גרויסן בייסמעדרעש, די פאָדערונגען, וואָס די שטרייקנדיקע האָבן אַרויסגעשטעלט דעם שטאָטישן גאָלאָוואַ אין נאָמען פון דער מינסקער גרופּע ר.ס.ד.א.פּ.—דאָס אַלץ האָט אַרויסגערופן לאַנגע שמועסן אין שטאָט און צוגעצויגן די אויפמערקזאַמקייט פון די אַרבעטער צו אונדזער אָרגאַניזאַציע. צוזאַמען מיט די דעלעגאַטן פון די פערדאָנטרייבער, וואָס האָבן געדאַרפט אַרויסשטעלן די פאָדערונגען דעם שטאָ־טישן גאָלאָוואַ, איז אויך געקומען אַ פאָרשטייער פון אונדזער אָרגאַניזאַציע. דער שטאָטגאָלאָוואַ האָט זיך צוערשט אָפּגעזאָגט צו פירן אונטערהאַנדלונגען מיטן פאָרשטייער פון אונדזער אָרגאַניזאַציע, ווי מיט אַ „פּריוואַטער און פרעמ־דער פערזאָן״, נאָר סאָפּקאָלסאָף האָט ער געמוזט ניט נאָר פירן אונטערהאַנד־לונגען מיט אַ „פרעמדער פערזאָן״, נאָר אויך באַפרידיקן אלע פאָדערונגען פון די שטרייקער. נאָך יעדן מיט דערפאָלג דורכגעפירטן שטרייק פלעגן מער אַקטיווע אַרבעטער צושטיין צו אונדזער פאַרטיי. נאָכן שטרייק פון די קאָנקע־אַרבעטער איז אַ ריי ענערגישע אַרבעטער אַריינגעטראָטן אין אונדזער פאַר־טיי. זיי האָבן שפעטער גענומען א טעטיקן אָנטייל אין דער באַוועגונג. די אלגעמיינע שטימונג האָט זיך ניט געקענט ניט אָפּרופן אויך אף דער שטימונג פון דער שטודירנדיקער יוגנט. א פּילצאָליקע פארזאמלונג פון שילער פון אלע מינסקער לערנאַנשטאַלטן האָט אָנגענומען אונדזערע רעזאָלוציעס, און פראָ־טעסטירנדיק קעגן דעם, וואָס די פּאָליציי האָט ארעסטירט אייניקע שילער, האָבן זיי ערקלערט א שטרייק. אונטער דער אָנפירונג פון אונדזער אָרגאַניזא־ציע האָבן זיי איינגעאָרדנט א דעמאָנסטראַציע, צו וועלכער עס איז צוגע־

שטאנען א גרויסער האמוין פון ארבעטער און סטאם בירגער. אונדזער אָרגאַ-ניזאַציע האָט געהאט פיל אָנהענגער אין אלע לערנאנשטאלטן פון שטאָט. אין אלע שולן זיינען געווען סאָציאלדעמאָקראטישע אָרגאַניזאַציעס. די שילער-אָרגאַניזאַציע איז געווען פאַרבונדן מיט דער צענטראַלער גרופּע דורך אַ פאָרשטייער פון דער צענטראַלער גרופּע. מע דאַרף באַמערקן, אַז די מינ-סקער שילעראָרגאַניזאַציע איז געווען אַן אידעיש אויסגעהאַלטענע און שטאַר-קע אָרגאַניזאַציע. די דאָזיקע אָרגאַניזאַציע האָט געפירט סיסטעמאטיש אַ ערפאָלגרייך א קאַמף מיט די עסערן, בונדיסטן און ציעניסטן. די שילער האָבן פאַר דער באַוועגונג אַ סאַך פאַרדינסטן.

פון סאָף יון הויבן אָן די געשעענישן אין מינסק צו גיין מיט אַ מער גיכערן טעמפּ, ווי ביז איצט. דער פּאָליטישער שטרייק, וועלכן אונדזער אָר-גאַניזאַציע צוזאַמען מיטן „בונד" האָט דערקלערט אַלס צייכן פון פּראָטעסט קעגן דער בלוטבאָד, וואָס די צאַרישע רעגירונג האָט איינגעאָרדנט אין טאָג פון 1-טן מאַי די אַרבעטער פון לאָדז און וואַרשע, האָט געטראָגן אַן אַלגע-מיינעם כאַראַקטער. עס זיינען געווען געשלאָסן אַלע מאַגאַזינען. די פאַבריקן און זאַוואָדן זיינען אויך געשטאַנען. דער „בונד" האָט, אויסער דעם שטרייק, סעפּאַראַט, אָן דעם אָנטייל פון אונדזער אָרגאַניזאַציע, באַשלאָסן איינאָרדענען אינם טאָג פון שטרייק אויך אַ דעמאָנסטראַציע. די מינסקער גרופּע האָט, פאַרקערט, געפונען דעם מאָמענט פאַר אַזאַ אַרויסטרעטונג ניט פאַר קיין פּאַסיקן. מיר האָבן זיך געסטאַרעט איינריידן דעם „בונד", אַז ער זאָל זיך אָפּזאָגן פון איינאָרדענען די דעמאָנסטראַציע. דער „בונד" האָט זיך אָבער מיט דער מיינונג פון דער מינסקער גרופּע ניט גערעכנט און האָט זעלבשטענדיק גע-רופן די מאַסן אַף אַ דעמאָנסטראַציע. אַ קליינע גרופּע אַרבעטער, מיטגלידער פון „בונד", וואָס איז אַרויסגעטראָטן אַף באַגאַדעלנע גאַס, איז אַרומגערינגלט געוואָרן פון פּאָליציי און קאַזאַקן. כּוח אַכזאָריעסדיק דערהאַרגעטע און אַרע-סטירטע איז צווישן די דעמאָנסטראַנטן געווען אַ סאַך פאַרוואונדעטע. צווישן די אַרעסטירטע זיינען אויך געווען אייניקע מיטגלידער פון אונדזער אָרגאַניזאַציע.

אין עטלעכע טעג, אַרום נאָכדעם ווי מען האָט צעמאַזיקט די דעמאָנ-סטראַנטן, האָט מען אַף באַגאַדעלנע גאַס געוואָרפן אַ באָמבע אין הויז פון'ם מינסקער גובערנאַטאָר קורלאָוו, און אין עטלעכע וואָכן אַרום האָט עמיצער גע-וואָרפן אַ באָמבע אין דער קאַזאַרמע פון די קאָזאַקן, וואָס האָט זיך געפונען הינטער דער שטאָט. אין שטאָט האָט מען גערעט מעקוייעך די באָמבעס, אַז קורלאָוו האָט זיי אַליין אונטערגעוואָרפן, וועלנדיק ווערן א „קאדעש" אין די אויגן פון דער צאַרישער רעגירונג.

די באָמבעס, וואָס מען האָט געוואָרפן אין דער קאַזאַקישער קאַזאַרמע, האָבן אַלע אויך געהאַלטן פאַר א פּראָוואָקאַציע. עמיצן איז געווען נויטיק אָנ-צורייצן אַף די רעוואָלוציאָנערן די קאזאקן און ביכלאַל סאָלדאַטן.

דער צווייטער אַטענטאַט אַף קורלאָוון איז געמאַכט געוואָרן אין דע-קאַבער פֿון 1905 יאָר, נאָכדעם ווי קורלאָוו האָט צעשאָסן דעם מיטינג נעבן ווילנער וואָקזאַל דעם 31 (18) אָקטיאַבר. נאָר אויך דערדאָזיקער אַטענטאַט, האָט זיך ניט איינגעגעבן. קורלאָוו איז געבליבן לעבן. די עסערן איזמאַילאָוויטש און פּאָליכאָוו, וועלכע האָבן געמאַכט דעם אַטענטאַט, זיינען פֿאַרמישפּעט געוואָרן צום טויט. איזמאַילאָוויטשן איז דער טויטשטראָף פֿאַרביטן געוואָרן אַף 20 יאָר קאַטאָרגע, און פּאָליכאָוון האָט מען אויפֿגעהאַנגען אין מינסקער טפּיסע אין 1906 יאָר.

די ערשטע מינסקער דרוקעריי, אין וועלכער עס האָט געאַרבעט אַלעק-סאַנדער, האָט די אָרגאַניזאַציע אין אַ קורצע צייט אַרום נאָך מיין אַרעסט, ליקווידירט. די נייע דרוקעריי איז געווען אַף אַ סאַך בעסער איינגעאָרדנט. אין איר האָבן געאַרבעט עכטע ספּעציאַליסטן דרוקער: אַ באָברויסקער דרוקער (אַ געוועזענער בונדיסט) מיט זיין פֿרוי און שוועסטער. די געביידע פֿון דער נייער דרוקעריי איז געווען אַ סאַך אַ גרעסערע, זי איז באַשטאַנען פֿון 3 גרויסע, ליכטיקע צימערן, וואָס זיינען אַרויסגעגאַנגען אין אַ סאָד. די דרוקעריי האָט זיך געפֿונען אַף אַרכיערייסקע גאַס, אין אַ קעלערוואָינונג. אין אויבערשטן שטאָק האָט געוואָינט עפּעס אַ גענעראַל. די דרוקעריי האָט געאַרבעט ערפֿאָלגרייך, דאָך איז זי ניט געווען אימשטאַנד צו אָנגרייטן אַזאַ צאָל פּראָקלאַמאַציעס און אַנדערע ליטעראַטור, אין וועלכער די מינסקער גרופּע און דער צאָפֿנמאַירעווודי-קער קאָמיטעט האָבן זיך גענויטיקט. די אָרגאַניזאַציע איז דעריבער געווען גע-צוווּנגען פֿון מיטן זומער צו באַנוצן זיך מיט רעוואָלוציאָנערע מיטלען: פֿאַר-כאַפּן דרוקערייען. צוערשט האָט אַ גרופּע כאַוויירים פֿאַרכאַפּט די דרוקעריי פֿון דער צייטונג „סעווערא-זאַפּאַדני קראַי" און מיט דער הילף פֿון אונדזערע זעצער אויסגעזעצט דאָרט אַ פּראָקלאַמאַציע. אַף דער פּראָקלאַמאַציע איז נאָכן טעקסט אויסגעזעצט געוואָרן: „אָפּגעדרוקט אין דער דרוקעריי פֿון „סעווערא-זאַפּאַדני קראַי" לויט אַ באַפֿעל פֿון דער מינסקער גרופּע ר.ס.ד.א.פּ.". שפּעטער, איבער-הויפּט אין די אָקטיאַברטעג, פֿלעגט די מינסקער גרופּע מיט אַזעלכע מיטלען זיך באַנוצן אָפֿטער, אויסקלייבנדיק אַמאָל די, אַמאָל יענע דרוקעריי. פֿאַר אונ-דזער פּראָקלאַמאַציע, וואָס איז אָפּגעדרוקט געוואָרן אין „סעווערא-זאַפּאַדני קראַי" איז דער רעדאַקטאָר פֿון דער צייטונג, מיסאַווסקי, וועמען קורלאָוו האָט כוי-שעד געווען אין מיטפֿילן די רעוואָלוציאָנערן, אַרויסגעשיקט געוואָרן אָפּן אַד-מיניסטראַטיוון אויפֿן אין וואָלאָגדער גובערניע.

פּראָקלאַמאַציעס און אויפֿרופֿן פֿלעגן מיר ברייט פֿאַרשפּרייטן אַף פֿאַר-שיידענע אויפֿאַנים. זומער פֿלעגט מען זיך, אויסער די געוויינטלעכע פֿאַרשפּריי-טונגמיטלען, באַנוצן אויך מיט טיילן פּראָקלאַמאַציעס אַף די הענט, פֿאַרשפּרייטן אין טעאַטער אין דער צייט פֿון אַ פֿאַרשטעלונג. פֿאַר אַן אָרט, ווו אונדזערע און די בונדישע רעדנער פֿלעגן אָפּט אַרויסטרעטן, האָט געדינט די מינסקער

געזעלשאַפֿט פֿון קונסטליבהאבער, ווו נאָך א פֿאָרטראג, און אָפֿטמאָל אין דער צייט פֿון פֿאָרטראג, פֿלעגן פֿאַרשפּרייט ווערן פּראָקלאמאציעס און ווו די אַאו-דיטאריע פֿלעגט אויסגענוצט ווערן פֿאַר פּאָליטישע ארויסטרעטונגען פֿון אונד-זערע רעדנער.

פֿון מיטן 1905 יאָר האָט זיך פֿאַרגרעסערט די ווירקונג פֿון דער מינס-קער גרופּע אף דער גאַנצער שטאָטישער באַפֿעלקערונג. די באשלוסן פֿון דער אָרגאַניזאַציע זיינען געווען אבליגאַטאָריש ניט נאָר פֿאַר די פּאַרטיימיטגלידער די באשלוסן פֿון דער אָרגאַניזאציע פֿלעגן אויך אויסגעפֿילט ווערן דורך דע. באַפֿעלקערונג אף וויפֿל זיי זיינען געווען שאיעך צו איר. עס זיינען אפֿילע געווען פֿאַלן, ווען די אָרגאַניזאציע האט ארופגעלייגט אף באלעבאטים שטראָפֿן לעטויוועס דער אָרגאַניזאציע אָדער דעם רויטן קרייץ פֿאַר שלעכט באציען זיך צו די אַרבעטער. כ׳וועל ברענגען אַלסביישפּיל פֿאָלגנדיקן פֿאַקט: לויט א מע-סירע פֿון די באלעבאטים פֿון זאַל „פּאַריזש״ האט מען ארעסטירט 2 ארבע-טער. די אָרגאַניזאַציע האט דערפֿאַר באשטראָפֿט די באלעבאטים פֿון זאַל און האט זיי פֿאַרפֿליכטעט אָנצונעמען מיטלען, אַז די ארבעטער זאָלן באַפֿרייט ווערן. דידאָזיקע באשטימונג פֿון דער אָרגאַניזאַציע איז אויסגעפֿילט געוואָרן אף די גאַנצע 100 פּראָצענט. איינמאל האט געטראָפֿן אַזאַ מין פֿאַל: די אָרגאַניזאציע האט אף איינעם, א באלעבאס, ארופֿגעלייגט א שטראָף א געוויסע סומע געלט. דער באלעבאס האָט זיך געווענדעט צום פּריסטאַוו נאָך אן אייצע, וואס זאָל ער טאָן. דער פּריסטאוו האָט אים געגעבן אן אייצע איינצאָלן די געלט. אזעלכע פֿאלן זיינען ניט די איינציקע. נאר דער אווטאריטעט פֿון דער ארגאַ-ניזאציע האט געטראָגן דורכויס א מאראלישן כאראקטער, קיין טעראָריסטישער דרוק פֿלעגט קיינמאל ניט אָנגעווענדעט ווערן.

איינצייט האָט אין צאָפֿנמאירעווודיקן קאַנט ביז דער אנטשטייונג פֿון די פּארטייאָרגאַניזאַציעס געהערשט צווישן די אַרבעטער—בונדיסטן א שטימונג אף באנוצן זיך מיט דעם אזוי גערופֿענעם עקאָנאָמישן טעראָר, ווי מיט א מיטל צו מאכן א דרוק אף די אונטערנעמער אין דער צייט פֿון עקאָנאָמישע שטרייקן. דער מעטאָד פֿון עקאָנאָמישן טעראָר איז באשטאנען אין באנוצן קעגן אונ-טערנעמער אין דער צייט פֿון א שטרייק פֿיזישע קראַפֿט אין פֿאַל, ווען ער וועט זיך אָפּזאָגן צו נאָכגעבן די פֿאָדערונגען פֿון די אַרבעטער (דעמדאָזיקן מעטאָד פֿלעגט מען יע באנוצן בענוגייע די שטרייקברעכער). די סאָציאלדע-מאָקראַטן, בעסויכאָם אויך דער „בונד״, האָבן צום עקאָנאָמישן טעראָר, ווי צום פּאָליטישן, באצויגן זיך נעגאַטיוו, האַלטנדיק דעם קורס אף דער אָרגאַ-ניזירונג, צוזאמענגעהעפֿטקייט און באוווסטזיניקייט פֿון די מאסן.

די מינסקער גרופּע איז געווען איינע פֿון די ערשטע אָרגאַניזאַציעס אין צאָפֿנמאירעווודיקן קאַנט, וואָס האָט דורכגעפירט די דעמאָקראַטיזאציע פֿון וואַלן אין דער אָרגאַניזאַציע, אלע פֿראגן פֿון אינערלעך-פּאַרטעיִשן לעבן

פלעגן באהאנדלט ווערן פֿון אלע פּאַרטיימיטגלידער, עס פֿלעגן זיך אויך בא-
האַנדלען ברייט צירקוליארן, וואָס די אָרגאַניזאַציע פֿלעגט באקומען פֿון צ. ק. *)
די פֿאַרבינדונג מיטן צ. ק. האָט זיך באזונדער פֿארשטארקט נאָכן III צוזאַ-
מענפֿאָר. עס זיינען באהאנדלט געוואָרן די אָרדנטלעכע צירקוליארן פֿון צ. ק.
איבער פֿאַרשיידענע מאָמענטפֿראַגן, ווי צום ביישפּיל, וועגן דער בוליגינישער
דומע, וועגן א צייטווייליקער רעוואָלוציאָנערער רעגירונג א. א. וו. די מינס-
קער אָרגאַניזאציע פֿלעגן אָפט באזוכן פֿאָרשטייער און פראָפֿעסיאָנאַלן פֿון צ. ק.
אין מעשעך פֿון 1905 יאָר זיינען עטלעכע מאָל געקומען צו פֿאָרן קיין מינסק
די כ׳כ. קאמענעוו, פּאָסטאלאווסקי (וואדים), איוואן און סאמער (איזמאיִל). פֿרי-
לינג צו האָט געוואָינט אין מינסק אויך ארסעני (זיין פֿאַמיליע ווייס איך ניט).

ווי עס איז שוין געזאָגט געוואָרן, האָט די מינסקער גרופּע פֿאַקטיש
געשפּילט א ראָל פֿון א גובערניאַלער אָרגאַניזאציע. זי פֿלעגט באזארגן מיט לי-
טעראַטור די אויעזדישע און שטעטלדיקע אָרגאַניזאציעס, שיקן פֿון צייט צו
צייט אירע אַגיטאַטאָרן אין דאָרף. קיין באזונדערע אגראר אָדער פויערישע
גרופּע אף ארבעטן אין דאָרף איז בא דער מינסקער אָרגאַניזאַציע ניט גע-
ווען. דידאָזיקע פֿונקציע פֿלעגט אויספֿילן די פּראָפּאַגאַנדיסטנגרופּע זומער
זיינען פֿאָרגעקומען אין אייניקע אויעזדן פֿון מינסקער גובערניע פויערישע
אומרוען. צוזאמענשטויסן מיט די פריצים זיינען פֿאָרגעקומען אין איהומענער
אויעזד.

אף צו פֿירן אן ארבעט צווישן די סאָלדאַטן פלעגט זיך די אָרגאַניזאַ-
ציע באנוצן מיט דער הילף פֿון אַרבעטערנס און איבערהויפּ[illegible] פּאַרטעיִשע
דינסטן. די דינסטן פלעגן גיך שליסן באקאנטשאפֿט מיט די סאָלדאַטן און
פֿירן צוויִשן זיי און אפֿילע צווישן די קאזאקן אן אגיטאציע, אדאנק די דינסטן
האָט די אָרגאַניזאַציע געהאט א צוטריט אין די קאזארמעס.

א באזונדער ברייטן פֿאַרנעם האָט די אַרבעט פֿון דער מינסקער אָרגאַ-
ניזאַציע באקומען מיט דער אנטוויקלונג און פֿאַרשטארקונג פֿון דער ארבעטער
בירזשע. די ארבעטערבירזשעס זיינען געווען איינע פֿון די אינטערעסאַנטסטע
פֿאָרמען פֿון א מאסנבאוועגונג, פֿאָרמען, וואָס זיינען סטיכיִש אופֿגעקומען אין
פּראָצעס פֿונם וווקס פֿון רעוואָלוציאָנערן קאמף פֿון ארבעטערקלאס, די אר-
בעטערבירזשעס האבן זיך נאָך באוויזן אין צאָפֿנמאירעוודיקן קאַנט ביזן
1904 יאָר. צוערשט זיינען די בירזשעס געווען אַן ארט, וווהין די ארבעטסלאָ-
זיקע אַרבעטער און באַלמעלאָכעס פֿלעגן קומען אף צו פֿארלייגן זייערע אר-
בעטהענט די אונטערנעמער. דידאָזיקע בירזשעס זיינען שפעטער אומבאמערק-

*) זומער אין 1905 יאָר האָבן אייניקע אינטעליגענטן, ווי באריס ראַבינאָוויטש און אנדערע, געפּרוווט שאפֿן אַן אָפּאָזיציע אין דער מינסקער אָרגאַניזאַציע. נאָר דערדאזיקער פרווו האָט זיך ניט איינגעגעבן, צוליב דער אָפֿענער מאסנאַרבעט פֿון דער מינסקער אָרגאַניזאציע אַף צוציִען אַלטע מיטגלידער פֿון דער אַרגאַניזאַציע צו באַהאַנדלען און לייזן די פּאַרטייפֿראַגן.

באר און סטיכיש פאַרוואנדלט געוואָרן אין א נייער פאָרם פון אָרגאניזירן די ארבעטערבאוועגונג; שפעטער זיינען זיי געוואָרן א באשטאנדטייל פון דער גאַנצער אָרגאַניזאציע.

די בירזשעס זיינען געווען שטענדיקע, ברייטע מאַסנאַודיטאָריעס אַף צו פאַרשפרייטן די רעוואָלוציאָנערע אידייען און א רעזערוואר, פון וועלכן די פאַרטיי האָט געשעפט אָנהענגער און אפולע קעמפער. אַף דער בירזשע פלעגט מען אָפט פארשפרייטן ליטעראטור און פראָקלאַמאציעס. דאָס איז געווען דער בעסטער און זיכערסטער מיטל פון פאַרשפרייטן. אין נויטיקן מאָמענט פלעגן די בירזשעס פאַרוואנדלט ווערן אין מאַניפעסטאציעס מיט רויטע פאָנען. אזעל-כע פאַלן האבן זיך אין 1905 יאָר אין מינסק אָפט איבערגעכאַזערט.

די סטיכיש אנטשטאַנענע בירזשעס איז אויסגעקומען צו אויסקעמפן זיך דאָס רעכט אף לעגאַלער עקזיסטענץ. די פאָליציי האָט ניט איינמאָל גע-פרווט צוטרייבן די בירזשעס, נאָר אלץ אן ערפאָלג: נאָכדעם ווי מען פלעגט צוטרייבן די בירזשע אף איין גאַס, פלעגן די ארבעטער איבערוואנ-דערן אף אן אנדערער. די בירזשעס איז געווען שווער צו צוטרייבן דער-פאַר, וואָס אפן ערשטן קוק איז די בירזשע שווער געווען צו אפטיילן פון א געוויינטלעכער שטאטישער גאַס מיט א שפאַצירנדיקן פובליקום. סאָף קאָל סאָף האָט די פאָליציי געמוזט לאָזן צו רו די בירזשעס. די לעצטע פלעגן איינגעאָרדנט ווערן אף די הויפטגאַסן פון שטאָט. די ארבעטער פלעגן ארויס-שטויסן די שפאַצירנדיקע בורזשואַזע פובליקום פון די הויפט גאַסן. כוץ צאַפּי-מאירעווידיקן קאַנט און פאָלעסיע, האָבן ארבעטערבירזשעס עקזיסטירט אוי אַף דאָרעם: אין אָדעס, קיעוו, יעליזאַוועטגראַד און אַנדערע שטעט. אַף וויפל ד בירזשעס זיינען געוואָרן אַ שטיק לעבן קען מען אורטיילן פון דעם, וואָס אפילע אין פעריאָד פון דער רעאַקציע, קריגסצושטאַנד און פעלדגעריכטן— אין סאָף פון 1906 יאָר—האָט אין יעקאַטערינאָסלאַוו נאָך אלץ פונקציאָנירט די ארבעטערבירזשע.

די טעריטאָריע פון דער בירזשע פון דער מינסקער גרופע (אָדער ווי די בונדיסטן פלעגן זי רופן—„איסקראָווסקע בירזשע") איז געווען די רעכטע זייט פון גובערנאַטאָרסקע גאַס, אָנהויבנדיק פון פרעאָבראַזשענסקע און פאַר-כאַפנדיק אַ שטיק זאַכאַרעווער גאַס. ווייטער האָט זיך אָנגעהויבן די בירזשע פון „בונד" און „קליין בונד". אף דער קעגנאיבעדיקער זייט האָבן זיך געפונען די בירזשעס פון די עסערן און ציעניסטן. די לעצטע בירזשעס פלעגן באַזוכט ווערן זייער שוואַך.

נאָך די בירזשעס פלעגט מען קענען אורטיילן, וואָס פאר אַ ווירקונג אַף די מאסן עס האָט יעדער אָרגאניזאציע, ווייל די אומפארטעיִשע ארבעטער פלעגן באזוכן די בירזשע פון דער אָרגאניזאציע, וועלכער זיי האבן מיטגע-פילט. אף די בירזשעס פלעגט זיך פירן אַ לעבעדיקע אגיטאציעארבעט און

דיסקוסיעס. צו די כאראקטעריסטישע דערשיינונגען פֿון צאָפּנמאירעוודיקן קאנט דארף מען פֿארעכענען די אקטיוקייט פֿון דער ברייטער ארבעטערמאסע און פֿון די דורכשניטלעכע פּארטיימיטגלידער. די דאזיקע פּארטיימיטגלידער פֿלעגן טאָמיד פֿירן אַן אקטיוון, אידעיִשן קאמף און אַגיטאציע פֿאר זייער פּארטיי און קעמפֿן פאר אירע אינטערעסן. דאָס פלעגט זיך איבערהויפּט ארויסווייזן אין די לעבהאפֿטע רייסערייען אף די בירזשעס. אונדזער בירזשע פֿלעגט צוציען צו זיך די אופֿמערקזאַמקייט פֿון די ארבעטער אויך דערמיט וואָס אף איר פלעגט מען קענען זען ארבעטער פֿון פֿארשיידענע נאציאָנאליטעטן: יידן, רוסן, פּאָליאקן א. א. וו., אין דער צייט ווען אף דער בונדישער בירזשע פֿלעגט מען זען נאָר יִדישע ארבעטער.

די אַגיטאַציע אף דער בירזשע פֿלעגט זיך פֿירן אָפֿן. די פּאָליציי, האט מען געקאָנט מיינען, לייגט אף איר גאָר קיין אכט ניט. עס פֿלעגט פאסירן, אז דער גאָראָדאָוואָי, וואָס שטייט אפֿן פּאָסט, פלעגט קאלטבלוטיק זאָגן: „עי, „איסקרא״, צייט שוין גיין אַ היים! דער „בונד״ איז שוין לאגג אוועק שלאָפֿן״, אָדער ווענדנדיק זיך צו דער בונדישער בירזשע, פלעגט ער זאָגן: „בונד״, גיי זיך שוין פֿאנאנדער! די „איסקרע איז שוין אויך אוועק שלאָפֿן״.

שטארק האט אויסגענוצט די בירזשע גרישע בעלענקי. ער פֿלעגט פון צייט צו צייט אנלויפֿן דאָ אף דער בונדישער, דאָ אף דער ציעניסטישער בירזשע, אויסקוקנדיק זיך דאָרט אַ קאָרבן, אַ יונגן בונדיסט אָדער ציעניִסט, לאנג פֿלעגט ער זיך אייסעקן מיט זיין „קאָרבן״, ביז ער פֿלעגט אים ניט איבערשלעפּן אף דער „איסקראָווסקער״ בירזשע.

אַ דאנק דער אגיטאציע, וואס מיר האבן געפֿירט אף די פֿיינטלעכע בירזשעס פלעגט אונדז געלינגען צו „אריבערשלעפּן״ אין אונדזער אָרגאניזאציע דעם בעסטן טייל פֿון דער בונדישער און ציעניסטישער יוגנט און אסאך עלטערע מיטגלידער פֿון די דאָזיקע פארטייען. די לעצטע זיינען שפּעטער געוואָרן גוטע פּארטיימיטגלידער.

## IV.

די פֿאר אָקטיאבערטעג (ערעוו דעם 30 (17) אקטיאבר) זיינען דורכגעגאַנגען אין אַ סיטואַציע פון שטרייקנקאמף. נאָך אין אָנהויב אָקטיאבר זיינען אף דער קאַמפּאַרענע אופֿגעטראָטן די אייזנבאַנאַרבעטער. דער מינסקער אָפּטייל פֿון אלרוסלענדישן פֿאריין פֿונם אייזנבאנארבעטער האָט זיך אָרגאַניזירט אומגעפֿער אין מיטן אָקטיאבר. דעם 22 (9) אָקטיאבר האָט דער ערשטער דעלעגאטנצוזאמענפֿאָר פֿון די אייזנבאַנאָנגעשטעלטע איינשטימיק באשטימט צו ארויסשטעלן פֿאָלגנדיקע פֿאָדערונגען: אַן 8 שאָיִקן ארבעטטאָג, דאָס רעכט צו אָרגאניזירן זיך, אומבאשטראָפּטקייט פֿון שטרייקן; טייקעף באפרייען די ארעסטירטע פאר שטרייקן, אָפּשאפֿן דעם קריגסצושטאנד און די פארשטארקטע

שמירע, אָפּשאַפן די זשאַנדאַרמעריע, שאַפן פּאָליטישע ראַטן, אַלגעמיינע וואַל רעכט, נאַציאָנאַלע זעלבסטבאַשטימונג און נאָך אַ ריי פאָדערונגען.

די געשעענישן האָבן זיך אונטערגערוקט גיך. דער אייזנבאַנשטרייק האָט זיך אָנגעהויבן דעם 26 (13) אָקטיאַבער. פון יענעם טאָג אָן הויבט זיך אין מינסק פּאַקטיש אָן דער אַלגעמיינער שטרייק, צו וועלכן עס פאַריייניקן זיך אַלע פאַבריקן, זאַוואָדן, קליינע וואַרקשטאַטן און שטודירנדיקע פון אַלע מיטל-שולן. אין שטרייקקאָמיטעט פון די אייזנבאַנאַרבעטער גייען אַריין פאָלגנדיקע אייזנבאַנער: האַמזאַגורדי (ס. ר.), זשאַבאַ, קוזנעצאָוו (ס.-ד.), רעווערעלי, וואָלינסקי (ס.-ד.) א. א. וו.

אָנהויבנדיק פון 26 (13) אָקטיאַבער פלעגן טעגלעך פאָרקומען מיטינגען פון די אייזנבאַנאַרבעטער. די מיטינגען פלעגן פאָרקומען אין 3-טן קלאַס פון ליבאַווער־ראָמנער וואָקזאַל. דאָ טאַקע אויף די פאַרזאַמלונגען פלעגט מען באַהאַנדלען די פאָדערונגען און דעם סטאַטוס פון פאַריין פון די אייזנבאַנאַרבעטער, דאָ פלעגט מען אינפאָרמירן וועגן דעם גאַנג פון דעם אייזנבאַנשטרייק אין גאַנץ רוסלאַנד. דידאָזיקע פאַרזאַמלונגען זיינען געוואָרן אַ סאַך אינטערעסאַנטער נאָכדעם, ווען אין זיי האָט זיך אָנגעהויבן באַטייליקן אונדזער אָרגאַניזאַציע. דעם 29 (16) אָקטיאַבער איז אין שטרייקקאָמיטעט פון די אייזנבאַנאַרבעטער אָפיציעל אַריין אַ פאָרשטייער פון מינסקער גרופּע, ניט קוקנדיק דעם רוף, וואָס מיטגלידער פון שטרייקקאָמיטעט—קוזנעצאָוו און וואָלינסקי—זיינען געווען מיטגלידער פון דער צענטראַלער גרופּע.

נאָך ניט זיכער און פעסט זיינען געווען די ערשטע טריט פון די אייזנבאַנאַרבעטער. זייער אינטערעסאַנט איז דער פאַקט, וואָס דער שטרייקקאָמיטעט פון די אייזנבאַנער האָט געבעטן, אַז אונדזערע רעדנער „זאָלן אין זייערע רעדעס אויסמיידן געפערלעכע ווערטער און ניט דיסקרעדיטירן דעם אייזנבאַנפאַריין".

וועגן דער שוואַרצמייע האָט מען אין מינסק אָנגעהויבן צו ריידן גלייך אין די טעג פון אָקטיאַבערשטרייק, האַגאַם שוין פריער, ביזן 1905 יאָר, האָבן שוין אין אַלע שטעט זיך געפונען שוואַרצע עלעמענטן און פּאָגראָמען־מאַכער. די צאַרישע רעגירונג פלעגט זיך באַנוצן מיט דידאָזיקע העלדן פון דער אונטערוועלט אויף צו איינאָרדענען פּאָגראָמען. דידאָזיקע פּאָגראָמען האָבן זיך מיט עטלעכע יאָר פריער דורכגעקייקלט איבער דאָרטן. פּאָגראָמען זיינען מיט עטלעכע יאָר פריער פאָרגעקומען אין קיעוו, קישינעוו, האָמעל און אַסאַך אַנדערע שטעט. אין אָנהויב פון דער רוסיש־יאַפּאַנישער מילכאָמע, האָט די צאַרישע רעגירונג אויסגענוצט דידאָזיקע פינצטערע עלעמענטן אויף צו איינאָרדענען פאַטריאָטישע מאַניפעסטאַציעס, און אויף צו שלאָגן אַרבעטער, אינטעליגענטן און באַזונדערס יידן, דאָך זיינען דידאָזיקע שוואַרצע עלעמענטן ביז די אָקטיאַבערטעג ניט געווען אָרגאַניזירט. זיי האָבן נאָך ניט געהאַט קיין שטענדיקע אָנפירער.

אין דער צייט פֿון די אָקטיאַבּרמיטינגען האָב איך זיך אין דער געביידע פון ליבּאוועראַמנער וואָקזאַל באַגעגנט פאָנימעלפאָנים מיט דער שוואַרצער מייע. די שוואַרצמייעניקעס, וואָס האָבן זיך געפֿונען אין זאַל, זיינען ניט ארויסגעטראָטן, זיי האָבן אַפּילע ניט געפירט קיין קאָנטראגיטאַציע צווישן האַמוין, נאָר ווי הינט, וואָס געפינען זיך אַפֿן קייט, האָבן זיי מיט ציינקריצעניש געטוליעט זיך צום וואַנט. איינמאָל, נאָך אַ רעדע פֿון אונדזערן אַ כאַווער, האָט איינער אַ שוואַרצמייעניק געפּרוווט ארויסטרעטן מיט אַ פאָרשלאג „אָפּצודינען אַ גאָטעסדינסט פֿאַרן געזונט פֿון דעם געליבּטן מאָנאַרך”.

ענטפֿערן אַף דעם שוואַרצמייעניקס פאָרשלאַג איז ארויסגעטראָטן אַ סאָציאַלדעמאָקראַט. נאָך זיין רעדע האָט דער פֿאָרזיצער פֿון דער פאַרזאַמלונג זיך געווענדעט צו די שוואַרצמייעניקעס און פֿאָרגעלייגט זיי נעמען אַ וואָרט אַף ענטפֿערן דעם סאָציאלדעמאָקראַט. ווען אין פארלויף פֿון עטלעכע מינוט האָט זיך פֿון דער שוואַרצע מייע קיינער ניט אָפּגערופֿן, האָט די גאַנצע פֿאַרזאַמלונג זיך צושריען: „אַ שאַנדע” *).

נאָך ביז דעם אָקטיאַבּרשטרייק האָבן מיר אָנגעהויבּן אָרגאַניזירן זעלבּסטשוץ-אָטריאַדן, וואָס זאָלן ארויסטרעטן אין פֿאַל פֿון פאָגראָמען. אין מינסק און אין אַנדערע שטעט האָבן זיך געטראָגן קלאַנגען וועגן דעם, אז די פּאָליציי גרייט זיך געהיים צו פאָגראָמען. עס האָבן זיך אפילע געטראָגן קלאַנגען, אז קיין מינסק זיינען אָנגעפאָרן פֿון אַנדערע שטעט פינצטערע קויכעס. מען האָט אָנגעהויבּן צו ריידן, אַז צו אַ באַשטימטן טערמין גרייט זיך אַ יידישער פאָגראָם און אז די אַגענטן פֿון דעם באוווסטן בעסאַראַבּיער פאָגראָמענמאַכער קרושעוואַן דרייען זיך שוין אַרום איבּעד די מינסקער גאַסן.

די מינסקער גרופּע איז נאָך פֿריער צוגעטראָטן צו דער אָרגאַניזירונג פון זעלבּסטשוץ-אָטריאדן. זי האָט דורכגעפירט פאַרזאַמלונגען אַף די זאַוואָדן, פאַבּריקן און אייזנבּאַנדעפּאָ וועגן דעם פאָגראָם, וואָס גרייט זיך אין שטאָט. די אַרבּעטער האָבּן אומעטום ארויסגעטראָגן איינשטימיק רעזאָלוציעס וועגן דעם, אז אין פאַל פֿון פאָגראָמען וועלן זיי איינער ווי אלע ארויסטרעטן קעגן די פאָגראָמענמאַכער (די מינסקער גרופּע האָט געהאַט בּעדייע צו צוגרייטן די אָרגאַניזירונג פון דער זעלבּסטשוץ אין דער פֿאָרם פֿון אַ קאַמפּדרוזשינע). די אַרבּעטער זיינען צוגעטראָטן צו אָנגרייטן קאַלטן געווער. די רעזאָלוציע פון די אַרבּעטער, וואָס זיינען אריין אין דער מינסקער גרופּע, איז אָפּגעדרוקט געוואָרן אין פלוגבּלעטלעך און פֿאַרשפּרייט געווארן איבּער דער גאַנצער שטאָט. זי איז אויך ארויסגעשטעלט געוואָרן אין די שויפֿענצטער (וויטרינעס) פֿון די מאַגאַזינען. די זעלבּסטשוץ-אָטריאדן זיינען באַשטאַנען פֿון 15—20 מאַן, גרייט צו אַן

*) די יעדיעס וועגן דער ארויסטרעטונג פֿון דער שווארצער מייע זיינען גענומען געווארן פֿון דעב באשולדיקונגאקט אין פראצעס פֿון דער מינסקער אפטיילונג פֿון אלרוסלענדישן אייזנבּאַנפֿאַריין.

ארויסטרעטונג. די אָטריאַדן זיינען געווען באַוואָפנט ניט שלעכט, האַגאַם דאָס געווער איז אין יעדן אָטריאַד געווען פון פאַרשיידענע סיסטעמען, אָנהויבנדיק פון אַ ברוינינג און ענדיקנדיק מיט אַ בולדאָג. צוליב קאָנספּיראַציע, קעדיי ניט צו צוציען די אויפמערקזאַמקייט פון די שפּיאָנען, האָבן זיך די אָטריאַדן די גאַנצע צייט אויפגעהאַלטן אַף באַזונדערע קאָנספּיראַטיווע דירעס. אַף אייניקע כאַוויירים איז געלעגן אַ פליכט צו באַזאָרגן די אָטריאַדן מיט שפּייז. אין שטאָט זיינען נאָך געווען בונדיסטישע און ציעניסטישע זעלבסטשוץ-אָטריאַדן. די מינסקער אינטעליגענץ און די יידישע בורזשואַזיע פלעגן געבן געלט אַף אויס-האַלטן און באַוואָפענען דידאָזיקע אָטריאַדן. די אָטריאַדן וואָלטן בא דער אַנט-וויקלונג פון דער רעוואָלוציע געהאַט אַ באַדייטונג ניט נאָר אַף פּאַרטיידיקן זיך, נאָר אויך אַף אָנגרייפן, אַף וויפל די רעוואָלוציע וואָלט זיך צוּוואַקסן.

אין מינסק איז האַגאַם געווען אַ פולשטענדיקער און אַן אַלגעמיינער שטרייק, נאָר קיין באַזונדע־ע צוזאַמענשטויסן סאַי מיט דער פּאָליציי און סאַי מיט די קאָזאַקן, וועלכע קורלאָוו האָט נאָך אַ הער אין אָנהויב זומער ארויס-געפאָדערט, זיינען ניט פאָרגעקומען, יעדיעס וועגן גאַנג פון דעם אַלגעמיינעם און אייזנבאַנשטרייק אין גאַנץ רוסלאַנד פלעגן מיר באַקומען רעגולער.

דעם 30 (17) אָקטיאַבר איז געווען אַ העלער זומער טאָג. גובערנאַטאָר-סקע און זאַכאַרעווער גאַסן זיינען געווען פאַרפלייצט מיט גרויסע מאַכנעס מענטשן. איבער די גאַסן האָבן געריטן קאָזאַקישע פּאַטרולן. פּאָליציי האָט זיך ניט גע-זען אַף די גאַסן. מען האָט געשמועסט, אַז די פּאָליציי האָט זיך צוליב עפּעס באַהאַלטן אין די הויפן. דער האַמוין האָט זיך לאַנגזאַם באַוועגט פון גובער-נאַטאָרסקע גאַס אַף זאַכאַרעווער. דער האַמוין איז געווען עלעקטריזירט: ער האָט געוואַרט אַף באַפעלן. אַפן ליבאַווער־אָמנער וואָקזאַל זיינען דעם גאַנצן טאָג פאָרגעקומען מיטינגען. ווי אַלעמאָל זיינען ארויסגעטראָטן רעדנער. ווי אַלעמאָל זיינען אָנגענומען געוואָרן רעזאָלוציעס. באַנאַכט זיינען די שטאָטישע גאַסן איינגעהילט געוואָרן אין פינצטערניש.

אין דידאָזיקע טעג איז אין טשיקאַווע באַדינגונגען געבוירן געוואָרן אין מינסק די קאַדעטישע פּאַרטיי, אימיצער פון דער צענטראַלגרופּע האָט מיר איבערגעגעבן, אַז דער אַדוואָקאַט מאַרגוליס, וועלכער איז געקומען פון פעטראָגראַד, וועט פאָרלייענען אַ לעקציע. מאַרגוליס האָט געבעטן איינלאַדן אַף דערדאָזיקער לעקציע אויך די אומפּאַרטייִשע אינטעליגענץ. די פאַרזאַמלונג האָט אַיינגעאָרדנט איינער אַ מיטגליד פון אונדזער אָרגאַניזאַציע, יעדנפאַלס. דער פאַקט, וואָס די פאַרזאַמלונג איז איינגעאָרדנט געוואָרן, איז שפּעטער באַ-האַנדלט געוואָרן אין דער צענטראַלער גרופּע. מאַרגוליסעס פאָרטראַג איז פאָרגעקומען אין אַן אַריסטאָקראַטישער דירע. אַפן פאָרטראַג איז אָנוועזנדיק געווען די „סמעטענע“ פון דער היגער ליבעראַלער געזעלשאַפט: אַדוואָקאַטן, דאָקטוירים א. א. וו. ס'זיינען אויך אָנוועזנדיק געווען פּאַרטייִשע כאַווייריִם.

אַף וויפל איך געדענק. האָט מאַרגוליס אין זיין פאָרטראַג זיך באַמיט צו דערוויזן, אַז די ס. ד. דאַרפֿן, אַיִן טאָך גענומען, זיין פֿאַרינטערעסירט צו אָרגאַניזירן אַ דריטן קויעך ד. ה., די אינטעליגענץ. מאַרגוליסעס טעזיסן זיינען געווען פֿאָלגנדיקע: די אינטעליגענץ קאָן ניט אופֿנעמען די פּראָגראַם פֿון דער ס. ד. אַף די גאַנצע 100 פּראָצענט. באַזונדערס קען די אינטעליגענץ ניט אָננעמען אַן טנאָים אַזעלכע ראַדיקאַלע פֿאָדערונגען, ווי די, וואָס גייען אַריין אין דער אַגראַרפּראָגראַם פֿון דער ר. ס. ד. א. פּ.

די אינטעליגענץ קען אויך ניט אָננעמען אָן קיין שום אויסבעסערונגען דעם פּראָגראַממאַקסימום אין דעם סאָציאַליזם.

די אינטעליגענץ קען אָבער זיין אַ באַשטימטער קויעך און שוטעף אין קאַמף קעגן דער זעלבסטהערשונג. נאָר העיויס ווי די אינטעלעגענץ איז ביז איצט ניט אָרגאַניזירט, איז דער כויוו פֿון דער ר. ס. ד. א. פּ. מיטהעלפֿן זי צו אָרגאַניזירן אין דער קאַדעטישער פּאַרטיי. נאָכדעם האָט מאַרגוליס מיטגעטיילט דער פֿאַרזאַמלונג די פּראָגראַם פֿון דער קאַדעטישער פּאַרטיי. עס האָט זיך פֿאַרפֿירט אַ דיסקוסיע*). דידאָזיקע פֿאַרזאַמלונג האָט געהאָלפֿן דער קאַדעטישער פּאַרטיי צו אריינציען די מינסקער אינטעלעגענץ אין דער קאַדעטישער פּאַרטיי.

וועגן דעם צאַרישן מאַניפֿעסט האָבן מיר זיך דערוווּסט בלויז דעם 31 (18) אָקטיאַבר. וועגן דעם מאַניפֿעסט האָט מיר איבערגעגעבן אַ מיטאַרבעטער פֿון דער מינסקער צייטונג „סעוועראָ-זאַפּאַדני קראַי”. דערוויסנדיק זיך פֿון מאַניפֿעסט, בין איך טייקעף אַוועק אַף ליבאַווּעראָמנער וואָקזאַל, ווו עס האָט זיך געפֿונען אין דער צייט פֿון אייזנבאַנשטרייק אונזער באַזע און ווו מען האָט אַלעמאָל געקענט באַגעגענען אַלע אונדזערע טוער. אַפֿן פּלאַץ, וואָס ניבן וואָקזאַל, האָבן אָנגעהויבן אָנקומען יעכידים און שפּעטער גאַנצע גרופּן אַרבעטער. אינגיכן איז דער גאַנצער פּלאַץ פֿאַרפֿולט געוואָרן פֿון האַמוין. די יעדיע וועגן צאַרישן מאַניפֿעסט האָט זיך מיט אַ מאָדנער גיכקייט פֿאַרשפּרייט איבערן שטאָט. אַ ביסל שפּעטער איז ער שוין אָפּגעדרוקט געוואָרן. אין שטאָט האָבן זיך אָנגעהויבן מאַניפֿעסטאַציעס מיט רויטע פֿאָנען, אַפֿן וואָקזאַלפּלאַץ האָט זיך געעפֿנט אַ מיטינג, וווהין עס האָט זיך אויך אַריבערגעטראָגן די פֿאַרזאַמלונג פֿון די אייזנבאַנאַרבעטער (ביזן 31 (18) אָקטיאַבר פֿלעגן אַלע פֿאַרזאַמלונגען פֿון די אייזנבאַנער פֿאָרגעקומען אין 3-טן קלאַס פֿון ליבאַווּעראָמנער וואָקזאַל). דער מיטינג אַפֿן פּלאַץ האָט זיך געצויגן אַ גאַנצן טאָג, די

*) ווי עס גיט איבער כ. גורוויטש, איז אַף מארגוליסעס פֿארטראג אנוועזנדיק געווען און אנטייל גענומען אין די דעבאטן אויך קאמענעוו, וועלכער איז אין די אקטיאברטעג געווען אין מינסק. איך גופֿע געדענק ניט דעם פֿאקט פֿון כ. קאמענעווס ארויסטרעטונג אף דער פֿארזאמלונג.

רעדנער פֿלעגן זיך בייטן *). ווי נאָר עס האָט זיך באַוויזן דער אָפּגעדרוקטער מאַניפֿעסט, זיינען אַלע ווייטערדיקע אַרויסטרעטונגען געווידמעט געווען דעם־דאָזיקן מאַניפֿעסט. אונזערע רעדנער האָבן קריטיקירט דעם מאַניפֿעסט און אָנגעוויזן, אַז קאָלזמאַן די זעלבסטהערשונג איז ניט געשטירצט, קען קיין רייד ניט זיין וועגן אַ וואָסער ניט איז פֿרייהייט.

כּוּך רעדנער פֿון די פּאַרטייען זיינען אויך געווען אַרויסטרעטונגען פֿון האַמוין. די שטימונג פֿון האַמוין האָט זיך אַלץ געהעכערט און געהעכערט. אָפֿן פּלאַץ פֿלעגן יעדער מינוט אָנקומען נייע מאַניפֿעסטאַציעס. איין מאַניפֿעסטאַציע האָט זיך פֿאַרביטן מיט אַ צווייטער. צווישן די ערשטע פֿאָדערונגען, וואָס דער פֿאַרזאַמלטער האַמוין האָט ארויסגעשטעלט, איז געווען די פֿאָדערונג צו באַפֿרייען טייקעף די פּאָליטישע אַרעסטירטע. דאָ טאַקע האָט מען אויסגעקליבן אַ דעפּוטאַציע צום גובערנאַטאָר קורלאָוו, וועלכע זאָל אים איבערגעבן די פֿאָדערונגען אין נאָמען פֿונם פֿאָלק. די דעפּוטאַציע איז אוועק צום גובערנאַטאָר.

אין שטאָט האָבן זיך אין דערצייט באַוועגט איבער די גאַסן מאַניפֿעסטאַציעס מיט רויטע פֿאָנען. עס האָט זיך געפֿילט אַ געהויבענע שטימונג. פֿאַר דער רויטער פֿאָן פֿלעגן אַלע פֿאַרבייגייענדיקע מוזן אַראָפּנעמען די היטלען — מען פֿלעגט צווינגען אַראָפּנעמען די היטלען אַפֿילע פּאָליציי און מיליטער־לייט.

די שטימונג פֿון די מאַניפֿעסטירנדע האָט זיך, ווי עס ווייזט אויס, זיך איבערגעגעבן אויך די שטאָטישע בירגער, איינציקע בירגער פֿלעגן אָפּגעבן איינע די אנדערע מאַזלטאָוו לעקאָוועד דער „פֿרייהייט" און קושן זיך.

דער מיטינג אַפֿן וואקזאַלפּלאַץ האָט מיט אומגעדולד געוואַרט אף די רעזולטאַטן פֿון די אונטערהאַנדלונגען צווישן דער דעלעגאַציע מיטן גובערנאַטאָר קורלאָוו וועגן באַפֿרייען די פּאָליטישע אַרעסטירטע. אין האַמוין האָבן זיך פֿאַרשפּרייט קלאַנגען, אז די דעלעגאציע האָט מען ארעסטירט. מיטאַמאָל באַווייזט זיך אַ גרויסע מאניפֿעסטאציע מיט רויטע פֿאָנען, די מאניפֿעסטאנטן האָבן געטראָגן אף די הענט די נאָר וואָס באַפֿרייטע פֿון טפֿיסע כאווירים. צווישן די באַפֿרייטע זיינען געוועזן גרישע בעלענקי, אבראם דער „סויכער" און איינציקע בונדיסטן. אבראם דער „סויכעד" איז געווען אַן עמעסער, קאָשער פּראָלעטאַריער. „סויכער" האָט מען אים גערופֿן דערפֿאַר, ווייל ער איז געווען אַ האנדלאָנגעשטעלטער. אַבראם דער סויכער" איז געווען אַ יונגער, נאָר זייער אַן איבערגעגעבענער און היציקער רעוואָלוציאָנער. ער פֿלעגט אָפֿט אַריינפֿאַלן אין קאזעמאט: דאָ פֿאַר פֿארשפּרייטן פּראָקלאמאציעס, דאָ פֿאַר

*) צווישן די רעדנער, וואס זיינען ארויסגעטראטן אין נאמען פֿון דער ר. ס. ד. א. פּ. זיינען געווען די כאוויירים: קאמענעוו, סעמיאן, אסיפּ און אנד. עס זיינען אויך ארויסגעטראטן בונדיסטן און עסערן.

שלאָגן א גאָראָדאָוואָי אָדער שפּיאָן, דאָ פֿאר א וועלכן ניט איז אנדער „קונץ“. ניט איינמאָל האָט אים די פּאָליציי צונעריגט, נאָר ער פלעגט דער פּאָליציי קיין באלכויוו ניט בלייבן. ער האָט געפּילט עפעס א פֿיזישן האס צו דער פּאָליציי און מיט א באזונדערן האס האט ער זיך באצויגן צו דער עקזיסטירנדיקער אָרדענונג. דערדאָזיקער „סויכער“ איז געווען גרייט צו אָפּפערן זיין לעבן פֿאַר דער פארטיי, אויב דאָס וואָלט געווען נויטיק. פֿון דער אָרגאניזאַציע פלעגט ער גאָרניט פֿאָדערן. אזעלכע טיפישע רעוואָלוציאָנערן מאסאָוויקעס זיינען אין יענער צייט אין די פארטעישע אָרגאניזאציעס געווען ניט ווייניק.

דער האמוין האָט מיט פֿרייד באגריסט די באפֿרייטע כאוויירים. איינע אן ארבעטערן, „מירע“, האָט מען אופֿגעהויבן אף די הענט. די לעצטע האָט, האלטנדיק א רויטע פֿאָן אין האנט, באגריסט די באפרייטע. נאָכדעם האָט באקומען אַ וואָרט דער באפֿרייטער גרישע, וועלכער איז ארוף אף דער טריבונע. אין דערזעלביקער צייט האָב איך מיט נאָך אייניקע כאוויירים באמערקט, אז פונם לופטבריק לאָזן זיך אראפּ אף א ארומצוריגנלען דעם מיטינג סאָלדאטן אין פולער קאמפּאמוניציע. די סאָלדאטן זיינען, דאכט זיך, געגאנגען ניט דרייסט און שווייגנדיק.

פֿון האמוין האָבן זיך דערהערט אויסגעשרייען: „סאָלדאטן פֿארייניקן זיך מיטן רעוואָלוציאָנערן „פֿאָלק“, „זאָלן לעבן די רעוואָלוציאָנערע סאָלדאטן“!... דער לעצטער אויסגעשריי איז געבליבן אָפּגעהאקט אין לופטן. אן קיין שום וואָרענונג האָט זיך אנגעהויבן אן אָפּטע ביקסנשיסעריי, אף איין מאָמענט איז דער האמוין געשטאנען און זיך ניט גערירט פון ארט. נאָר נאָכדעם, פארשטייענדיק וואָס דאָ קומט פאָר, האָט דער האמוין זיך אלאז געטאָן לויפן אין איין ריכטונג, די שיסעריי האָט ניט אופֿגעהערט. דער האמוין האָט זיך אנגעהויבן צו ווארפֿן אין אלע זייטן, פֿאלנדיק און שטיקנדיק איינע די אנדערע. מיט גרויס מי איז מיר געלונגען ארויסצוקריכן פֿון אונטער א גאנצן בארג פֿארוווּנדעטע און געהארגעטע. איך האָב איבערגעקלעטערט איבער א פארקן פֿון א צירק און ארויס פֿון פֿייער. די שיסעריי איז געוואָרן אפֿילע זעלטענער, נאָר דאָך האָט זי געדויערט. מיסטאמע אף דעמזעלביקן אויפֿן, וואָס איך, האָט זיך אויך געראטעוועט כ׳ פֿאָמא (א שליאָסער, וועגן וועלכן כ׳האָב פֿריער גערעט). איך האָב דערזען דעם כ׳ פֿאָמא שטייענדיק נעבן מיר. מיר זיינען צוזאמען אוועק אף זיין קווארטיר.

אָפּרוענדיק בא אים אַ ביסל און באטראכטנדיק די געשאפֿענע לאגע, האָבן מיר באשלאָסן טייקעף צו ערקונדיקן זיך וועגן דער לאגע אין שטאָט. מיר זיינען אַוועק צו די וואלינסקעס אף דער קוואַרטיר. אַ הין זיינען אנגעקומען אויך אנדערע כאַוויירים, וואָס האבן זיך אומגעקערט פֿון קורלאָווס פאסטקע ווי אויך פֿון שטאָט. ס׳איז שווער געווען טייקעף צו פֿעסטשטעלן די צאָל קאָרבאָנעס. דא האבן מיר זיך אויך דערוווּסט וועגן דעם טויט פֿונם ס.-ד. אַד-

וואָקאַט יענטיס. יענטיס איז געווען זייער אַ סימפּאַטישער כאַוועך, וואָס האָט גענומען אַן אַנטייל אין דער ארבעט ווי אַ פּראָפּאַגאַנדיסט. כ. יענטיס איז אומגעקומען ניט אַפּן פלאץ, אים איז געלונגען צו ארויסקריכן פון פייער, נאָר אַ קויל פון אַ גאָראָדאָוואָי האָט אים דערהארגעט פאַר אלעמען אין די אויגן שוין אפן וועג אין שטאט. ווי עס האט זיך שפּעטער ארויסגעוויזן, האט יענטיסן דערהארגעט דער גאראדאוואי יאקובאָוויטש, וועלכער האט עס געטאָן לויט אַ באַפעל פונם געהילפפריסטאַוו בערנאצקי. דער דאָזיקער גאראדאוואי האָט דערהארגעט נאך 4 מענטשן. שפּעטער איז דערוועקט געווארן אַ פּראָצעס קעגן דעם דאָזיקן גאראדאוואי, וועלכער האט זיך אבער געענדיקט מיט גארנישט.

שפּעטער זיינען אנגעקומען מער גענויערע יעדיעס. צווישן די דערהאַרגעטע זיינען געווען אבראם דעם סויכער, וועלכער איז נאָר וואָס באַפרייט געוואָרן פון טפיסע, נעכאמקע—אַן אַקטיווע און פאָרגעשריטענע ארבעטערן, וואס איז איינע פון די ערשטע צוגעשטאנען צו אונדזער אָרגאניזאציע אין מינסק א. א. *).

אַ שרעקלעך בילד האט מיט זיך פאָרגעשטעלט דער הויף פון יידישן העקדעש. דארט זיינען געלעגן די טויטע קערפּערס—קארבאנעס פון קורלאָווס שיסעריי. מען האט זיי געבראכט צופירן אַ הער פון וואָקזאַלפלאַץ. ניט נאָר די מייסימשטיבל, נאָר אויך אלע איבעריקע געביידעס זיינען געווען פול מיט קערפּערס פון די דערהאגעטע. איייניקע קערפּערס זיינען געווען צושעדיקט אזוי, אז מע האט זיי ניט געקענט דערקענען. לויט די ווונדן באַ די דערהאַר-געטע איז געווען קענטיק, אז מען האט אין זיי געשאסן מיט אופרייסקוילן. לויט אָפיציעלע יעדיעס פון מינסקער פּראָקוראָר האט די צאל דערהארגעטע און פאַרוווּנדעטע דערגרייכט ביז 150 מענטשן. לויט קורלאָווס מיטיילונג איז געווען: דערהארגעטע 52 מענטשן און פאַרווונדעטע 123 **).

אין הויף פון יידישן העקדעש און אפּן גאַס נעבן העקדעש איז געשטאַנען אַ גרויסער האַמוין מענטשן. קרויוויים און באַקאַנטע פון די האַרוגים האָבן געוויינט און געקלאָגט.

אין אַלגעמיין האָט אָבער די שיסעריי, וואָס קורלאָוו האָט איינגעאָרדנט, ניט אָפּגעשוואַכט די רעוואָלוציאָנערע קאַמפשטימונג פון די מינסקער ארבע-קער. אַ פויעליויצע פון דער צושיסונג איז געווען דאָס, וואָס די אַרבעטער זיינען געוואָרן נאָך מער אופגעבראַכט.

---

*) כאַוועך טראָצקי (סעמיאָן) איז ניצל געוואָרן. עפּעס אלפי נעס, זיין פּאַלטאָ איז געווען דורכגעשאָסן אין איייניקע ערטער.

**) די צייטונג „20 יאָרהונדערט“, 1906 יאָר פונם 1/4 (8 №) 13. דער באַריכט איבערן קירלאָוופראָצ. עס וואָס איז אופגעהייבן געוואָרן דורכן פּראָקוראָר פון ווילנער געריכטקאַמער. פונם דאָזיקן באַריכט זעט מען, אז אין האַמוין האָבן געשאָסן דעם 18 אָקטיאבר די 1-טע, 2-טע און 12-טע ראַטעס פון אָקסקער פּאָלק.



ראָזע שאַבאַד.



נאַדיע שאַבאַד.

רעוואָלוציאָנערנס, וועלכע זיינען אומגעקומען אין דער צייט פֿון קורלאַנדיס צושיסונג.

די פּאָזיציע פֿון אונדזער פּאַרטיי האָט זיך פֿאַרשטאַרקט. פֿאַר דער בירגערלעכער מאסע איז אופֿגעדעקט געוואָרן די צוויעס פֿון דעם מאַניפֿעסט פֿון 30 (17) אָקטיאבר און פֿון זיינע שעפֿער; ער האָט אַן איבעריקס מאָל באַוויזן, אַז נאָר דורך אַ רעוואָלוציאָנערן קאַמף און דורך שטירצן די זעלבסטהערשונג וועט מען קענען אויסקעמפֿן די פֿרייהייט.

נאָך דער צושיסונג איז אין מינסק אָנגעקומען אַ פעריאָד פֿון מאַכטלאָזיקייט. די פּאָליצעישע מאַכט איז ערגעץ פֿאַרשוווּנדן. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ הינטערקוליסנקאַמף צווישן דעם פּראָקוראָר ביביקאָוו מיטן גובערנאַטאָר קורלאָוו צוליב דער צושיסונג.

אומבאַמערקבאַר האָט זיך איינגערעגולירט דאָס לעבן אין שטאָט, איינגערעגולירט האָט זיך עס איבערהויפּט דורך באַשטימונגען פֿון אונדזער אָרגאַניזאַציע, וועלכע זיינען אין איניקע פֿאַלן קאארדינירט געוואָרן מיטן שטרייקקאָמיטעט פֿון די אייזנבאַנער. דער שטרייק האָט זיך פֿאָרגעזעצט ווי פֿריער. מיט אַ באַזונדער אינטענסיווקייט האָט אין יענע טעג און כאַדאָשים געארבעט אונדזער דרוקעריי. זי פֿלעגט אמאָל ארויסלאָזן צו 2 פּראָקלאַמאַציעס אַ טאָג, רעאַגירנדיק אַף אלע טאָגגעשעענישן. כּוח דער אַרבעט פון אונדזער אייגענער דרוקעריי פֿלעגט זיך אין דערדאָזיקער צייט אָפּט פּראַקטיקירן דאס פֿארכאפּן און דרוקן פּראקלאמאציעס אין פּריוואַטע דרוקערייען.

נאָך דער צושיסונג איז אינם שטייערנאָפּטייל (служба сборов) פֿון ליבאווראמנער אייזנבאַן פֿארגעקומען אַ פֿאַראייניקטע זיצונג פֿון פארשטייער פֿון דער מינסקער גרופּע צוזאַמען מיט פֿאָרשטייער פֿון „בונד“, עסערן און פון די אייזנבאנארבעטער. אף דערדאָזיקער זיצונג זיינען אויסגעארבעט געווארן און אנגענומען געווארן אַ ריי פֿאדערונגען צו דער רעגירונג.

דידאזיקע פֿאָדערונגען זיינען אפּגעדרוקט אין אַ פּראקלאמאציע, וואס די מינסקער גרופּע האט ארויסגעלאזן וועגן דער צושיסונג פֿון 31 (18) אקטיאבר, דער טעקסט פֿון דער פּראקלאמאציע איז פֿאלגנדיקער:

רוסלענדישע סאָציאלדעמאָקראַטישע ארבעטערפּאַרטיי.

פּראָלעטאריער פֿון אלע לענדער, פֿאראייניקט זיך!

ערע די געפֿאלענע אין קאמף פֿאַר דער פֿרייהייט!

## צו די בירגער פֿון מינסק.

שוין! שוין האָט זיך די געשענקטע קאָנסטיטוציע באַפֿאַרבט מיט בלוט פֿון בירגער. מיר האבן נאָך ניט באַוויזן אַף דעם נעכטיקן מיטינג צו פעסטשטעלן וואָס איז אזוינס אַ קאָנסטיטוציע באַ דער זעלבסטהערשונג, ווי די זעלעסטהערשונג גופֿע האָט עס באַשיינפערלעך באוויזן. די זעלבסטהערשונג קאן ניט עקזיסטירן אָן בלוט פֿון פֿאָלק און קאָלזמאַן זי וועט עקזיסטירן, וועט פֿאָלקסבלוט זיך ניט אופֿהערן צו גיסן מיט אַ ברייטן שטראָם. די זעלבסטהערשונג — איז א שטענדיקער שווינדל, אַ שטענדיקע פאסטקע. דאָס זיינען טייכן בלוט און טרערן, דאָס איז אַף קיין איין מינוט ניט קיין אופֿהערנדיקער

דרוק אַף דעם קערפּער און נעשאָמע. און דערפון וועט ניט ראַטעווען קיין שום זעלבּסטהער־שנדיקע קאָנסטיטוציע. ניקאָלאַי דער בלוטיקער האָט געקענט געבּן נאָר אַ בלוטיקע קאָנסטיטוציע, אַזאַ קאָנסטיטוציע, וואָס גיט אים די מעגלעכקייט און די פרייהייט צו שיסן אין ניט באוואָפנטע בירגער. נאָר אַ פאָלקקאָנסטיטוציע, אַ פאָלקפאַרוואַלטונג, אַ דעמאָקראַטישע רע־פּובּליק קאָן ארויספירן פון דעמדאָזיקן קאָשמאַר פון בלוט און טרערן. זאָל די בלוט פון די געפאַלענע אויסלערנען די לעבּעדיקע צו פאַרשטיין און קעמפן פאַר דער ווירקלעכער פרייהייט, פאַר דער אנטגילטיקער שטירצונג פון דער זעלבּסטהערשונג און מאנארכיע. די בלוט פון די געפאַלענע שרייט! זי זאָגט: גלויבּט ניט דעם קייסער אפילע דאַן, ווען ער רעט וועגן פרייהייט. גלויבּט ניט יעדער כאיע, אפילע דאַן, ווען עס דאכט זיך, אז זי פייגערט, גיכער, גיכער דערשלאָגט זי. יעדער איבעריקע מינוט פון איר לעבּן—דאָס איז דער טויט פון ארבּעטער און פויערים, פרויען און קינדער, יונגע און אלטע, רוסן און יידן, ארמענער און טאטערן. די בלוט שרייט: איר האָט זיך צו פרי דערפרייט. עס וועט ניט זיין קיין פרייד אין רוסלאנד, קאָלזמאַן דאָרט לעבּט אַ וואַמפּיר— די זעלבּסטהערשונג, מיט אַ קאָנסטיטוציע אָדער אָן איר, ס'איז אלציינס. אינדערפרי האָט מינסק געוויינט פאַר פרייד צוליב דער קאָנסטיטוציע, און פארנאכט האָט די שטאָט מיט בלוטיקע טרערן באַצאָלט פאר איר פרייד. זאָל זשע יעדער איינציקער און אלע צוזאמען שווערן באם בלוט פון די געפאלענע צו קעמפן קעגן צאריזם ביזן סאָף, ביז אַ דעמאָקראטישער רעפּובּליק. דער קייסער האָט פון זיין זייט פאַרגאָסן די צארישע פרייהייט מיט פאָלקס בלוט. מיר וועלן נעמען נעקאמע דערפאַר, מיר וועלן פארשווענקען די זעלבּסטהערשנדיקע קאָנסטיטוציע מיט בלוט פון די זעלבּסטהערשער און צארישע טעלערלעקער. נאָר אזוי וועלן מיר דעראָבּערן די פרייהייט. שטייט אוף! נעמט זיך פארן געווער! דאָס איז דער געבּאָט פון די געפאלענע אַפן שלאכטפעלד. זאָל די שטאָט זיין איינגעהילט אין טרויער, זאָל זיך אָפּשטעלן דאָס לעבּן אין טרויערשטילקייט. אין פינצטערער שטילקייט וועלן מיר צוגרייטן דעם לעצטן קאמף. דערווייל זאָל די שטאָט פאָדערן: 1) עס זאָלן טייקעף באפרייט ווערן פון זייערע אַמטן דער גובּערנאטאָר קורלאָוו, דער פּאָליצמייסטער נאָראָוו, דער זשאנדאר־מעריע־פּאָלקאָווניק ווילדעמאַן־קלאָפּמאַן, דער זשאנדארמעריע־פאדפּאָלקאָווניק מאָרטשענקאָ. עס זאָלן טייקעף צוגעצויגן ווערן צו געריכטלעכער פאראנטוואָרטלעכקייט די אדמיניסטראציע און מיליטע־רישע מאכט, וואָס זיינען שולדיק אין דעם בלוטבּאָד פון 18 אָקטיאבּער. 2) צוטרייבּן די פּאָליציי, באזייטיקן טייקעף די קאזאקן און איבּערגעבּן די מעלוכעשוץ און די געזעלשאַפטלעכע זיכערקייט אין די הענט פון די שטאָטישע בירגער. 3) פאַרזאָרגן די פאַמיליעס פון די געהארגעטע און פאר־וווּנדעטע אַפן כעשבּן פון דער רעגירונג און 4) עס זאָל גאראנטירט ווערן די פרייהייט פון פאר־זאמלונגען. די אדמיניסטראַציע און באַוואָפנטע קראַפט זאָל זיך ניט אריינמישן אין די פארזאמ־לונגען. דידאָזיקע פאָדערונגען, וואָס זיינען אויסגעארבּעט געוואָרן לויט אַ פאַרשטענדיקונג צווישן דער מינסקער גרופּע פון ר.ס.ד.א.פּ., מינסקער קאָמיטעט פון „בונד", מינסקער קאָמיטעט פון דער פאַרטיי סאָציאליסטן־רעוואָלוציאָנערן און מינסקער אָפּטייל פון אלרוסלענדישן פאריין פון אייזנבּאַ־ארבּעטער, דארפן ווערן די פאָדערונגען פון דער גאנצער שטאָט.

ערע די געפאלענע! לעבּעדיקע, צום קאמף, צום קאמף ביזן סאָף!

נידער מיט דער זעלבּסטהערשונג! זאָל לעבּן די דעמאָקראטישע רעפּובּליק! זאָל לעבּן דער קעמפּדיקער ארבּעטערקלאַס און זיין פירער—די סאָציאַל־דעמאָקראטיע!

מינסקער גרופּע ר.ס.ד.א.פּ.

# ווער זיינען קורלאָווס קאָרבאָנעס?

1) צוקערמאַן מאָיסיי, 2) פֿריד יאַקאָוו, 3) גורעוויטש אַוו-
ראָם-לייב, 4) פֿיינבערג איליאַ איסאַקאָוויטש—רעכענונגפֿירער
אַף ליבאַוואָראָמענער אַייזנבאַן, 5) סעגאַל יאַקאָוו מאָיסייעוויטש,
עטינגער איליאַ-אַבראַם, 7) לאַפּידוס דאָוויד, 8) לעדער גערץ-
אַבראַם, 9) פאדנאס אַראָן, 10) אַלפעראָוויטש כאַים, 11) לאַקס
שמועל מאָווּשעוו, 12) סטעבלין-קאַמינסקי פּאַוועל יעגאָראָוויטש
—געשוואָרענער אַדוואָקאַט, 13) שענדעראָוו אַבראַם, 14) שאָפּקאָ
איסאַק, 15) אַלעקסאַנדראָוויטש סוליימאַן איבראַימאָוויטש, 16)
שפּאקאָווסקי אַנטאָן וויקענטיעוויטש—אַ פויער פֿון סלוצקער אָק-
רוג, 17) פעקארסקי קאַרל, 18) יענטיס—געשוואָרענער אַדוואָקאַט
—געהאַרגעט געוואָרן פֿון אַ פריסטאַוו, 19) פֿריד יסראָעל בער-
קאָוו, 20) זעלדין מייער זעליקאָוו, 21) פֿריד מאָרדוך אַיזיקאָוו,
22) פיקערשטיין כאַים יאַנקעלעוו, 23) קאָסאָוו דאוויד, 24) סטאַראָבין
מאָווּשאַ, 25) סווערזשאַנאָווסקי זאַלמען, 26) גלעזער אַבראַם,
27) כריין מאָרדוך, 28) ביילין נאָכום, 29) סאַדאָווסקי יאָסיף, 30)
גאַרעליק בעניאַמין, 31) מאַגילעווסקי איצקאָ, 32) זאָרין אַבראַם,
33) אַגורע יאָסיף, 34) עפשטיין מאָווּשאַ, 35) זאַימאָוו דאוויד,
36) באָיאַרסקי אַבראַם, 37) קאַץ איצקע, 38) פּאָדגוג מיכעל, 39)
שאַבאַד ראזא, 40) שאַבאַד נאַדיאַ, 41) שימאַנאָוויטש נאַכאַמע,
42) אַלטשולער באַסיאַ, 43) פֿעדער שאָשע, 44) זופערמאַן עטל,
45) מאַיזעלסאָן ראַכיל, 46) לעיכמאַן עלקע, 47) אַראָנאָווא פעשע,
48) פונטעס דווירא, 49) פֿוקס כאַיאַ, 50) באַנט ריווקא.

ב אַ מ ע ר ק ו נ ג:

אין דערדאזיקער רעשימע זיינען נאך ניט אריין אלע קאָרבאָנעס
פֿון 18-טן אָקטיאבר. א סאך פון די געהארגעטע האָבן די זשאנדארמען
באערדיקט געהיים אן קיין שום רעגיסטראציע. דער היסטפארט האט נאך
ביז איצט זייערע נעמען ניט געקענט פֿעסטשטעלן.

דער היסטפארט בעט, אז אויב אימיצער ווייס פֿון אזעלכע ניט
פֿארעגיסטרירטע קארבאנעס, אים מוידיע זיין וועגן דעם.

היסטפארט פֿון צ.ק.ק.פ.וו.

## V.

דער שטרייק פון די אייזנבאנער אין מינסק האָט געדויערט עלף טעג אָן איבערייס און האָט זיך פאַרענדיקט דעם 24-טן אָקטיאַבר. ער האָט זיך פאַרענדיקט מיט דערזעלביקער אָרגאַניזירטער אָרדענונג, ווי ער האָט זיך אָנגעהויבן.

23-טן אָקטיאַבר האָט די אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג פון אַרבעטער און אָנגעשטעלטע אַף דער ליבאַווראָמנער אייזנבאַנוועג באַשטימט צייטווייליק איבערייסן דעם שטרייק, „קעדיי צו אָרגאַניזירן זיך און אויפצוקלייבן די נויטיקע מיטלען" *). דידאָזיקע באַשטימונג איז געמאַכט געוואָרן לויט דעם פאָרשלאַג פונם שטרייקקאָמיטעט, וואָס איז אַריין אין העסקעם מיט דער צענטראַלביוראָ פון פאַריין.

לויט דער באַשטימונג האָט זיך די אַרבעט אָנגעהויבן אָרגאַניזירטערהייט דעם 24-טן אָקטיאַבר איינס אַזייגער באַטאָג.

אין דער רעזאָלוציע, אַף וועלכער עס האָבן מאַסקים געווען די דעלעגאַטן פון „ר. ס. ד. א. פ." „בונד" און „ס. ר.", איז פאָרגעלייגט געוואָרן די אַרבעטער און אָנגעשטעלטע פון ליבאַווראָמנער אייזנבאַנוועג, צו איינשטעלן זיך פאַר דער פולשטענדיקער באַפרידיקונג פון די אָרטיקע פאָדערונגען, וואָס זיינען דערקלערט געוואָרן אין צוזאַמענהאַנג מיט די צושיסונגען פון 18-טן אָקטיאַבר.

די פאָדערונגען זיינען באַשטאַנען פון זעקס פונקטן, וואָס זיינען געווען אָנגעוויזן אין די איבנגעבראַכטע אויפרוף. צו דידאָזיקע פאָדערונגען האָבן זיך נאָכדעם פאַרייניקט די מינסקער שטאָטדומע, דאָקטוירים-געזעלשאַפט און אַנדערע אָרטיקע געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס.

די שטאָטדומע האָט אויסגעטיילט אַ קאָמיסיע צו זאַמלען מיטלען אַף צו העלפן די געזינדן פון די געהאַרגעטע און פאַרווונדעטע אין טאָג פון 18-טן אָקטיאַבער.

דער אַלגעמיינער פאָליטישער שטרייק פון די אייזנבאַנער האָט זיך פאַרענדיקט. עס האָבן זיך אָבער ניט פאַרענדיקט די עקאָנאָמישע שטרייקן; זיי זיינען פאָרגעזעצט געוואָרן מיט דער פריערדיקער קראַפט.

די באַוועגונג פון די פאַראָקטיאַברטעג און פון די אָקטיאַברטעג גופע האָבן אויפגערודערט די סאַמע אָפגעשטאַנענסטע ניט אָנגערירטע שיכטן פון דער באַפעלקערונג און די אומבאַוווסטזיניקע אַרבעטער. עס האָבן געשטרייקט, עס האָבן אַרויסגעשטעלט עקאָנאָמישע פאָדערונגען אַפילע אַזעלכע פראָפעסיעס, וואָס האָבן ביז אָקטיאַבר ניט באַשלאָסן צו גיין מיט אַן אָפענעם קאַמף.

*) דער באַשולדיקונגאַקט פון מינסקער אָפטיילונג פון אַלרוסלענדישן פאַריין פון די אייזנבאַנער.

אַף דער ארענע טרעטן ארויס די טשינאָווניקעס פֿון דער קאַזיאָנער פּאַ־לאַטע, די אָנגעשטעלטע פֿון מעלוכעבאַנק, אַפֿילע די טשינאָווניקעס פֿון די צאַרישע געריכטאַנשטאַלטן האָבן אויך געפּראַוועט מיטינגען. דער „שטרייק־אַזאַרט", האָט אפילע אָנגערירט די יעכידים, די „סידעלצעס", פֿון די „מאָנאָ־פּאָלקעס". די אָנגעשטעלטע פֿון פּילאַנטראָפּישע אינסטיטוציעס, אָנגעשטעלטע פֿון מיליטערישע לאַזארעטן, קוכאַרעס פֿון רעסטאָראַנען און אַנדערע.

אָנהויב אָקטיאַבער דערקלערט די מינסקער שטאָטישע „קאָנקע" ווידער אַ שטרייק, דער לעצטער שטרייק טראָגט אַ פּאַרצויגענעם כאַראַקטער און פּאַ־דערט מיצאַד אונדזער אָרגאַניזאַציע אַ סאַך קויכעס און מיטלען. דער שטרייק פֿון דער „קאָנקע" געדויערט מער פֿון אַ כוידעש און ווערט פֿאַרענדיקט ערשט אָנהויב דעקאַבער.

די אָקטיאַבערטעג זיינען אַריין אין זיקאָרן ווי טעג פֿון אַקטיוון קאַמף, אַפֿילע אין די קרייזשטעט אין שטעטלעך פֿון מינסקער גובערניע.

די פּאַרטעי־שע אַרבעט פֿון דער אָרטיקער גרופּע „ר. ס. ד. א. פּ." אין באָ־ריסאָוו האָט זיך נאָך ביז אָקטיאַבער אויסגעצייכנט מיט איר אינטענסיווקייט. 18-טן אָקטיאַבער האָט די אָרטיקע גרופּע איינגעאָרדנט מיטינגען און דעמאָנ־סטראַציעס מיט רויטע פֿאָנען אין די הענט. קיין צוזאמענשטויס מיט דער פּאָ־ליציי איז אין באָריסאָוו ניט געווען. דעפֿאַר איז אין מאָזיר פֿאָרגעקומען אַ שיסעריי צווישן דעם האַמוין און דער פּאָליציי, וואָס האָבן זיך געפּרוווט צו באַפּרייען פֿון טפֿיסע די פּאָליטישע אַרעסטירטע. עס זיינען געווען פֿאַרווונדעטע סאַי אין האמוין, סאַי אין טפֿיסע.

אין איהומען זיינען אין די אָקטיאַבערטעג אויך פֿאָרגעקומען דעמאָנ־סטראַציעס איבער דער גאַנצער שטאָט. אזעלכע יעדיעס זיינען אָנגעקומען אויך פֿון אַנדערע ערטער.

זייער שטארק האָבן זיך געגרייט די שוואַרצמייעניקעס צו דעם טאָג, ווען עס איז פֿאָרגעקומען די לעוואַיע פֿון די קאָרבאָנעס פֿון 18-טן אָקטיאַבער. זיי האָבן פֿאַרשפּרייט פּראָקלאַמאציעס מיט אן אויפֿרוף צו באַוואָפֿענען זיך און אויסצוהארגענען די יידן. זיי האָבן זיך אויך געגרייט איינצואָרדענען מאַניפֿעס־טאַציעס אין דעם טאָג פֿון דער לעוואַיע. קיין דערלויבעניש פֿון גובערנאַטאָר האָבן זיי אף דעם ניט באַקומען.

אין שטאָט האָט מען גערעט, אז דער גובערנאַטאר קורלאָוו האט צוגע־זאָגט דער יידישער דעלעגאַציע, וואָס האָט אים באַזוכט פֿאַר דעם אָקטיאַבער־שטרייק און גערעט מיט אים וועגן דעם, אז עס גייען קלאַנגען וועגן פּאָגראָ־מען, — אַז צ קיין פּאָגראָמען וועט ער אין מינסק ניט דערלאָזן. דערביי האָט מען אויך אָנגערופֿן די סומע, וועלכע די דעלעגאַציע האָט דעם גובערנאַטאָר אַריינגערוקט אין האַנט.

אָט די אומשטענדן, וואָס אין מינסק איז ניט פֿאָרגעקומען קיין אָפֿענער אַרויסטריט פֿון די שוואַרצמייעניקעס, דאַרף מען צושרייבן אויסשליסלעך דעם פֿאַקט, וואָס סאַי די שוואַרצמייעניקעס און סאַי די פּאָליציי האָבן געוווּסט, אַז זיי וועלן באַגעגענען אַן ערנסטן ווידערשטאַנד מיצאַד די אַרבעטער און זעלבסטשוץ, און אַז אַזאַ אַרויסטריט וועט געווים ניט דורכגיין אָן דעם געעריקן אָפּצאָל.

אין טאָג פֿון דער לעוואַיע פֿון די קאַרבאָנעס זיינען קיינע דעמאָנסטראַציעס ניט געווען. און אין אַלגעמיין איז דער טאָג אַראָפּ רויק.

די לעוואַיע האָט באַגלייט אַ געוואַלדיקע מאַכנע קאָזאַקן. אָפֿן בייסוילעם זיינען אויך קיין אינצידענטן ניט געווען. דאָרטן האָט מען פֿאַרשפּרייט פֿלוגבלעטלעך וועגן די בלוטיקע געשעענישן. אָט דידאָזיקע בלעטלעך זיינען אַרויסגעגעבן געוואָרן פֿון דער מינסקער גרופּע. די בלעטלעך האָבן געהייסן: „דער בלוטיקער לועך“ און „צו די בירגער פֿון שטאָט מינסק“ א. א. זיי האָבן גערופֿן גרייט זיין צום קאַמף.

אייניקע גרופּעס אַרבעטער האָבן אינם טאָג פֿון דער לעוואַיע אַראָפּגעריסן די אויסגעהאַנגענע צוליב דעם „גנעדיקן“ צאַרישן מאַניפֿעסט פֿון די נאַציאָנאַלע דרייפֿאַרביקע פֿאָנעס די צוויי פֿאַרבן ווייס און בלאָ, און אַף אַזאַ אויפֿן האבן אין שטאָט געפֿלאַטערט נאָר רויטע פֿאָנעס.

## VI.

אין נאָיאַבר כוידעש האָט זיך די טעטיקייט פֿון דער מינסקער אָרגאַניזאַציע פֿאַנאַנדערגעוויקלט מיט אַ באַזונדער ברייטקייט און טיפֿקייט, וואָס איז ניט געווען ביז דערדאָזיקער צייט. דאָס לעבן האָט מיט אַמאָל אַרויסגערוקט פֿיל פֿאַרשיידנאַרטיקע פֿראַגן. אויסער די אָרדנטלעכע אַלגעמיין-פּאָליטישע פֿראַגן, זיינען אין טאָגאָרדענונג אָוועקגעשטעלט געוואָרן אינערלעך פּאַרטעיִשע פֿראַגן. איינע פֿון די גרונטלעכע און הויפּטפֿראַגן איז אין יענער צייט געווען די פֿראַגע וועגן רעאָרגאַניזירן די פּאַרטיי און וועגן דער דעמאָקראַטיזאַציע פֿון פּאַרטעיִשן אַפּאַראַט.

אין טאָגאָרדענונג איז דעמאָלט אויך געשטאַנען די פֿראַגע וועגן דער פֿאַראייניקונג פֿון ר. ס. ד. א. פּ. דער רעוואָלוציאָנערער קאַמף, וואָס האָט זיך אַנטוויקלט מיט אַן אומזעבאַרע קראַפֿט, האָט פֿאַר דער פּאַרטיי אָוועקגעשטעלט געוואַלדיקע אויפֿגאַבן אַפֿן געביט פֿון פּאָליטישער אָנפֿירונג מיט דער מאַסנבאַוועגונג.

די אַלטע אָרגאַניזאַציאָנעלע פּרינציפּן, די שמאָלע פֿאָרם פֿון אַן אונטערערדישער אָרגאַניזאַציע מיט אַ קאָנספּיראַטיוון אַפּאַראַט, האָבן שוין ניט אַנטשפּראָכן די נייע באַדינגונגען פֿון אַ ברייטער מאַסנבאַוועגונג.

די פּאַרטיי האט געדאַרפֿט איבערבויען איר אָרגאַניזאַציע, כּדי צו אַרומכאַפּן נייע שיכטן פֿון די אַרבעטער, וועלכע זיינען אַריינגעצויגן געוואָרן מיטן פּראָצעס פֿון עקאָנאָמישן און פּאָליטישן קאַמף אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. אין צוזאַמענהאַנג מיט די אויפֿגאַבן פֿון דער פּאַרטיי אַפֿן געביט פֿון מאַסנאַרבעט, האָט זיך געשטעלט די פֿראַגע וועגן לעגאַליזירן די פּראָפּאַגאַנדע און אַגיטאַציע.

עס איז נויטיק צו באַמערקן, אַז אין דער פֿראַגע וועגן פֿאַרייניקונג פֿון דער פּאַרטיי האָבן אומעטום אַ שטאַרקן דרוק געהאַט די אַרבעטער־מאַסאָוויקעס, די מאַסע איז ניט געווען אימשטאַנד צו פֿאַרשטיין, פֿאַרוואָס אין דעם מאָמענט, ווען דער אויסגאַנג פֿון דער רעוואָלוציע איז געווען אָפּהענגיק פֿון צונויפֿגעשלאָסנקייט פֿון דער אָרגאַניזאַציע, זאָל אין ר. ס. ד. א. פּ. עקזיסטירן אַ צושפּאַלטונג.

כּדי צו קלאָר מאַכן דעטאַל, וואָס פֿאַר אַן אָרגאַניזאַציע־פֿראַגן זיינען דעמאָלט געשטאַנען אין דער פּאַרטיי, איז זייער אינטערעסאַנט דער צירקוליאַר וואָס דער צ. ק. ר. ס. ד. א. פּ, (ב) האָט דעמאָלט צושיקט די פּאַרטאָרגאַניזאַציעס. איך וועל ברענגען אייניקע אויסצוגן פֿון דעמדאָזיקן צירקוליאַר *).

„כּדי אַרויסצוטרעטן אין דער ראָל פֿון אַ פּאַרטיי פֿון פּראָלעטאַרישע מאַסן, דאַרף די פּאַרטיי דעמאָקראַטיזירן איר אָרגאַניזאַציע און די מיטצייטיקע לאַגע גיט אַ געוויסע מעגלעכקייט דערצו. עס איז נויטיק אַף וויפֿל עס דערלויבט די פֿאַרכאַפּטע מאַדרייגע פֿון דער פֿרייהייט, צו מאַכן דער אָרגאַניזאַציע אָפֿן און דורכצופֿירן אין איר דעם וואַלפּרינציפּ.

עס איז אויך נויטיק אַמשנעלסטן דערשלאָגן זיך די צונויפֿגיסונג פֿון באַזונדער עקזיסטירנדיקע ס. ד. פּאַרטייען אין רוסלאַנד אין אַן איינהייטלעכער „ר. ס. ד. א. פּ.".

ווייטער ווערט אין צירקוליאַר געזאָגט וועגן די נייע אָרגאַניזאַציע פֿאָרמען, וואָס דאַרפֿן אַוועקגעלייגט ווערן אין גרונט פֿון דער נייער פּאַרטייבויונג

אַלע אַרבעטער, ס.ד. פֿון דעם געגעבענעם זאַוואָד, דאַרפֿן אייניינעם מיט די פּראָפּאַגאַנדיסטן און אַגיטאַטאָרן בילדן די זאַוואָדפֿאַרזאַמלונג".

„זייענדיק אַווטאָנאָם אין די גרעניצן פֿון דעם געגעבענעם זאַוואָד, בילדעט די אָרגאַניזאַציע־פֿאַרזאַמלונג פֿון די זאַוואָדישע (אָדער צעכישע) קאָמיטעטן פֿון דעם געגעבענעם ראַיאָן, די ראַיאָנפֿאַרזאַמלונגען, אַן אַווטאָנאָמע ראַי־אָרגאַניזאַציע. איר אויספֿירקאָמיטעט איז אַ טייל אַן אויסגעוויילטער (מע וואָלט פֿאָרגעלייגט צוויי אויסגעוויילטע), אַ טייל אַ באַשטימטער (באַשטימטע 1 דריטל).

„די פֿאַרזאַמלונג פֿון אַלע ראַיאָנקאָמיטעטן פֿון שטאָט אָרגאַניזירן אַן אָרטיקן ראַט—דעם פּאָליטישן אָנפֿירער פֿון דער אָרטיקער אַרבעט".

---

*) דער טעקסט פֿון צירקוליאַר איז געווען פּובליקירט דעמאָלט אין דער צייטונג „סעווערא־זאַפּאַדני קראַי" נומ. 790.

דער צירקוליאַר פון צ.ק. רירט אן אויסער די אָנגעוויזענע פראַגן, אַ גאַנצע ריי אַנדערע וויכטיקע פראַגן, אַשטייגער, די פראַגע וועגן לעגאַליזירן די פראָפּאַגאַנדע און אַגיטאַציע, וועגן באַזייטיקן דעם פּאַראַלעליזם אין דער אָרגאַניזאַציע, ער שטעלט אויך די פראַגע „וועגן דער נויטיקייט צו פאַרברייטערן די ראַמען פון דער פאַרטיי און דאָס רעכט פון אירע מיטגלידער" (קורסיוו מיינער י. ב.).

אָט די אלע געבראַכטע אין די צירקוליארן פון צ.ק. פראַגן האָבן דעמאָלט שטאַרק אינטערעסירט אַלע מיטגלידער פון דער פאַרטיי.

אייניקע אָרגאַניזאַציעס האָבן נאָך ביז דעם צירקוליאַר דורכגעפירט בא זיך די אָדער יענע רעפאָרמען.

די מינסקער אָרגאַניזאַציע איז נאָך מיט אַסאַך פריער צוגעשטאַנען צו דעמאָקראַטיזירן איר אָרגאַניזאַציעאַפּאַראַט. די פראַגע וועגן פאַרברייטערן די ראַמען פון דער פאַרטיי, ד. ה. פאַרגרעסערן די צאָל מיטגלידער פון דער פאַרטיי און אריינציען אין איר אַ נייעם קאַדער ארבעטער, וואָס גייען פאַקטיש נאָך דער פאַרטיי און זיינען פאָרמעל מיט איר ניט צונויפגעבונדן, איז אויך איינע פון די שלאָגפראַגן פון טאָג, ווי פאַר דער פארטיי אינגאנצן, אזוי אויך פאַר די אָרטיקע אָרגאַניזאַציעס.

אין זיין ארטיקל „די רעארגאניזאציע פון דער פארטיי"*) לייגט דער כ. לענין פאָר, צו געבן אַפילע דידאָזיקע ארבעטער וואַלרעכט אַפן פערטן צוזאַמענפאָר, וואָס האָט געדאַרפט צונויפגערופן ווערן דעם 10 דעקאבער 1905-טן יאָר. דער צוזאַמענפאָר איז ניט פאָרגעקומען אין דער באַשטימטער צייט צוליב דעם דעקאברשטרייק פון די אייזנבאנער און צוליב דעם באַוואָפנטן אופשטאַנד אין מאָסקווע.

די מינסקער אָרגאַניזאציע בויט איילנדיק איבער אירע רייען. זי אָרגאַניזירט זיך אַף נייע יעסוידעס. די נידעריקע אָרגאַניזאַציעס אַף די פאַבריקן און זאַוואָדן ווערן פון איצט אָן פאַבריקזאַוואָדישע ס.ד. אָרגאַניזאציעס, ענלעכע צו אונדזערע הייַנטיקע אָרגאַניזאציעס אַף די פאבריקזאוואָדישע אונטערנעמונגען.

מע דארף באמערקן, אַז די אָרגאניזאציע האָט קיינע שוועריקייטן אין דער ארבעט ניט ארויסגערופן. פון דער צייט אָן איז ניט געווען קיין איין פרינציפיעלע פראגע, וואָס זאָל פריער ברייט ניט באטראכט ווערן פון אלע מיטגלידער פון דער פאַרטיי. די פראגן, וואָס זיינען געשטאנען אין טאָגאָרדענונג פון פארטייצוזאמענפאָר, זיינען גלייכצייטיק באַטראכט געוואָרן אַקטיוו פון אלע מיטגלידער פון דער פארטיי.

דער פראקטישער דורכפיר פונם נייעם אָרגאניזאציעפרינציפּ און די רעאָרגאניזאציע איז פאָרגעקומען פאר דעם צוזאמענפאָר פון די סאָציאלדעמאָקראַ-

*) זע וו. א. לענין: געזאמלטע ווערק, באנד 8. ערשטער טייל.

טישע גרופן אין צאָפּנמאירעווגענט. דערדאָזיקער צוזאמענפֿאָר איז פֿאָרגעקומען אין, מינסק סאָף סענטיאבר אין דער דירע פֿון פעטרוסעוויטשן. אַפֿן צוזאמענ-פֿאָר זיינען בייגעווען פֿאָרשטייער פֿון פֿאָלגנדיקע אָרגאניזאַציעס, וואָס זיינען אריינגעגאנגען אין באשטאנד פון צאָפּנמאירעוודיקן קאָמיטעט: פֿאָרשטייער פֿון צאָפּנמאירעוודיקן קאָמיטעט זיינען געווען: נעגאיעוו און טראָצקי (סעמיאן), פֿאָרשטייער פֿון דער ווילנער גרופע, פֿון דער מינסקער (אָסיפּ), פֿון דער ווי-טעבסקער פֿרומקין (מינאי) פֿון דער דווינסקער, באָברויסקער, סמאָרגאָנער און פֿון צ.ק. ר.ס.ד.א.פּ. קלימענטי.

אינייִנעם מיט די פֿראַגן וועגן פֿארייניקונג מיט די נאַציאָנאַל-סאָציאַל-דעמאָקראטישע אָרגאניזאציעס און וועגן פֿארייניקונג פֿון דער פארטיי איז גע-שטאַנען די פֿראַגע וועגן רעארגאניזירן די פארטיי און אויך וועגן נייע טאַקטאָ-נעס פֿון צאָפּנמאירעוודיקן קאָמיטעט.

לויט דידאָזיקע טאַקטאָנעס האט זיך דער צאָפּנמאירעוודיקער קאָמיטעט אָנגערופֿן צאָפּנמאירעוודיקער פֿארבאנד. דער צוזאמענפֿאָר האָט ארויסגעטראָגן אַ רעזאָלוציע וועגן געבן די פעריפֿעריע פון באשטימונגרעכט אין אָרטיקע אינ-יאַנים די אָרטיקע אָרגאַניזאציעס.

דער צאָפּנמאירעוודיקער פֿאַרבאַנד האָט שוין פֿון איצט אָן פֿאָרגעשטעלט מיט זיך אַ פֿאַרייניקונג פֿון גלייכבאַרעכטיקטע אָרגאַניזאַציעס.

צו דער צייט געהערט אויך די געגנטקאָנפֿערענץ פון די אָרגאַניזאַציעס אין צאָפּנמאירעווקאַנט *).

די דאָזיקע קאָנפֿערענץ איז אויך פֿאָרגעקומען אין מינסק. אַף דער קאָנ-פֿערענץ זיינען בייגעווען פֿאָרשטייער פון פֿאָלגנדיקע אָרגאַניזאציעס: פֿון צ.ק. —וואַדים (פֿאָסטאַנאָווסקי) פון צאָפּנמאירעווקאנט—נעגאָיעוו, פֿון מינסקער גרו-פע—טראָצקי (סעמיאָן) פֿון ווילנע, פֿון וויטעבסקער—פרומקין (מינאי), פון דווינ-סקער קאָמיטעט—מאַכאַין (איליאַ), פֿון סמאָרגאָנער, פֿון פֿאָלעסער קאָמיטעט, און פֿון האָמלער גרופע—דער פֿאַרשטאָרבענער מ. ק. וולאַדימיראָוו (ליאָוואַ) געוועזענער פארטרעטער פון פֿאָלקאָמפּין, פון רילעסער קאָמיטעט—אַ מענשע-וויק, סמאָלענסקער קאָמיטעט, פֿון באָברויסקער גרופע און פון וואַרשעווער רעוואָלוציאָנערן מיליטערקאָמיטעט.

דידאָזיקע קאָנפֿערענץ האָט באַטראכט פֿאָלגנדיקע פראַגן: וועגן דער גאָ-סודאַרסטווענער דומע, וועגן דער פֿאַרייניקונג פון דער פאַרטיי און וועגן דער באַציִונג צו די נאַציאָנאַלע סאָציאלדעמאָקראטישע פארטייען.

מע דאַרף אונטערשטרייכן יענעם אינטערעסאנטן פֿאַקט, אַז נאָר אין נאָיאבר כוידעש, ד.ה. אין פעריאָד פון נאָך דעם אָקטיאברישן אַלגעמיינעם שטרייק ביז דעם דעקאַבראַרויסטריט אין מאָסקווע, גיט אָפּ די פארטיי איר אויסשליסלעכע אויפמערקזאמקייט דער אָרגאניזאציאנעלער פֿראַגע.

*) זע „פּראָלעט". נומ. 17.

צו דעם פעריאָד געהערט אויך די קאמפאניע אריינצוציען אַרבעטער אין פארטיי, אָדער ווי מע האט דעמאלט דידאזיקע קאמפאניע אנגערופן: „דער רוף אין פאַרטיי”.

דידאזיקע קאמפאניע איז מיט דערפאלג דורכגעפירט געוואָרן אין דער מינסקער אָרגאניזאציע אַף די אלגעמיינע ראיאנפארזאמלונגען און אויך אַף די פאבריקן און זאַוואָדן. געווײנטלעך פֿלעגט דידאָזיקע קאמפאניע דורכגעפירט ווערן אַף אזא אויפן: אַף אלגעמיינע פאַרזאַמלונגען פֿון אלע ארבעטער פון זאַוואָד, פלעגט געשטעלט ווערן אַ פֿאָרטראַג וועגן די אויפגאבן פֿון ר. ס. ד. א. פּ., וועגן דער פּראָגראם און טאקטיק פֿון דער פארטיי א. א. וו. נאָכדעם, אַז עס פֿלעגט אָנגענומען ווערן אַ רעזאָלוציע, וואָס באַגיטיקט די טעטיקייט פון דער פארטיי, פלעגט זיך דער אראטאר ווענדן מיט אַ רוף צו דער אַודיטאָריע, אַז מע זאל זיך אַפן ארט פארשרייבן אין פארטיי.

באזונדער לעבהאפט פלעגט מען זיך פארשרייבן אין פארטיי אין אונדזער טייהויז, וואָס האט זיך געפונען אין אַ קעלער אפֿן הויף פון דער גרויסער הויז, וואָס געפינט זיך אַפֿן ראג פון לענינסקע (געוו. גובערנאטארסקע) און אינטערנאציאָנאַלער (געוו. פּרעאָבראַזשענסקע) גאַסן, ניט ווייט פון געוועזענעם הויז פֿון גובערנאטאר, איצטער די געביידע פון ראַטפּאָלקאם.

דידאזיקע טייהויז ווי די ארבעטערבירזשע, וועגן וועלכער איך האב גערעט אויבן, האט געשפילט אַ גוואַלטיקע ראָל אין די אקטיאבער און נאָיאברטעג.

דידאזיקע טייהויז, (די איסקראווסקע טייהויז, ווי עס פֿלעגן זי רופן די בונדאווצעס) איז געווען ניט נאר אַ זאַמלפונקט פֿאַר די מיטגלידער פון אונדזערע ארגאַניזאציעס, נאר אַ גאנצן טאג פון פרי ביז שפעט אין דער נאַכט פלעגן דארטן זיין אומפּאַרטייִשע אַרבעטער. אַ הער פלעגן אָפט קומען מיטגלידער פון אַנדערע פאַרטייען, בונדאווצעס, עסערן, ציעניסטן און אַפילע אַנאַרכיסטן, וואס האבן זיך באוויזן אין שטאט צום סאף 1905.

דידאזיקע טייהויז איז געווען אונדזער אגיטפונקט. דא האט מען פארשפרייט און געלייענט אין דער הויך פלוגבלעטלעך, ליטעראַטור און צייטונגען; דא פלעגט מען וויסן די לעצטע נייס וועגן די געשעענישן אין גאנצן לאנד; דא האט זיך געפירט די אַגיטאַציע פֿאר דער פארטיי. בא אַ גלאָז טיי איז דא געגאנגען אַ הייסע דיסקוסיע מיט מיטגלידער פון אנדערע פארטייען וועגן פֿארשיידענע ארדענטלעכע פראגן פון טאג און אויך וועגן פראגראַמפראַגן.

די טייהויז האט זיך געשאפן גאַנץ צופעליק, נאָכדעם אקטיאברשטרייק איז זי געווארן די שטאַבדירע פון אונדזער ארגאניזאציע. אט אין דער טייהויז איז אין נאיאבר כוידעש געגאנגען די קאמפאניע פֿאר פארשרייבן זיך אין אונדזער פאַרטיי. דא האט זיך געפירט אַ רעגיסטראַציע פֿון כאַווײרים, וואס

זיינען נאך פריער צוגעשטאַנען צו דער פארטיי. איך געדענק, אז אין די צעט־לען האבן זיך געציילט ביז 450 מאַן *).

עס איז ניט באוווסט צו זיינען פאַרבליבן גאַנץ אט דידאזיקע צעטלען, אדער זיי זיינען אַריינגעפאַלן אין די הענט פון די זשאַנדאַרמען.

די אָרגאַניזאציעפאָרם האָט געבראכט אַ גרויסע אופלעבונג אין לעבן פון דער אָרגאַניזאציע. לויט די נייע טאקאַנעס האָבן זיך אין מינסקער אָרגאַ־ניזאציע געבילדעט צוויי ראיאָנען: אַ פאַבריקזאוואָדישער, אין וועלכן עס זיינען אַריין די פאַבריקזאוואָדישע אונטערנעמונגען, און א באלמעלאָכישער ראַיאָן, וואָס האָט אַרומגעכאפט אַלע באלמעלאָכישע וואַרשטאַטן. אף די אונטערנע־מונגען און אין די צעכן האָבן די מיטגלידער פון פאַרטיי—די ארבעטער פון דער געגעבענער אינטערנעמונג—אָרגאַניזירט סאָציאַלדעמאָקראַטישע פאַבריקקאָלעק־טיון, וועלכע עס זיינען אַריינגעגאַנגען די פראָפּאַגאַנדיסטן, וואָס האָבן זיי באַדינט.

דער אָנפירנדיקער אָרגאַן פון ראיאָן, איז געווען דער ראיאָנקאָמיטעט, וואָס פלעגט אויסגעקליבן ווערן אף דער אלגעמיינער פאַרזאמלונג פון די פאַר־טיימיטגלידער פון ראַיאָן. דער אָנפירנדיקער אָרגאַן פון דער גאַנצער מינסקער אָרגאַניזאציע איז געווען די צענטראַלע גרופע.

דער מינסקער אָרגאַניזאַציע איז גאַנץ אָפט אויסגעקומען צו שטעלן די פראַגע וועגן קולטוראַרבעט צווישן די אַרבעטער.

נאָך די אָקטיאבערטעג איז די מאסע ווי מיט א מאָל אויסגעוואַקסן. עס האָבן זיך אויסגעבילדעט ברייטע קולטורנאָכפראַגן, וואָס זיינען פאַרבונדן מיט דער קולטורעלער ארבעט, וועגן לעקציעס, ליטעראַטור און אַנדערע.

מע דארף האבן אין זינען, אַז אין מינסק האָט זיך נאָך פון אַ מאָל אָן, ביז וואַנען עס זיינען געשאפן געוואָרן פאַרטעישע אָרגאַניזאציעס, און אַפילע ביז וואַנען עס האָט זיך פאַנאַנדערגעוויקלט די טעטיקייט פון „בונד", געפירט אַ קולטאַרבעט פון אַ גרופע אומפאַרטעישע אינטעליגענטן צווישן א בא־שטימטן טייל פון די מינסקער באלמעלאָכעס.

נאָך פון די 90-קער יאָרן האָבן אין מינסק עקזיסטירט זונטיקשולן פאַר אַרבעטער. גאַנץ אָפט פלעגן איינגעאָרדנט ווערן וויסנשאפטלעכע לעקציעס אין פאָלקהויז.

די שטרעבונג צו וויסנשאפט האָט זיך באזונדער פאַרשטארקט צום סאָף פון יאָר 1905. אין נאָיאבר איז זיך די מינסקער גרופע מישטאדל פאַר דער שטאָטדומע צו אָפלאָזן מיטלען אַף דינגען א דירע פאַר א פאָלקהויז. אף דער זיצונג פון דער דומע איז וועגן דערדאָזיקער פראַגע אַרויסגעטראָטן אַ פאָר־שטייער פון דער מינסקער גרופע. דידאָזיקע שטאַדלאָנעס פון דער גרופע האָט די דומע באפרידיקט.

---

*) ווי עס איז באוווסט, איז צוליב קאנספיראטיווע באדינגונגען ביז נאיאבר 1905 קיין רע־גיסטראציע פון מיטגלידער פון פארטיי ניט פארגעקומען אין די ארגאניזאציעס.

די אָרגאַניזאַציע האָט געפּירט אַ גרויסע צוגרייטונג צו אָרגאַניזירן אַר־בעטערקלובן. דידאַזיקע פראַגע ווערט באַלויכטן אין דער אַרטיקער פּרע־סע מיטן ציל צו צוציען צו דערדאָזיקער זאַך די אויפמערקזאַמקייט פון דער באַפעלקערונג.

עס ווערט אויסגעאַרבעט אַ פּלאַן און אַ פּראָגראַם פון קינפּטיקע לעק־ציעס. אין דער ערשטער ריי איז פאָרגעלייגט געוואָרן צו איינאָרדנען לעק־ציעס איבער סאָציאַלע און פאָליטישע פראַגן.

ווי איך האָב שוין אויבן באַמערקט, איז איינע פון די קראַנקע זייטן פון דער מינסקער אָרגאַניזאַציע געווען דער מאַנגל אין ליטעראַטור.

נאָר אינמיטן נאָיאַבער האָט זיך אין מינסק געעפנט אַ מאַרקסיסטישער פאַרלאַג פון אַדעקסעיעוו אונטערן נאָמען „מאָלאָט". אָפּן ביכערמאַרק האָבן זיך באַוויזן לעגאַלע אויסגאַבן פון מאַרקס ווערק, פון ענגעלס און אַז. וו.

איך האָב שוין אָנגעוויזן, אַז די מינסקער גרופּע האָט אין פאַרלויף פון יאָר 1905 געמומען זיך צו רעוואָלוציאָנערע מיטלען פון פאַרכאַפּן דרוקע־רייען, אין עקסטרע פאַלן און בא אַ פאַל פון אַרויסלאָזן אויפרופן. אין נאָיאַבער כוידעש זיינען אַזעלכע פאַלן געווען אָן אָפּטע דערשיינונג.

זייער אינטערעסאַנט זיינען די יעדיעס פון די לעגאַלע צייטונגען פון יע־נעם פּעריאָד וועגן דידאַזיקע אַקטן. איך געפין פאַר נויטיק צו ברענגען אָן קיי־נע פאַרענדערונגען די יעדיע פון דער צייטונג „סעוועראָזאַפּאַדני קראַי" וועגן פאַרכאַפּן די דרוקערייען.

אונטערן קעפּל „אַן אומלעגאַלע" פּראָקלאַמאַציע אין אַ לעגאַלער דרו־קעריי" מעלדעט די מינסקער צייטונג „סעווערא־זאַפּאַדני קראַי" פאָלגנדי־קעס*):

„16־טן נאָיאַבער זיבן אַ זייגער אָוונט זיינען אין דער דרוקעריי פון נאַ־כומאָוון אויף פּרעאָבראַזשענסקע (איצט אינטערנאַציאָנאַלע גאַס) געקומען 20 אַר־בעטער און אין נאָמען פון מינסקער גרופּע ר.ס.ד.א.פּ. האָבן זיי אַרעסטירט אין דער געביידע פון דרוקעריי אַלע ביי וועזנדע אָנגעשטעלטע דרייצן מענטשן און האָבן דערקלערט, אַז זיי טרעטן צו דרוקן פּראָקלאַמאַציעס. אַלע די, וועל־כע זיינען אַריין אין דער דרוקעריי אין דער צייט פון דרוקן, זיינען פאַרהאַלטן און פאַרזעצט געוואָרן אין אַ באַזונדער צימער. אין אַלגעמיין זיינען געווען אַרעסטירט צוועלף מאַן פרעמדע, אינגאַנצן 25 מאַן.

ווען מע האָט פאַרענדיקט דעם זאַץ פון דער פּראָקלאַמאַציע „צו די ביר־גער" (וועגן שטרייק פון די אָנגעשטעלטע אין פּאָסט און טעלעגראַף), איז מען צוגעטראָטן צו דער קאָרעקטור, דערביי האָט מען די קאָרעקטור געהייסן

*) זע „סעווערא־זאַפּאַדני קראַי" נומ. 790.

מאַכן, ווי מע האָט אונדז איבערגעגעבן, דעם אָנגעשטעלטן פֿון „בעלאָרוסקי וועסטניק", דעם ה' גינזבורג*).

ווען די פּראָקלאַמאַציע איז געוואָרן פּאַרטיק, האָט די „וואַך" אופגעלייגט זי, צוגענומען און איז אַוועקגעגאַנגען. די „אַרעסטירטע" זיינען באַפרייט געוואָרן. ווי מע גיט אונדז איבער, שיקט אָפּ די מינסקער גרופּע ר.ס.ד.א.פּ. דעם הער נאַכומאָוו פֿאַר די אויסגעניצטע פּאַפּיר די אַנטשפּרעכנדיקע סומע געלט".

נאָר איין דרוקעריי איז אָפּטמאָל ניט געווען אימשטאַנד צו באַדינען די באַדערפֿענישן פֿון דער מינסקער גרופּע אין דרוקערייזאַכן. גאַנץ אָפט איז אויסגעקומען צו פֿאַרכאַפּן צוויי דרוקערייען מיט איין מאָל.

אין דעם זעלביקן נומער פֿון דער צייטונג „סעוועראָ-זאַפּאַדני קראַי" גע־פֿינט זיך פֿאָלגנדיקע מעלדונג פֿון דער רעדאַקציע:

„נעכטן האַלב צען א זייגער אָוונט זיינען אין רעדאַקציע געקומען אַ דרייסיק מאַן באַוואָפֿנטע אַרבעטער, האָבן פֿאַרכאַפּט דעם אַריינגאַנג אין דרו־קעריי און דירע פֿון רעדאַקטאָר און האָבן אין נאָמען פֿון דער מינסקער גרופּע ר.ס.ד.א.פּ. דערקלערט, אַז זיי טרעטן צו דרוקן פּראָקלאַמאַציעס. אָפּ־דרוקנדיק אייניקע טויזנט פֿלוגבלעטלעך „צום רוסישן פֿאָלק" און „צו די סאָל־דאַטן", אונטערגעשריבן פֿון צענטראַלקאָמיטעט פֿון ר.ס.ד.אַ.פּ., זיינען זיך די אַרבעטער צום פֿרימאָרגן צוגאַנגען.

„צוליב דאָס אויבנגעזאָגטע גייט דער היינטיקער נומער אַרויס מיט גרויס פֿאַרשפּעטיקונג און אין א קלענערער צאָל עקזעמפּליאַרן".

אין דעם פֿאָלגנדיקן נומער גיט די צייטונג דעטאַלערע ידיעות וועגן פֿאַר־כאַפּן די דרוקעריי. זי מעלדעט, אַז פֿאַר די פּאַפּיר, וואָס איז אויסגענוצט גע־וואָרן פֿאַר די פלוגבלעטלעך, האָט די מינסקער גרופּע אַריינגעשיקט דער רע־דאַקציע זיבן רובל מיט פופציק קאָפּיקעס.

עס האָט זיך אויך באַמערקט אַן אופלעבונג אין דער טעטיקייט פֿון אַנ־דערע פּאַרטייען. אף ספּעציעלע פֿאַרזאַמלונגען האָבן די בונדיסטן גענומע־אַרויסרוקן די נאַציאָנאַלע פֿראַגע און אויך פֿראַגן, וואָס זיינען מיט איר פֿאַר בונדן, פֿראַגן וועגן זעלבסבאַשטימונג פֿון נאַציע, וועגן נאַציאָנאַלקולטורעלע אַווטאָנאָמיע א. א. וו.

פֿון „בונד" שטייען ניט אָפּ די ציעניסטן. אָפּט ווערן געלייענט פֿאָר־טראַגן וועגן דער פוילישער אווטאָנאָמיע א. אז. וו., עס טרעטן אַרויס די ווייסרוסן.

יעדער גרופּע פון דער באַפֿעלקערונג, יעדער פּאַרטיי איילט זיך צו פֿאָר־מולירן אירע פֿאָדערונגען אוּן אַרויסצורוקן איר פּראָגראַם. גאַנץ אָפּט באַווייזן

*) אין דערדאָזיקער דרוקעריי האָט זיך געדרוקט די רעאַקציאָנערע צייטונג „בעלאָרוסקי וועסטניק" און גינזבורג איז געווען דער קאָרעקטאָר אין דערדאָזיקער צייטונג.

זיך אף דער סצענע די סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן, וואָס זיינען אין מינסק ביז דעם אָקטיאַברשטרייק קימאַט געווען אומבאַמערקט.

טיילווייז האָט זיך די עסערישע פּאָזיציע פאַרעסטיקט נאָך דעם אייזנבאַנשטרייק פון אָקטיאַבר, ווייל אַ געוויסער טייל פון די אָנפירער פון מינסקער אָפּטיילונג פון אייזנבאַנפאַריין, אַ שטייגער, זשאַבאַ, גאַמזאַגורדי און אַנדערע, זיינען געווען אָדער אָפיציעל סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן אָדער מיטפילער.

עס האָבן זיך פאַרשטאַרקט די פויערישע אומרוען אין דער גובערניע. אַגראַרע אומרוען זיינען פאָרגעקומען אין איינעקע קרייזן. אין הויף האָראָדאָק, וואָס האָט געהערט דער גראַפינע טישקעוויטש, זיינען די פויערים צוגעטראָטן צו אויסהאַקן דעם וואַלד.

אין איהומענער קרייז האָט זיך די אַגראַרבאַוועגונג געצויגן א גאַנץ זומער. צום סאָף נאָיאַבר נעמט זי אָן א באַזונדער שטורמישן כאַראַקטער.

אין הויף אָזערינג, וואָס האָט געהערט דעם סענאַטאָר שעוויטש, ניט ווייט פון מינסק, האָבן די פויערים צוגענומען היי און אַוועקגעפירט אַף פריצישע פורן. די פאָליציי האָבן די פויערים באַגעגנט מיט שטעקנס און זי האָט גע־מוזט אנטלויפן.

עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ מאַסנאויסהאַקונג פון די פריצישע וועלדער דורך די פויערים. גאַנץ אָפט פלעגן די פויערים אַראָפּנעמען פריצישע טוווע פון די פעלדער.

פון די פריצישע אָבאָרעס פלעגן די פויערים אַרויספירן בהיימעס און פערד, עס זיינען געווען פאַלן, ווען די פויערים האָבן אונטערגעצונדן הויפן.

איינעקע פריצים פלעגן זיך אויסקויפן מיט געלט. צו באַשיצן די פריצים פלעגן אין דאָרף אַרויסגעשיקט ווערן קאַזאַקן.

די סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן האָבן זיך באַרימט, אַז די פויערישע באַוועגונג איז זייער פאַרדינסט, כאָטש אַפילו זייער אַרבעט אין מינסקער גובערניע איז געווען גאַנץ אומבאַדייטנדיק און אומבאַמערקבאַר.

פאַרקערט, די מינסקער גרופע ר.ס.ד.א.פּ. האָט אין פאַרלויף פון גאַנצן יאָר 1905 געשיקט אין די דערפער אַגיטאַטאָרן און פראָפּאַגאַנדיסטן, און מיט דער הילף פון די שטעטלדיקע אָרגאַניזאַציעס האָט זי פאַרשפּרייט אין דאָרף ליטעראַטור, איינגעאָרדנט מיטינגען פון די פויערים. די פויערים האָבן זיך באַצויגן מיט גרויס מיטגעפיל צו די רעדעס פון אונדזערע אָראַטאָרן.

וועגן דער פראַגע פון אויסנוצן דער סטודענטנשאַפט, איז, אַגעוו, באַ אונדז פאָרגעקומען אַ רייבונג מיט די עסערן. די מינסקער אָרגאַניזאַציע פון ר.ס.ד. א.פּ. האָט באַשלאָסן אויסנוצן די סטודענטן, וואָס זיינען דעמאָלט אין מינסק געווען ניט אין אַ קליינער צאָל.

מיר האָבן אויפגערופן אַ פֿאַרזאַמלונג פֿון סטודענטן, וואָס איז פֿאָרגעקומען אונטערן פֿאָרזיץ פֿון לענסקין (וואַלעריאַן). דידאָזיקע פֿאַרזאַמלונג איז פֿאָרגעקומען אין דער געזעלשאַפֿט פֿון די קונסטליבהאָבער. די פֿאַרזאַמלונג איז באַשטאנען פֿון אַ סאַך מענטשן. דער ציל פֿון אופרופן זי, איז געווען איינאָרדענען אַן אומפּאַרטעיִשן סטודענטישן קלוב, ווו מע האָט געזאָלט אויסנוצן די סטודענטן פֿאַר דער טעכנישער הילף פֿון דער אָרגאַניזאַציע, פֿאַרזאַמלען געלט א. א. וו.

נאָך אַ פֿאָרטראַג, זיינען די עסערן, וואָס זיינען געווען אַף דער פֿאַרזאַמלונג, אַרויסגעטראָטן מיט אַ פֿאָרשלאַג צו אָרגאַניזירן אין מינסק אַ פּאָליטישן סטודענטישן פֿאַרבאַנד. דערדאָזיקער פֿאָרשלאַג איז פֿאַר אונדזערע אָראַטאָרן געווען אַן אומדערוואַרטע זאַך.

עס איז פֿאָרגעקומען אַ הייסע פּאָלעמיק. די פּאָלעמיק איז באַלד איבערגעגאַנגען אַפֿן געביט פֿון פּרינציפּיעלער באַציִונג צו דער אינטעליגענץ.

אונדזערע אָראַטאָרן האָבן דערוויזן, אַז די סטודענטנשאַפֿט איז, ווי די אינטעליגענץ אינגאַנצן גענומען, ניט קיין איינהייטלעכע און אַז אין איר, אין דער סטודענטנשאַפֿט, געפֿינען זיך מענטשן פֿון פֿאַרשיידענע קלאַסן, פֿון פֿאַרשיידענע וועלטאַנשויונגען, פֿון פֿאַרשיידענע פּאַרטייען און דעריבער קאָן אַזאַ פֿאַרשיידנפֿאַרביקע אָרגאַניזאַציע ניט עקזיסטירן. נאָך אָנהויב פֿון דעם עסערישן אַרויסטריט איז קלאָר געוואָרן, אַז די מערהייט פֿון דער פֿאַרזאַמלונג איז גענייגט צו זייער צאַד.

נאָך לאַנגע רעדעס, שטעלט דער פֿאָרזיצער לענסקי די פֿראַגע צו אָפּשטימונג. די פֿאַרזאמלונג האָט זיך מיט אַ מערהייט שטימען אַרויסגעזאָגט פֿאַרן פֿאָרשלאַג פֿון די עסערן.

אונדזער פּרעזידיום האָט אַלס צייכן פֿון פּראָטעסט אַראָפּגענומען פֿון זיך די פֿולמאַכט. אַ טייל סטודענטן, וואָס האָט מיטגעפֿילט אונדזער פּאַרטיי, און אויך די סטודענטן-בונדיסטן, האָבן מיט אַ טומל און פּראָטעסט פֿאַרלאָזן די פֿאַרזאַמלונג. עס זיינען פֿאַרבליבן יענע סטודענטן, וואָס האָבן מיטגעפֿילט די עסערן און פּ.פּ.ס.

פֿון דער צייט אָן, איז די צושפּאַלטונג פֿון די סטודענטן, געגאַנגען נאָך ווייטער, נאָך מיט אַ גיכערן טעמפּ ווי פֿריער.

אָבער אויב אין שטאָט האָבן די עסערן זיך געקענט ריכטן אַף אַ וואָסער ניט איז דערפֿאָלג צווישן איינצלנע גרופּן אינטעליגענץ, האָבן זיי אָבער אין דער אַרבעטערסוויווע קיין שום דערפֿאָלג ניט געהאַט. די דיסקוסיעס מיט די עסערן זיינען די ערשטע צייט פֿאָרגעקומען קימאַט אַף אַלע פֿאַבריקן, זאַוואָדן און אייזנבאַנוואַרשטאַטן. דידאָזיקע דיסקוסיעס זיינען געוויינטלעך פֿאַרענדיקט געוואָרן מיט רעזאָלוציעס, וואָס האָבן אַנערקענט די ריכטיקייט פֿון דער פּאָליטיק, פּראָגראַם, און טאַקטיק פֿון ר.ס.ד.א.פּ. מע דאַרף צוגעבן אַז שאַרף איז דער קאַמף מיט די עסערן געווען אין יאָר 1906 און אָנהויב 1907.

די שטרעבונג צו אָרגאַניזירן זיך האָט פאַרכאַפּט ניט נאָר די אַרבעטער, נאָר אויך אַנדערע שיכטן פון דער באַפעלקערונג, עס האָבן זיך געבילדעט פאַרבאַנדן פון הענדלער, סאָכרים, הויזאייגנטימער, קוואַרטיראַנטן, אַרענדאַטאָרן, קליינע ערדאַרענדאַטאָרן.

אויך די שוואַרצע קויכעס האָבן זיך געגרייט אָרגאַניזירן זיך אין דעם אַזוי גערופענעם „פאַרבאַנד" פון רוסישן פאָלק.

אין מינסק האָט די שוואַרצע מייע געהאַט אירע אָנפירער אין דער פערזאָן פון אייניקע הויכע טשינאָווניקעס, אַריסטאָקראַטן און גאַלאָכים. סאָף נאָיאַבר מאַכן די שוואַרצמייעניקעס אַ פּרווו צו אַרויסטרעטן אַף אַרבעטערפאַרזאַמלונגען. אַף די פאַרזאַמלונגען, וואָס זיינען איינגעאָרדנט געוואָרן פון דער שוואַרצער מייע, זיינען צווישן אַנדערע אויך אַרויסגעטראָטן גאַלאָכים.

דער פּראָטאָיערייי אוספענסקי האָט גערופן צו קעמפן מיט די „קראַמאָלניקעס". מע האָט געהאַלטן פּאָגראָמרעדעס אין די קלויסטערס.

אין מינסק האָבן די שוואַרצמייעניקעס געפּרווט אַרויסלאָזן אַן אייגענעם געדרוקטן אָרגאַן. עס איז אָבער ניט געווען קיין איין זעצער, וואָס זאָל מאַסקים זיין דעמדאָזיקן אָרגאַן צו זעצן.

צום סאָף נאָיאַבר זיינען געווען אָפטע צופאַלן, ווען מע פלעגט אָנפאַלן און שלאָגן איינצלנע בירגער. די זעלבסטשוץ האָט מיט דערפאָלג געקעמפט מיט דידאָזיקע שוואַרצע עלעמענטן.

דער קאַמף מיט דער שוואַרצער מייע איז אויך פאָרגעקומען אין אַלע קרייזשטעט פון מינסקער גובערניע. אין באָברויסק האָט די זעלבסטשוץ אָפּגענומען בא די פּאָגראָמשטשיקעס פאַרשיידענע ווערטזאַכן, וואָס די פּאָגראָמשטשיקעס האָבן אָנגעראַבירט אין דער צייט פון קיעווער פּאָגראָם.

VII.

צוגלייך מיט דער פאַרטייבוויונג דאַרף מען אויך באַמערקן די טעטיקייט פון דער מינסקער גרופּע אַפּן געביט פון אָרגאַניזירן די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען.

די סטיכישע שטרעבונג צום סאָף 1905 פון אַרבעטער פון פאַרשיידענע פּראָפעסיעס צו אָרגאַניזירן זיך אין פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען האָט געפונען פיל אָרגאַניזאַציעס פון ר.ס.ד.א.פּ. ניט צוגעגרייט אַפּן דאָזיקן געביט. אַפילע די נויטווענדיקייט פון אַזוינע אָרגאַניזאַציעס איז בא אַסאַך געווען אונטער א פראַגע צייכן. ניט ווייניק כאווייריִם זיינען געווען, וואָס האָבן געהאַלטן, אַז די עקזיסטענץ פון אָפּגעזונדערטע פון דער פאַרטיי פּראָפעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציעס זיינען שעדלעך.

זיי האָבן געמיינט, אַז די פּראָפאַריינען וועלן אָפּציען די אויפמערקזאַמקייט פון די אַרבעטער פון פּאָליטישן קאַמף, פון די אינטערעסן פון דער

רעוואלוציע און וועלן זיי שטויסן אַפֿן וועג פֿון קליינלעכע צעכנאַינטערעסן, וואָס זיינען פֿאַרבונדן מיטן אלטעגלעכן קאמף פֿאַר העכערן דעם אַרבעטלוין, פֿאַר פֿאַרקירצן דעם אַרבעטטאָג א.א.וו.

אַן אָפּשיין פֿון אַזאַ קוק געפֿינען מיר אין דער רעזאָלוציע וועגן די פּראָפֿאַריינען, וואס איז אַרויסגעטראָגן געוואָרן אַף דער קאָנפֿערענץ פֿון די דאָרעמדיקע קאָמיטעטן.

דידאָזיקע רעזאָלוציע זאָגט פֿאָלגנדיקעס:

„אין דעם רעוואלוציאָנערן פעריאָד, וואס מיר לעבן איצט איבער, דאַרף די סאָציאַלדעמאָקראַטיע ניט נעמען אַף זיך די איניציאַטיוו צו בילדן פּראָפֿעסיאָנעלע פֿאַריינען. פֿאַרקערט, זי דאַרף פֿירן אַן אַגיטאַציע אין דעם זין, אַז בא איצטיקן מאָמענט דאַרפֿן אלע קויכעס און די גאַנצע ענערגיע פֿון אַרבעטערקלאס זיין געווענדעט צום פּאָליטישן קאמף, און די אָרגאַניזאַציע פֿון ריין פּראָפֿעסיאָנעלע פֿאַריינען וואָלט געווען פֿעיִק צו אָפּשוואכן די רעוואָלוציאָנערע ענערגיע פֿון אַרבעטערקלאס און אָפּציען זיין אופמערקזאמקייט פֿון פּאָליטישע אופגאַבן" *).

אָבער ניט נאָר איינצלנע אָרגאַניזאַציעס. אַפילע דער צ.ק. ר.ס.ד.א.פּ. האָט דערלאזן די אָרגאַניזאַציע פֿון פּראָפֿעסיאָנעלע פֿאַריינען מיט אַן אויסרייד. אין דעם הינזיכט איז אינטערעסאַנט דער פּראָיעקט פֿון דער רעזאָלוציע פֿון צ.ק. ר.ס.ד.א.פּ. וועגן פּראָפעסיאָנעלע פֿאַריינען, וואס איז פֿאָרגעלייגט געווען צו באהאנדלען אַלע פֿאַרטייאָרגאַניזאציעס.

אין פערטן פונקט פֿון דעמדאָזיקן פּראָיעקט, רעקאָמענדירט, אַגעוו, דער צ.ק., אַז „די איניציאַטיוו איינצואָרדענען פּראָפֿעסיאָנעלע פֿאַריינען דאַרפֿן אַף זיך די פֿאַרטייאָרגאַניזאַציעס נעמען דעמאלט, ווען אין דער פּראָלעטאַרישער מאַסע מערקט זיך אָן א באשיינפערלעכע שטרעבונג צו א ברייטער אָרגאַניזאַציע אַפֿן געביט פֿון פּראָפֿעסיאָנעלער פֿאַרייניקונג א.א.וו."

פֿון דער אַנדערער זייט האָט עקזיסטירט א קעגנזעצלעכע שטרעמונג, אז עס איז נויטיק צו אָרגאַניזירן פּראָפֿאַריינען.

פֿאָלעמיזירנדיק מיט די קעגנער פֿון אָרגאַניזירן עקאָנאָמישע פֿאַריינען, שרייבט כ׳ לענין:

„מיינענדיק, אַז אף דערדאָזיקער אַנטוויקלונגמאַדרייגע איז מעגלעך צו צונויפשליסן די ברייטע מאַסן אַרבעטער אין פּאָליטישע פֿאַריינען, וואס זאלן מיט זיך פֿאַרבייטן די פּראָפֿעסיאָנעלע, הייסט האבן א גראָבן היסטאָרישן טאָעס".

דער כ׳ לענין האָט געהאלטן פֿאַר נויטיק, אז צוגלייך מיט דער פּאָליטישער פֿאַרטיי זאָלן עקזיסטירן פּראָפֿעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציעס. ער זאָגט זיך אָנטשיידן אַרויס קעגן דעם פֿאָרשלאג, צו קאָנצענטרירן אין אַן איינהייטלעכער פּאָליטישער פֿאַרטיי דעם פּאָליטישן און עקאָנאָמישן קאמף.

*) זע „פּראָלעט". נומ. 15.

אין דער פֿראַגע וועגן פּאָליטישן כאַראַקטער פֿון די פּראָפֿאַריינען זיינען אויך געווען פֿאַרשיידענע אַנשויונגען. אייניקע זיינען באשטאַנען צו אָרגאַניזירן פּאַרטעיִשע פּראָפֿאַריינען. אַנדערע האָבן פֿאַרטיידיקט די אומפּאַרטעיִשקייט פֿון די פּראָפּאַריינען, ד. ה., אַז אין באשטאַנד פון די פּראָפֿאַריינען זאלן אַריינגיין אַרבעטער, אומאָפּהענגיק פון זייער פּאַרטייאָנגעהעריקייט. עס זיינען אויך געווען אָנהענגער פֿון נייטראַלע, ד. ה. אַפּאָליטישע פֿאַריינען, א שטייגער, ווי די ענגלישע טרעדיוניאָנען. אָט דערדאָזיקער, אין טאָך גענומען, רעאַקציאָנערער קוק, האָט געהאט ווייניק אָנהענגער. די אידייע פֿון נייטראַליזם האָט פֿריער פּראָפּאַגאַנדירט דער באוווסטער אַגענט פֿון אָכראַנקע זובאטאָוו און די „אומאָפּהענגיקע" אין מינסק*).

אין יאָר 1905 האָט די פּאָליטישע אַרבעטעראָרגאַניזאַציעס גערופֿן אַפֿן וועג פֿון נייטראַליטעט אַן אַגענט פֿון דער צאַרישער רעגירונג, א געוועזענער פּעטערבורגער אַרבעטער, דער גאפּאָנאָוועץ אושאקאוו.

דער „בונד" און די פּוילישע פּ.ס.ד. אין צאָפֿנמאַירעוואָקאַנט, זיינען געשטאַנען פֿאַר דעם, אַז עס זאלן אָרגאַניזירט ווערן נאַציאָנאַלע פּאַרטעיִשע פּראָפֿעסיאָנעלע פֿאַריינען.

נאָך דער פֿערטער (פֿאַרייניקטער) צוזאמענפֿאָר פֿון ר.ס.ד.א.פּ. האָט געמאַכט א סאָף צו די פֿאַרשיידענע מיינונגען. ווי עס איז באוווסט, זאָגט די רעזאָלוציע פֿון פערטן צוזאַמענפֿאָר וועגן די פּראָפֿאַריינען אַזוי:

„די פּאַרטיי דאַרף אונטערהאלטן די שטרעבונג פֿון די אַרבעטער פּראָפֿעסיאָנעל אָרגאַניזירן זיך. מיט אלע מיטלען דאַרף זי מיטווירקן אויסצובילדן אומפּאַרטעיִשע פּראָפֿעסיאָנעלע פֿאַריינען".

דער פערטער צוזאמענפֿאָר האָט אַנטשיידן אָפּגעווארפֿן דעם פּרינציפּ פון אָרגאַניזירן פּראָפֿעסיאָנעלע פֿאַריינען לויט די נאַציאָנאַליטעטן.

פון סאמע אָנהויב אָן האָט די מינסקער אָרגאַניזאַציע אונטערגעהאלטן דעם שטאַנדפּונקט וועגן אומפּאַרטעיִשקייט פון די פּראָפּאַריינען.

נייטראַליסטן זיינען אין מינסק געווען זייער ווייניק. זיי האבן געהאט אָנהענגער ניט מער, ווי צווישן די העכערע האנדל און באנקאָנגעשטעלטע.

אונדזער אָרגאַניזאַציע איז אויסגעקומען צו פירן א קאמף מיט אַן ערנסטער שטימונג, וואס איז געשטאַנען אַפֿן שטאַנדפּונקט פֿון נייטראַליזם. דאָס איז געווען אף דער גרינדונגפֿאַרזאמלונג פֿון פֿאַריין קאנטאָראָנגעשטעלטע. איינער פֿון די גרינדער פֿון דעמדאָזיקן פּאַריין האט זיך קאטעגאָריש אַרויס-

*) אין מינסק און אין אדעס האבן זיך די זובאטאווצעס אנגערופֿן אומאָפּהענגיקע. די אומאָפּהענגיקע האבן געזאגט, אז זיי שטעלן זיך א ציל צו קעמפֿן נאָר פֿאר דער עקאָנאמישער פֿארבעסערונג פֿון דעם ארבעטערס לאַגע. דעמדאָזיקן קאמף האבן זיי ניט פֿארבונדן מיט פּאָליטיק.

געזאָגט קעגן איינשליסן אין די טאַקטאָנעס פֿון פֿאַריין א פּונקט וועגן קלאסנ-קאמף. נאָך אן אקשאָנעסדיקן קאמף האט זיך איינגעגעבן צו דורכפירן דעמ-דאָזיקן פּונקט.

אונדזערע כלוקעדייעס מיטן „בונד” וועגן די אָרגאַניזיר־פֿראַגן פון די פּראָפֿאַריינען זיינען אין אלגעמיין געווען ענלעך צו די כלוקעדייעס אין די פֿראַגן וועגן פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע—די זעלביקע רייד וועגן דער באַדייטונג פון דער שפּראַך, וועגן דער פּסיכאָלאָגיע פון יידישן אַרבעטער, וועגן זיין לאַגע אין עקאָנאָמישן לעבן פון לאַנד א. א. וו. דער „בונד” האט ווי פֿאַרשטאַנען, אַז דער ניצאָכן פֿון דעם שטאַנדפּונקט, צו אָרגאַניזירן די פּראָפֿאַריינען לויטן פּראָדוקציאָנעלן און ניט נאַציאָנאַלן אומ-פּאַרטעיִשן פּרינציפּ, וועט ברענגען אן אנטשיידענעם קלאַפּ דער בונדישער טעאָריע אין דער פֿראַגע פֿון בויען די פּאַרטיי, און די יידישע מאסע וועט אונטערפֿאַלן אונטער דער אידעיִשער ווירקונג פֿון ר.ס.ד.א.פּ. דערדאָזיקער געדאַנק האט, אן שום סאָפּעק, געשפּילט איינע פון די באַדייטנדיקע ראָלעס אין דער דיסקוסיע וועגן דער פֿראַגע פון די פּראָפֿאַריינען.

עס האָט זיך אנגעהויבן אַ פּיבערהאפטיקע קאמפּאניע צו אופֿרופן גרינ-דונגפֿאַרזאמלונגען פון פֿאַרשיידענע צעכן און פּראָפֿעסיעס אין באלמעלאכישן ראַיאָן. עס זיינען פֿאָרגעקומען פֿאַרזאמלונגען בא די בעקער, בא די ווורשט-מאַכער, טאפּעצירער, פֿאַבריקמאכערס, שניידערקעס, פּאָטאָגראַפֿן, בא די אַרבע-טער פֿון די גילזנפֿאַבריקן א.א.וו.

ווונדערלעך גיך, איינע נאָך די אַנדערע, זיינען געוואקסן די פֿאַריינען. דער ערשטער איז אָרגאַניזירט געוואָרן דער פֿאַריין פון די אַרבעטער אין די שפּילקעספֿאַבריקן.

די דרוקער און איינבינדער האבן אָרגאַניזירט באזונדערע פֿאַריינען. צוליב די כלוקעדייעס מיטן „בונד” אין דער פֿראַגע וועגן די פּראָפֿעסיאָנעלע פֿאַריינען, איז אויסגעקומען צו פירן דיסקוסיעס אף די גרינדונגפֿאַרזאמלונגען וועגן פּאָליטישן כאַראַקטער פון די אָרגאַניזירטע פֿאַריינען.

דיסקוסיעס זיינען פֿאָרגעקומען הייסע. עס זיינען געווען פֿאַלן, ווען די כלוקעדייעס צווישן דער מינסקער גרופּע און „בונד” האָבן געבראַכט דערצו, אַז די פֿאַריינען זיינען צוברעקלט געוואָרן. אזוי צום ביישפּיל זיינען אָרגאַני-זירט געוואָרן צוויי פֿאַריינען פֿון האַנדלאָנגעשטעלטע. איינער איז געווען אַ בונדיסטיש-פּאַרטעיִשער און דער צווייטער אַן אומפּאַרטעיִשער. דער לעצטער האָט זיך געפונען אונטער דער פּאַרטעיִשער ווירקונג פון אונדזער אָרגאַניזאציע. ניט געקוקט אַף דעם אומפּאַרטעיִשן שילד, זיינען די פֿאַריינען געווען פּאַקטיש אונטער דער אידעיִשער ווירקונג פון אונדזער פּאַרטיי.



מינסקער אייזנבאַנער, פּאַמישפּעטע פאַר באַטייליקן זיך אין שטרייק אין 1905-טן יאר אף פאַרשיקונג.
זיצן פון רעכטס אף לינקס—די באַשולדיקטע: ניקאָלסקי, גאַמזאַגורדי, זשאַבאָ, רעווערעלי, וואָלינסקי, מעטלין, קוזנעצאָוו און לעווינסקי.

## VIII.

צום סאָף פון יאָר 1905 איז פאַרשארפט געוואָרן די פראגע וועגן די מיטלען פאַר דער פאַרטעיִשער אַרבעט. די פאנאנדערגעוויקלטע אַרבעט האָט געפאָדערט גרויסע מיטלען, אָבער די מיטלענקוועלן זיינען באדייטנדיק פאַר־קירצט געוואָרן.

די ליבעראַלע בורזשואזיע איז פריער געקומען צו הילף די רעוואָלוציאָ־נערע אָרגאניזאציעס, אין דער צאָל אויך אונדזער פארטיי. אָבער נאָכדעם, ווי די פארטיי האָט שארף אוועקגעשטעלט די פראגע וועגן דער באציונג צו די ליבעראלן און וועגן קאַמף מיט זיי, האָט די ליבעראלע בורזשואזיע אופגע־הערט צו געבן מיטלען,

עס פארשטייט זיך, אז די סאָציאליסטן־רעוואָלוציאָנערן און טיילווייז די מענשעוויקעס האָבן די ליבעראלן פאָרגעזעצט צו אונטערשטיצן.

קעדיי צו געפינען מיטלען אויסער די מיטגלידאָפצאָלן, האָט די אָרגאַני־זאציע געמאכט פארשיידענע „געשעפטן". דער קאסיר פון דער מינסקער גרו־פע וו. א. וואלינסקאיא האָט ארויסגעוויזן אף דעמדאָזיקן געביט אַ סאך ענערגיע. די „געשעפטן", וואָס זי האָט אָרגאניזירט, האָבן געבראכט רעווען און זיינען געווען איינגעגעבן.

די מיטלען צום פארדינען זיינען געווען פארשיידענע. פאר א באזונדער הויכן פרייז האָט מען פארקויפט דער ליבעראלער אינטעליגענץ אומלעגאַלע ליטעראטור. מע האָט פאַרקויפט קארטלעך פון רעוואָלוציאָנערע טוער, מע האָט געזאמלט נעדאָוועס, איינגעאָרדנט געצאָלטע רעפעראטן פאר דער אינטעלי־גענץ וועגן פארשיידענע פראגן, מע האָט איינגעאָרדנט אָוונטן מיט טענץ און אונדזער פינאנסיסטקע וו. א. וואלינסקאיא (מארפא) האָט צו דעם צוגעצויגן פארשיידענע דאמען־פאטראנעסן. אזעלכע אָוונטן און דער בופעט האָבן געגעבן אַ גאנץ היפשע האכנאָסע.

עס זיינען געווען אָוונטן, ווען די ליבעראלע אינטעליגענץ האָט געטיילט דעם „רעווען" פון זיי צווישן פארשיידענע רעוואָלוציאָנערע אָרגאניזאציעס און אָפטמאָל אויך דעם רויטן קרייץ.

## IX.

דער שטרייק פון די אָנגעשטעלטע אין פּאָסט און טעלעגראף אין מינסק האָט זיך אָנגעהויבן אין די ערשטע טעג פון נאיאבר און האָט זיך געצויגן ביז אָנהויב דעקאבר. צו דעמדאָזיקן שטרייק איז צוגעשמידט געוואָרן די גאנצע אופ־מערקזאמקייט פון דער אָרגאניזאציע דערפאר, וואָס אָט דער שטרייק האט געהאט א גרויסע פאָליטישע באדייטונג.

נאָך אין די ערשטע טעג פון שטרייק, האָט זיך פארבונדן אן אקשאָנעסדי־קער קאמף צווישן די שטרייקער און דער פאָליציי. אין דער ערשטער צייט איז די אנפירער פון שטרייק אויסגעקומען צו ווענדן זיך ניט נאר צו אגי־טאציעמיטלען, נאר אויך צו די כימישע ווידעשטאנדן*).

דידאָזיקע מיטלען זיינען באַשטאַנען אין דעם, וואָס מע פלעגט פּאָשעט אַ וואָרף טאָן אַ פלעשל מיט אַ שטינקעדיקער כימישער פליסיקייט אין דעם אָרט, ווו עס איז פאָרגעקומען אַ געוויסע פֿאַרזאַמלונג, און דידאָזיקע פלעשל האָט געצוווּנגען אַוועקצוגיין די, וועלכע עס פלעגן וועלן פֿאַרבלייבן.

צום קאַמף מיט דעמדאָזיקן שטרייק האָט די פּאָליציי און זשאַנדאַרמע־ריע מאָבליזירט אַלע זייערע קרעפֿטן און מיטלען. מיצאַד דער פּאָליציי איז געמאַכט געוואָרן אַ פרווו צו שיקן די קאזאַקן פֿאַנאַנדערטראָגן בריוו. אַף דער טעלעפֿאָנסטאַנציע האָבן די טעלעפֿאָנבאַרישנעס די ערשטע צייט פֿאַרביטן קאָזאַקישע אָפֿיצערן און פּאָליצעישע „טשינעס". אָבער יענער גוואַלטיקער מיט־געפֿיל, וואָס איז געווען אַרויסגעוויזן צו די שטרייקנדיקע מיצאַד די אַרבעטער און מיצאַד דער באַפֿעלקערונג האָט געבראַכט צו דעם, אַז אַפילע די מיליטע־רישע און פּאָליצעישע שטרייקברעכער זיינען געווען געצוווּנגען צו וואַרפֿן זיי־ער אַרבעט.

די מינסקער גרופּע האָט אין דער צייט פֿונם שטרייק ניט איין מאָל איינגעאָרדנט פֿאַרזאַמלונגען פֿאַר די שטרייקנדיקע אָנגעשטעלטע אין פּאָסט און טעלעגראַף. זי האָט אַרויסגעלאָזן פלוגבלעטלעך, אופֿרופֿן וועגן דעם שטרייק.

### X.

צום סאָף פון כודעש נאָיאַבר הויבט אָן איבערצוגיין די פּאַרלאָרנקייט פון די פֿאָרשטייער פון דער צאַרישער מאַכט. די פּאָליציי און די זשאַנדאַר־מעריע פרוּוון זיך אָנצוגרייפֿן.

אין דער צייט קערט זיך אום פֿון פעטערבורג דער גובערנאַטאָר קורלאָוו, גלייכצייטיק באַקומט אורלויב דער פּראָקוראָר ביביקאָוו.

אָנגעהויבן פֿון 18־טן אָקטיאַבר, גייט אין מינסק אַ פֿאַרשטיקטער קאַמף צווישן דעם קאַדעטישן פּראָקוראָר ביביקאָוו מיטן גובערנאַטאָר קורלאָוו. די סיבע פון דעמדאָזיקן הינטערקוליסנקאַמף צווישן די צוויי צאַרישע דינער איז געווען די קורלאָווצושיסונג פון 18־טן אָקטיאַבר.

---

*) די רעוואָלוציאָנערן אין רוסלאַנד זיינען אַף אזאַ אויפן די איניציאַטאָרן פֿון אויסנוצן גאַזן אין קאַמף מיטן קלאַסנסוינע, צו דידאָזיקע מיטלען האָט מען זיך גענומען, ווען מען האָט געדאַרפֿט צוטרייבן ניט קיין געווונטשענע און פֿיינטלעכע פאַרזאמלונגען. אין דער צייט פֿון די וואלן אין דער גאָסודאַרסטווענער דומע זיינען, אַגעוו, די כימישע מיטלען ניט איין מאָל אויסגענוצט גע־וואָרן פון אונדז אַף צו צוטרייבן פֿאַרזאַמלונגען. עס איז געווען גענוג צו אַ וואָרף טאָן איין פלעשל, קעדיי אַפצורייניקן די געביידע פון דעם פֿאַרזאמלטן פובליקום.

דער פּראָקוראָר בּיבּיקאָוו בּאַשולדיקט קורלאָוון אין איבּערכאַפּן די מאָס פון דער מאַכט (נאָר אין איבּערכאַפּן די מאָס פון דער מאַכט) און קלאָגט אים אָן אין סענאַט *).

קורלאָווס קומען אין מינסק האָט געזאָגט איידעס ווען דער פּאַרפּעס-טיקונג פון דער רעאַקציע.

מיט קורלאָווס אנקומען האָבּן די שוואַרצע עלעמענטן באלד אופגעהויבּן זייערע קעפּ. דרייסיקטן נאָיאבּער האָט די פּאָליציי געמאַכט אַרעסטן צווישן די שטרייקנדיקע אָנגעשטעלטע פון פּאָסט און טעלעגראַף.

עס האָט זיך פּאַרגרעסערט די צאָל שטרייקבּרעכער צווישן די שטרייקער.

די מינסקער גרופּע האָט דערקלערט די שטרייקבּרעכער אַ בּאָיקאָט, צום בּאָיקאָט האָבּן זיך פּאַרייניקט די אייזנבּאַנער.

דער שטרייק פון די אָנגעשטעלטע אין פּאסט און טעלעגראַף, האָט זיך פּאַרענדיקט דעם 6-טן דעקאַבּער.

אין דעמזעלבּיקן טאָג האָט זיך פּאַרענדיקט דער שטרייק פון דער שטאָטישער „קאָנקע". דער שטרייק פּון דער „קאָנקע" האָט זיך פּאַרענדיקט נאָכדעם, ווי די שטרייקער זיינען בּאַפּרידיקט געוואָרן.

אָנהויבּ דעקאַבּער האָט זיך די זשאנדאַרמעריע געפּרוווט צו מאַכן פּלוצלונגדיקע אנלויפן אין די דירעס פון פּאַרשיידענע טוער.

נאָך אָקטיאַבּער זיינען קאמאט אַלע אונדזערע טוער אוועק אין דער אונטערערדישער ארבּעט.

אַרויסטרעטנדיק אָפן אַף מיטינגען אַף געזעלשאַפטלעכע פּאַרזאַמלונגען, אָנפירנדיק מיט די שטרייקן און פירנדיק אין נאמען פון דער ארגאַניזאַציע אונטערהאַנדלונגען מיט די אונטערנעמער און אפּטמאל אויך מיט אפיציעלע פּערזאנען און אנשטאַלטען, זיינען אונדזערע טוער געוואָרן בּאַוווסט דער פּאָליציי.

אין דעקאבּער, אין צוזאַמענהאַנג מיטן צווייטן שטרייק פּון די אייזנבּאַנער, האט מען געמאכט ארעסטן און אונטערזוכונגען, אין דער צייט, ווענדיק אויסמיידן אַן אַרעסט, האב איך פּאַרלאזן מינסק.

---

*) דער בּאשולדיקונגאקט און דער גאנצער איניען קורלאוו שטעלט מיט זיך פּאר א גרויסן אינטערעס. דער בּאריכט פּון איניען קורלאוו אין סענאט איז געדרוקט אין דער צייטונג „דוואדצאטי וועק" 1906-טער יאר נומ. 8 און אין אנדערע צייטונגען פון יענער צייט.

נ. טימאָפייעווא („מארוסיע די קליינע״).

# וועגן דער רעוואלוציאנערער באוועגונג צווישן די שילער אין אנהויב פון 1905 יאר אין מינסק.

אין אָנהויב פון 1905 יאָר האָט זיך די רעוואָלוציאָנערע פראָפּאַגאַנדע צווישן די שילער פון די מינסקער מיטלשולן געפירט דורך דער שילעראָרגאַניזאַציע באַ דער מינסקער גרופּע פון „איסקרא״. דידאָזיקע אָרגאַניזאַציע איז באַשטאַנען פון 7 מענטשן, סאָציאלדעמאָקראַטן—באָלשעוויקעס און פון 15—20 מיטפילנדיקע.

די אָנפירער פון דער שילעראָרגאַניזאַציע זיינען געווען די כ.כ.: 1) לענסקי ניקאָלאַי (וואלעריאן); 2) סודזילאווסקי אלעקסאנדער; 3) קאכאמסקי וואסילי; 4) ליפשטיין סאָפיע; 5) שאבאד נאדיעזשדא (דערהארגעט אפן וואָקזאַלפלאַץ דעם 18 אָקטיאבער 1905 יאָר); 6) ליובימאָוו וולאַדימיר; 7) טימאָפייעווא נאדיעזשדא („מארוסיע די קליינע״). דער פאָרשטייער פון דער מינסקער גרופּע „איסקרא״ אין דער שילעראָרגאַניזאַציע איז געווען טשאפינסקי (אַרטיאם).

אונדזער אַרבעט האָט זיך הויפּטזאַכלעך געפירט צווישן די שילער פון די מינסקער לערנאַנשטאַלטן. אונדזער ארבעט האָט אַסאַך געשטערט די „ליגע פאר רעטן דאָס פאטערלאנד״, אן דער שפיץ פון וועלכער עס זיינען געשטאַנען: מיכאיל דאנקא און טאסמאן. די „ליגע״ האָט זיך געשטעלט אַ ציל צו אויסשפירן און שטערן אונדז און מען דאַרף מודע זיין, אַז דאָס האָט זיך זיי בעסער אייגגעגעבן ווי די פּאָליצייאַגענטן. נאָכן 1905 יאָר האָט דידאָזיקע „ליגע״ איבערגעביטן איר נאָמען אַף „ליגע פון פרייער ליבע״.

ניט קוקנדיק אַף אַלערליי שטערונגען, האט זיך אונדזער ארבעט געשטאַרקט און אונדזער ווירקונג פאַרגרעסערט. אונדזער ארגאניזאַציע האָט געהאַט אַ גרויסע צאָל קרייזלעך אין אלע לערנאַשטאַלטן, מיט אלע שולן האָבן מיר געהאט אַן ענגע פארבינדונג, פון אַלע שולן זיינען אין דער שילעראָרגאַניזאַציע געווען פאָרשטייער.

די לעקציעס אין די קרייזלעך פלעגן זיך אנהויבן פון „אדאם הארישוינען״, אייניקע פראפאגאנדיסטן פלעגן אנהויבן פון קולטורגעשיכטע, אַנדערע פון פּאָליטעקאנאמיע אדער פון ליטעראַטורגעשיכטע. ווי נאר די צוהערער פון די קרייזלעך פלעגן באקומען די מינימאלסטע צוגרייטונג, פלעגט מען אריבערגיין צו דער דירעקטער קריטיק פון דער עקזעסטירנדיקער ארדענונג און צו דער געשיכטע פון דער רעוואלוציאנערער באוועגונג. מען דאַרף זאגן, אַז אַפילע אַף די זאַוואדן פלעגט מען אפּט ארבעטן מיט דעמזעלביקן מעטאד.

פון דער מינסקער גרופּע פלעגן מיר באַקומען אומלעגאַלע ליטעראַטור, פאַר איבערלייענען אַ ביכל פלעגט מען נעמען אַן אָפּצאָל, וועלכער איז געגאַנגען אַף צו פאַרפילן די פאַרטייקאַסע. דער מיטגלידאָפּצאָל איז געווען 25 קאָפּ. עס פלעגן קומען צופאָרן כאַוויירים פון צענטער און פון אַנדערע שטעט לייענען רעפעראַטן אַף פּאָליטישע טעמעס. אַף דידאָזיקע לעקציעס פלעגן איינגעלאדן ווערן אויסער די פאַרטיימיטגלידער אויך מיטפּילנדיקע.

אלע דירעקטיוון פלעגט די שילעראָרגאַניזאַציע באַקומען פונם „איסקרא״ קאָמיטעט.

עס זיינען געווען צווישן אונדז אויך מענשעוויקעס, אָבער די אָנפּירנדיקע ראָל האָט געהערט די באָלשעוויקעס.

די ערשטע מאַסנאַרויסטרעטונג פון די שילער איז פאָרגעקומען אין פעווראַל. אַ שטויס דערצו האָט געגעבן די יעדיע, וואָס איז דערהאַלטן געוואָרן, אַז אין קורסק האָט מען געשלאָגן שילער (12 פעווראַל).

דעם 16 פעווראַל האָבן מיר אין דירע פונם גאלעך טשודינאָוויטש אין זיין אָפּוועזנהייט איינגעאָרדנט אַ באַנקעט מיט אַ ריי פּאָרטראגן אַף פּאָליטישע טעמעס. די פאָרטראגן זיינען פאַרטיילט געוואָרן דורכויס צווישן פאַרטייכאַוויירים פון דער שילעראָרגאַניזאַציע. אָבער נאָך 2 אָדער 3 פאָרטראגן איז אַף דער קוואַרטיר געקומען דער דירעקטאָר—פּארוואַלטער פון דער מענערגימנאַזיע—צוזאַמען מיט די מיטגלידער פון דער „ליגע״. עס איז אונדז אָבער געלונגען צו באַהאַלטן זיך.

דעם 18-טן פעוראַל פון 1905 יאָר 10 אַ זייגער אין דערפרי איז פאָרגעקומען אַ מאַסנדעמאָנסטראציע פון ארבעטער און שילער. פאָרגעקומען איז עס אזוי: 10 אַ זייגער זיינען זיך צוגאַנגען פון די קלאַסן די שילער פון דער מענערקאָמערצשול און אַוועק, זינגענדיק רעוואָלוציאָנערע לידער, צו דער מאריאינער פרויענגימנאַזיע אַף פאָדגאָרנע גאַס. מיר האָבן אראָפּגענומען פון דער ארבעט אַלע שילער אָן אונטערשייד פון עלטער, צוגעשטאַנען צו די קאָמערסאַנטן און אַוועק צו דער מענערגימנאַזיע, ווו מען האָט שוין געוואַרט אַף אַ צייכן, פון דאָרטן אין אלע איבעריקע לעראַנשטאַלטן. ביסלעכווייז זיינען צו אונדז צוגעשטאַנען גרופּן אַרבעטער, ארגאַניזירטע פונם „בונד״ און „איסקרא״. די צאָל דעמאָנסטראַנטן האט זיך פאַרגרעסערט. אין דער דעמאָנסטראַציע האָבן

זיך באַטייליקט ביז 5.000 מענטשן. דאָס איז געווען די ערשטע דעמאָנסטראַציע אין מינסק מיט אַזאַ גרויסער צאָל אַנטיילנעמער.

לויט דער פאַראָרדענונג פונם פּאָליצמייסטער נאַראָוו זיינען אַף די טראָטואַרן פון די הויפּטגאַסן צושטעלט געוואָרן קאַזאַקן מיט נאַהאַיקעס, נאָך מוסין-פּושקין, וועלכער איז דאַן געווען גובערנאַטאָר און איינצייטיק לויט דער דאַמאָלסטדיקער טראַדיציע, אופּזעער פון דעם גרעסטן טייל לערנאַנשטאַלטן, האָט ניט מאַסקים געווען אַף א בלוטבאָד. ער איז ארויסגעפאָרן אַנטקעגן די דעמאָנסטראַנטן, אריינגעמישט זיך אין זייערע רייען און, ניט קוקנדיק אַף אונדזערע פּראָטעסטן, האָט ער פאָרגעזעצט דאָס גיין מיט אונדז און איינריידן אונדז, אז מיר זאָלן זיך צוגיין איבער די הייזער. איך ווייס ניט וואָס איז אויסן געווען דער גובערנאַטאָר, נאָר אַ דאַנק זיין אנוועזנהייט, זיינען ניט באַנוצט געוואָרן די נאַהאַיקעס. ווען ניט ער, וואָלט דער פּאָליצמייסטער נאַראָוו פּראָוואָצירט אַ וועלכע ניט איז אומאָרדענונג און איבערכאַזערן די קורסקער בלוטבאָד. אַ דאַנק דעם זיינען אויך די ארבעטער, וואָס האָבן זיך באַטייליקט אין דער דעמאָנסטראַציע געשיצט געוואָרן פון אַ בלוטבאָד. מעגלעך, אז מוסין-פּושקינס טאַט האָט זיך דערקלערט דערמיט, וואָס אין די דעמאָנסטראַציעס האָבן זיך באטייליקט קינדער פון דער אריסטאָקראַטיע: די שטאַבקוואַרטיר פון די דעמאָנסטראַנטן צום ביישפּיל האָט געהערט צום אַדעלאָנפּירער מאַטווייעוו. די קינדער פון דער מינסקער אַריסטאָקראַטיע האָבן אלע זיך באטייליקט אַקטיוו אָדער פּאַסיוו אין דער דעמאָנסטראַציע, די מערהייט פון זיי האָט, ניט קוקנדיק דערויף, וואָס זיי זיינען ניט געווען קיין מיטגלידער פון דער שילעראָרגאַניזאַציע, אויסגעפילט אַלע אויפטראגן פון דער אָרגאַניזאַציע; בא אסאַך פון זיי אַף די קוואַרטירן פלעגן זיך צונויפקלייבן די קרייזלעך און געלייענט ווערן רעפעראטן.

די דעמאָנסטראַציע איז אוועק צו דער מענערגימנאַזיע, ווו עס איז פאָרגעקומען אַ מיטינג, אַף וועלכן עס זיינען, אף וויפל איך געדענק, ארויסגעטראָטן נאָר מיטגלידער פון ר.ס.ד.א.פּ. זיי האָבן גערעדט וועגן שטירצן די זעלבסטהערשונג, וועגן קלאַסנקאַמף, וועגן אַן 8-שאָעדיקן אַרבעטטאָג א. א. וו.

אַפן גאַס, באַ די טירן פון גימנאַזיע איז פאָרגעקומען פאָלגנדיקע סצענע: די איבערגעבליבענע דעמאָנסטראַנטן זיינען זיך מיט געזאַנג פאַנאַנדערגעגאַנגען, די פּאָליציי האָט אַוועקגעשטעלט נעבן די טירן אַ טישל און אַ שטול און באַשלאָסן איבערשרייבן די אנטיילנעמער פונם מיטינג. דערמיט האָט די פּאָליציי געהאָפט צו ארויסכאַפּן די „פּרעמדע״, די פאַרטעישע כאַווירים. נאָך באַם ארויסגיין פון מיטינג האָבן מיר אָפּגענאַרט די פּאָליציי. מיר האבן זיך צושטעלט אזוי: פאָרויס דער זון פון מוסין-פּושקין, נאָך אים די קינדער פון אַנדערע מער אָנגעזעענע מענטשן פון שטאָט, פון הינטן—די אָנפירער פון דער שילעראָרגאניזאציע און אין מיטן פון דעם רונג—די פאַרטייצעס (טאקע די, וועלכע די

פּאָליציי האָט געוואָלט ארויסכאפּן, די „פּרעמדע"). מיר האבן ארויסגעשפּארט די טיר: די פּאָליציי, דערזעענדיק דעם גובערנאטאָרס זון, האט זיך פארלארן. אין די פּאָר מינוט, וואָס די פאליציי איז געשטאַנען אַ צוטומלטע, זיינען מיר ארויס-געשפּרונגען אַפן גאַס. אזוי אַרום איז די דעמאָנסטראַציע אראָפּ גוט.

צוויי וואָכן זיינען די שולן געווען צוגעמאַכט. 14 שילער פון אַלע שולן זיינען אָנגעמערקט געוואָרן צום ארויסווארפן. אַף וויפל איך געדענק, האָט זיך אונדז געגומען ראטעווען דער דירעקטאר פון דער מענערקאָמערצשול קרוגלי. זיינע הישטאדלעס האבן זיך געענדיקט מיט דערפאלג. אונדז האט מען צו-געלאזן צו די ארויסלאזעקזאמענעס. די לערער האבן געשפּאסט איבער אונדז, האבן אפּגעשאצט אונדזערע קענטעניש פיל נידעריקער, ווי זיי זיינען געווען אין דער ווירקלעכקייט, נאר אטעסטאטן האבן מיר דאך, אפילו דורך דער פּאָ-ליציי, אין אַ יאָר ארום באקומען.

א. מעטלין.

# קוּרלאָווס צוּשיסוּנג.

דעם 18-טן אָקטיאַבר, אַף מאָרגן נאָכן מאַניפעסט פֿוּן 17-טן אָקטיאַבר, איז פֿאָרגעקוּמען אַ מיטינג פֿוּן די שטרייקנדיקע אַייזנבאַנער.

דער זאַל פֿוּן 3-טן קלאַס האָט ניט געקענט אַריינעמען דעם גאַנצן אוילעם, אוּן דעריבער איז באַשלאָסן געוואָרן עפֿענען דעם מיטינג אפֿן פלאַץ באַם וואָקזאַל.

באַם עפענען דעם מיטינג איז פֿריער פֿוּן אַלץ פֿאָרגעלייגט געוואָרן אָנעמען מיטלען אַף צוּ באַפֿרייען די פּאָליטישע אַרעסטירטע. ס'איז אויסגעקליבן געוואָרן אַ דעלעגאַציע פֿוּן 12 מאַן, וועלכע האָט געדאַרפֿט דערלאַנגען די געהעריקע פֿאָדערוּנגען דעם גוּבערנאַטאָר קורלאָוו. אין באַשטאַנד פֿוּן דער-דאָזיקער דעלעגאַציע זיינען אַריין פֿוּן די אַייזנבאַנער—מעטלין, וואָלינסקי, זשאַבא, עטלעכע בוּנדאָווצעס, דער מינסקער אַדוואָקאַט יענטיס און אַנד.

אַזייגער 11 באַטאָג איז די דעלעגאַציע אַוועק אַפֿן הויכן מאַרק אין גוּבערנאַטאָרס הויז, און דער מיטינג אַפֿן וואָקזאַל איז פֿאָרגעזעצט געוואָרן.

קוּרלאָוו האָט טייקעף אוּפֿגענוּמען די דעלעגאַציע:

— מיט וואָס קאָן איך צוּ דינסט קוּמען?—האָט געפֿרעגט דער גוּבערנאַטאָר.

אין נאָמען פֿוּן דעם גאַנצן אוילעם, וועלכער האָט זיך אוּפֿגעזאַמלט אַפֿן מיטינג אַפֿן וואָקזאַלפלאַץ, בעטן מיר אייך, אין צוּזאַמענהאַנג מיטן מאַניפֿעסט פֿוּן 17-טן אָקטיאַבר וועגן דער געשענקטער קאָנסטיטוּציע און פּאָליטישער פֿרייהייט—באַפרייען פֿוּן טפֿיסע אַלע פּאָליטישע אַרעסטירטע.

דער גוּבערנאַטאָר האָט געמאַכט אַ פֿאַרווּנדערטן פּאָנים. שמייכלענדיק, און קלוּימערשט שטוינענדיק, האָט ער אוּנדז דערקלערט, אַז וועגן דער קאָנ-סטיטוּציע ווייס ער גאָרנישט, און, פֿאַרקערט, בענויגייע די פּאָליטישע אַרע-סטירטע האָט ער פֿוּן דער רעגירוּנג אַזעלכע אָנווייזוּנגען, וועלכע זיינען אינ-גאַנצן סויסער דער באַקאָשע פֿוּן דער דעלעגאַציע, נאָר דאָך, „גייענדיק אַנט-

קעגן דעם פֿאָלק" און „נעמענדיק אַף זיך די פֿאַראַנטוואָרטלעכקייט", איז ער גרייט צו באַפֿרידיקן די באַקאָשע.

די דעלעגאַציע איז אַפּילע געווען פֿאַרוווּנדערט פֿון דעם העפֿלעכן אופֿ-נאָם באַם גובערנאַטאָר, ווייל אין האַרצן האָבן אַ סאַך פֿון די דעלעגאַטן שטאַרק מוירע געהאַט, אַז מ'זאָל זיי ניט טייקעף אַפֿן אָרט אַרעסטירן. און ווער האָט עס געקענט פֿאָרשטעלן זיך, זעענדיק דעם שמייכלענדיקן פּאָנים פֿון קורלאָוון און הערנדיק זיין פֿאַראָרדענונג וועגן באַפֿרייען די אַרעסטירטע, דעם שוי-דער, וועלכער וועט אַרופֿכאַפּן דעם וואָקזאַלפּלאַץ מיט עטלעכע שאָ שפּעטער לויטן באַפֿעל פֿון דעם זעלבן קורלאָוון?

פֿון גובערנאַטאָרס מויער איז די דעלעגאַציע אַוועק אין טפּיסע און פֿון דאָרטן, צוזאַמען מיט די באַפֿרייטע 15 מאַן (אַרעסטירטע אין „אַדמיניסטראַ-טיווער אָרדענונג") אומגעקערט זיך אַפֿן וואָקזאַלפּלאַץ.

דאָרטן, אַפֿן פּלאַץ, איז דער מיטינג פֿאָרגעזעצט געוואָרן. איין רעדנער נאָכן צווייטן האָבן געוואָרפֿן אין דעם האַמוין ווערטער וועגן דעם שוידער, וועלכער באַגלייט דעם צאַריזם, וועגן דעם שרעקלעכן דרוק, וועגן דער רעכט-לאָזיקייט פֿון פֿאָלק, וועגן דעם „שלימאזלדיקן" מאַניפעסט, וועגן דעם, אַז אַפּילע אין אַזאַ קלאָגעדיקן מאַניפֿעסט קאָן מען ניט גלויבן, מע האָט גערעט וועגן דער קאָנסטיטוציע און א. וו.

„נידער מיט דער זעלבסטהערשונג! זאָל לעבן די רעפּובליק!"—מיט דעם פֿלעגט זיך פֿאַרענדיקן יעדער רעדע.

ווען די אויסגעשרייען פֿון העכסטער פֿרייד האָבן באַגעגנט די צוריק-געקומענע דעלעגאַציע מיט די באַפֿרייטע פּאָליטישע אַרעסטירטע, איז שוין געווען קאָרעוו צו 4 אַזייגער באַטאָג.

אין דער צייט האָט מען געקענט באַמערקן, ווי צום וואָקזאַל האָט מען צוגעפירט מיליטערטיילן. דער פֿאָרזיצער פֿון מיטינג פּ. א. זשאַבאַ, וועלכער איז געווען אין באַשטאַנד פֿון דער דעלעגאַציע, פֿילנדיק, אַז עס גרייט זיך עפּעס ניט קיין גוטס, האָט דערקלערט דעם מיטינג פֿאַר געשלאָסן, פֿאָרלייגנדיק אינדערזעלבער צייט דורכצוגיין איבערן שטאָט מיט אַ מאַניפעסטאַציע.

ווי נאָר דאָס איז דערקלערט געוואָרן, האָט זיך פֿון דער זייט פֿון אייזנבאַנבריק דערהערט א שיסעריי. דאָס האָבן געשאָסן סאָלדאַטן לויט אַ קאָמאַנדע פֿון אָפֿיצערן.

שרעקלעכע קוילעס און קרעכצן פון די פֿאַרוווּנדעטע האָבן פֿארהילכט דעם פּלאַץ און די דערבאַיִיקע גאַסן. אין אַ פּאַניק האָט זיך דער האַמוין גע-וואָרפֿן וווּהין ווער עס האָט געקענט. איינע זיינען פֿאַרשטיינערטע געבליבן אַפֿן פּלאַץ, אַנדערע זיינען געקראָכן אַף די פֿאַרקאַנעס, די דריטע האָבן זיך געוואָרפן אַף דער ערד. אין אייניקע מינוטן איז דער פּלאַץ פּוסט געוואָרן. אַף דער ערד זיינען געלעגן מענטשלעכע קערפּערס, פֿאַרוווּנדעטע און גאַנצע

בערג היטלען און דאַמענהיטעלעך. ווי עס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן, זיינען דערהאַרגעטע געווען 80 מאַן און פאַרוווּנדעטע 300. אַף די אַנטלאָפענע פון וואָקזאַלפלאַץ דורך מיכאַילאָווער גאַס האָט מען געשאָסן פון 4-טן פּאָליצייצירקל, וועלכער האָט זיך געפונען אפן ראָג מיכאַילאָווער גאַס און וואַסיליעווסקער געסל. דאָ האָט אַ גאָראָדאָוואָי, וועלכער איז אַרויסגעלאָפן פון טויער, געשאָסן אַפן אָרט דעם אַדוואָקאַט יענטיס. דעם יוריסקאָנסולט פון ליבאַוואָראָמנער אייזנבאַן א. א. מעטלין האָט נאָכגעיאָגט אף מאַגאזינער גאַס און נאָכדעם אַף סעפּוכאָווער גאַס איינער אַ מענטש, ציוויל געקליידעט מיט אַ רעוואָלווער אין האַנט, וועלנדיק אויסשיסן אַף מעטלינען. נאָר דעם לעצטן האָט געראַטעוועט דער וועכטער פאַשקאָוו (באַוווּסטער אין שטאָט מיט א צונעמעניש „פּעדקע דער גיבער”), וועלכער איז אַרויסגעשפרונגען פון הויז, ווו עס האָט זיך געפונען די פאַרוואַלטונג פון אייזנבאַן (אפן ראָג מאגאזינער און פּאָדגאָרנער גאַס) און האָט ארויסגעקלאפּט בא דער אומבאוווסטן דעם רעוואָלווער פון האנט.

ווי עס איז שפּעטער באוווסט געוואָרן, האָט קורלאָוו געגעבן אַ געהיימען באפעל די פּאָליצייאגענטן אויסהארגענען די מיטגלידער פון דער דעלעגאציע, וועלכע איז געווען בא אים און נאָר צוליב א גליקלעכן צופאל האָבן זיך אלע געראטעוועט, אכוץ דער אדוואָקאט יענטיס.

---

אין דעמזעלבן טאָג, אינאָוונט זיינען די מיטגלירער פון דער דעלעגאציע, וועלכע זיינען אינדערפרי געגאנגען צו קורלאָוון, פריינט און באקאנטע פון דעם דערהארגעטן, בייגעווען בא דער האזקאָרע אין יענטיסעס קווארטיר. די שטימונג איז געווען א שווערע, א געדריקטע... מ'האָט דערווארט ארעסטן און נייע רעפּרעסיעס. אינדערזעלבער נאכט (פון 18-טן אָקטיאַבר אַפן 19-טן), אַרום צוויי אַזייגער, האָבן די געריכטפּאָרשער פון פאַרשיידענע צירקלען פון שטאָט אַרויסגערופן צו זיך די אַקטיווע אָנטיילנעמער אין דעם מיטינג פונם 17-טן אָקטיאבער און אויך די מיטגלידער פון דער דעלעגאַציע, וועלכע איז געווען באַ קורלאָוון. דאָ האָט מען באַ אַלעמען אויסגעפרעגט וועגן דער צושיסונג, וועלכע איז פאָרגעקומען אַפן וואָקזאַלפּלאַץ. ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער נייבאַשטימטער אין מינסק, יונגער ליבעראַלגעשטימטער פּראָקוראָר, ביביקאָוו, זייענדיק אופגעבראַכט פון דער בלוטבאָד, וועלכע קורלאָוו האָט איינגעאָרדנט פאַר דער פרידלעכער באַפעלקערונג, האָט געשטעלט אַף די פיס דעם אויספאָרשונגאפּאַראַט, קעדיי צוציען צו פאַראַנטוואָרטלעכקייט קורלאָוון, וועלכער איז פערזענלעך פאַראַנטוואָרטלעך געווען פאַר דער צושיסונג.

אין אַ כוידעש אַרום איז דער גאנצער אופגעקליבענער מאַטעריאַל קעגן קורלאָווס מאַיסים אָפּגעשיקט געוואָרן אין יוסטיצמיניסטעריום. אַף אויסצופאָרשן דעם איניען איז פון פּעטערבורג עקסטרע אַרויסגעשיקט געוואָרן קיין



פוליַכאָוו פֿאַרן הענגען.



פוליַכאָוו, געבאָרן איַן מינסק, א שיַלער, אַן אָנגעזעענער מיַטגליד פֿון דער עסעריַשער פארטיי. געהאַנגען געוואָרן פֿאַר אַן אַטענטאַט אַפֿן גו-בערנאַטאָר קורלאָוון.

מינסק אַ סענאַטאָר. נאָר, ווי מ׳האָט געקענט דערוואַרטן, האָט דער סענאַטאָר אַנערקענט, אַז די געשאַפענע לאַגע נאָך ביז דעם 18-טן אָקטיאַבר איז געווען אַזאַ, אַז דער גובערנאַטאָר קורלאָוו „האָט רעכט געהאַט אָנצונעמען אַנטשלאָסענע מיטלען”.

נאָך אַזאַ דערקלערונג פונם סענאַטאָר איז דער פּראָקוראָר ביבּיקאָוו פאַרשטייט זיך, באַזייטיקט געוואָרן פון זיין שטעלע. דער פּראָקוראָר ביביקאָוו איז אוועק פון זיין שטעלע אין סאָף נאָיאַבר.. ער האָט נאָך אָבער דערוויזן מיט א פּאָר טעג פאַר זיין אוועקגאַנג איבערצוגעבן צום געריכט דעם גאָראָדאָוואָי, וועלכער האָט דעם 18-טן אָקטיאַבר געהאַרגעט אף מיכאַילאָווער גאַס דעם אַדוואָקאַט יענטיס. דער גאָראָדאָוואָי איז פאַרמישפּעט געוואָרן צו אָנדערהאַלבן יאָר אַרעסטאַנטנראָטע, נאָר אין א וואָך אַרום האָט ער באַקומען אַן אַלערהעכסטע באַגנעדיקונג און איז... אַריבערגעפירט געוואָרן קיין פּעטערבורג אין דער צאַרישער אָכראַנע.

דעם 20-טן אָקטיאַבר, אין צוויי טעג אַרום נאָך דער צושיסונג אפן וואָקזאַלפּלאַץ, האָט מען אפן זאַלאָטאָגאָרקער פּוילישן בייסאַלמען געבראַכט צו קוורע דעם דערהאַרגעטן יענטיס. אף דער לעוואַיע איז בייגעווען העכער טויזנט מאַן. נאָר קיין גאַסנדעמאָנסטראַציע, ווי מ׳האָט פריער געטראַכט, איז ניט געווען: קורלאָוו האָט געוואָרנט, אַז יעדער פּרוּוו איינצוואָרדענען א דעמאָנסטראַציע, וועט זיך טרויעריק ענדיקן—עס וועלן געלאָזט ווערן אין גאַנג קאַזאַקן.

אַפן קייווער האָט מען געהאַלטן רעדעס און מען האָט געטיילט פּראָקלאַמאַציעס, געווידמעטע דעם 18-טן אָקטיאַבר. דעם טעקסט פון דער פּראָקלאַמאַציע האָבן אויסגעאַרבעט געמיינזאַם די פאָרשטייער פון מינסקער גרופּע ר.ס.ד.א.פּ., מינסקער קאָמיטעט פון בונד, מינסקער עסערישער קאָמיטעט און דער מינסקער קאָמיטעט פון דעם אַלרוסלענדישן אַייזנבאַנפאַריין. די פּראָקלאַמאַציעס האָבן געפאָדערט טייקעף באַזייטיקן דעם גובערנאַטאָר קורלאָוו, דעם, פּאָליצמייסטער נאָראָוו, דעם זשאַנדאַרמעריע-פּאָלקאָווניק ווילדעמאַן-קלאָפּמאַן און דעם פּאָדפּאָלקאָווניק פון זשאַנדאַרמעריע, מאַרטשענקאָ, אַרויסשיקן פון שטאָט די קאַזאַקן, פאַנאַנדערלאָזן די פּאָליציי און איבערגעבן אַף אָפּצוהיטן די אָרדענונג אין שטאָט און די געזעלשאַפטלעכע רויקייט אין די הענט פון דער שטאָט גופע, אַפן כעשבן פון דער מלוכע פאַרזאָרגן די פאַמיליעס פון די געהאַרגעטע און פאַרוווּנדעטע, די פולסטע פרייהייט פון פאַרזאַמלונגען, אָן דער אריינמישונג פון דער אַדמיניסטראַציע און מיליטערטיילן.

דאָך איז דער שטילער, פייערלעכער טרויער אַפן קייווער פונם געפאַלענעם כאַווער פלוצלונג צושטערט געוואָרן. פון צו גרויסן אוילעם האָט געפּלאַצט אַ פאַרקאַן. דער אוילעם, וועלכער איז געווען נערוועיש און אָנגעשראָקן פון די געשעענישן, וועלכע זיינען נאָר וואָס פאָרגעקומען, האָט געמיינט, אַז דאָס

האָט עמיצער אויסגעשאָסן. אַלע האָבן זיך געלאָזן לויפֿן און אַפֿן קייוער איז געבליבן אַ קליין הייפֿל נאָענטע, דעם געהאַרגעטן יענטיסעס פּריינט.

וואָס אנבאַלאַנגט די איבעריקע קאָרבאָנעס פֿון דער בלוטבאָד אַפֿן פּלאַץ, האָט די פּאָליציי זעלבסט אָפּגעפֿירט זייערע קערפּערס הינטערן שטאָט און האָט זיי דאָרט פֿאַרשאָטן אין אַן אומבאַוווסטן אָרט.

נאָר די, וועלכע זיינען שפּעטער געשטאָרבן פֿון די וווּנדן, זיינען גע-בראַכט געוואָרן צו קוורע דורך זייערע קרובֿים און נאָענטע. דידאָזיקע לע-וואַיעס זיינען דורכגעגאַנגען אָן קיינע רעדעס אַף די קוואָרים פֿון די האַ-רוגים.

## די ארגאניזירונג פון דער פּראָפעסיאָנעלער באוועגונג.

דער שטרייק אַפֿן אייזנבאַן איז פֿאַרגעזעצט געוואָרן. ער איז שוין אָבער ניט געווען קיין אלגעמיינער: ביסלעכווייז האָט דאָ איינער, דאָרט א צווייטער וועג אין צענטראלרוסלאנד אָנגעהויבן צו ארבעטן, צום סאָף האָט אויך די צענטראלביוראָ פֿון אלרוסלענדישן אייזנבאַנפֿאַריין פֿאַראָרדנט אָפּצושטעלן דעם שטרייק און פֿאַרזעצן דעם קאמף שוין דורך א לעגאַלן פֿאריין.

דעם 23-טן אקטיאבער איז אין געביידע פֿון אָפּצאָלאָפּטיילונג (סלוזשבא סבאָראָוו) אַף אַן אלגעמיינע פֿאַרזאמלונג פֿון די אָנגעשטעלטע און אַרבעטער פֿון ליבאווראָמענער וועג, פֿאָרגעלייגט געוואָרן דורך דער שטרייקקאָמיסיע אָפּצושטעלן צייטווייליק דעם שטרייק. איינשטימיק איז אָנגענומען געוואָרן א באַשלוס צוטרעטן צו דער ארבעט דעם 24-טן אקטיאבער איינס א זייגער באטאָג.

גלייכצייטיק האָט די פֿאַרזאמלונג דערקלערט, אַז זי פֿאַרייניקט זיך אינ-גאנצן צו די פֿאָדערונגען, וועלכע זיינען אויסגעשטעלט געוואָרן אין דער פּראקלאַמאציע, וואָס איז אויסגעאַרבעט געוואָרן דורך דער גרופּע ר.ס.ד.א.פּ. קאָמיטעט פֿון בונד, עסערישער פּאַרטיי און אָרטיקן אומלעגאַלן קאָמיטעט פֿונם אַלרוסלענדישן אייזנבאנפֿאַריין אין צוזאמענהאנג מיט די בלוטיקע געשעענישן דעם 18 אָקטיאבער.

מיט דעם איז דער קאמף נאָך ניט געווען פֿאַרענדיקט. די איניציאטיוו-גרופּע פון די ליבאווראָמענער אייזנבאנטוער, וועלכע האט פֿאַקטיש אָנגע-פֿירט מיט דער גאַנצער באוועגונג, איז ארוף אַפֿן וועג פֿון אָפֿן אַגיטירן פֿאַר די אידייען פֿון א פּראָפֿעסיאָנעלער פֿאַרייניקונג, פֿון א פּראָפֿעסיאָנעלער אָרגאַ-ניזאציע.

די אלע, וועלכע זיינען ארויסגעטראָטן אף די מיטינגען און פֿאַרזאמלונ-גען, האבן פֿאַרשפּרייט די באקומענע פֿון מאָסקווע אָפּגעדרוקטע עקזעמפּליארן פֿונם סטאטוט פֿון אלרוסלענדישן אייזנבאנפֿאַריין, וועלכער איז צוזאמענגע-שטעלט געוואָרן דורך דער צענטראלביוראָ פון פֿאַריין דעם 22--24 יול 1905-טן

יאָר. די רעדנער האָבן דערוויזן די נויטיקייט אריינצוטרעטן אינם פאַריין אַלס אָרגאַניזאַציע, וועלכע שטעלט זיך פאַר א ציל אויסצובעסערן די רעכט-לעכע און עקאָנאָמישע לאַגע פון די אייזנבאַנאָנגעשטעלטע, האבן גערופן אונטערצושטיצן די אָנגעשטעלטע אין אלע צוזאמענשטויסן מיט דער אדמיני-סטראַציע, אויסזוכן ערטער פאַר די באַזייטיקטע פון די שטעלעס, דערקלערן, אין פאַל, ווען עס וועט נויטיק זיין, שטרייקן, אָנפירן מיט דידאַזיקע שטרייקן, איינאָרדענען ביבליאָטעקן און לעקציעס. גלייכצייטיק האָבן די אַגיטאַטאָרן אָנגעוויזן אויך אף דעם, אַז די אַלע אָנגעמערקטע עקאָנאָמישע צילן קענען פאַרווירקלעכט ווערן נאָר דאַן, ווען עס וועט געזיכערט זיין די בירגערלעכע פרייהייט און דערביי שטעלט דער פאַריין ארויס אויך פאָליטישע פאָדערונגען.

די רעדנער, וועלכע זיינען אַרויסגעטראָטן אף די אייזנבאַנמיטינגען האָבן אויפגעדעקט די צוויעס פון דער צאַרישער רעגירונג, וועלכע האָט פאַרעפנטלעכט דעם מאניפעסט פון 17 אקטיאבער, האָבן דערמאָנט וועגן די נייע קאָרבאָנעס איבער גאַנץ רוסלאַנד, האָבן אָנגעוויזן אף דעם נייעם שריט פון דער רעגירונג, וועלכע אָרגאַניזירט קעגן די רעוואָלוציאָנערע מאַסן די שוואַרצע מייעס און פאָרגעלייענט יעדיעס וועגן דער שוידערלעכער פאָגראָמכוואַליע וועלכע האָט זיך צוגאָסן אונטער דער אָנפירונג פון די רעגירונגאַגענטן איבער א ריי שטעט. דער קאמף מיט דער רעגירונג—דאָס איז די גרונטאויפגאַבע פון די אָרגאַניזירטע אייזנבאַנער. מע דאַרף צווינגען די רעגירונג צונויפרופן אַ גרינדונגפאַרזאמלונג, וועלכע זאָל איינשטעלן א נייע מעלוכעאָרדענונג. א מיטל אין קאַמף אַף צו פאַרווירקליכן די אָנגעמערקטע צילן פאַר די אַייזנבאַנער איז אַ שטרייק. אַף אָרגאַניזירן שטרייקן דאַרפן אָנגעווענדעט ווערן אלע קויכעס.

אַף אָנצופירן מיט דער פראָפעסיאָנעלער באַוועגונג איז אַף אן אלגעמיינע פאַרזאַמלונג פון די אייזנבאַנאָנגעשטעלטע אויסגעקליבן געוואָרן אַ צייטווייליקער קאָמיטעט פון דער באַנליניע.

נאָך ביז דעם האָט דער נאטשאלניק פון ליניע מאשקאָוו, וועלנדיק אָפציען די אויפמערקזאמקייט פון די אָנגעשטעלטע פון צו שאפן זייער פאַריין, ערלויבט אָרגאַניזירן בא דער פאַרוואַלטונג אן אזוי גערופענע געריכטקאָמיסיע, וועלכע איז באשטאַנען פון די פאָרשטייער פון פאַרשיידענע וועגאָפטיילונגען אַף צופאַנאַנדערקלייבן די קאָנפליקטן, וועלכע קענען פאָרקומען צווישן די אייזנבאנער אפן עקאָנאָמישן באָדן.

אין דערדאָזיקער קאָמיסיע זיינען אויסגעקליבן געוואָרן: פאַר אַ פאָרזיצער אי. אי. מעטלין, מיטגלידער: האַמזאגורדי, זשאבא, רעווערעלי, קוזנעצאָוו, ניקאָלסקי און אינזשענער פאַרמאַקאָווסקי.

ווען אין אָנהויב כוידעש נאָיאבר, איז אף אן אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג פון די אָנגעשטעלטע פון ליבאַווראָמענער אַייזנבאַן אויסגעקליבן געוואָרן

אַ צייטווייליקער קאָמיטעט פון פאַריין, זיינען אין אים אַריין אלס פאַרזיצער רעווערעלי, און מיטגלידער: מעטלין, זשאבאַ, האמזאגורדי, קוזנעצאָוו, ניקאָלסקי און פאַרמאַקאָווסקי, ד. ה. אלע מיטגלידער פון דער געוועזענער געריכטקאָמיסיע.

די מיטינגען אין אָפּצאָלאָפּטיילונג זיינען פאָרגעקומען ווי פריִער 2—3 מאָל אין וואָך. איינמאָל איז דער אלגעמיינער מיטינג פון די אייזנבאַנער פאָרגעקומען אף נאָוואָמאָסקאָווסקער גאַס אין זאל „פאַריזש”, וווהין עס האָט זיך אופגעקומען א גרויסער אוילעם פון שטאָט.

כאַראקטעריסטיש איז, וואָס אַלע אָנגעוויזענע מיטינגען פון ליבאווע-ראָמענער אַייזנבאַנליניע פלעגן שטענדיק פאָרקומען מיט דער דערלויבניש פון דער אַייזנבאנמאכט, און דער מיטינג אין זאל „פאַריזש” איז דערלויבט געוואָרן אַפילע פון שטאָטישן פאָליצמייסטער. ס׳האָט קיין איין מאָל ניט געטראָפן, אַז מע זאָל אָפּזאָגן צו געבן אן ערלויבניש. ס׳ווייזט אויס, אַז די אַייזנבאַנמאַכט און די שטאָטישע אַדמיניסטראַציע האָבן מוירע געהאט צו פאַרשארפן די באַציִונגען.

ס׳איז איינגעשטעלט געוואָרן אַזא אָרדענונג, אַז די אָנגעשטעלטע פון דער ליניע, אף צו דערלייזן די פראַגן, וועלכע זיינען פאַרבונדן געווען מיט זייער אַרבעט, האָבן זיך געדארפט ווענדן א פריער אין קאָמיטעט, און דער לעצטער פלעגט זיך שוין אופריידן מיט דער ליניעפאַרוואַלטונג. דער נאַטשאלניק פון וועג פלעגט גאַנץ אָפט דערקלערן, אַז ער ווייס ניט, אייגנטלעך, ווער עס פירט אָן מיט דער ליניע—ער, צו דער קאָמיטעט—אף אַזוי פיל האָט דער לעצטער פאַרברייטערט זיין טעטיקייט.

נאָך די געשעענישן פון 18 אָקטיאבר האָט דער לעגאַלער קאָמיטעט פון ליבאווראָמענער אַייזנבאַן, דורך זיין פאָרשטייער, דעם עסער האַמזאַגורדי און ס.-ד. וואָלינסקי, אַיינגעשטעלט אַ שטענדיקע פאַרבינדונג מיטן אָרטיקן קאָמיטעט פון בונד. מיט דער גרופע ר.ס.ד.אַ.פּ. און אָרטיקן קאָמיטעט פון דער עסערישער פאַרטיי. ס׳איז געשאפן געוואָרן דער אזוי גערופענער קאָאַליציעראַט, וועלכער פלעגט פון צייט צו צייט אַיינאָרדענען זיצונגען און געמיינזאם באַטראַכטן פאָליטישע פראַגן.

---

אין מיטן כוידעש נאָיאבר האָט דער צייטווייליקער קאָמיטעט פון ליבאַבאַווראָמענער אַייזנבאַן אויסגעאַרבעט די טאַקאָנעס וועגן דער אָרדענונג ווי אויסצוקלייבן דעם שטענדיקן קאָמיטעט פון דער ליניע. די טאקאָנעס האָט דער צייטווייליקער קאָמיטעט פאָרגעלייגט אף צו באשטעטיקן דער אלגעמיינער פאַרזאמלונג פון די דעסיאטניקעס פון אלע אָפּטיילן, ד. ה. דער אלגעמיינער פאַרזאמלונג פון די אויסגעקליבענע פון די אָפּטיילן—פון יעדערע צען אַנגעשטעלטע 1 פאָרשטייער. אַזאַ ארדענונג איז געווען געשאפן, קעדיי די פאַרזאַמלונג זאָל ניט זיין קיין פילצאָליקע.

לויט די טאַקאָנעס, וועלכע זיינען באַשטעטיקט געוואָרן דורך די דע־סיאַטניקעס, איז באַשלאָסן געוואָרן אויסצוקלייבן דעם קאָמיטעט אויף אַ טער־מין פון אַ יאָר צייט.

טייקעף נאָכדעם, ווי עס איז באַשטעטיקט געוואָרן די אָרדענונג פון די וואַלן, האָט דער צייטווייליקער קאָמיטעט באַשטימט אין די באַזונדערע ליניע־אָפּטיילן די מענטשן, וועלכע דאַרפן אויפשטעלן די רעשימעס פון די אָנגע־שטעלטע, וואָס וועלן אַריין אין פאַריין און דורכפירן פאַרזאַמלונגען אויף אויס־צוקלייבן קאנדידאטן פאַר מיטגלידער פון קאָמיטעט.

ווי געוויינטלעך פלעגן די אינטערעסן פון די אַזוי גערופענע „העכערע" אָנגעשטעלטע זיך אונטערשיידן פון די אינטערעסן פון די „נידעריקערע" אָנ־געשטעלטע און מע האָט געקענט דערוואַרטן, אַז די ערשטע וועלן ניט אַריין אין פאַריין, נאָר אין דערעמעסן האָט זיך באַקומען פונקט דער הייפעך—אין פאַריין זיינען אריין אויך אלע „העכערע" אָנגעשטעלטע, אַ כמעט אייניקע אויסנאַמען.

דערקלערט האָט זיך עס פון איין זייט מיט דעם, וואָס דער אויס־גאַנג פונם קאמף מיט דער רעגירונג איז נאָך ניט קלאָר געווען און ווען די פאָלקמאַסן וואָלטן געזיגט, וואָלטן די אָנגעשטעלטע, וואָס זיינען ניט צוגעשטאַ־נען צו דער באַוועגונג, געדאַרפט דערוואַרטן פאַר זיך זייער ניט קיין אנגענע־מע באַציִונגען, און פון דער צווייטער זייט, האָט אויף די העכערע אָנגעשטעלטע פּסיכאָלאָגיש געווירקט דער פאַקט, וואָס אין דער צאָל אָנגעשטעלטע, וואָס האָבן אָנגעפירט מיט דער באַוועגונג אויף דער אייזנבאַן, זיינען געווען אַזעלכע „נאַטשאלניקעס" ווי דער פאַרוואלטער מיט דער געשעפטפירונג אין דער מאַ־טעריעלער אָפּטיילונג פ. א. זשאבאָ, דער שעף פון דער אָפּצאָלאָפּטיילונג רע־וועריעלי, דער אינזשענער קוזנעצאָוו און איבערהויפּט דער יוריסקאָנסולט פון וועג אי. אי. מעטלין און זיין געהילף ס. א. וואָלינסקי, דאָס באַטייליקן זיך פון דידאָזיקע פּערזאָנען אין פאַריין האָט צוגעגעבן מער אנטשלאָסנקייט א סאך אַנדערע, וועלכע האָבן געצווייפלט אַריינצוטרעטן אין פאַריין אָדער ניט.

ג. ל. שקלאָווסקי.

# באברויסק ערעוו 1905 יאר.

(זיכרוינעס.)

דאָס איז געווען אין יוני כוידעש 1903 יאָר. איך האָב זיך אומגעקערט פֿון דער שווייץ אין רוסלאַנד; איך בין אַרעסטירט געוואָרן אַף דער גרעניץ—סטאַנציע אַלעקסאַנדראָווא.

פֿון אַלעקסאַנדראָווא האָט מען מיך אָפּגעשיקט אין פּעטראָפּאַוולאָווסקער פֿעסטונג און פֿון דאָרטן אין אַ פּאָר טעג אַרום אין וואַרשעווער פֿעסטונג. אָפּזיצנ-דיק דריי כאַדאָשים איזאָלירט, בין איך נאָכדעם, לויט אַן „אַלערהעכסטן באַפֿעל" אַרויסגעשיקט געוואָרן אַף דריי יאָר אין באָברויסק. דאָרטן האָב איך זיך באַ-געגנט מיט מיין ברודער לעוו שקלאָווסקי, וועלכער האָט מיר מיטגעטיילט די לעצטע פּאַרטעישע נייס. די פּלוצלונגע, ניט גאָר פֿריילעכע פּאַרטעישע נייס האָט אַף מיר געמאַכט אַ שווערן איינדרוק און מיין פֿרייד, וואָס איך בין באַ-פֿרייט געוואָרן, איז אינגאַנצן געוואָרן פֿאַרשטערט. עס איז פֿאָרגעקומען דער צווייטער צוזאַמענפֿאָר פֿון דער פּאַרטיי, וועלכער האָט געדאַרפֿט אָרגאַניזאַציאָ-נעל צוזאַמענשמעלצן די גאַנצע פּאַרטיי, געבן איר אַ רעוואָלוציאָנערע טאַק-טיק און פּראָגראַם. אנשטאָט דעם אָבער איז דער „בונד" מיט די פּוילישע סאָציאַלדעמאָקראַטן, וועלכע זיינען געווען אַזוי נאָענט צו אונדז, אַרויסגעטראָטן אָפֿיציעל פֿון דער פּאַרטיי. קיין פֿאַרייניקונג איז ניט פֿאָרגעקומען און די איינ-הייטלעכע „איסקראַ"-מישפּאָכע האָט זיך פֿאַנאַנדערגעשפּאָלטן.

עס איז שווער איבערצוגעבן דעם איצטיקן דאָר די געפֿילן, וואָס האָבן באַ מיר אַרויסגערופֿן דידאָזיקע יעדיעס.

דער ערשטער פּאַרטעישער צוזאַמענפֿאָר איז, ווי באַוווסט, פֿאָרגעקומען אין מאַרט כוידעש 1898 יאָר אין מינסק.

דער צוזאַמענפֿאָר, אָבער, האָט אויסער אַ מאַניפֿעסט נאָך זיך גאָרנישט איבערגעלאָזן, קימאַט זיין גאַנצער באַשטאַנד איז אַרעסטירט געוואָרן. נאָך אַ לענגערע צייט פֿאַר דעם איז אין פּעטערבורג אַרעסטירט געוואָרן די ערשטע



שקלאָווסקי ג. ל.—גרינדער פֿון דער באָלשעוויסטישער גרופּע אין באָברויסק
ענדע 1903-טן יאָר.

גרופע סאָציאַלדעמאָקראַטישע קעמפּער, וואָס האָט זיך גרופּירט אַרום כ׳ לעניִן.

די אַלטע פּאַרטייכאַוויירים זיינען געזעסן אין די צאַרישע טפּיסעס, געווען פאַרשיקט, און די יונגע פאַרטעיִשע טוער זיינען נאָך ניט געווען פאַסיק צו דער אַרבעט. ניט געקוקט אַף דעם, וואָס די צאָל סאָציאַלדעמאָקראַטישע אָרגאַניזאַציעס איז פאַר דער צייט אין פיל מאָל אויסגעוואַקסן, זיינען זיי אָבער אידעיש געווען שוואַך און ערנידעריקט דורכן אזוי גערופענעם „עקאָנאָמיזם״. די געגרינדעטע אין אויסלאַנד „איסקראַ״ דורך די כ׳כ. לעניִן, פּלעכאַנאָוו, אַקסעלראָד, ווערא זאַסוליטש, מאַרטאָוו און פּאָטרעסאָוו אין 1900 יאָר, האָט אָנגעהויבן לאַנגזאַם, אָבער פעסט אַר־־נדרינגען אין אונדזערע רוסישע אָרגאַניזאַציעס און אַריבערציען אַף איר זייט איין אָרגאַניזאַציע נאָך דער אַנדערער. אינעווייניק אין לאַנד איז פאָרגעקומען איין דורכפאַל נאָכן צווייטן. און מיט גרויס מאַטערניש איז געלונגען צונויפרופן דעם צווייטן פאַרטייצוזאַמענפאָר.

איך האָב געוווסט, אַז דער צוזאַמענפאָר דאַרף באַלד פאָרקומען און מיט גרויס אינטערעס האָב איך געוואַרט אַף זיינע רעזולטאַטן. איך האָב גאָר ניט געצווייפלט, אַז דער צוזאַמענפאָר וועט אידעיש און אָרגאַניזאַציאָנעל פאַרייניקן די רעוואָלוציאָנערע סאָציאַלדעמאָקראַטיע. אין דער ווירקלעכקייט איז אָבער קיין פאַראייניקונג ניט פאָרגעקומען, און די „איסקראָווצעס״ אַליין האָבן זיך פאַנאַנדערגעשפּאָלטן. איך האָב זיך באַמיט ערקונדיקן זיך בא מיין ברודער וועגן די איינצלהייטן פון דער געשעעניש, נאָר עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ער האָט אויך גאָרנישט ניט געוווסט. פאַרקערט ער האָט געהאָפט בא מיר זיך עפּעס דערוויסן וועגן דער שפּאַלטונג.

ארויספאָרנדיק פון אויסלאַנד, איז מיין שטימונג געווען אַ גאַנץ גוטע. צווישן די „איסקראָווצעס״ זיינען דאַן ניט געווען קיינע סימאָנים פון מיינונג־פאַרשיידנהייטן, וועלכע זאָלן קענען ברענגען צו אַ שפּאַלטונג.

קומענדיק אין באָברויסק, האָב איך פראַקטיש געמוזט אַ טראַכט טאָן, וועגן וועלכער עס איז אַרבעט אין דער „בונדישער״ שטאָט. אַף וויפל איך געדענק, זיינען אינגאנצן דאָרעממאַירעווקאַנט דאַן ניט געווען קיין אנדערע אָרגאַניזאַציעס אויסער בונדישע.

צווישן די ניט יידישע ארבעט, איז אויב עס האָט זיך געפירט וועלכע ס׳איז אַרבעט, איז זי געווען זייער אַ שוואכע און געווען אָנגעפירט דורך די בונדישע אָרגאַניזאַציעס. אייניקע פאַרטעיִשע כאַוויירים, אף וויפל זיי איז אויסגעקומען צו לעבן אין יענע קאַנטן, האָבן געאַרבעט אין דער בונדישער אָרגאַניזאַציע; וועגן גרינדן אַנדערע פאראלעלע אָרגאַניזאציעס איז דאַן גאָר קיין רייד ניט געווען.

מיט דעם „בונדס״ אַרויסטרעטן פון דער פאַרטיי איז שטארק פאַרשארפט געוואָרן די פראַגע וועגן דער אַרבעט פון פּאַרטעיִשע כאַוויירים אין בונדישן

ראיאָן. אף אָרגאניזירן אָבער א באזונדערע פּארטעיִשע גרופּע האָט מען געמוזט אף וויפל ניט איז צוערשט זיך אָריענטירן, שאפן פאַרבינדונגען. דאָס אלץ איז אָבער געווען אומעגלעך דורכצופירן אָן דער הילף פון דער בונדישער אָר-גאניזאציע.

מיטן צ. ק. האָב איך קיינע פאַרבינדונגען ניט געהאט. די פּארטעיִשע דאָקומענטן מיינע האָב איך געמוזט פאַרניכטן, ווען איך בין ארעסטירט געוואָרן באם איבערגיין דעם גרעניץ. מע האָט זיך געמוזט שטעלן אין פארבינדונגען מיט די כ׳כ. פון אויסלאנד און איינשטעלן באציונגען מיטן צ. ק.

שוין די ערשטע טעג פון מיין אָנקומען אין באברויסק איז מיר אויס-געקומען פירן היציקע דעבאטן מיט איינצלנע כאוויירים, אָנפירער פון דער בונדישער אָרגאניזאציע. די באציונגען פון די בונדיסטן צו די איסקראָווצעס זיינען געווען זייער פארביטערטע. דאָס האָט געוויזן, אז דער סאם פון נאציאָ-נאליזם (אפן יעסאָד פון קליינבירגערלעכער באגרעניצטקייט) האָט דאן, פאַרן לעצטן יאָר, געמאכט גרויסע שריט פאָרויס. אן אויסנאם איז געווען מיין ברו-דער. ער האָט העכער א יאָר צייט געארבעט אין באברויסק און האָט זיך דאָרט גערעכנט פאר א פאָפּולערן מאסנטוער. אין דער פראגע וועגן מיינונג-פארשיידנהייטן צווישן „בונד“ און דער פארטיי האָט ער נאָך קיין קלאָרע פּאָ-זיציע ניט פארנומען. זיין אינפאָרמאציע פלעגט ער באקומען אויסשליסלעך פון די בונדישע קרייזן; אויך ליטעראטור פלעגט ער באקומען נאָר בונדישע. „איס-קרא“, פלעגט אהין ארייגפאלן זייער זעלטן. די נומערן „איסקרא“, אין וועלכע ס׳פלעגן זיך געפינען ארטיקלען קעגן בונד, פלעגט מען גאָר ניט באקומען. מיין ברודער איז געווען דער איינציקער, וועלכער פלעגט מיך ערנסט אויסהערן, ניט אַף צופירן פאלעמיקעס, נאָר קעדיי זיך קענען פאנאנדערקלייבן אין די וויכטיקע פאר יענעם קאנט, פראַגן *).

צווישן די ארבעטער איז די באציִונג צו דער פראגע געווען א גאנץ אנ-דערע, זיי האָבן גאָרניט אופגענומען די נאציאָנאלע אידייען פון בונד, וועל-כער האָט געפרווט זיי אָנבינדן.

אָפּזיצנדיק אָנדערהאַלבן כאַדאָשים אין באָברויסק, האָב איך אָנגעשריבן אַ בריוו צו ל. מ. אַקסעלראָד (פּילאָסאָף, ארטאדאקס) פון וועלכן זי האָט אָפּ-געדרוקט אויסצוגן אין 33-טן נומער „איסקרא“ פון 25-טן נאָיאבר 1905 יאָר אונטערן קעפל „פון אַ פּריוואַטן בריוו“.

אין דעם בריוו האָב איך געשריבן: „די מערהייט פון די אַנטוויקלטע יידישע אַרבעטער, מיט וועלכער מיר איז אויסגעקומען זיך צו באַגעגענען, גיט אַן ענערגישן ווידערשטאַנד די טענדענצן, וואָס עס וויל זיי אָנבינדן די בונדישע אינטעליגענץ. די אינטעליגענטן פראָפּאַגאַנדיסטן אליין האָבן זיך פאַר מיר

*) לעוו שקלאָווסקי האָט געמוזט אינגיכן אפּטראָגן זיך פון באברויסק און אנטלויפן אין אויסלאנד און איז צוגעטראָטן דאָרטן צו „איסקרא“, פּראקציאָנעל צו די באָלשעוויקעס.

געקלאָגט, אז די ארבעטער ווילן גאָרניט אופנעמען די אַרטיקלען, וואָס דרוקן זיך אין דער „אַרבעטער שטימע״ (בונדישער אָרגאַן) און זיינען דורכגעדרונגען מיט נאַציאָנאליזם״. די צוטיילונג אַף אינטעליגענץ און ארבעטער, וועלכע איך האָב געבראכט אין מיין בריוו, האָט אַנטשפראכן דער ווירקלעכקייט און איז ניט געווען בלויז אַן אַגיטאציעמיטל, ווייל מיין בריוו האָב איך געשריבן ניט מיטן ציל צו פֿאַרעפֿנטלעכן אים אין דער פרעסע.

איך האָב צוגעזאָגט די אָנפֿירער פֿון דער בונדישער אָרגאַניזאַציע, אַז איך וועל באַ זיי אַרבעטן, דערביי האָבן זיי ארויסגעשטעלט אַ פֿאָדערונג, איך זאָל ניט אַגיטירן פֿאר „איסקרא״. איך בין גערן איינגעגאַנגען אַף דעם פונקט, ווייל איך האָב געוווסט, אַז אַזאַ לאַגע וועט סאי ווי סאי לאַנג ניט דויערן און מיר וועט דערוויל זיך איינגעבן פֿארבינדן זיך מיט דער מאסע פֿון דער בונדישער אָרגאַניזאציע. אזוי איז דאָס טאַקע פֿאָרגעקומען.

איך געדענק ניט צו איך בין געווען קאָאָפטירט אין קאָמיטעט פֿון באָבּ-רויסקער „בונד״, נאָר איך געדענק גוט, אז איך בין בייגעווען אַף אלע פֿאַר-זאַמלונגען פֿון קאָמיטעט. מען דאַרף געדענקען, אז די ארבעט פֿון קאָמיטעט האָט זיך דאמאָלסט געפֿירט זייער געהיים און קיין איבעריקע מענטשן, אפֿילע גאָר אַקטיווע, האָט מען ניט צוגעלאָזן אַף די זיצונגען פֿון קאָמיטעט.

איך האָב גלייך געווענדעט מיין אופמערקזאַמקייט אַף דער יוגנט, גע-שאַפֿן עטלעכע קרייזן און אָנגעהויבן פֿירן צווישן זיי אַ סיסטעמאַטישע פראָ-פּאגאנדע. ביז אַ צייט האָב איך זיך אָפּגעהאַלטן בארירן די נאַציאנאלע פראגע, ווי אויך די מיינונגפֿארשיידנהייטן צווישן „בונד״ מיט דער פארטיי. זיך האב זיך אויך פֿארבונדן מיטן צענדליק ניט יידישע ארבעטער, וועלכע האבן זיך געפֿונען אונטער דער ווירקונג פון דער בונדישער ארגאניזאציע און צווישן וועלכע ס׳האט געארבעט מיין ברודער און ס. ז. גארעליק (ארטור).

באַ אַזעלכע באדינגונגען האב איך געארבעט בא אַ כוידעש. אין גיכן איז מיר אויסגעקומען צו זיין אין באָריסאָוו.

לויטן פֿאָרשלאג פֿון די ארטיקע בונדיסטן האב איך געהאלטן אַ פֿאר-טראג אף אַ פֿארזאמלונג פון אקטיוו וועגן די כלוקעדייעס פון „בונד״ מיט דער פארטיי. אף דער פארזאמלונג זיינען געווען בא אַ פֿופציק מאן. עס איז פארגעקומען א דיסקוסיע, נאך וועלכער אלע זייגען איינשטימיק אריבער אף מיין זייט. לויט דער פֿאדערונג פֿון דער פארזאמלונג האב איך אריינגעטראגן א רע-זאלוציע, וועלכע איז אנגענומען געווארן. אין דער רעזאלוציע האב איך נאר אנגעוויזן אונדזער פרינציפעלן שטאנדפונקט; פראקטישע פארשלאגן האב איך ניט געמאכט, ווייל איך האב ניט געוווסט דעם שטאנדפונקט פון דער פארטיי *).

אין איינע פֿון מיינע שפעטערדיקע באבּרויסקער קאָרעספאָנדענצן האָב איך געשריבן: „פאר די לעצטע 9 כאדאָשים האָט זיך די לאגע געביטן. די

*) זע וועגן דעם דעם 33-טן נומער „איסקרא״ „פון אַ פריוואַטן בריוו״.

שטאַרקע בונדישע אַגיטאַציע, וועלכע האָט ניט באַגעגנט קיין ווידערשטאַנד מיצאַד דער ר. ס. ד. א. פּ. האָט געבראַכט דערצו, אַז פון „בונד" האָט זיך אָפּגעשפּאָלטן נאָר אַ קליינער טייל און די איבעריקע אַרבעטער האָבן אָנגענומען די נאַציאָנאַלע פּרינציפּן פון זייערע אָנפירער *).

אַ ספּעציעלן קאַדער טוער האָט מען אַריינגעשיקט אין באָריסאָוו, וועלכע האָבן דאָרטן צוריקגעקערט די „פאַרבלאָנדזשעטע" בונדיסטן, אַסאַך אַרבעטער, אָבער, האָבן ניט געהערט די בונדיסטן און געשאַפן אין באָריסאָוו אַ גרופּע פון „איסקרא". דער הויפּטאָרגאַניזאַטאָר פון דער דיסקוסיע איז נאָכדעם אָפּ-געפּאָרן אין צאָפּנרוסלאַנד און ענערגיש געאַרבעט דאָרטן אין אונדזערע רייען.

אין אַ צייט אַרום האָב איך זיך באַטייליקט אין אַ גרויסער דיסקוסיע אין באָברויסק וועגן דערזעלבער פּראַגע. די איניציאַטיוו איז אַרויס מיצאַד דער „אינטעליגענץ" אונטער דער אָנפירונג פון אַ געוויסן זש. גינזבורג, וועלכער איז געווען פאָרזיצער אויף אַלע דריי פאַרזאַמלונגען, זיי פלעגן דויערן פון 8 ביז 10 שאָ.

גינזבורג איז געווען אַ זון פון אַ רייכן סוחר און האָט זיך גערעכנט פאַר איינעם פון די פעיִקסטע יונגע לייט אין יענעם קאַנט... (אין די נײַנצי-קער יאָרן האָט ער זיך באַטייליקט אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, נאָכ-דעם אָבער האָט ער קאַטעגאָריש אָפּגעלייקנט, אַז ער זאָל האָבן אַ שייכעס צו רעוואָלוציאָנערן). ביז דער צייט פון דער דערמאָנטער דיסקוסיע האָט גינזבורג שטודירט פילאָזאָפיע אין היידעלבערגער אוניווערסיטעט און האָט זיך פון דאָרט אומגעקערט אַ, „אויסגעניכטערטער" פון „סאָציאַליסטישע פאָרורטיילן", און צום סאָף איז ער געוואָרן דער אָרגאַניזאַטאָר פון דער קאַדעטישער פּאַרטיי אין באָברויסק.

איך האָב גערן אָנגענומען זיין פאָרשלאַג, קעדיי צו האָבן דורך דעם אַ מעגלעכקייט אַרויסצוטרעטן פאַר אַ ברייטער אַודיטאָריע, דעמדאָזיקן פאָרש-לאַג האָבן אויך אָנגענומען די בונדיסטן און די דיסקוסיע איז פאָרגעקומען.

איך האָב געהאַלטן אַ רעפעראַט, איינער פון די בונדיסטן אַ קאָרעפע-ראַט, און די דיסקוסיע האָט זיך אָנגעהויבן, נעמענדיק אין אַכט, וואָס איך בין געווען אַליין, און קעגן מיר זיינען געווען 10—15 אַקטיווע בונדיסטן און זיי צו הילף איז געקומען עפּעס איינער פון האָמעל, האָט מען מיר ערלויבט נעמען אַ וואָרט אויף צו ענטפערן די אָפּאָנענטן, ניט וואַרטנדיק אויף אַ שלוסוואָרט. מיין לאַגע איז געווען זייער אַ שווערע. די אַודיטאָריע איז געווען פיינטלעך גע-שטימט קעגן „איסקרא". דאָס האָט אויך פאַרשטאַנען דער פאָרזיצער. מען האָט גלייך געזען, אַז ניט אויף מיין זייט איז די סימפּאַטיע פון אויילעם.

ביסלעכווייז אָבער האָט זיך די לאַגע געביטן. אויף דער צווייטער און דריטער פאַרזאַמלונג איז שוין בייגעווען אַסאַך בונדיסטן אַרבעטער, מען האָט

*) זע „איסקרא" 72 פון 25-טן אויגוסט 1904 יאָר.

געקענט גלייך באַמערקן, אַז די סימפּאַטיע פון די בונדיסטן איז אַף דער זייט פון „איסקרא״. דאָ האָבן אייניקע בונדיסטן, מיטגלידער פון דער קאַמפּדרוזשינע בעקיוון אַרויסגערופן אַ געשלעג און דורך דעם אונטערגעריסן די פאַרזאַמלונג.

מיטן צ.ק. האָב איך נאָך ניט געהאַט קיינע פאַרבינדונגען, און מיר איז אויסגעקומען אַרבעטן אַף מיין אייגענער פאַראַנטוואָרטלעכקייט. איך האָב גענומען אָרגאַניזירן אַ פּאַרטעיִשע גרופּע. דעם טאָג און כוידעש, ווען די גרופּע איז אָרגאַניזירט געוואָרן, געדענק איך ניט.

אין מיין זיקאָרן איז נאָר געבליבן (דערפאַר גאַראַנטיר איך אויך ניט), אַז פאַר מיין אָפּפאָרן אין מינסק אין דעקאַבער 1904 יאָר האָב איך אַיינגעאָרדנט אַ געזעגענונגפאַרזאַמלונג און גערעט וועגן דער עלפּכאַדאָשימדיקער עקזיסטענץ פון דער גרופּע.

אַף אַזאַ אויפן קומט אויס, אַז די גרופּע איז אָרגאַניזירט געוואָרן אין יאַנוואַר 1904 יאָר.

דער כ. גאָלינסקי רעכנט אָבער, אַז זי איז אָרגאַניזירט געוואָרן אַביסל פריִער. איך געדענק אַפילע, אַז ווען די בונדיסטן האָבן מיך אַרויסגעשטויסן פון דער אַרבעט, האָב איך דאָך ווייטער אָנגעפירט מיט אַ קרייז, וואָס איז דורך מיר אָרגאַניזירט געוואָרן. דער קרייז איז באַשטאַנען פון יונגע איִנטעליגענטן, וואָס האָבן סימפּאַטיזירט דעם „בונד״, צווישן זיי איז געווען דער אויבנדערמאָנטער גאַלינסקי, וועלכער איז נאָכדעם געוואָרן מיין נאָענטסטער מיטאַרבעטער אין דער באָברויסקער גרופּע פון דער פּאַרטיי. מיט דעם קרייז האָב איך סיסטעמאַטיש יעדן אָוונט געלערנט. איך געדענק, אַז מיר האָבן דורכגעלייענט דעם קאָמוניסטישן מאַניפעסט, ערפורטער פּראָגראַם און שטודירט דעם וויסנשאַפטלעכן סאָציאַליזם. פּאַראַלעל מיט דעם האָבן מיר געפירט שמועסן וועגן דער פּראָגראַם און טאַקטיק פון דער סאָציאַלדעמאָקראַטישער פּאַרטיי און געשיכטע פון דער אַרבעטערבאַוועגונג. גלייך פון אָנהויב איז באַשטימט געוואָרן, אַז דער קרייז טראָגט ניט קיין פּראַקציאָנעלן כאַראַקטער און צו די צוהערער וועלן זיין בונדיסטן, אָדער איסקראָווצעס, איז דאָס זייער אייגענע זאַך. איך האָב פייערלעך צוגעזאָגט, ניט פאַרנעמען זיך מיט פּראַקציאָנעלע פראַגן. דער רעזולטאַט פון מיינע לימודים מיטן קרייז—קימאַט אַלע צוהערער זיינען שפּעטער געוואָרן איסקראָווצעס; אַקטיווע און באַוווסטזיניקע כאַוויירים, מיט דער הילף פון וועלכע איך האָב געבויט די באָברויסקער פּאַרטעיִשע אָרגאַניזאַציע.

די גרופּע איז לעכאַטכילע באַשטאַנען פון אויסשליסלעך רוסישע אַרבעטער, מיט וועלכע עס האָבן געהאַט פריער פאַרבינדונגען די בונדיסטן. איך האָב זיך אַ לענגערע צייט אָפּגעהאַלטן אַרויסצוטרעטן פאַר זיי קעגן „בונד״. ניט געקוקט אַף דעם, וואָס איך האָב שוין געהאַט אָנהענגער אין דער בונדישער אָרגאַניזאַציע, דאָך האָב איך זיי ניט אַיינגעשלאָסן. דאָס האָב איך

ערשט שפעטער געטאָן, זייענדיק צו דעם געצווונגען דורך די בונדיסטן אַליין.

גלייך נאָך דער דערקלערונג פֿון דער רוסיש-יאַפּאַנישער מילכאָמע (26-טן יאַנוואַר 1904) איז אונדזער גרופּע אַרויסגעטראָטן מיט אַ פּראָקלאַמאַציע קעגן דער מילכאָמע אונטערן קעפּל „צו אַלע באָברויסקער אַרבעטער"; עטלעכע בונדיסטן האָבן געהאָלפֿן פֿאַנאַנדערשפּרייטן די פּראָקלאַמאַציעס. ווען עס האָבן זיך וועגן דעם דערוווּסט די „בונד"-אָנפֿירער, האָבן זיי אָנגעהויבן פֿירן אַ שטאַרקע העצע קעגן אונדזער גרופּע. מען פֿלעגט זיך באַמיִען איינריידן די אַרבעטער, אַז „די פֿאַרשפּרייטונג פֿון אַזעלכע פּראקלאַמאַציעס איז אַ פּאָליטישע אויסגעלאַסנקייט"*).

נאָך אַזאַ קאַמפּאַניע האָט אונדזער גרופּע באַשלאָסן מער אַגרעסיוו אָנהויבן צו אַרבעטן, האָט אַיינגעשלאָסן אין איר באַשטאַנד די בונדיסטן, וועלכע זיינען געווען פֿאַר אונדז, און אָנגעהויבן פֿירן אַן אַרבעט צווישן יידישע אַרבעטער.

לאַנגזאַם, אָבער זיכער האָט זיך גערוקט פֿאָרויס די אַרבעט פֿון אונדזער גרופּע. ס'איז געשאַפֿן געוואָרן אַ קאָמיטעט, אַ ריי קרייזן. ס'זיינען איינגעשטעלט געוואָרן גוטע פֿאַרבינדונגען מיט די פֿאַבריקאונטערנעמונגען, וועלכע זיינען געווען אין באָברויסק און ווו עס האָבן קימאַט אויסשליסלעך געאַרבעט רוסישע אַרבעטער. מיר האָבן געשאַפֿן אַן אייגענע דרוקעריי, אַ דאַנק דער איבערגעגעבנקייט פֿון כאַווער א. ראַיקין, אַן אַרבעטער פֿון פרידליאַנדס דרוקעריי. באַטאָג פֿלעגט ער שלעפּן שריפֿט און אַנדערע דרוקמאַכשירים און באַנאַכט האָט ער געדרוקט אונדזערע פּראָקלאַמאַציעס. ווי מע האָט מיר איבערגעגעבן, האָט דער כ. ראַיקין געאַרבעט אין אַ מאָסקווער דרוקעריי, ארבעט איצט אין אַמעריקע און איז א קאָמוניסט.

אויסער אים האָט אין דרוקעריי געאַרבעט דער כ. גאלינסקי. אונדזער דרוקעריי איז געווען ניט קיין שלעכטע. אין סאָף 1904 יאָר האָבן מיר אפילע אַרויסגעלאָזן קליינע בראָשורן, א זאמלבוך פֿון רעוואָלוציאָנערע לידער און אַנד.

ביסלעכווייז האָט מען זיך אָנגעהויבן פֿאַרביִנדן מיִטן צענטער; איך געדענק ניִט ווי די פֿאַרביִנדונג איז פֿאָרגעקומען. צוערשט איִז צו מיִר געקומען דער שליִעך פֿון צ.ק. כ. ליִטוויִנאָוו (פֿעליִקס). דאָס איִז געווען דער ערשטער איִסקראָוועץ, מיִטן וועלכן איִך האָב זיִך נאָך מיין אַרעסט באַגעגנט, און געקענט דורכשמועסן זיך און אַן אייצע האַלטן. איך געדענק מיִט וואָס פאַר אַ נייגעריקייט איִך האָב זיִך געוואָלט דערוויִסן וועגן די איינצלהייטן פֿון דער צושפּאַלטונג. מיִר האָט זיִך ניִט געוואָלט גלויבן, אַז פלעכאַנאָוו, מאַרטאָוו און אַקסעלראָד דענקען איִצט אַנדערש, ווי פֿריִער, בייס מיין אָפּפֿאָרן פֿון אויסלאַנד.

*) זע „איִסקראַ" נומ. 72, „פֿון באָברויסק".

די לִיטעראַטוּר, אָבער, וואָס דער כ, לִיטווִינאָוו האָט געבראַכט, האָט מִיך אִיבערצייגט, אַז זיין אִינפָאָרמאַציע איז אַ רִיכטִיקע. מאַרטאָווס, אַקסעלראָדס און פלעכאַנאָווס אַרטִיקלען האָבן מִיך אִיבעראַשט. איך האָב נִיט געוואָלט גלויבן, אָבער דער פאַקט בלייבט אַ פאַקט. אונטערן מאַנטל פון דער רעוואָלוציאָנערער סאָציִאַלדעמאָקראַטיע, האָט מען אַרויסגערוקט די טעאָריִע פון די עקאָנאָמִיסטן, נאָר אַנדערש געשליירט. איך האָב דאַן זייער אַסאַך געטראַכט. דער אַווטאָריטעט פון דער גרופע „אָסוואָבאָזשדיעניע טרודאַ" איז אִין מיינע אויגן געווען זייער גרויס. דאָס האָט מִיך געצוווּנגען פאַרטראַכטן זִיך אַף דעם אִיבערברוך, וואָס איז פאָרגעקומען בא אירע גרינדער און זען, אף וועמעס צאד געפינט זיך דער רעוואָלוציאָנערער עמעס. ניט געקוקט אַף דעם, וואָס לענינס אווטאָריטעט איז בא מיר געווען א סאַך קלענער פון פלעכאנאָווס און אקסעלראָדס, האָב איך דאָך געמוזט דערקלערן, אז איך שטיי אפן שטאנדפונקט פון אלטן פלעכאנאָוו און אקסעלראָד און דעריבער האלט איך זיך אָן לענינס קוק צוזאמען מיט דער מערהייט און גיי מיט די באָלשעוויקעס. אין אזא גייסט האָב איך געפירט די ארבעט אין דער באָברויסקער גרופע, און זי איז געוואָרן א באָלשעוויסטישע. איך מיין מיט דעם ניט זאָגן, אז זי איז געווען שטענדיק א באָלשעוויסטישע.

ווי אלע אונדזערע אָרגאניזאציעס, האָט זי אין פאַרשיידענע צייטן אָנגענומען פאַרשיידענע ריכטונגען. ס'האָבן זיך געביטן די מענטשן און געביטן זיך אויך די ריכטונגען. אין 1906 יאָר, ווען לויט דער באַפאָלמעכטיקונג פון מאָסקווער ביוראָ באם צ.ק. בין איך פאַרן סטאָקהאָלמער צוזאמענפאָר געקומען אין באָברויסק, האָבן די אָנפירער פון דער גרופע סימפאטיזירט די מענשעוויקעס און סאבאָטירט מיינע באריכטן וועגן טאָגסיידער פון צוזאמענפאָר. סאָפּקאָלסאָף האָט זיך מיר איינגעגעבן דערפירן די ארבעט ביזן סאָף.

ווי איך געדענק, האָט זיך אויסגעצייכנט אין דער קעגנערשאפט צו מיר איינער אַן עטינגער. ער איז געווען אינגאנצן אונדז פרעמד, האָט אָבער דאן געשפילט אן אָנפירנדיקע ראָל אין דער באָברויסקער ארגאניזאציע*).

פון די פאָרשטייער פון צענטער, וועלכע זיינען געקומען צו מיר אין באָברויסק, געדענק איך דעם שליעך פון צ.ק. „וואדים" (פאָסטאַלאָווסקי). אין 1907 איז ער פון דער פארטיי אוועק; שפעטער די הויפטפיגור פון דאָרעממאירעווקאָמיטעט כ' מיכאַיל קאראניעווסקי (פון 1906 הערט מען פון אים ניט, מיסטאָמע אוועק פון דער פאַרטיי), וועלכער האָט פאַרבראַכט אין באָברויסק מער פון צוויי כאַדאָשים. רעפעראַטן האָבן געהאַלטן די אָנגעקומענע צו אונדז כ. סטאָלפנער (אַ מענשעוויק, געלייענט וועגן נאַציאָנאַלער פראַגע) און דער איצט שוין פאַרשטאָרבענער כ. וולאַדימיראָוו (פון פאָלעסער קאָמיטעט), וועלכער האָט אונדז געלייענט, אויב איך האָב קיין טאָעס ניט, וועגן דער מילכאָמע.

*) ווי מע האָט מיר איבערגעגעבן, איז עטינגער היינט א סאָלידער נעפמאן אין מאָסקווע.

אונדזער ווירקונג האָט געהאַלטן אין איין וואַקסן, ווי צווישן די רוסישע אַזוי אויך צווישן די יידישע אַרבעטער. אונדז האָט זיך איינגעגעבן דורכצופירן עטלע-כע שטרייקן אין אייניקע אונטערנעמונגען, וווּ עס האָבן געאַרבעט אויסשליסלעך רוסישע אַרבעטער, וועלכע האָבן נאָך ביז יענער צייט אין קיין באַוועגונג קיין אַנטייל ניט גענומען און ס'איז אָנגעקומען גאַנץ שווער באַאיינפלוסן זיי דורך אונדזער אָרגאַניזאַציע.

ביז דער אָרגאַניזירונג פון אונדזער גרופּע האָט זיך די באַוועגונג פאַר-שפּרייט נאָר צווישן די יידישע אַרבעטער, און דער פּאָליציי איז געווען גרינג צו דערווייזן אַז עס „בונטעווען" נאָר „זשידעס".

די נעגאַטיווע באַציונג צו רעוואָלוציאָנערן און „דעמאָקראַטן" איז גע-ווען זייער שטאַרק.

מיט דעם שאַפן זיך פון אונדזער גרופּע האָבן אַסאַך פון אונדזערע רו-סישע כאַווירים גענומען פירן אַן אַגיטאַציע אויך צווישן די רוסישע אַרבעטער.

אַף די לעצטע און אַף די, וואָס זיינען געווען מיט אונדז, האָט מען געקוקט ווי אַף אַזעלכע, וואָס האָבן זיך פאַרקויפט די „זשידעס".

באַזונדער שנעל האָט זיך אַנטוויקלט די אַרבעט צווישן דער רוסישער מאַסע אין אָנהויב מאַי 1904 יאָר, ווען פון טפּיסע איז באַפרייט געוואָרן דער יונגער פעדיע סימאָנטשיק. פעדיע האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיין איבערגעגעבנקייט, פלינקייט און מיט קענען ווירקן אַף די אָפּגעשטאַנענסטע שיכטן פון די אַרבעטער. ער איז געווען איינער פון די בעסטע טוער פון אונדזער גרופּע. אים דאַרפן מיר הויפּטזאַכלעך דאַנקען פאַר דער גרויסער האַשפּאָע, וואָס אונדזער גרופּע האָט געהאַט צווישן די רוסישע אַרבעטער. אַ דאַנק אים האָט זיך אונדז אויך איינגעגעבן פאַרבינדן זיך מיטן באָברויסקער גאַרניזאָן.

אַ זון פון אַן אָרימן פויער, אַ קיילעכדיקער יאָסעם, איז ער צו פינף יאָר אַרויסגעוואָרפן געוואָרן דורך דער נויט פון דאָרף אין שטאָט. ער האָט זייער אַסאַך געליטן.

נאָך אַלס קינד האָט ער זיך שוין אָנגעהויבן באַגעגענען מיט „דע-מאָקראַטן" און איז געבליבן אַפן גאַנצן לעבן אַ באָלשעוויק.

ניט איינמאָל האָט מען אים אַריינגעזעצט אין טפּיסע, פאַרשיקט און אַרויסגעשיקט. פעדיע האָט אָבער קיינמאָל ניט פאַרלאָזן די רייען פון רעוואָ-לוציאָנערן ווו ער זאָל ניט זיין: אין דאָרף, אין שטאָט אין טפּיסע צו אַף דער פרייהייט. אין דער צייט פון קערענסקין האָט ער זיך קאַם אַרויסגעראַטעוועט פון די מענשעוויסטישע הענט, וועלכע האָבן אים געוואָלט שיסן אַלס אַ גע-פערלעכן באָלשעוויק.

פון די רוסישע אַרבעטער, אויסער פעדיען, געדענק איך אויך דעם אַק-טיוון כאַוועה קאַנאַן (שטאַמט פון סטאַראָאָבריאַדצעס, געפאַלן אַפן מאַירעוו-

פֿראַנט אין דער צייט פֿון בירגערקריג) און גרישע דעם לעדעראַרבעטער (זיין פֿאַמיליע געדענק איך ניט). פֿריער איז גרישע געווען אַ כוליגאַן און אַן אַנ-טיסעמיט, נאָר אַ דאַנק סימאַנטשיקס אַגיטאַציע איז ער געוואָרן אַ טיכטיקער מיטגליד פֿון אונדזער פּאַרטייגרופּע.

פֿון באָברויסק איז גרישע אַריבערגעפֿאָרן אין פּוילן. דאָרטן האָט מען אים אַרעסטירט, פֿאַרשיקט אין סיביר, ווּ ער איז געשטאָרבן פֿון טובער-קוליאָז.

איך געדענק איינמאָל זומער 1904 יאָר בין איך עטלעכע טעג געשטאַ-נען אַף דער וואַך אַף אַ בייסוילעם, ניט ווייט פֿון אַ ציגלזאַוואָד, ווּ די אַר-בעטער האָבן געשטרייקט, אַ דאַנק פּעדיעס אַגיטאַציע.

דאָס זיינען געווען די אָפּגעשטאַנענסטע אַרבעטער, ניט לאַנג אַרויסגע-שמיסענע פֿון דאָרף.

מען האָט זיי שרעקלעך עקספּלואַטירט.

פּעדיע האָט זיך די גאַנצע צייט געפֿונען צווישן זיי. פֿון צייט צו צייט פֿלעגט ער זיך צו מיר מעלדן אַפֿן בייסוילעם מיט אַ באַריכט אָדער נאָך אַן אייצע. מען האָט זיי אליין אַף אַ מינוט ניט געטאָרט איבערלאָזן. דער שטרייק האָט זיך געקענט יעדערווײַלע איבעררייסן, ווייל די פּאָליציי האָט געסטראַשעט מיט אַרעסטן. ענדלעך האָט מען דעם שטרייק געוווּנען און דער אַוטאָריטעט פֿון „איסקרא" האָט זיך שטאַרק געהויבן אַפֿילע אַף דער בונדישער בירזשע.

ס'זיינען געווען נאָך שטרייקן. ווען עס האָבן פֿאַרשטרייקט סוועגגאָר-זשיצקעס און סמעדיוזשעווסקעס זאַוואָדן, האָבן מיר אַרויסגעלאָזן טויזנטער פּראָקלאַמאַציעס. וואָס גרעסער אָבער עס זיינען געווען אונדזערע ניצכוינעס, אַלץ גרעסער איז געוואָרן די סינע צו אונדז מיצאַד די בונדיסטן און אַנדע-רע קליינבירגערלעכע אָרגאַניזאַציעס.

איך דערמאָן זיך אָן פֿאָלגענדן אינצידענט: פֿון באָברויסק האָב איך גע-שיקט אַ ריי קאָרעספּאָנדענצן אין „איסקרא" *). אין איינער פֿון זיי („איסקרא" נום. 70) איז געווען באַשריבן אַ געשלעג, וועלכער איז פֿאָרגעקומען אַפֿן בייסוילעם אין צוזאַמענהאַנג מיט דער האַזקאָרע, וואָס איז געמאַכט געוואָרן נאָך דאָקטאָר הערצלס טויט.

די געשלעג האָט זיך אָנגעהויבן, ווען דער כאַזן האָט גענומען זינגען „האַנויסן טשואָ" פֿאַרן קייסער און די אויפֿגערעגטע סאָציאַלדעמאָקראַטן האָבן אַף דעם געענטפֿערט מיט אויסגעשרייען „נידער מיט דער זעלבסטהערשונג". דאַן איז פֿאָרגעקומען אַ הערצלעכע פֿאַרייניקונג פֿון דעם אָנפֿירער פֿון דער ציע-ניסטישער אַרבעטערפֿראַקציע בירגער קוטנער (אָדעסער סטודענט) מיטן פּרי-סטאַוו: דער ערשטער האָט אָנגעפּירט מיט אַ קאַמפּדרווזשינע, דער פּריסטאַוו—

*) זיי זיינען געדרוקט אין די נומערן: 53 פֿון 25/XI-04, 64 פֿון 18/VII-05, 66 פֿון 15/V-04, 70 פֿון 25/VII-04 און 72 פֿון 25/VI. מעגלעך אז ס'זיינען געווען נאָך.

מיט זיין כעוורע. ביידע האבן זיך אַ וואָרף געטאָן אַף די סאָציאַלדעמאָ-קראַטן. די קאָרעספּאָנדענץ איז פֿארשטייט זיך ניט געפֿעלן געוואָרן דעם הער קוטנער מיט זיינע כאַווייִרים, וועלכע האָבן געוווּסט, אַז די דאַמאָלסטדיקע רע-וואָלוציאָנער געשטימטע סטודענטנשאַפֿט וועט פֿאַר אַזאַ מאיסע אים קיין קניפּ אין בעקל ניט געבן. אינטערעסאַנט איז אָבער דאָס, אַז די בונדיסטן האָבן געפֿו-נען פֿאַר נויטיק איינשטעלן זיך פֿאַר קוטנערן. אין דער פֿאַרוואָרפֿענער פּראָ-ווינץ האבן אלע נאַטירלעך געוווּסט, ווער איז דער מעכאַבער פֿון דער קאָ-רעספּאָנדענץ, האַגאַם די לעצטע איז געווען אונטערגעשריבן דורך דער אָרטי-קער גרופּע. אין אַ שיינעם פּרימאָרגן האָט מען מיך איינגעלאַדן אַף אַ זיצונג פֿון „דער אינטעליגענץ" אַף אַ געריכט איבער מיר. איך האָב מיטגענומען דעם כ. גאלינסקין און נאָך איינעם פֿון אונדזערע און זיך געלאָזן אַפֿן געריכט פֿון דער אינטעליגענץ.

וועגן דעם, אז אזא געריכט גרייט זיך אַף מיר, האָב איך נאָך געוווּסט פֿריער. איך האב אויך געוווּסט, אַז די בונדיסטן וועלן אונטערהעלפֿן אַפֿן גע-ריכט די „העלדישע" ציעניסטן. דער פֿאָרזיצער פֿון דער פֿאַרזאַמלונג איז גע-ווען דערזעלבער זש. גינזבורג. ער האָט דערקלערט די גרויסע באַדייטונג פֿון דער פֿאַרזאַמלונג, ווו עס געפֿינט זיך די גאַנצע באָבּרויסקער אינטעליגענץ און פֿאָרשטייער פֿון אלע ארגאניזאציעס (ער האָט מיר אנגעוויזן אַף די פֿאָרשטייער פֿון „בונד"), און אַזוי ווי איך פֿאַרעכן זיך דאך געוויס צו דער אינטעליגענץ, איז דעריבער... די באַשולדיקונג איז באַשטאַנען אין דעם, אַז צוליב מיר וועט זיך דער הער קוטנער פילן ניט גוט אין דער סטודענטישער אָרגאניזאציע און אז איך האב אים ארויסגעגעבן דער פּאָליציי...

איך האב אויסגעהערט דעם שיינעם רעדנער און נעמענדיק אַ וואָרט, האב איך געמאלדן, אַז די קארעספּאנדענץ שטאַמט פֿון אונדזער גאנצער גרופּע און איך בין ניט מער ווי דער אַווטאָר. איך און אונדזער גאַנצע גרופּע האלטן, אַז אזא צופֿעליקע פֿאַרזאמלונג איז ניט גענוג קאמפּעטענט אונדז צו מישפּעטן.

אַלס איינציקן ריכטער איבער אונדז אַנערקענען מיר בלויז אונדזער פֿאַרטייארגאניזאציע מיט אירע צענטרען, וווהין מען קען אונדז אנקלאגן. דע-ריבער וועלן מיר ניט נעמען קיין אַנטייל אין דעם געריכט.

איך מיט מיינע כאַווייִרים האבן זיך אַ לאָז געטאן צום ארויסגאַנג. „הייסט דאס, האט אַ זאג געטאן דער פֿארזיצער, אז איר פארעכנט זיך ניט צו דער אינטעליגענץ". איך האב אַ קוועטש געטאן מיט די פּלייצעס און פֿארגעלייגט, די פֿארזאמלונג זאל באהאנדלען די פֿראגע, און מיר זיינען אַוועק.

איך געדענק ניט וואָס מע האָט דאָרטן באַשטימט. צו זיי האָבן מיר פֿאַרעכנט צו דער אינטעלעגענץ צו ניט, נאָר די געשיכטע האָט זיך מיט דעם ניט פֿאַרענדיקט. ווען איך בין אין אַ פּאָר טעג אַרום אַרויסגעקומען אַף אונד-

זער בירזשע, זיינען צו מיר צוגעפֿאַלן צוויי ציִעניסטן. און געוואָלט מיך שלאָגן, נאָר כעוורע „איסקראָוועצעס" האָבן זיך מיט זיי אַזוי אָפּגערעכנט, אַז איינער פֿון די ציִעניסטן איז געלעגן אַ כוידעש אין בעט.

קעדיי דערגאַנצן די כאַראַקטעריסטיק פֿון אונדזערע באַציִונגען מיט די בונדיסטן, דאַרף מען צוגעבן, אַז ניט קוקנדיק אַף אונדזערע פֿאַרשלאַגן, האָבן זיך די בונדיסטן אָפּגעזאָגט פֿירן מיט אונדז אַ דיסקוסיע וועגן דעם אַרויסטריט פֿון „בונד" פֿון דער פּאַרטיי.

אין דער פֿראַגע פֿון באָלשעוויקעס און מענשעוויקעס האָבן זיי אונטער-געהאַלטן די מענשעוויקעס און געטאַינעט, אַז „איסקרא" אָן לענינען איז אַסאַך אָנשטענדיקער.

די רעוואָלוציע האָט זיך דערווייל אַלץ פֿאַרשטאַרקט. איך האָב אָנגעהויבן טראַכטן וועגן אָפּפֿאָרן פֿון באָברויסק, ניט רעכענענדיק זיך מיטן „באַפעל פֿון אויבן". איך האָב באַשטימט צוערשט פֿאָרן אין מינסק, די פּאָליציי-אופּזיכט האָב איך שוין לאַנג ניט געפֿילט.

מיין פֿאַרזיכטיקע אופּפֿירונג אין די ערשטע כאַדאָשים פֿון מיין אָנקומען אין באָברויסק האָט באַרויִקט די פּאָליציי און זיי האָבן געהאַלטן, אַז ביכלאַל איז מיין גאַנצע אַרויסשיִקונג קיין באָברויסק געווען בלויז אַ מיספֿאַר-שטענדעניש, און מע האָט מיך געלאָזן צו רו. אַזוי אַרום איז מיין אָפּפֿאָר פֿון באָברויסק פֿאַרגעקומען איינגאַנצן אומבאַמערקט פֿאַר דער פּאָליציי. אין דעקאַבער 1904 יאָר, ווען איך האָב פאַרלאָזן באָברויסק, האָט די „איסקראַ"-אָרגאַניזאַציע געציילט ביז 150 פּאַרטיימיטגלידער.

אין מיינע זיכרוינעס קען איך ניט פֿאַרבייגיין דעם פֿאַקט, אַ זייער אינ-טערעסאַנטן פֿון שטאַנדפּונקט פֿון דער מענטשלעכער פּסיכאָלאָגיע. צווישן די באָברויסקער איסקראָוועצעס איז געווען אַ יונגער אַרבעטער מ. קאָליאָסניקאָוו, זייער אַ פֿעיִקער און דרייסטער קעמפֿער. אין אָנהויב 1906 יאָר האָט ער זיך באַקאַנט מיט אַ קאַזאַקנאַטשאַלניק פֿון אַן איינגעקוואַרטירטן פּאָלק אין באָברויסק. זיי פֿלעגן צוזאַמען שיקערן און קאַליאָסניקאָוו, ווי עס האָט זיך נאָכ-דעם אַרויסגעוויזן, איז געוואָרן אַ פּאַרעטער.

אין 1906 יאָר, פֿרילינג צייט, פאַרן שטאָקהאָלמער צוזאַמענפֿאָר, בין איך געקומען אין באָברויסק און געדאַרפֿט אַרויסטרעטן אַף אַ פֿאַרזאַמלונג. פֿאַרן עפֿענען די פֿאַרזאַמלונג איז געקומען קאַליאָסניקאָוו און האָט מיך אָנגעהויבן איינריידן איך זאָל אַוועקגיין, ווייל די פּאָליציי ווייס פֿון אונדזער פֿאַרזאַמלונג און האָט געשיקט נאָך קאַזאַקן, די פֿאַרזאַמלונג איז פֿאַנאַנדערגעלאָזן געוואָרן, און אין אַ מינוט צען אַרום איז טאַקע געקומען פּאָליציי מיט קאַזאַקן, האָבן אַרומגערינגלט די שטוב. זיי האָבן אָבער קיינעם שוין ניט געטראָפֿן.

בײַ מיין אָפּפֿאָרן דאַן פֿון באָברויסק האָט מיר די מאָסקווער ביוראָ פֿון צ. ק. פֿאָרגעלייגט באַקומען דאָרט אומבאַדינגט פּאַספּאָרטבלאַנקען. דורכשמו-

עסנדיק זיך מיט באברויסקער כאַווירים, האָבן מיר באַשלאָסן אָנפאַלן אַף א וואָלאָסט און קאָנפיסקירן די נויטיקע פּאַספּאָרטבלאַנקען, דער גורל איז געפאַלן אַף סטעפסקער וואָלאָסט, וועלכע געפינט זיך אַ וויאָרסט פּופּצן פון שטעטל פאַריטש.

צו דער ארבעט האָבן מיר צוגעצויגן אונזער בעסטן קעמפער קאַליאָסניקאָוו, און אין א פאָר טעג ארום זיינען מיר מיט א דאַמפער געקומען קיין פאַריטש, דאָרטן האָט אונדז געדארפט אופנעמען א באַקאַנטער פורמאַן, וועלכער האָט אונז געזאָלט צושטעלן א פאָר פערד. פון שטעטל האָבן מיר געדארפט אָפּפאָרן אַזייגער 11 באַנאַכט, כדי אָנצוקומען אין סטעפסק אַזייגער 12 אָדער 1. ווען ס׳איז אָבער געקומען די שאָ פון אָפּפאָרן, האָט קאַליאָסניקאָוו מיך אָנגעהויבן איינריידן, אז מיר זאָלן דאָס איינגאַנצן לאָזן. ער איז ניט געווען פון די שרעקעדיקע און איך האָב ניט געקענט פאַרשטיין, פאַרוואָס רעט ער מיך אָפּ פון אויסצופירן דעם אָנפאַל. איך האָב געשיקט צוויי כאַווירים א קוק טאָן אין גאַס צו דאָרטן דרייען זיך ניט ארום קיין איבעריקע מענטשן, די כאַווירים האָבן דורכגעשפּאַנט די גאַסן און זיך א לאָז געטאָן צום טייך (די וועג קיין סטעפסק פירט איבער דער טייך בערעזינאַ). דאָרטן האָבן זיי באַמערקט לעבן פּאַראָם אַן אוריאַדניק, זיי האָבן א פרעג געטאָן באַקאַנטע, און יענע האָבן דערציילט, אז דער אוריאַדניק דרייט זיך ארום שוין א פאָר שאָ...

אין א יאָר ארום איז קאַליאָסניקאָוו דערמאָרדעט געוואָרן דורכן ס. ר. ריווין *). ערשט שפּעטער ווען איך האָב זיך דערוווסט, אז קאַליאָסניקאָוו איז א פּראָוואָקאַטאָר, האָב איך זיך דערמאָנט אָן די פריערדיקע צוויי מעגלעכע דורכפאַלן, ווען ניט קאַליאָסניקאָוו. איך האָב מיר פאַרגעשטעלט, וואָס פאַר אַן אינערלעכע מילכאָמע ער האָט איבערגעלעבט: אַן איסקראָוועץ האָט זיך געראַנגלט מיט א פּראָוואָקאַטאָר...

צום באַדויערן, געדענק איך ניט אַלע כאַווירים, אפילע די מער אַקטיווע, מיט וועלכע איך האָב געאַרבעט.

אויסער מיין אויבנדערמאָנטן זיין אין באָברויסק, בין איך דאָרטן געווען נאָך אַמאָל אין 1917 יאָר, צוריקערנדיק זיך פון אויסלאַנד. לויטן פאַרשלאַג פון אָרטיקן סאָוועט האָב איך געהאַלטן א פאָרטראַג וועגן דער דאַמאָלסטדיקער לאַגע. אויסער דעם כאַווער סימאַנטשיק, וועגן וועלכן איך האָב פריער גערעט, מוז איך אויך אָנווייזן אַפן כאַווער גאַלינסקי. ער איז געווען איינער פון די, וואָס זיינען אריינגעטראָטן אין אונזער גרופּע אין די ערשטע טעג פון איר גרינדונג. ער האָט בעסער פון אַנדערע איינגעזאַפּט דעם רעוואָלוציאָנערן מאַרקסיזם און רופט נאָך איצט אויך ארויס א באַוואונדערונג מיט זיין ריכטיקן צוגאַנג צו א פראַגע. ער איז געווען איינער פון די באַוווסטזיניקע כאַווירים

*) פאַר דעם מאָרד איז ריווין געווען פאַרמישפּעט צו 20 יאָר קאַטאָרגע און אין 1917 יאָר איז ער באַפרייט געוואָרן און אריין אין ר. ק. פ.

פֿון דער גרופּע און האָט געפֿירט זיין רעוואָלוציאָנערע ארבעט אפילע אין די יאָרן פון רעאקציע. פאר זיין ארבעט אין דער באַברויסקער מיליטעראָרגאניזאציע איז ער פארמישפעט געוואָרן און אָפּגעזעסן דריי יאָר אין טפיסע. אין קערענסקיס צייטן איז ער געוועזן אין באַברויסק קימאט דער איינציקער באָלשעוויק. ער האָט געגומען אן אנטייל אין בירגערקריג, געוועזן ארעסטירט דורך די פּוילן. צוריקקערנדיק זיך פֿון פראָנט, איז ער געבליבן אויסער דער פּארטיי... קיינער קען אים ניט. עס איז שווער צו גלויבן, אַז די אַלטע בונדיסטן, איצטער מיטגלידער פֿון ר. ק. פּ., זאָלן אים ניט געדענקען. עס שטעלט זיך אַ פֿראַגע: עפּשער איז דאָס דערפֿאַר, וואָס מען געדענקט אים צו גוט, מאַכט מען זיך, קלוימערשט, אַז מען „געדענקט אים ניט”... אין אַלגעמיין איז דאָרטן עפּעס אַ ווונדערלעכע זאַך מיט די אלטע פּאַרטייכאַווערים. אַזאַ איבערגעגעבענעם כאַווער, ווי סימאָנטשיק, אַ קריסטאַל ריינער, ווייט פֿון יעדן קאַריעריזם, אַ וויכטיקער טוער צווישן די פּויערים, אַ געליבטער פֿון דער גאַנצער באַפֿעלקערונג, האָבן אונדזערע ווייסרוסלענדישע כאַווירים ניט נאָר ניט געקענט אָפּשאַצן אים ווי געהעריק, נאָר זיי האָבן נאָך דערלאָזן, אַז אייניקע „מיליטערישע קאָמוניסטן” זאָלן פֿירן אַ העצע קעגן אים און ניט נאָר אינעווייניק אין דער אָרגאַניזאַציע, נאָר אַפּילע אין דער פּרעסע און נאָך אין דער צענטראַלער („איזוועסטיאַ”), דעם פּאַרטייסטאַזש האָט מען אים פֿאַרעכנט פֿון 1918-טן יאָר.

אויב די יונגע מיטגלידער פֿון פּארטיי געדענקען ניט זייערע עלטערע כאַווירים, קען איך אָבער אין מיינע זיכרוינעס וועגן באַברויסק ניט פארגעסן אָן מיינע בעסטע כאַווירים און מיטהעלפּער פֿון באַברויסקער גרופּע ר. ס. ד. א. פּ. און זאָלן מיינע איצטיקע שורעס זיין געווידמעט די כאַווירים לעוו גאַלינסקי און פעדיע סימאָנטשיק.

1-טן אָקטיאַבר 1925 יאָר.

גאָרעליק.

# באָבּרויסק אין 1905 יאָר.

די וויכטיקסטע רעוואָלוציאָנערע פּאַרטייען זיינען אין 1905 געווען „בונד" און „איסקרא". צווישן די אַרבעטער האָט געהאַט אַ גרויסע ווירקונג דער „בונד". דאָס, וואָס ביז'ן יאָר 1903 זיינען אין באָברויסק ניט געווען קיין אַנדערע רעוואָלוציאָנערע פּאַרטייען, האָט ערלויבט דעם „בונד" צו זיין די איינציקע אָנפירערן פון דער יידישער אַרבעטערבאַפעלקערונג אין שטאָט. שטרעבנדיק דידאָזיקע ווירקונג מערער צו פאַרפעסטיקן, האָט דער „בונד" אריינגענומען אין זיין פּראָגראַם אַלץ מער נאַציאָנאַלע מאָמענטן, אַוועקגייענדיק אַף אַזאַ אויפן אין לאַגער פון די קליינבירגערלעכע פּאַרטייען.

די גרופּע „איסקרא", וואָס האָט זיך געשאַפן אין סאָף 1903, נאָכדעם, ווי „בונד" איז אַרויסגעטראָטן פון ר.ס.ד.א.פּ., האָט באַקומען אַ פאָלקאָמע אַנטוויקלונג אין די רעוואָלוציאָנערע טעג פון יאָר 1905.

זי האָט זיך געשאַפן פון אַ גרופּע לערניונגנט—עקסטערנע, אונטער דער אָנפירונג פון כ. שקלאָווסקי און איז פאַמעלעך פאַרפולט געוואָרן דורך אַרויסגעטראָטענע אַרבעטער פון „בונד", פון די זאַוואָדן און אונטערנעמונגען אין שטאָט.

דער „בונד" האָט זיך אַ נעם געטאָן צו דער גרופּע, אויסנוצנדיק אַלע מיטלען, קעדיי צו פאַרשוואַרצן איר אין די אויגן פון די אַרבעטער.

קעדיי איינצוהאַלטן די ווירקונג אַף די יידישע אַרבעטער, האָט דער „בונד", שפּילנדיק אַף די נאַציאָנאַליסטישע געפילן פון אָפּגעשטאַנענעם טייל אַרבעטער, גערופן די „איסקראָווצעס" אַסימיליאַטאָרן, „גאָים" און פלעגט זיך באַמיען צו דערווייזן, אַז צווישן די יידישע ארבעטער קאָן און דאַרף עקזיסטירן בלויז אַ יידישע פּאַרטיי, וואָס זאָל פירן אַן אַרבעט אויסשליסלעך אַף דער יידישער שפּראַך.

אין יאָר 1905 האָט דער „בונד" איגנאָרירט די „איסקרא"-אָרגאַניזאַציע און דורכגעפירט אַ זעלבסטשטענדיקע אַרויסטרעטונג. נאָר ביסלעכווייז, צוזאַמען מיטן וווקס פון „איסקרא" און איר ווירקונג אַף די זאַוואָדן, איז דער

„בונד" געצווונגען געווען רעכענען זיך מיט איר. אָנהויבנדיק פֿון יאַנוואַר 1905 ווערן אַלע ערנסטע מאַסנאַרויסטרעטונגען דורכגעפֿירט צוזאַמען מיט „איסקרא", האגאם עס לאָזט זיך ניט אויס אָן כלוקעדייעס, ווייל דער „בונד" האָט גע- שטרעבט געבן אַ טאָן (אָנפֿירן) אין דידאָזיקע אַרויסטרעטונגען.

די גרופּע „איסקרא" האָט איר הויפּטאויפמערקזאַמקייט געווענדעט אַף די אַרבעטער, וואָס זיינען נאָך דורכן „בונד" ניט ארייננגעצויגן געוואָרן אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג: בויער, ברוקירער, זאַוואָדאַרבעטער און טייל- ווייז פויערים, שפּעטער אויך אַף סאָלדאַטן.

די גרעסטע אַנטוויקלונג באַקומט די אַרבעט אין יאָר 1905. דער „בונד" פֿאַרבינדט זיך מיטן טשוהונאויסגוסזאַוואָד (געוו. סמעטישעווסקי), הייוונזאַוואָדן און מיט אַ גאַנצער ריי האָלצזאַוואָדן.

אין אָקטיאבר 1905 ווערט פֿאַר אַרבעט צווישן די סאָלדאַטן אויסגע- טיילט אַ ביוראָ פֿון זעקס מיטגלידער, אָן אַזוי גערופֿענע מיליטערישע אָרגאַני- זאַציע „איסקרא".

די גרופּע אַרבעט אונטער דער דירעקטער אָנפֿירונג פֿון טוערן-פּראָפֿעסי- אָנאַליסטן כ' אָלגאַ, וואָס איז דאַמאָלסט געקומען צו פֿאָרן.

צווישן די פויערים האָט זיך די אַרבעט אויסגעדריקט אין פֿאַרשפּרייטן פּראָקלאַמאַציעס און אין אַרויספֿאָרן פֿון „איסקרא" מיטגלידער, קעדיי דורכצו- פֿירן פֿאַרזאַמלונגען. די פֿאַרבינדונג איז אונטערגעהאַלטן געוואָרן דורך עטלעכע אופֿגעקלערטע פויערים. אָן אַרבעט האָט זיך געפֿירט אויך אין געוו. באָרט- ניקאָווער וואָלאָסט דורכן כ. קאָנאָן און אין דאָרף שאַטילקי.

אין רעזולטאַט פֿון דערדאָזיקער אַרבעט זיינען אין באָרטניקאָווער וואָ- לאָסט אין סאָף 1905 געווען פֿאַלן פֿון מאַסן אויסהאַקן וואַלד. צוליב דעם האָט מען עטלעכע פויערים אַפֿילע ארויסגעשיקט אין ארכאַנגעלסקער גוב.

דידאָזיקע אויסהאַקונגען האָבן אָבער ניט אָנגענומען קיין ברייטן כאַראַק- טער און האָבן שנעל אופֿגעהערט.

אויסערן „בונד" און „איסקרא", האָבן די איבעריקע גרופּן אין באָב- רויסק (אַפֿילע אין יאָר 1905) ניט געקענט אַנטוויקלען קיין גענוג שטאַרקע טעטיקייט.

אַ גרופּע עסערן, זייער אַ קליינע, האָט געפּרוווט אַרבעטן זעלבסט- שטענדיק אַף זאַוואָדן, צווישן די סאָלדאַטן, פויערים, נאָר די אַרבעט האָט זיך ברייט ניט אַנטוויקלט.

די גרופּן פּ.צ. (פּויאַלייציען), ס.ס. (ציעניסטן-סאָציאַליסטן) און י.ס. (יידי- שע סאָציאַליסטן) האָבן געהאַט זייער אַ קליינע ווירקונג אַף די קליינביר- גערלעכע שיכטן פֿון שטאָט און האָבן געציילט אין זייערע רייען אינגאַנצן עטלעכע צענדליק אַרבעטער.

פֿון די בורזשואזע גרופּירונגען אַף דער יידישער גאַס האָט מען אויסער די ציעניסטן (פֿון וועלכע עס האָבן זיך אָפּגעשפּאָלטן די אויבנדערמאָנטע גרופּירונגען) ביזן 17 אָקטיאַבר 1905 קיינעם ניט געזען.

בלויז בייס די וואַלן אין דער „גאָסודאַרסטווענער דומע״ איז די רוסישע, ווי אויך די יידישע בורזשואַזיע פֿון שטאָט, געגאַנגען צוזאַמען מיט די קאַדעטן.

אַן אָפּטיילונג „פֿאַרבאַנד פֿון רוסישן פֿאָלק״ האָט זיך אָרגאַניזירט בלויז צום סאָף 1905, ווען דער גוירל פֿון דער רעוואָלוציע איז שוין געווען אַנטשיידן און די רעאַקציע האָט אָנגעהויבן באַווייזן אירע נעגל.

צום סאָף 1905 האָבן דער „בונד״, „איסקרא״, עסערן א. א. שוין געהאַט אייגענע קאַמפּאָפּטיילן, וווהין עס זיינען אריין די אַקטיווסטע און דרייסטע יונגע מענטשן פֿון דידאָזיקע אָרגאַניזאַציעס.

די אָפּטיילן האָבן זיך ברייט צושפּרייט בייסן אָרגאַניזירן די זעלבסטשוץ. ווען איבער גאַנץ רוסלאַנד (באַ דער נאָענטסטער מיטווירקונג פֿון דער זעלבסטהערשונג און דורך איר איניציאַטיוו) האָט זיך צוגאָסן אַ כוואַליע פֿון פּאָגראָמען.

בלויז אַ דאַנק דער שטאַרקער אָרגאַניזאַציע פֿון דידאָזיקע קאַמפּאָפּטיילן, פֿון וועמענס עקזיסטענץ די מאַכט האָט געוווסט, האָט באָברויסק אויסגעמיטן פּאָגראָמען.

שטאַרק האָט זיך אין דעם יאָר אַנטוויקלט דאָס פֿאַרשפּרייטן פּראָקלאַמאַציעס. אַלע אָרגאַניזאַציעס, אָנהויבנדיק פֿון „בונד״, „איסקרא״ און ענדיקנדיק מיט די קוים באַמערקבאַרע י.ס., האָבן באַוואָרפֿן די שטאָט, קאַזאַרמעס און לאַגערן מיט בלעטלעך, אופֿרופֿן און אַנדערע דרוקמאַטעריאַלן. די אַרבעט פֿון פֿאַרשפּרייטן פּראָקלאַמאַציעס האָט זיך געוויינטלעך געפֿירט באַנאַכט און בלויז זעלטן באַ טאָג. מען פלעגט זיי אריינשטופּן אין פֿאַרמאַכטע לאָדנס, אין פּאָסטקעסטלעך, אַוועקלייגן באַ טירן, אין די הויפֿן, געגעבן קינדער, צושאָטן אין קאַזאַרמעס און אָנגעווענדעט אַ גאַנצע ריי אַנדערע אויפֿאַנים, אַבי זיי צו פֿאַרשפּרייטן וואָס מערער. די פּאָליציי האָט בלויז געקענט קריצן מיט די ציין, ווייל זי איז ניט געווען בעקויעך געבן זיך אַן אייצע מיט אַזאַ יאַם פּראָקלאַמאַציעס. דער אַווטאָריטעט פֿון די רעוואָלוציאָנערע אָרגאַניזאַציעס און זייערע טוער איז געווען זייער גרויס. אַזוי האָט דער אַקטיווער טוער פֿון „בונד״ אין באָברויסק, נאַכקע יוכוויד, אָדער „נאַכקע״ (ווי מ׳פֿלעגט אים פּאָשעט רופֿן אין שטעטל) געוווּנען אַ גרויסע פּאָפּולערקייט באַ דער באַפֿעלקערונג און די גרעסטע ליבע באַ די אַרבעטער.

ניט זעלטן זיינען געווען פֿאַלן, ווען דער פּאָליצמייסטער פֿלעגט אָפּשיקן צו נאכקען, ווען צוויי מענטשן פלעגן קומען נאָך אַן אייצע. דער פּאָליצמייסטער האָט זיך שטענדיק אַזוי אויסגעדריקט: „גייט צו נאַכקען, ער וועט אייך פֿאַנאַנדערנעמען. ער איז אייער פּ.ליצמייסטער״. און ווירקלעך, נאַכקעס אַווטאָריטעט פֿלעגט אַ סאָף מאַכן צו אַסאַך מאַכלויקעסן.

באַם דורכפירן פּאָליטישע אַרויסטרעטונגען איז גענויג געווען דערמאָנען נאכקען, ווי די קראַמען האָבן זיך שנעל פאַרמאַכט. קיין שום פּאָליציי־באַפעלן האָבן דעמאָלסט ניט געהאָלפן, צו די ווידערשפעניקע האָט מען אָנגעווענדעט שטרענגע מיטלען, און די פּאָליציי איז ניט געווען פעיִק צו פאַרטיידיקן זיי. אַזעלכע פאַלן האָבן בלויז פאַרשטאַרקט דעם גלויבן אין דער מעכטיקייט פון די „דעמאָקראַטן״ (אַזוי האָבן פּאָשעטע בירגער גערופן אַלע רעוואָלוציאָנערן).

דער הויפּטאָרט פאַר פאַרזאַמלונגען איז געווען די שולן, וועלכע פלעגן אויסגענוצט ווערן אַף פאַרזאַמלונגען. פארזאמלונגען זיינען אויך פאָרגעקומען אין פּריוואַטע דירעס, ספּעציעל צו דעם צוועק געדונגענע.

זומערצייט פלעגט מען פאַרזאַמלונגען דורכפירן אין וואַלד אין קאָפּצי — 3 וויאָרסט פון שטאָט, באַם אייזערנעם בריק, אַנטקעגן אינדזל, וווּהין מ׳פלעגט זיך צונויפקומען אַף שיפלעך. ס׳האָט אויסגעזען, ווי מ׳שיפט זיך קלוימערשט.

אַף די אַרבעטערבירזשעס איז פולער געווען.

די בירזשע פון „איסקרא״ איז געווען אַף אָלכאָוועד גאַס צווישן סטאָליפּינער און פּריסוטסטווענער גאַסן (איצט קאַרל מאַרקס גאַס און אינטערנאַציאָנאַלע).

די בונדישע בירזשע איז געווען אַף סאָציאַליסטישער גאַס (געוו. מוראַוויאָווער), צווישן סקאָבעלעווער און סטאָליפּינער (איצט ק. מאַרקס און ק. ליבקנעכט).

די עסערישע — אַף שאָסייגאַס (איצט די גאַס פון פּאַריזשער קאָמונע) צווישן אָלכאָווער און אוריצקער (געוו. אלעקסייעווער) א. א. וו.

דידאָזיקע בירזשעס פלעגן ניט זעלטן געביטן ווערן, אָפּהענגיק פון די פּאָליצעיִשע באַדינגונגען.

פּראָקלאַמאַציעס און אויפרופן האָט מען געדרוקט אַף העקטאָגראַפן און אין געהיימע פּאַרטיידרוקערייען. „איסקראַ״ האָט געהאַט איר ניט גרויסע דרוקעריי. אויסער דעם האָט זיך ברייט פּראַקטיקירט דאָס פאַרכאַפּן דרוקערייען. אַ קאַמפּאָפּטייל פלעגט אומדערוואַרטעט פאַרנעמען אַ דרוקעריי, פאַרהאַלטנדיק אַלע אַרייננגייער און אַרויסגייער, ביז וואַנען מען פלעגט ניט פאַרענדיקן אָפּדרוקן די נויטיקע מאַטעריאַלן.

דערדאָזיקער אויפן פון דרוקן איז ברייט אויסגענוצט געווען, איבערהויפּט דורכן „בונד״, וועלכער האָט געהאַט שטאַרקע אָפּטיילן.

אין די רעאַקציעיאָרן איז דאָס געווען אָבער אומעגלעך.

אין יאָר 1905 איז די צאָל מיטגלידער אין די רעוואָלוציאָנערע אָרגאַניזאַציעס געווען פאָלגנדע: „בונד״ — העכער 1000 פערזאָן, „איסקרא״ — ביז 150, די איבעריקע אָרגאַניזאַציעס פון 50 ביז 100.

## די יאַנוואַרדעמאָנסטראַציע.

ווען אין באָברויסק איז אָנגעקומען די יעדיע וועגן די בלוטיקע געשע־ענישן דעם 9־טן יאַנוואַר, איז פאָרגעקומען אַ באַראַטונג פון אָנפירער פון „בונד“ און „איסקרא“ און ס׳איז געשאפן געוואָרן אַ בעשוטפעסדיקער שטרייק־קאָמיטעט. עס איז באַשלאָסן געוואָרן איינאָרדענען דעם 14־טן אַ דעמאָנסטראַציע. באַנאַכט האָט מען צוואָרפן פראָקלאַמאַציעס מיט אַ באַשרייבונג פון די שוי־דערלעכע געשעענישן. עס איז גערופן געוואָרן איינצואָרדענען אַ פאָליטישן שטרייק.

אין דערפרי האָבן די קאַמפּאָפּטיילן פון „בונד“ און „איסקרא“ אומעטום אָפּגעשטעלט די אַרבעט אַף די אונטערנעמונגען און זאַוואָדן. די אַרבעטער אַף די אונטערנעמונגען האָבן טייקעף אויסגעפירט דעם באַפעל.

שווערער איז געווען מיט די זאַוואָדן. אין דער רעוואָלוציאָנערער באַ־וועגונג זיינען אַריינגעצויגן געוואָרן די מער קוואַליפיצירטע אַרבעטער, וואָס האָבן באַטראָפן אַ מינדערהייט פון דער גאַנצער אַרבעטמאַסע אַף די זאַוואָדן. די מערהייט אַרבעטער איז אָבער באַשטאַנען פון בירגער פון די עקן שטאָט און פון אַרומיקע פויערים; ווייל זיי פלעגן אַרבעטן אַפּן סעזאָן, איז זייער צוזאַמענ־שטעל געווען אַ פאַרבייגייענדיקער, דעריבער איז שווער געווען פירן צווישן זיי אַן אַרבעט. די באַלעבאַטים האָבן מיט דראָונגען (פון אָפּזאָגן) אָפּגעהאַלטן די פינצטערע אָפּגעשטאַנענע אַרבעטער פון שטרייק.

נאָכן קומען פון די קאַמפּאָפּטיילן, האָבן זיך די מאַשינען אָפּגעשטעלט און לויטן רוף פון פאַבריקפייפל פלעגן זיך אין הויף פאַרזאַמלען אַלע אַרבעטער פון זאַוואָד. דאָ איז אויך פאָרגעקומען אַ ניט גרויסער מיטינג, און די באַ־גייסטערטע אַרבעטער האָבן זיך געלאָזן אין אַנדערע זאַוואָדן.

אַזוי האָבן איינער נאָכן צווייטן אָפּגעשטעלט די אַרבעט די וואַלדזאַ־וואָדן, ציגלזאַוואָדן, א. א. וו, נאָר אַפּן הייוונזאַוואָד האָט זיך דעם פאַרייניקטן „איסקרא־בונד“־אָפּטייל ניט איינגעגעבן אָפּצושטעלן די אַרבעט. דער דאָרטי־קער פאַרוואלטער האָט זיך פאַראַקשנט און געדראָט אָפּזאָגן יענע אַרבעטער, וועלכע וועלן פאַרלאָזן די אַרבעט.

די אַרבעטער פון זאַוואָד האָבן זיך דערשראָקן פאַר די דראָונגען און זיך געוואָרפן אַף די אנגעקומענע אַרבעטער, וועלנדיק זיי אַרויסטרייבן. אין דער צייט איז אין זאַוואָדהויף געקומען אַ צווייטער קאַמפּאָפּטייל, וועלכער האָט אָקאָרשט אָפּגעשטעלט די אַרבעט אַף דעם טשוהון־אויסגוסזאַוואָד געוו. סמעטישעווסקי. דערדאָזיקער אָפּטייל האָט אָנגעהויבן אַראָפּנעמען די אַרבעטער פון הייוונזאַוואָד. אין דער צייט האָט דער פאַרוואַלטער גע־מאָלדן דורכן טעלעפאָן דער פאָליציי, פון וואַנען עס איז שנעל אָנגעקומען אַ הונדערט קאָזאַקן און אַ ראָטע סאָלדאַטן, די קאזאקן האָבן אומבעראַכמאָנעס־

דיק צושלאָגן די שטרייקער. עטלעכע אַרבעטער פֿון זאַוואָד זענען צוגעשטאַנען צו די קאזאַקן, די קאָזאַקן האָבן אַ שליידער געטאָן באַם טויער 5 פערזאָן און זיי מערדערלעך געשלאָגן מיט נאַהייקעס און פריקלאַדן, די איבעריקע האָבן זיך מיט גוואַלד אַרויסגעריסן.

צווישן די געשלאָגענע איז געווען פֿעדקאַ—אַן „איסקראָוועץ״, פלאַווסקי וו. — אויך אַן איסקראָוועץ, כאַיקע די קלאַפערן (אַ פֿרוי) לעווין ע., געסעל וואַלפסאָן, בענדאַט, גאָרעליק עפּ. אי. (בונדאָווצעס). באַזונדערס האָט מען צוּשלאָגן כאַיקע די קלאַפערן, זי האָט קוים אויסגעהאַלטן.

אָפּשטעלן די אַרבעט אַפֿן הייוונזאַוואָד איז שוין דעם טאָג געווען אוּמעגלעך, ווייל אין הויף האָבן געהיט סאָלדאַטן.

דער הייוונזאָוואָד פֿלעגט זייער זעלטן צושטיין צו אַלגעמיינע אַרויסטרעטונגען, פֿאַרן גאַנצן רעוואָלוציאָנערן פעריאָד איז אים געלונגען אָפּשטעלן בלויז 2 מאָל, און דאָס אויך מיט דער הילף פֿון אַ גרויסן קאַמפּאָפּטייל און שטאַרקע דראָונגען.

דעם גאַנצן טאָג זיינען די גאַסן פֿון שטאָט געווען פֿול מיט מיליטערטיילן און קאָזאַקן. די געשעפֿטן זיינען געווען פֿאַרמאַכט, אין די אונטערנעמונגען האָט מען ניט געאַרבעט, אף די גאַסן זיינען ערעוו און אין טאָג פון פּאָליטשטרייק פֿאָרגעקומען מאַסנפֿאַרזאַמלונגען אין די שולן. באַטאָג האָט מען זיך באַמיט איינאָרדענען אַ דעמאָנסטראַציע.

פֿון בויערשול האָט זיך די דעמאָנסטראַציע געלאָזן דורך אָקטיאַבּרסקע (געוו. טאַטיאַנאָווסקע), קאָמסאָמאָלסקע (געוו. אַדאַמאָווסקע), אַראָפּ צו פּושקינגאַס. נעבן פּושקינגאַס האָט מען אוּפֿגעוויקלט אַ רויטע פאָן, וועלכע איז געווען באַוואַכט דורך מיטגלידער פֿון קאַמפּאָפּטייל. דאָ האָט מען זיך צונויפּגעטראָפן מיט קאָזאַקן. ס׳איז פֿאָרגעקומען אַ צוזאַמענשטויס. די קאָזאַקן האָבן געוואָלט צונעמען די פֿאָן. די מיטגלידער פֿון קאַמפּאָפּטייל: בענדאַט, גאָרעליק עפּ. אי., לעווין א. א. האָבן ניט געלאָזן. דערביי האָט מען גאָרעליקן עפּ. אי. דורכגעשאָסן אַ האַנט. סאָפקאָלסאָף איז זיך די דעמאָנסטראַציע פֿאַנאַנדערגעגאַנגען, צונעמענדיק מיט זיך די פֿאָן. קיינעם האָט מען ניט אַרעסטירט. אוונטצייט זיינען ווידער פֿאָרגעקומען פֿאַרזאַמלונגען. באַנאַכט האָבן זיך נייע מאַכנעס באַוויזן אַף דער גאַס, אַרויסגייענדיק פלוצלונג פון די טויערן. אַף די ראָגגאַסן האָט מען ארויסגעשטעלט רויטע פֿאָנען, געשריען: „נידער מיט דער זעלבסטהערשונג״ און זיך צולאָפֿן. די אָנגעקומענע קאָזאַקן פֿלעגן שוין קיינעם ניט געפֿינען. אין דער צייט האָט אַף אַן אַנדער ראָג דאָסזעלבע געטאָן אַ צווייטע גרופּע.

אַ גאַנצן טאָג זיינען די קאָזאקן, ווי מעשוגענע, געלאָפֿן איבער די גאַסן, צושלאָגנדיק אַלע יונגע מענטשן, וועלכע זיי האָבן נאָר געטראָפֿן.

## עקאָנאָמישע שטרייקן.

אָנהויבנדיק פֿון סאָף יאַנוואַר כוידעש האָט זיך איבער דער שטאָט דורכ־געטראָגן אַ כוואַליע פֿון עקאָנאָמישע שטרייקן. שטרייקן זיינען געווען בא די בויער, באַ די אַרבעטער פֿון וואלדזאַוואָדן, בירברויערייען, ציגלזאַוואָדן אין כמעליקאָווס גוט. אויך איז פֿאָרגעקומען אַן אַלגעמיינער שטרייק פֿון דער גאַנ־צער הויזדינערשאַפֿט אין שטאָט.

ניט געקוקט אפֿן רוישנדן אופֿשטייג אין יאָר 1905, איז דאָך געווען פֿארבונדן מיט א גוואַלדיקער שוועריקייט דורכפֿירן שטרייקן אין די עקן שטאָט, ווו ס׳זיינען געווען זאַוואָדן. מיט דעם דערקלערן זיך די אומבאַדייטנדיקע ער־פֿאלגן, וואס זיינען דערגרייכט געווען אף די זאוואָדן, ווי אויך די שטאַרקע אַקשאנעס מיצאַד די באַלעבאַטים. אין שטאָט פֿלעגן די שטרייקן אַדורך גרינגער און זיינען מערסטנטייל געווונען געוואָרן דורך די ארבעטער.

אין פֿעוורואַל כוידעש איז פֿאָרגעקומען אַ שטרייק באַם סטאליאר־פֿאָד־ריאדטשיק מאַטעס ניימאַן. עס איז געפֿאָדערט געוואָרן העכערן די סכירעס (אף 50 קאָפּ. א וואָך). דער שטרייק האָט זיך פֿאַרענדיקט מיטן פֿאָלשטענדיקן באַפֿרידיקן די ארבעטער.

אָנהויב אפרעל איז פֿאָרגעקומען אַ שטרייק אף לאזינסקיס ציגלזאוואָד. דער שטרייק איז געווען דורכגעפֿירט דורך דער אָרגאניזאַציע „איסקרא״ און דורך אירע אָנפֿירער שקלאָווסקי ל. און האלפערין.

דערדאָזיקער שטרייק האָט געטראגן זייער אן אקשאָנעסדיקן כאראקטער. עס פֿלעגן שטערן „שטרייקברעכער״, קעגן וועלכע ס׳איז אויסגעקומען אנצו־ווענדן אויך פֿיזישע קראַפֿט.

מען האָט אָרגאַניזירט א געלטזאמלונג צוהילף די שטרייקנדיקע. דעם שטרייק האבן די אַרבעטער געווונען, באקומענדיק א טיילווייזע באַפֿרידיקונג.

סאָף אַפרעל איז פֿאָרגעקומען אַן אלגעמיינער סטאָליארשטרייק צוזאמען מיט בויער און ברוקירער. דער שטרייק האט ניט געגעבן קיין פּאָזיטיווע רעזולטאַטן.

אין מאי האָט זיך אָרגאַניזירט א סעקציע מאליאַרעס, וועלכע האָט גע־ציילט 50 פערזאָן. די סעקציע האט פון איר זייט אויסגעטיילט א ביוראָ, אין וועלכער ס׳זיינען אַריין: הירש סוויט, הירש סאמעס און אַווראָם זאמע.

אונטער דער אָנפירונג פֿון דער ביוראָ איז דורכגעפירט געוואָרן דער ערשטער מאַליאַרעסשטרייק בא סלעפיאַנען, ווייל דער לעצטער האָט ניט באַ־צאָלט דעם מאליער גאָלוב. דעם שטרייק האָט מען געווונען.

אין מיטן מאי איז פאָרגעקומען א שטרייק פֿון מוליערס בא פריוואַטע פּאָדריאַדטשיקעס. ס׳איז געוואָרן באפֿרידיקט די פֿאָדערונג מיצאַד די אַרבעטער צו פֿאַרקלענערן דעם אַרבעטטאָג ביז 10 שאָ.

אין די לעצטע טעג פֿון מאי איז פֿאַרגעקומען א שטרייק פֿון אַרבעטער אין דער שטריקאינדוסטריע. צו זיי זיינען צוגעשטאַנען די אַרבעטער פֿון טשוהונאויסגוס און וואלדזאוואָדן.

די הויפטבאדינגונגען זיינען געווען: פֿאַרקירצן דעם ארבעטטאָג, העכערן די סכירעס, אָנדערהאלבן שאָ אף מיטאָג א.א.וו.

דער שטרייק האָט זיך פֿאַרענדיקט מיט א טיילווייזן באפרידיקן די אַר-בעטערפֿאָדערונגען.

## ערשטער מאַי 1905 יאָר.

דעם ערשטן מאי האבן די אונטערנעמונגען ניט געאַרבעט, אויסער עטלעכע זאוואָדן. מאסן אַרבעטער האבן פֿון אינדערפֿרי אָן פֿאַרפֿולט די גאַסן. אַגאַנצע נאַכט האָט מען איבער דער שטאָט פֿאַרשפּרייט פּראָקלאַמאַציעס. צוויי „איסקראָווצעס”, בעקער און ראַשקע לעווין, האבן זיך געלאָזן מיט פּראָקלאמאַ-ציעס אין לאַגער, ווו ס'האָט זיי דורכגעפֿירט א באקאַנטער סאָלדאַט. אין לאַגער זיינען זיך בעקער און ראַשקע (ביידע זיינען נאָך געווען יונגע 16-17 יאָר) צוגאַנגען אין פֿאַרשיידענע צדאָדים. בעקער האָט איבערגעגעבן דעם דעזשורנעם אַ פֿאַרבונדענעם פּאַקעטל מיט פּראָקלאמאציעס אַף איבערגעגעבן דעם פֿעלדפֿעבל. זייענדיק אין גאָרניט כוישעד, האָט דער דעזשורנער צוגענומען דעם פּאַקעט. דאָסזעלבע האָט בעקער געטאָן אין נאָך עטלעכע פּאַלאַטקעס. אַפֿן צוריקוועג האָט ער באַגעגנט צוויי דרעמלענדיקע סאָלדאַטן, אַרום וועלכע ער האָט פֿאַנאַנדערגעוואָרפֿן אַ שטיק צען פּראָקלאמאציעס. דאָס האבן באמערקט די סאָלדאַטן, וואָס האבן געאַרבעט ניט ווייט. זיי האבן פֿאַרהאלטן בעקער און אים שטאַרק צושלאָגן. מען האָט צוריסן זיינע בגאָדים און געוואָלט אים אָפּפֿירן אין פּאָליציי, נאָר ער האָט זיך אַרויסגעדרייט.

אַ גאַנצן טאָג זיינען איבערן שטאָט געפֿלויגן קאָזאקן, פֿאַנאַנדערטרייבנ-דיק גרופּקעס מענטשן. אַף די ראָגן גאַסן פֿלעגן זיך אָבער באַווייזן קעפּע-לעך יונגע מענטשן מיט אויסגעשרייען: „נידער מיט דער זעלבסטהערשונג”. די צווישעטע קאָזאַקן פֿלעגן זיי ניט קאָנען פּאַקן. די קאָזאַקן פֿלעגן דעריבער כאַפּן די ערשטע און בעסטע יונגע מענטשן און מוירעדיק זיי שלאָגן. די טויערן אין די הייזער זיינען געווען פֿאַרמאַכט, ווייל מען האָט מוירע געהאַט, אַז נאָך די אַנטלאָפֿענע קאָנען זיך אַריינרייסן קאָזאקן, וואָס פֿלעגן אומבעראַכ-מאָנעסדיק שלאָגן אַלע, וועלכע זיי פֿלעגן טרעפֿן אין הויז.

## הענקינס מאָרד.

די אָפֿטע מאַניפֿעסטאַציעס אַף די באָברויסקער גאַסן, עקאָנאָמישע שטרייקן, אומאויפֿהערלעכע יעדיעס און קלאַנגען וועגן גרויסע שטרייקן און מאַסנדעמאָנסטראַציעס אין אַלע שטעט פֿון רוסלאַנד האבן ביז גאָר אָנגעגליט

די אַטמאָספֿער פֿון שטאָט. בייס די פּאָפּולערקייט פֿון די „דעמאָקראַטן" איז אַלץ געוואַקסן, זיינען די קאָזאַקן און די פּאָליציי געווען אַרומגערינגלט מיט אַן אַטמאָספֿער פֿון סינע. דאָס האָט זיי נאָך מער געערגערט און פֿאַרשטאַרקט זייער אכזאָריעסדיקייט.

דעם 20-טן יול אין אָוונט האָט זיך א גרופּע קאזאַקן, יאָגנדיק זיך נאָך פֿאַרדעכטיקע פּערזאָנען, אָנגעטראָפֿן אַף ראָג סלוצקער און סאָציאַליסטישער (געוו. מוראַוויאָווסקע) אַפֿן שוואַרצאַרבעטער הענקין, וועלכער האָט געאַדבעט בא „אַ פּאָסטראָיקע". די קאזאקן האבן אָן פֿאַרוואָס און פֿאַרווען אָנגעהויבן אים שלאָגן מיט נאַהאַיקעס. הענקין האָט געפּרוווט פֿאַרטיידיקן זיך פֿון זיי מיט דער לאָפּאַטע. דאַמאָלסט האָט איין קאזאק אַרויסגעכאַפּט דעם שווערד און א קלאפּ געטאָן הענקינען איבערן קאָפּ. פֿון צושפּאָלטענעם שארבן האָט א שפּריץ געטאָן בלוט. הענקין איז געפֿאַלן.

ס'איז שווער איבערצוגעבן די אופֿרעגונג, וואָס איז אַנשטאַנען אין שטאָט. די געשעפֿטן האבן זיך טייקעף אָנגעהויבן צומאַכן. הענקינען האָט מען אָפּגעפֿירט אין שפּיטאָל, ווּהין ס'האָבן אָנגעהויבן שטראָמען מאַסן מענטשן. אין עטלעכע שאָ אַרום איז הענקין געשטאָרבן. אין דעמזעלבן טאָג איז פֿאַרגעקומען אַ באַראַטונג פֿון אָנפֿירער מיט די פּאַרטייאָרגאַניזאַציעס. ס'איז באשאלסן געוואָרן דערקלערן אַפֿן מאָרגנדיקן טאָג אַן אַלנעמיינעם פּראָטעסטשטרייק און איינאָרדענען הענקינען א פֿייערלעכע לעוואַיע.

בא נאַכט זיינען אויסגעקלעפּט געוואָרן פּראָקלאַמאַציעס איבערן גאַנצן שטאָט און אַף די עקן.

אינדערפֿרי זיינען קאמפֿסטיילן אַרומגעגאַנגען די זאַוואָדן און אונטערנעמונגען. מען האָט אָפּגעשטעלט די אַרבעט און אוועקגעפֿירט מיט זיך די אַרבעטער.

די שטאָט איז ווי אויסגעשטאָרבן, אַפֿילע די באלעגאָלעס און איזוואָשטשיקעס זיינען ניט אַרויסגעפֿאָרן. געשטעלט האָט זיך אויך דער הייווגזאַוואָד.

באַם שפּיטאָל האָט זיך 10 אַ זייגער אינדערפֿרי צונויפגעזאַמלט אַ גרויסע מאַכנע מענטשן. אין געשלאָסענע רייען האָבן זיי זיך אויסגעשטעלט אַף שאָסייגאַס. קעדיי ניט געבן א מעגלעכקייט קיינעם צו אַנטלויפן אין פֿאַל פֿון אַ פּאַניק, האבן אַלע מיטגלידער פֿון די קאַמפֿאָפּטיילן געשאַפֿן א גוואַלדיקע קייט אַרום דער גאַנצער קאָלאָנע, נעמענדיק זיך פֿאַר די הענט.

פּאָליציי און קאָזאקן האָט מען ערגעץ ניט געזען. די שטאָט איז אין מעשעך פֿון עטלעכע שאָ קימאַט ווי איבערגעגאַנגען צו דער מאכט פֿון די דעמאָנסטראַנטן.

נאָך פֿריער האָט מען אופֿגעקליבן הענקינס פֿאַרבלוטיקטע בגאָדים און געטראָגן זיי אף א האָלץ אָנשטאָט אַ פֿאָן.

דידאָזיקע בגאָדים שמוציקע, פאַרגאָסענע מיט בלוט, האָבן ווי געראָפּן צו נעקאָמע. די טויטע שטילקייט פון די פאַמעלעכמאַרשירנדיקע טויזנט מענטשן, פול מיט קאַעס און סינע, די ברענענדיקע אויגן—דאָס אַלץ האָבן בוילעטער, ווי ווערטער, גערעדט וועגן די געפילן פון דער מאַסע.

אָפן בייסוילעם זיינען אַרויסגעטראָטן אַסאַך רעדנער.

נאָך דער לעוואַיע האָט מען זיך אָנגעהויבן פאַנאַנדערגיין. די קאמפּס-אָפטיילן זיינען אָרגאַניזירטערהייט דורכגעגאַנגען די שטאָט, האַגאַם קאָזאקן האָבן זיך באמיט פאַרשטעלן זיי דעם וועג.

אין אָוונט זיינען אין שטאָט פאָרגעקומען פאַרזאמלונגען, און קאזאקן האָבן ווידער זיך באוויזן אין די גאַסן.

## דער יולער שטרייק.

דעם 7-טן יול איז אין נאָמען פון דער גרופּע ר.ס.ד.א.פּ. און „בונד" פּראָקלאמירט געוואָרן אַן אַלגעמיינער שטרייק צוליב די לעצטע געשעענישן אין לאָדז, אָדעס און אַנדערע שטעט. דער שטרייק איז געווען אַן אלגעמיינער. דאס גאַנצע לעבן אין שטאָט איז אָפּגעשטאָרבן. ניט געאַרבעט האָבן אַפילע די באַנקאָנגעשטעלטע, עפנטלעכע ביבליאָטעקן, אייזנבאַן און שיפאָנלאָדערס. אַ גרויסע ווירקונג האָט אַף אלעמען געמאכט דאָס, וואָס עס זיינען צוגע-שטאַנען קימאַט אַלע פאַבריקן און זאוואָדאַרבעטער. „פאַרגלייכט דעם 7-טן יול מיטן יאַנוואַר שטרייק אין באָברויסק—לייענען מיר אין א בלעטל, וואָס מאכט א סאכאקל פון די שטרייקן—און איר וועט זען, ווי עס זיינען אויס-געוואקסן פאַר די עטלעכע כאדאשים די אַרבעטער. אין יאַנוואַר זיינען די אַרבעטער ניט אַרויסגעטראָטן, ווי איין מאן; ווייניק האבן מיר געהאט צווישן אונדז זאוואָדאַרבעטער; ס'האבן געדרוישט און געפייפט די פאַבריקוואַרשטאַטן און מיט אַ טיפן וויטאק האָט זיך אריינגעריסן אין האַרץ פון די באוווסטזי-ניקע אַרבעטער דער רויך פון פאַרעטערישן זאַוואָדקוימען. אַנדערש איז איצט; איצט זיינען געווען אַלע אונדזערע ברידער אונטער דער פאָן פון דער סאָציאַלדעמאָקראַטיע".

כאַראַקטעריסטיש איז געווען די באַציִונג צום שטרייק מיצאַד די פּויאַ-לייציען. אלס פּראָטעסט קעגן „בונד", וואָס האָט ניט געהאלטן פאַר מעגלעך פאַרשטענדיקן זיך מיט פּ. צ., ווי מיט אַן אָרגאַניזאַציע, האבן זיי אָנגעהויבן זייער שטרייק בלויז איינס באַטאָג. לויט א געלונגענעם אויסדריק פון אַן אַר-בעטער, האבן די היגע פּ. צ. ביז איינס א זייגער פּראָטעסטירט קעגן „בונד" און פון איינס באַטאָג—קעגן דער זעלבסטהערשונג. די פּאָליציי האָט זיך מאָביליזירט. דעמאָנסטרירן איז ניט געווען קיין מעגלעכקייט. די קאָזאקן האָבן געווילדעוועט. די שטאָט האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט א מיליטע-רישן לאַגער. דורכגייער האָט מען רעווידירט צו 3 מאָל. פאַרדעכטיקע האָט

מען שוידערלעך צושלאָגן. דער פּאָליצמייסטער האָט באַפוילן אופעפענען די קראָמען; ער האָט געפּרוּווט מיט גוטן און מיט בייזן: מיט שטראָפן פון 50 רובל, מיט האַוּטאָכעס „צו באַשיצן", נאָר אַלץ איז געווען אומזיסט. „געהייסן, דאַרף מען פאַרמאַכן, דאַרף מען העלפן די סאָציאַליסטן"—האָבן געזאָגט די קרעמער. „איר באַשיצט אונדז היינט, און זיי וועלן אונדז געפינען שטענדיק". די מוירע פאַר די „דעמאָקראַטן" און די סימפּאַטיע צו זיי האָט געטאָן אירס.

אַ טערקישע ברויטקראָם, וועלכע האָט געהאַנדלט אונטער אַ וואַך פון „גאָראָדאָוויע" און סאָלדאַטן, האָט מען אונטערגעוואָרפן אַ באָיקאָט, ווי ס'איז נאָר פאַרשפּרייט געוואָרן אַ געהעריקע בלעטל, זיינען די ברויטקראָמען טיי-קעף געוואָרן פּוסט, דער באַלעבאָס פון ברויטקראָם האָט זיך מיט אַלע מיט-לען פאַרענטפערט: אים, הייסט עס האָט געצוווּנגען די פּאָליציי, ער האָט צו-געזאָגט ניט טאָן מער אַזעלכע זאַכן. די קרעמער זיינען געווען אויסער זיך, און האָבן זיך דורכגעדרונגען מיט אַכטונג צו די רעוואָלוציאָנערן.

## דורכפאַל פון דער דרוקעריי „איסקראַ".

סאָף יוּל איז אַרעסטירט געוואָרן די געהיימע דרוקעריי פון „איסקראַ".

דידאָזיקע דרוקעריי האָט זיך געפונען אין הויז נומ. 70 אַף קאָמסאָ-מאָלסקער (געוו. אַדאַמאָווסקער) אַף א בוידעמשטיבל. דאָרטן האָט זיך אויך געפונען די פאָן און גאַנצע ליטעראַטור פון דער אָרגאַניזאַציע. די דירע האָט פאַרנומען דער „איסקראָוועץ" פעליקס זעלדין.

אין זעלבן אָוונט איז ער געווען אַף אַ פאַרזאַמלונג. ווען זעלדין האָט זיך צוריקגעקערט אַ היים, האָט ער פון דערווייטנס באַמערקט, ווי זיין הויז ווערט אַרומגערינגלט מיט פּאָליציי. ער האָט גלייך זיך אָנגעשטויסן, וועגן וואָס עס האַנדלט זיך.

באַם אַרעסט אין דער דרוקעריי האָט מען פאַרהאַלטן צוויי מיידלעך. וועלכע האָבן זיך צופעליק געפונען אין שטוב. אין עטלעכע טעג אַרום האָט מען זיי באַפרייט אַלס אַזעלכע, וועלכע האָבן קיין שאַיכעס ניט צו דער דרו-קעריי. פון די „איסקראַ"-לייט האָט מען קיינעם ניט אַרעסטירט.

* * *

די אַרבעט פון די אָרגאַניזאַציעס האָט זיך פאַרשטאַרקט, מען האָט גע-גרייט געווער, פאַרשפּרייט זיינען געוואָרן אַ סאַך פּראָקלאַמאַציעס און ליטע-ראַטור. די כוואַליע פון עקאָנאָמישע שטרייקן האָט זיך איבערגעטראָגן אין די שכיינעסדיקע גיטער. געשטרייקט האָבן די באַטראַקעס אין די גיטער: מי-כאַילעווע, באָרטניקי, יאַנניקאָ, וואַקוליטש א. א. דידאָזיקע שטרייקן זיינען דורכגעפירט געוואָרן דורך מיטגלידער פון „איסקראַ", וואָס זיינען אויסגעטיילט געוואָרן צום דאָזיקן צוועק. זיי האָבן מיט דער הילף פון קליינע קאַמפּאַפּטיילן

אָנגעפּירט מיט די שטרייקן, אראָפּנעמענדיק מיט גוואַלט די מער אַקשאָנעסדי-קע שטרייקברעכער.

אין דערדאָזיקער אָנגעזאפּטער עלעקטרישער אַטמאָספּער האָט זיך אָנגערוקט דער אלגעמיינער אייזנבאַנשטרייק.

## דער אקטיאַבּרשטרייק.

ווי ס׳האָבּן זיך נאָר געשטעלט די באַנען, האָט מען פֿאַרשטאַרקט די אַגיטאַציע צווישן באַנאַרבעטער, ווי אויך צווישן אַרבעטער אין די דעפּאָס.

קעדיי אונטערצושטיצן דעם אַלגעמיינעם שטרייק, איז דערקלערט געוואָרן אַ דרייטאָגיקער אַלשטאָטישער שטרייק. ניט געקוקט אַף די פּאָליצייבאַפֿעלן, זיינען אַלע געשעפֿטן געווען פֿאַרמאַכט, די אונטערנעמונגען האָבּן ניט גע-אַרבעט. אַפֿן דריטן טאָג האָבּן זיך אָנגעהויבּן צו עפענען די קראָמען, דאַ-מאָלסט איז אויסגעטיילט געוואָרן אַן אָפּטייל, וועלכער פֿלעגט די קראָמען פֿאַרמאַכן. אין אַ גרויסן הורטגעשעפֿט האָבּן אונטער פֿאַרמאַכטע לאָדנס גע-אַרבעט עטלעכע אָנגעשטעלטע. דער אָפּטייל האָט זיי טייקעף אַראָפּגענומען פֿון דער ארבעט, צוּבּראָכן די לאָמפּן און דעם געשעפֿט פֿאַרמאַכט. באַ די פּליישקראָמען האָט דער אָפּטייל אָנגעקלאפּט אַ קאַצעוו און די קראָמען האָבּן זיך מאָמענטאַל אָנגעהויבּן צומאַכן. אַפֿן צוריקוועגס האָבּן די אַרבעטעראָפּטיילן באַגעגנט גרופּעס פּאָליציאַנטן. איינעם פֿון די לעצטע האָט מען שטאַרק צו-שלאָגן, צונעמענדיק בא אים דעם רעוואָלווער, דער צווייטער—האָט געמאַכט פּלייטע.

אַף סאָציאַליסטישער גאַס (געוו. מוראַווי׳אָווער) זיינען אַפֿן אָפּטייל אָנ-געפֿאַלן קאָזאַקן. דער אָפּטייל האָט זיך מיט גוואַלט אָפּגעשלאָגן. עטלעכע אַר-בעטער זיינען דערביי מערדערלעך געשלאָגן געוואָרן.

אַפֿן צווייטן טאָג איז דער שטרייק געוואָרן איבּערגעריסן.

בייסן שטרייק האָט מען אַרעסטירט 3 כאַוויירים: פּאַשקאָווסקי, וואָלפֿ-סאָן א. און זלאָטניק, וועלכע מען האָט געכאַפּט בא פֿאַנאַנדערוואַרפֿן פּראָק-לאַמאציעס אין פעסטונג. זיי זיינען אָפּגעזעסן עטלעכע כאַדאָשים, דערנאָך האָט מען זיי באַפֿרייט.

## די „פֿרייהייטטעג“ אין אָקטיאַבּר.

די יעדיע וועגן מאַניפֿעסט פֿון 17-טן אָקטיאַבּר, איז באַקומען געוואָרן אין באָבּרויסק דעם 19-טן. דאָס האָט אַרויסגערופֿן אין שטאָט אַן אויסערגעוויינטלעכע אויפֿלעבונג. אַלע זיינען אַרויסגעשאָטן אַפֿן גאַס. די פּאָליציי האָט זיך אינגאַנצן פֿאַרלאָרן און ניט באַוויזן. אויך קאָזאַקן האָט מען ניט געזען. אין אָוונט איז אַף שאָסייגאַס פֿאָרגעקומען אַ מיטינג, דערנאָך איז פֿאָרגעקומען א דע-מאָנסטראַציע.

די רעדנער האָבן גערופן ניט צו גלויבן דער „פרייהייט״, וועלכע איז געגעבן געוואָרן פון אויבן, און פירן אַ ווייטערדיקן קאמף פאַר אַראָפּוואַרפן דעם צאַריזם.

אַ גאַנצע נאַכט זיינען אין שטאָט אַרומגעגאַנגען מענטשן, האָבן געזונגען און געהערט די רעדנער. די רעוואָלוציאָנערע לידער, „אוראַ״-אויסגעשרייען און לאָזונגען האָבן זיך צומישט מיט די טרוקענע זאַלפן פון רעוואָלווערשאָסן. דאָס האָבן מיטגלידער פון די קאמפאָפטיילן פון פרייד געשאָסן אין דער לופטן.

אַפן דריטן טאָג שאַבעס איז אין טעאַטערגאָרטן פאָרגעקומען אַ גרויסער מיטינג. דער גאָרטן איז געווען אָנגעפאַקט מיט מענטשן, וועלכע האָבן באַדעקט די פאַרקאַנעס, בוימער; עטלעכע זיינען אַפילע אַרופגעקראָכן אַף די דעכער, עס האָט זיך געפירט אַ היציקע דיסקוסיע. די אַרויסגעטראָטענע עסעריִשע און ציאָניסטישע רעדנער האָט מען באַגעגנט מיט אַן אָבסטרוקציע. זיי האָבן געמוזט אופהערן. נאָך זיי איז בלויז נאָכגעגאַנגען אַ קליין הייפעלע פון זייערע אָנהענגער. דער מיטינג איז דערנאָך דורך מיט גרויס ענטוזיאַזם. די סצענע אין גאָרטן האָט באַוויזן, אַז צוזאַמען מיט דער אָפגעשוואַכטער רעאַקציע, שווימען ארויס אף דעם אויבערפלאַך בוילעטער די אלע טאַקטישע און פראָגראַמאַטישע פאַרטיידיסקוסיעס, וואָס זיינען פריער פאַרטושט געווען.

דער פאַרייניקטער קאָמיטעט פון פאָרשטייער מיצאַד אַלע רעוואָלוציאָנערע פאַרטייען אין שטאָט איז זיך צופאַלן. אין אים זיינען בלויז פאַרבליבן די פאָרשטייער פון „בונד״ און „איסקראַ״.

דעמזעלבן טאָג אין אָוונט איז אין שטאָקס זאל (איצט קלוב פון סאָוועטנאָנגעשטעלטע) פאָרגעקומען אַ גרויטע פאַרזאַמלונג פון „בונד״. זי האָט געדויערט ביז איינס באַנאַכט. אַף אַ שנעל צוגעגרייטער טריבונע האָט זיך געזען אַ גרויסער פאָרטרעט פון קאַרל מאַרקס אין אַ רויטן ראַם, אַרומגעהילט מיט בלומען. די פאַרזאַמלונג האָט איינשטימיק אָנגענומען א באַשלוס פאַרנעמען שטאָקס זאַל און איינאָרדענען דאָרטן אַן אַרבעטערקלוב.

זיי האָבן זיך נאָך ניט באַוויזן פאַנאַנדערצוגיין, ווי ס׳איז באקומען געוואָרן די יעדיע וועגן דער בלוטיקער צושיסונג, וואָס עס האָט איינגעאָרדנט אין מינסק גובערנאַטאָר קורלאָוו.

די פרייד האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ טיפן טרויער. די פאַרזאַמלטע זיינען זיך מיט אַ שווער געמיט צוגאַנגען א היים.

נאָך אַ גאַנצן כוידעש האָט זיך די שטאָט געקוויקט מיט פרייהייט. די פאָליציי איז געווען אויסערגעווייינטלעך פאַסיוו. מיט דעם האבן זיך ברייט באַנוצט אַלע פאַרטייען, און דורכגעפירט אַ סאַך מאַסאָווקעס, מיטינגען און פאַרזאַמלונגען. מאסן פראָקלאמאַציעס זיינען פאַרשפרייט געוואָרן איבערן שטאָט און אין די קאַזאַרמעס.

די אונטערנעמונגען האָבן טיילווייז געאַרבעט. מערסטנטייל האָבן זיך אַלע געפֿונען אַף די גאַסן. די באַלעבאַטים האָבן ניט אָפּגערעכנט פֿאַר די טעג, וואָס מ׳האָט ניט געאַרבעט.

דערווייל זיינען געקומען ידיעות פֿון אַנדערע רוסישע שטעט, איינע פֿינצטערער פֿון דער צווייטער.

די צאַריִשע זעלבסטהערשונג האָט זיך פֿאַרנומען מיט איינאָרדענען פּאגראָמען, וועלכע האָבן זיך ווי אַ כוואַליע דורכגעטראָגן איבער אַלע שטעט.

אין באָברויסק איז מען צוגעטראָטן אָרגאַניזירן אַ שטאַרקע זעלבסט-שוץ.

## די צוגרייטונג פֿון זעלבסטשוץ.

אַלע אָרגאַניזאַציעס האָבן זיך גענומען פֿאַרשטאַרקן זייערע קאַמפֿאָפּ-טיילן, און פֿאַרגרעסערן די באַוואָפֿענונג.

די קאַמפֿאָפּטיילן האָט מען באַוואָפֿנט מיט זייער גוטע רעוואָלווערן און פּאַטראָנעס.

אין וואַלד, ניט ווייט פֿון שטאָט, האָבן זיך די קעמפֿער געלערנט שיסן. אויסער געווער פֿאַר קאַמפֿאָפּטיילן (וווהין ס׳זיינען אַריין אויסגעקליבענע מיטגלידער פֿון דער אָרגאַניזאַציע), האָט מען צוגעגרייט אַ סאַך הייסן און קאַלט געווער אויך פֿאַר פּאָשעטע אַרבעטער. שמידער האָבן צוגעגרייט באַגנעטן, שפּיזן, שאַרפֿע שפּיצן, וועלכע מען פֿלעגט אָנטאָן אַף שטעקנס. דאס געווער האָט געקאָנט דינען אַלס גוטע געווער אף אָנצופֿאַלן און פֿאַרטיידיקן זיך, מען האָט צוגעגרייט נאַהאַיקעס מיט גראָבע בלייערנע און אייזערנע שפּיצן. די פֿייער-לעשערקאמאַנדע איז די גאַנצע צייט געווען אַף דער וואַך. דאָרטן איז גרייט געשטאַנען קאָכעדיקע וואַסער, מיט וועלכע מען האָט גערעכנט אָפּגיסן פּאָג-ראָמשטשיקעס בעשאַס אומרוען.

ס׳איז געשאַפֿן געוואָרן אַ גרויסער אומלעגאַלער רויטער קרייז, אין וועלכן ס׳זיינען אַריין די מער פֿיזיש שוואַכע מיטגלידער פֿון די אָרגאַניזאַציעס. דער רויטער קרייז האָט באַקומען אַ סאַך פֿאַרשיידענע מעדיקאַמענטן און באַנדאַזשמאַטעריאַלן, מען האָט צוגעגרייט טראָגבעטלעך. אין דאָזיקן רויטן קרייז זיינען אַריינגעגאַנגען אויך דאָקטוירים. זיי האָבן געלייענט לעקציעס פֿאַר די מיטגלידער פֿון רויטן קרייז, ווי געבן די ערשטע הילף פֿאַרוווּנדעטע און ווי באַגיין זיך מיט זיי.

געלט האָט ניט געפֿעלט, ווייל די באַפֿעלקערונג האָט גערן צונויפֿגע-קליבן פֿאַר די אָרגאַניזאַציעס. די יידישע שטאָטישע בורזשואַזיע האָט מוירע באַקומען פֿאַרן לעבן און אייגנטום; זי האָט אופֿגעעפֿנט די בייטלעך און גע-געבן געלט, וויפֿל ס׳איז געווען נויטיק.

דיִ אָפּטיילן האָבּן ניִט געהאַט קיין באַשטימטן אופהאלטאָרט, זיי האָבן טעגלעך געביטן דעם אָרט.

ס'איִז געווען גענוג צו דערקלערן אַ וואָסער עס איז רייכן ביִרגער, אַז אין דעם טאָג ווערט באַ אים איינשטיין אַן אָפּטייל פון אַזוי פיל און אַזוי פּיִל מענטשן. יענער פלעגט שוין צוגרייטן עסן און אַן אָרט צום שלאָפן. 4—5 אָפּטיילן פלעגן יעדן טאָג דעזשורען איבערן שטאָט.

קעדיי צו פאַרמיידן אומרוען, וואָס האָבן געקענט פלוצלונג אַנטשטיין, זיינען אין שטאָט אַרומגעגאַנגען אויסשפּירער אָדער פאַטרולן. דידאָזיִקע אויס-שפּירער האָבן זיך פאַרגרעמירט און דורכגעקראָכן אַף פאַרזאַמלונגען פון „פאַרבאַנד פון רוסישן פאָלק", וואָס האָט זיך דעמאָלסט אָרגאַניִזירט אין באָב-רויסק (אַזוי האָבן געהייסן די שוואַרצמייעניִקעס).

אין באָברויסק איז קיין פאגראָם ניט געווען, די מאַכט, לויט ווענענס אינציִאַטיִוו און ערלויבעניש עס פלעגן געווינטלעך פאָרקומען פאגראמען, האָט, קאָנטיִק, מגיִרע געהאַט דערלאָזן אַ פאגראם אין באברויסק, רעכענענדיק זיִך מיִט די קויכעס פון די רעוואָלוציאָנערע אָרגאַניזאַציעס.

## דיִ מיִליִטעריִשע גרופּע פון „איִסקראַ".

אין אָקטיאַבר כוידעש איִז געקומען איִן באברויסק אָלגא (דיוועקע שניי-ערסאָן) אַ פראָפעסיאָנאַלקע*), איר האָט מען געשיקט פון מינסק, פון צאָפנמאַי-רעווקאָמיטעט פון ר. ס. ד. א. פּ., ווו זיִ איִז געקומען נאָכן פאַרשיקן איר מאַן אַף קאַטאָרגע.

זיִ איִז געווען אַן אויסערגעוויינטלעך ענערגיִשע פרוי.

מיט איר קומען איִן באָברויסק שאַפט זיִך אַ מיִליטערישע גרופּע פון דער אָרגאַניזאַציע „איסקראַ".

נאָך איִן יאַנוואַר 1905 האָט זיִך לעוו גאלינסקי אין דער וואָינונג פון זיינעם אַ באַקאַנטן, ציין-דאָקטאָר קאַצנעלסאָן, באַקאַנט מיט צוויי אָפיצערן מיט סאָציאַלדעמאָקראַטישע איִבערצייגונגען.

מיט איינעם פון דידאָזיִקע אָפיִצערן—צוועטקאָוו, האָט זיִך גאָלינסקי באַ-זונדערס באַפריינדעט און אָנגעהויבן קומען צו אים אַ היים.

גאָלינסקי האָט צוגעשטעלט צוועטקאָוון ליטעראַטור און דיִ צייטונג „איסקרא".

צוועטקאָוו פלעגט דידאָזיִקע ליטעראַטור פאַרשפּרייטן צווישן זיינע באַ-קאַנטע אָפיצערן, נעמענדיק אַ באַשטימטן אָפּצאָל פאַרן לייענען. די געלט האָט באַקומען גאַלינסקי פאַר דער אָרגאַניזאַציע.

---

*) אַזוי האָט מען גערופן „פראָפעסיאָנעלע רעוואָלוציאָנערן", וועלכע פלעגן זיך פאַרנע-מען אויסשליסלעך מיט פאַרטייארבעט לויטן אופטראג פון זייער ארגאניזאציע.

ווענן זיין באַקאַנטשאַפט מיט די אָפיצערן האָט גאָלינסקי איבערגעגעבן דער אָרגאַניזאַציע, אָנפרעגנדיק זיך, ווי זיי אויסנוצן. נאָר די אָרגאַניזאַציע האָט פריער ניט געפונען פאַר נויטיק ערנסט זיך פאַרנעמען מיט דער אַרבעט אין מיליטער. דאמאָלסט האָט גאָלינסקי אָנגעהויבן אַרבעטן זעלבסטשטענדיק. ער האָט אָנגערעט צוועטקאָוון אָרגאַניזירן אַ קרייזל פון סאלדאַטן אין זיין ראָטע און אַליין פירן צווישן זיי אַן אַרבעט. צוועטקאָוו האָט מאסקים געווען.

צוניפקלייבנדיק אַ גרופע סאלדאטן האָט ער זיך אָנגעהויבן פאַרנעמען מיט זיי אין פרייע אָוונטן און זיך פאַרשלאָסן אין זיין וואָינונג.

שפעטער איז ער אומדערוואַרטעט פאַרשווונדן פון באָברויסק, ריכטנדיק זיך קענטיק אַף אַ דורכפאַל.

גאָלינסקי האָט זיך צונויפגערעט מיט דער אָט וואָס געקומענער אָלגא און האָט באַשלאָסן שאַפן אַ מיליטערישע גרופע פון טוער פון דער אָרגאַניזאַציע „איסקראַ“.

די גרופע האָט געדאַרפט אַרבעטן זעלבסטשטענדיק, לעבן בלויז פון דער שטיצע, וואָס זי באַקומט פון דער אָרגאַניזאַציע.

די גרופע האָט זיך אָרגאַניזירט נאָכן פראָקלאמירן דעם מאַניפעסט. אין איר זיינען אַריין אָלגאַ, גאָלינסקי, רובינשטיין, יאמענעוו און קוסטאַנאָוויטש.

די אַרבעט פון דער גרופע האָט זיך אָנגעהויבן אין אַ גינסטיקן מאָמענט. אַ דאַנק דער „פרייהייט“, וועלכע האָט זיך געהאַלטן אין שטאָט אַרום אַ כוי-דעש, זיינען אומאויפהערלעך פאָרגעקומען מיטינגען און פאַרזאמלונגען, אַף וועל-כע ס׳זיינען אָנוועזנד געווען אַ סאַך סאלדאַטן. ניט זעלטן פלעגט מען פאַר די לעצטע איינאָרדענען ספעציעלע פאַרזאַמלונגען, ווו ס׳זיינען אַרויסגעטראָטן רעדנער פון די סאָלדאַטן.

די מיטגלידער פון דער מיליטערישער גרופע האָבן איינגעשטעלט אַ פארבינדונג מיט דער קאָנוואָיקאָמאנדע, אָרטיקן לאַזאַרעט, קרעמלער און קליאַזמער פעכאָטעפאָלקן, אַרטילעריע, זאַפאַסבאַטארייע און אַפילע מיט קאַ-זאקן.

בעסער פון אַלץ איז געווען די פאַרבינדונג מיט דער קאָנוואיקאָמאַנדע. דער עלטסטער אונטעראָפיצער (נאטשאלניק פון דער באברויסקער קאָנוואָיקאָמאַנ-דע) מאַזעל איז געווען אַ סאָציאַלדעמאָקראַט, אויסער מאַזעלן איז געווען נאָך אַ סאָציאלדעמאָקראַט סאָלדאט מינדעל. עטלעכע סאָלדאטן, ניט קיין סאָציאַל-דעמאָקראַטן, האָבן געדינט אַלס פארבינדער צווישן זייער טייל און דער מילי-טערישע גרופע, זיי האָבן פאַרשפרייט ליטעראַטור און פראָקלאמאציעס, גע-בראכט סאלדאַטן אַף פארזאמלונגען א. א. וו.

אַף אַזאַ אופן שאפט זיך שוין אין נאָיאבר כוידעש אַ מיליטערישע אָר-גאַניזאַציע. זי איז באַשטאַנען פון אַ ביוראָ פון דער אַזוי גערופענער „סכאָדקע“, ווו ס׳זיינען אַריין פאָרשטייער פון פאַרשיידענע מיליטערטיילן און מיליטערישע

טוער פון „איסקרא". דער שטאַב פון דער מיליטערישער אָרגאניזאציע האָט זיך געפונען אין אָלגעס קווארטיר אַפן ראָג סעמיאָנאָווסקער (איצט לעקערט גאס) און אלכאווסקער אין אופּליאנדס האטעל (איצט וואָלפסאנס הויז), דערנאך אין הלובאקער אַריינפאָרהויז. אהין זיינען געקומען מיטגלידער פון דער מי־ליטערישער גרופּע צו באהאנדלען פארשיידענע פראגן. געוויינטלעך זיינען זיי זיך צונויפגעקומען 2 מאל א וואך, דערביי פלעגט געפירט ווערן אן ארבעט מיט פארשטייער פון מיליטערטיילן אונטער דער אנפירונג פון כ-טע אלגא׳ איסער דעם זיינען אהין געקומען אָפּט פארשטייער פון מיליטער צו באקומען ליטעראטור און נויטיקע אינסטרוקציעס.

פון די סאָלדאַטן און פעלדשערס, וועלכע זיינען צוגעטראָטן צו אָרגאַ־ניזירן די סאָלדאַטן, קאָן מען אָנרופן פאָלגענדע: סאָלאָנאָוויטש, פינטשוק פאַ־ וועל, באַראַלאָווסקי, קרישטאַנאָוויטש, קרעמניעוו, מוכין, קאָזירעוו, מאַנדעל, מאַזעל (סאָציאַלדעמאָקראַטן), לוקי און אַנדערע.

מיט די אַרעסטירטע אין דיסציפּלינאַרן באַטאַליאָן (ביז דעם אופשטאַנד, וואָס איז דאָרטן פאָרגעקומען), איז ניט געווען קיין פאַרבינדונג. ליטעראַטור פלעגט מען אַהין צושטעלן בלויז דורך סאָלדאַטן פון דער ערשטער ראָטע, וועלכע האָבן געהאַט אַ מעגלעכקייט קומען אין שטאָט; אָפּטמאָל דורך קראַנ־קע פון לאַזאַרעט, וואס פלעגן זיך צוריקערן נאָכן געזונט ווערן אין דיסציפּ־לינאַרן באַטאַליאָן.

די מיליטערישע אָרגאַניזאַציע האָט אַנטוויקלט אַ גרויסע אַרבעט צו פּראָפּאַגאַנדירן צווישן סאָלדאַטן. מען האָט פאַרשפּרייט פּראָקלאַמאַציעס און ליטעראַטור.

אין דעקאַבער איז פאָרגעקומען אַן אופשטאַנד פון דיסציפּלינאַרן באַטאַ־ליאָן, וועלכער האָט אַף אַ צייט אופגערודערט די גאַנצע שטאָט און אַריינגע־צויגן די מיליטערישע אָרגאַניזאַציעס אין אַן אָנגעשטרענגטער אַרבעט.

## דיסציפּלינאַרער באַטאַליאָן.

אין דער צאַרישער אַרמיי איז די באַציִונג צו די סאָלדאַטן געווען זיי־ער אַן עקלדיקע. ס׳איז ניט קיין ווונדער, וואָס די „נידעריקע טשינעס" האָבן זיך געפילט זייער שלעכט אין דער אַרמיי; סאָלדאַטן, מער פילנדיקע, באַליי־דיקטע און דרייסטע פלעגן אָפּטמאָל אַרויסווייזן זייער „פּראָטעסטירנדיקן כאַ־ראַקטער". פאַר אַזעלכע „פּ־אָטעסטאַנטן" האָט די צאַרישע זעלבסטהערשונג ספּעציעל צוגעגרייט אַ דיסציפּלינאַרבאַטאַליאָן.

ווערנדיק אַריינגערעכנט אין באַטאַליאָן, האָט דער סאָלדאַט געביטן זיין „הויכן באַרוף" אַלס „נידעריקער טשין" אַף אַ נאָך נידעריקערן, ווי אַן „אַרע־סטירטער" אָדער „באַטאַליאָנער".

אין דעמדאָזיקן צאַרישן אַנשטאַלט איז אַלץ געווען צוגעפּאַסט אויסצואַרבעטן פון פאַרשולדיקטן סאָלדאַט אַ „געטרייען נידעריקן טשין״.

איבערטרעטנדיק דעם שוועל פון דיסציפּלינאַרבאַטאַליאָן, איז דער אַרעסטירטער געוואָרן אינגאַנצן רעכטלאָז.

דאָ האָט עקזיסטירט אַ קולט פון שמיץ, וועלכער איז געווען געהייליקט דורך ספּעציעלע געזעצן.

אַזוי האָט אַ ראָטנער קאָמאַנדיר געקענט געבן ניט מער פון 30 שמיץ, אַ העכערער אָפיצער ביז אַ באַטאַליאָנקאָמאַנדיר האָט געהאַט דאָס רעכט ביז 100 שמיץ. ס׳פאַרשטייט זיך, אַז מען האָט ניט געזשאַלעוועט מעכאַבעד זיין עטלעכע מאָל צו 30 שמיץ. די ריטער פלעגן זיך אַ גאַנצן טאָג ווייקן אין וואַסער און אין יעדן מאָמענט האָבן זיי געדאַרפט זיין גרייט.

די ראָל פון עקזעקוטאָרן האָבן אויסגעפירט אונטעראָפיצערן. די לעצטע פלעגן גלענצנד אויספילן זייער ראָל: זיי פלעגן שמייסן פאַמעלעך, מיט האַפּסאָקעס, האָבנדיק גרויס פאַרגעניגן פון די ליידן, וועלכע ס׳טראָגט איבער דער קאָרבן. דער ראָטנער אָדער באַטאַליאָנער, וועלכער איז געשטאַנען דערביי, פלעגט אונטערגעבן כיישעק דעם עקזעקוטאָר. אַלע אַרעסטירטע זיינען מעכויעוו געווען בייצוּוואָינען, ווייל אין קעגנפאַל האָט געדראָט 30 שמיץ. קיינער פון די אַרעסטירטע איז ניט געווען זיכער, אַז מאָרגן וועט ניט דערגיין זיין ריי לייגן זיך אונטער די ריטער. וועגן דער אונזיניקער אַכזאָריעסדיקייט בענויגייע די אַרעסטירטע גיט אַ פאָרשטעלונג פאָלגנדער פאַל:

אַן אַרעסטירטער איז שוין אָפּגעווען אין דיסציפלינאַרבאַטאַליאָן 3 יאָר און איז אַ צווייטן מאָל אַריינגעפאַלן אַהין אַף 3 יאָר. אַזוי איז ער אָפּגעזעסן גאַנצע 6 יאָר און מען האָט אים שוין געדאַרפט אָפּלאָזן אַהיים. פונקט אַ טאָג פאַרן באַפרייען האָט מען אים אַוועקגעשטעלט אַף דער וואַך. ער האָט געהאַלטן אַ פייפל, וועלכע איז געווען אָנגעצויגן אַף אַ שנירל. צופעליק האָט זיך דאָס פייפל אַרויסגעגליטשט פון זיינע הענט און אַראָפּגעפאַלן אַף אַ דאַך. ניט לאַנג טראַכטנדיק, האָט דער סאָלדאַט צוגערוקט א ברעט און זיך געלאָזן נאָכן פייפל. אין דער צייט איז דורכגעגאַנגען דער באַטאַליאָננאַטשאַלניק, וועלכער האָט אָנגענומען, אַז דער סאָלדאַט האָט געפּרוּווט אַנטלויפן, האַגאַמעס איז געווען אַן אומזין אַנטלויפן אַ טאָג פאַרן באַפרייט ווערן. דער אָפיצער האָט געהייסן אַריינצייכלן דעם סאָלדאַט 100 שמיץ, ניט וועלנדיק אויסהערן אַפילע זיינע דערקלערונגען. אַפן צווייטן טאָג האָט מען דעם אומגליקלעכן אָפּגעלאָזן אַהיים, ער האָט אָבער אַוועקגעטראָגן מיט זיך אין האַרץ אַן אייביקע סינע צו זיינע הענקער.

איינער פון די אינקוויזיטאָרישע פייניקונגאויפאַנים איז באַשטאַנען אין אופּרייסן פון שלאָף. אינדערפרי, ווען די גאַנצע קאַזאַרמע איז נאָך געווען אַרומגעהילט מיט א טיפן שלאָף, פלעגן אין קאַזאַרמע קומען פייקלער און אָנהויבן פייקלען.

די אַרעסטירטע פלעגן צושראַקענע אַרויסשפּרינגען פון די געלעגערס; באַ אַ סאך איז אפּן גאַנצן לעבן געבליבן אַן ערשיטערטע נערוונסיסטעם.

שפּייז האָט מען געגעבן 3 מאָל א וואָך: אינדערפרי ברויט מיט זאַלץ (טיי האָט מען ניט געגעבן). באַטאָג—מיטאָג, אינאָוונט—אָוונטברויט. צוקער האָט מען ניט בלויז ניט ארויסגעגעבן, נאָר אויך ניט ערלויבט צו האָבן באַ זיך. אויב מען האָט בא אימיצן געפונען צוקער, פלעגט מען באשטראָפן. בלויז אין יאָמטעוודיגע פלעגט מען ארויסגעבן צו דריי שטיקלעך צוקער.

די ארעסטירטע אין אלע פיר ראָטעס האָבן זיך געפונען אין די קאַזארמעס און ווייטער פון הויף האָבן זיי ניט געהאַט קיין מעגלעכקייט ארויסגיין.

אָבער אויך ניט אלע האָבן געקענט זיך געפינען אין הויף. דאָס פלעגט מען ערלויבן בלויז ארעסטירטע פון דער ערשטער ראָטע, וווהין ס׳פלעגן אריינפאלן די מער רויקע סאָלדאטן מיט א גוטער אופירונג, וועלכע האָבן געקענט גוט די מיליטערדינסט, האָבן ניט געמאכט קיין פרווו צו אנטלויפן און וועלכע זיינען ניט געזעסן אין קארצער. די איבעריקע זיינען ארויס אפן הויף אין באשטימטע שאָען. א סאָלדאט פון דער ערשטער ראָטע האָט מען געקענט אָפּלאָזן אין שטאָט. זעונגען מיט קרוויוים איז ערלויבט געווען דריי מאָל א וואָך. דערביי זיינען ביייועזנד געווען צוויי אונטעראָפיצערן.

באַזונדערס שיידערלעך האָט געווירקט אף די דיסציפּלינירטע דער לאנגער ארעסטטערמין. פאר דער קלענסטער שולד פלעגט מען באקומען א יאָר אָדער צוויי. דאָס דאָזיקע לאנגע זיצן, ניט זעלטן איינער אליין, פלעגט זיך ניט זעלטן בייטן מיט קארצער און האָט אַרויסגערופן א גרויסע אופרעגונג בא די סאָלדאטן פון באטאליאָן.

די אויבנדערמאָנטע באדינגונגען, אין וועלכע ס׳פלעגן זיך געפינען די ארעסטירטע אין די דיסציפּלינאַרבאטאליאָנען, זיינען געווען אין די יאָרן 3—1902. שפּעטער זיינען די באדינגונגען געוואָרן בעסערע.

## דער ערשטער אופרייס.

דער דיסציפּלינאַרבאַטאַליאָן איז באַשטאַנען אַ העלפט פון מאַטראָסן ווייל די דינסט איז געווען זייער אַ שווערע, דער טערמין אַ גרויסער, די דיסציפּלין — זייער אַ שטרענגע, דעריבער פלעגן זיי אָפטער פאַר אַנדערע באַקומען שטראָף און דאָס אויך פאַרן מינדסטן כעט. אין באַטאַליאָן זיינען געווען אַ סאַך אַנטוויקלטע, געבילדעטע מענטשן, וועלכע האָבן שטאַרקער געפילט דעם דרוק, די ברוטאַלע באַציִונג מיצאַד דער נאַטשאַלסטווע. אַזעלכע פלעגן ניט זעלטן אַריינפאַלן אין דיסציפּלינאַרבאַטאַליאָן.

אין יאַנוואַר 1905 האָבן זיי זיך איינמאָל פאַרזאַמלט נאָכן אָוונברויט און גאָטעסדינסט, ווען עס הערט זיך דער קלאַנג פון האָרן, וואָס רופט צום שלאָף.

די אַרעסטירטע זיינען זיך אָבער ניט פֿאַנאַנדערגעגאַנגען אין די קאַזאַרמעס און זיך פֿאַרזאַמלט אין עסזאַל.

דער דערזשורנער אָפֿיצער איז אומבאַהאָלפֿן אַוועק אין זאַל און געפֿרעגט די סיבע פֿון דער פּלוצלונגדיקער פֿאַרזאַמלונג. פֿריער האָט קיינער ניט גע־ענטפֿערט און אַ מינוט האָט געהערשט אַ שטילקייט. דערנאָך איז אַרויסגע־טראָטן איינער פּאָזדניאַקאָוו (אַ זון פֿון אַ שולדירעקטאָר אין סאַמאַרע) און האָט אין נאָמען פֿון אַלעמען געפֿאָדערט אָפּשאַפֿן לייבשטראָף און פֿאַרקירצן דעם טערמין פֿון האַלטן אַרעסטירט. דער אָפֿיצער האָט זיי פֿאָרגעשלאָגן טייקעף זיך פֿאַנאַנדערגיין, צוזאָגנדיק, איבערגעבן די פֿאָדערונג דעם נאַטשאַלניק פֿון באַטאַליאָן. נאָר די אַרעסטירטע האָבן אָנגעהויבן צו פֿאָדערן, אַז עס זאָל טייקעף גערופֿן ווערן דער קאָמאַנדיר, ווּעמען מען זאָל דירעקט איבערגעבן די פֿאָדערונגען. דער באַטאַליאָן־נאַטשאַלניק איז געקומען און האָט צוגענומען די פֿאָדערונג, נאָכדעם זיינען זיך אַלע פֿאַנאַנדערגעגאַנגען. די זאַך איז פֿאַרטושט געוואָרן, בלויז פּאָזדניאַקאָוו האָט מען אַוועקגעשיקט אין טיף רוסלאַנד אַף אָפּצוקומען די שטראָף.

דערדאָזיקער עפּיזאָד איז געווען אַ מין האַקדאָמע צו דעם, וואָס האָט געדאַרפֿט פֿאָרקומען און וואָס איז טאַקע פֿאָרגעקומען אין סאָף 1905 יאָר.

## דער אופֿשטאַנד פֿון דיסציפּלינאַר־באַטאַליאָן.

אין דעקאַבער כוידעש אינדערפֿרי, ווען דער האָרן האָט גערופֿן אַלעמען צו דער געוויינטלעכער סאָלדאַטישער אַרבעט, איז קיינער ניט אַרויס פֿון די קאַזאַרמעס.

דער דעזשורנער איז אַ פֿאַרוווּנדעטער אַריין אין קאַזאַרמע, געבעטן אַרויסגיין אַפֿן הויף און דערקלערן, ווּעגן וואָס עס האַנדלט זיך.

שנעל האָבן זיך די אַרעסטירטע, אַרום 800 פּערזאָן, פֿאַרזאַמלט אין הויף, זיי האָבן געפֿאָדערט, אַז מען זאָל אַרויסרופֿן דעם פּאָלקאָווניק שאַנסקי, וועל־כער איז דעמאָלט געווען נאַטשאַלניק פֿון באַטאַליאָן. זעענדיק, אַז זיינע פּרוּוון צו באַרויִקן די סאָלדאַטן זיינען אומזיסט, האָט דער אָפֿיצער טייקעף געשיקט רופֿן דעם פּאָלקאָווניק, דער לעצטער איז געקומען און האָט אָנגעהויבן מיט אַ דראָענדיקער שטימע שרייען אַף די סאָלדאַטן. ער האָט געפֿאָדערט, אַז זיי זאָלן טייקעף צוטרעטן צו דער „אַרבעט". דער פּאָלקאָווניק האָט אָבער באַ־געגנט אופֿגערעגטע אויסגעשריען. דעמאָלט איז ער ווייכער געוואָרן און גע־בעטן די אַרעסטירטע דערקלערן די פֿאָדערונגען.

די פֿאָדערונגען זיינען געווען פֿאָלגנדיקע: באַפֿרייען אַלע די, וועלכע זיינען שוין איינמאָל אָפּגעקומען די שטראָף און וועלכע מען האָט אַלץ גע־האַלטן, פֿאַרקלענערן דעם טערמין פֿון באַשטראָפֿן, אָפּשאַפֿן לייבשטראָף, גוטע באַציונג, פֿאַרבעסערן די שפּייז א. א. וו.

דאָס אַלץ האָט דער פּאָלקאָווניק אויסגעהערט און צוגעזאָגט איבערגעבן ווו מען דאַרף.

די אופרעגונג אין דיסציפּלינאַרבאַטאַליאָן האָט אַרויסגערופן אַ גרויסע צומישונג באַ די אָפיצערן.

אין באָברויסק זיינען דאַמאָלט געשטאַנען: דער 237 קרעמלער פּעכאָטע-פּאָלק, דער 238 קליאַזמער פּעכאָטעפּאָלק, דער ערשטער רעזערוואַרטילעריע-פּאַרק און אַנדערע קלענערע טיילן. זיי זיינען ניט געווען קיין זיכערע און מען האָט געקאָנט מוירע האָבן, אַז די אופרעגונג וועט זיך אויך איבערוואַרפן צו זיי.

דער דאַמאָלסטדיקער שטאָטקאָמענדאַנט דאָגאַיעוו איז טייקעף אַוועק אין דיסציפּלינארבאַטאַליאָן. ווי נאָר ער האָט געפּרוווט אַרויסטרעטן פאַר די סאָלדאַטן, איז ער באַגעגנט געוואָרן מיט אופרעגונגעשרייען, ער האָט געמוזט שווייגן, דאַמאָלט האָט דאָגאַיעוו אַרויסגעכאַפּט אַ רעוואָלווער און אָנגעהויבן דראָען, אַז ער וועט זיך דערשיסן, אויב עס וועט זיך ניט איינשטעלן אן אָרדענונג, ווייל ער קאָן ניט איבערטראָגן אַזאַ שאַנדע:

— אַ בונט פון סאָלדאַטן באַ זיין אָנוועזנהייט.

זיין זשעסט האָט ניט געהאַט קיין שום ווירקונג, און האָט בלויז אַרויס-גערופן אַ גרויסן געלעכטער באַ די סאָלדאַטן. דער פאַכדן דאָגאַיעוו האָט זיך, פאַרשטייט מען, ניט געשאָסן. ער האָט זיך דערווייטערט און אַוועקגעשיקט אַ טעלעגראַם דעם אַרמייקאָמאַנדיר פון דאָזיקן ראַיאָן פרעזע, מיט אַ ביטע, געבן די געהעריקע פאַראָרדענונג.

דער אופשטאַנד אין דיסציפּלינאַרבאַטאַליאָן איז פאָרגעקומען סטיכיש. ווען אין שטאָט האָט מען זיך דערוווסט וועגן אופשטאַנד, האָט מען טייקעף אַהין געשיקט רעדנער, וועלכע האָבן פאַרשאָטן די אַרעסטירטע מיט פּראקלאַ-מאַציעס. אין הויף פון די קאַזאַרמעס זיינען אומאופהערלעך פאָרגעקומען מיטינ-גען. דער הויפּטאָנפירער פון אופשטאַנד, יאַקושעוו, האָט זיך טייקעף פאַרבונדן מיט דער מיליטערישער אָרגאַניזאַציע און אָרגאַניזאַציע „איסקרא“.

די אַרויסגעטראָטענע האָבן זיך געוואָלט פאַנאַנדערפאָרן, נאָר מען האָט זיי אָפּגעהאַלטן דערפון, ווי אויך פון פאַרשיידענע ניט אָרגאַניזירטע אַרויס-טרעטונגען, אנעמענדיק אַלע מיטלען, אז די באַוועגונג זאָל פאָרקומען אָרגאַ-ניזירטערהייט.

צווישן די מיליטערטיילן פון גאַנצן גאַרניזאָן האָט מען געפירט אַן אַגי-טאַציע, קעדיי זיי צו נייטראַליזירן און אויב מעגלעך, צוציען אונטערצושטיצן די אופגעשטאַנענע.

אין דער צייט האָט אין דיסציפּלינאַרבאַטאַליאָן געהערשט אַ גרויסע אומ-אָרדענונג. די אַרעסטירטע האָבן אַרויסגעטריבן אַלע זייערע אָפיצערן און אויס-געטיילט פון זיך קאָמאַנדירן. זיי האָבן צושטערט די צעכהויז, וואָס האָט זיך



אַ גרופּע אנטיילנעמער אין אופשטאַנד פון באָברויסקער דיסציפּלינאַרער באַטאַליאָן, וועלכע זיינען צושאָסן געוואָרן אין 1906-טן יאָר.

געפונען אין הויף, און צוגענומען דאָרטן די פּאַטראָנעס. בּאַ אַלעמען זיינען געווען בּיקסן, נאָר פריער האָט מען זיי ניט ערלויבּט צו האַלטן אין די קאַזאַרמעס. שפּייז איז געווען גענוג און מיטאָגן מיט אָוונטבּרויט האָט זיך געקאָכט ווי אַלע טאָג. עס האָט אויסגעדוכט, אַז ס׳איז גאָרניט פאָרגעקומען.

אינטערעסאַנטער איז געווען דאָס, וואָס די סאָלדאַטן זיינען אַלץ געבּליבּן אין די קאַזאַרמעס און זיינען פון דאָרט ניט אַרויס. אין שטאָט האָט זיך אימיצער פון זיי זעלטן ווען בּאַוויזן. מען האָט געפילט אַ שטאַרקע האַנט, וועלכע האָט אָנגעפירט מיט דער גאנצער בּאַוועגונג.

סאָפּקאָלסאָף איז 4—3 טעג נאָכן אויסבּרעכן פון בּונט בּאַקומען געוואָרן אַן ענטפער פון פרעזע. ער האָט געהייסן אומבּעראַכמאָנעסדיק דערשטיקן די אַרויסטרעטונג. קעדיי אונטערצושטיצן דער אָרטיקער מאַכט, האָט מען פון מינסק אַרויסגעשיקט אַ מיליטערישן טייל, „אַ בּאַטאַליאָן פון אָרלאָווס שטראָף־עקספּעדיציע”.

ווען דער טייל איז געקומען פון מינסק, האָט מען אים פאַרוואָרפן מיט פּראקלאמאציעס און גערופן ניט אַרויסטרעטן קעגן די אופגעשטאַנענע. אַפן וואָקזאַל, ווי נאָר די סאָלדאַטן זיינען אַראָפּ פון בּאַן, איז אַרויסגעטראָטן מיט אַ רעדע דער וואָלנאָאָפּרעדעליאַיושטשיסיא קאָזשעמיאקין, נאָר דידאָזיקע אַגיטאַציע האָט ניט געבּראַכט קיין רעזולטאַטן. קאָזשעמיאקינען האָט מען שפּעטער אַרעסטירט. די נאַטשאַלסטווע האָט בּאַשלאָסן אָנעמען אַלע מיטלען טייקעף צו ליקווידירן די אַרויסטרעטונג פון די דיסציפּלינאַרער. אינדערפרי האָט מען די קאַזאַרמעס פון דיסציפּלינאַרבּאַטאַליאָן אַרומגערינגלט מיט 2 פּאָלקן סאָלדאַטן און מיטן נייאָנגעקומענעם אָפּטייל; ריכטנדיק די האַרמאַטן פון דער אַרטילעריע־בּאַטאַרייע אַף די קאַזאַרמעס, האָבּן זיי פאָרגעשלאָגן די אַרעסטירטע אָפּגעבּן דאָס געווער און ארויסגעבּן די אָרגאַניזאַטאָרן, מען האָט זיי געגעבּן 3 טעג צייט. עס זיינען אַריבּער 3 טעג, און קיין ענטפער האָט מען ניט בּאַקומען. דאַמאָלסט האָט מען אין הויף אַריינגעפירט 3 ראָטעס סאָלדאַטן, וועלכע האָבּן זיך אויסגעשטעלט אין אַלע 3 טויערן אין הויף, שליסנדיק אַף אַזאַ אויפן אַלע אַרויסגאַנגען. די דריי ראָטעס סאָלדאטן אין הויף, וואָלטן בּעשאס אן אָנפאַל פון די אופגעשטאַנענע אַרונטערגעפאלן אונטער א קרייצפייער. זיי האָבּן דאָס גוט פאַרשטאַנען און האָבּן זיך שלעכט געפילט. עמעס, אין אזא פאַל, וואָלט די בּאטארייע פארוואנדלט די קאזארמע אין כורוועס, נאָר די ראָטעס וואָלטן שטאַרק געליטן.

אין די קאזארמעס איז געווען שטיל, מען האָט ניט געזען קיינע סימאָנים פון לעבּן. דאמאָלסט איז געגעבּן געוואָרן א בּאַפעל די ראָטעס, וואָס זיינען געשטאנען אין הויף, אריין אין די קאזארמעס, די ראָטעס זיינען אריין אהין און ניט, בּאגעגנדיק קיין ווידערשטאנד, האָבּן זיי אָנגעהויבּן אַרויסטראָגן פון דאָרט דאָס געווער.

ווען מען האָט צוגענומען דאָס גאנצע געווער, האָט מען די ארעסטירטע געגעבן א שאָ אף ארויסצוגעבן די אָרגאניזאַטאָרן. ס׳איז אריבער א שאָ און די אָרגאניזאטאָרן האָט מען ניט אַרויסגעגעבן. דאמאָלסט האט מען די דיס-ציפּלינאריסטן אופגעקליבן אין הויף און ארום זיי האָבן זיך אויסגעשטעלט גרייט מיט געווער די 3 ראָטעס, וואָס זיינען געשטאנען אין הויף. ס׳איז אָנגע-שטאנען א שוידערלעכע מינוט. דאס בילד איז געווען א שוידערלעכע, די אופגעשטאַנענע האָבן זיך בעשום אויפן ניט געקאָנט אנטשליסן ארויסגעבן זייערע בעסטע פריינד, וואָס האָבן אופגעהויבן א שטימע פון פראָטעסט. א סאך האָבן געשריען, געוויינט און האָבן זיך געווענדעט צו אלע כאוויירים „קיינעם ניט ארויסצוגעבן". נאָר אלע האָבן געוווסט, אז עס וועט ניט זיין קיין שום ראכמאָנעס. די מער דרייסטע און פעסטע פון די אָנפירער זיינען ארויסגע-טראָטן און האָבן זיך איבערגעגעבן אין די הענקערס הענט (די אָנגעגעבענע דאָ יעדיעס וועגן דערשטיקן דעם אופשטאנד זיינען ניט קיין גענויע און דארפן נאָך קאָנטראָלירט ווערן).

בעסאכאקל האָט מען געגומען 40 פערזאָן, זיי האָט מען אוועקגעפירט אין דער הויפּטוואך, און דערנאָך איבערגעגעבן צום קריגסגעריכט.

די אָרגאניזאציע „איסקרא" האָט איינגעלאדן אלס פארטיידיקער פאר די ארעסטירטע דעם אדוואָקאט סאָקאָלאָוו. נאָר דאָס געריכט האָט זיך אָפּגע-זאָגט צולאָזן אָ בירגערלעכע פּארטיידיקונג. די אָנגעקלאָגטע האָבן באקומען בלויז א קאזאָנעם פּארטיידיקער.

אין יאנוואר 1906 איז שוין פאָרגעקומען דער פראָצעס.

די ערשטע האָט מען געמישפעט 13 פערזאָן. 10 פון זיי האָט מען פאר-מישפעט צו טויט, און 3 צו קאטאָרגע.

דער רעגירונגפּארטיידיקער איז ארויסגעטראָטן מיט א גרויסער רעדע, וועלכע האָט זיך פארוואנדלט אין א באשולדיקונג קעגן דער רעגירונג, פאר דעם האָט מען אים דערנאָך אליין געמישפעט און געגעבן 2 יאָר טורמע.

נאָכן געריכט האָט מען ארויסגעלאָזן א פראקלאמאציע צום באָברויסקער גארניזאָן וועגן אכזאָריעסדיקן אורטייל. באם פאַרשפרייטן די דאָזיקע פראקלא-מאציעס איז ארעסטירט געוואָרן די פרוי פון איינעם א פארמישפעטן פעטראָוו-פאוולאָוו — אנא פעטראָוונא און איז פארמישפעט געוואָרן צו 2 יאָר טפיסע.

## די 12 אָנטלאָפענע.

די צום טויט פאַרמישפעטע האָט די אָרגאַניזאַציע „איסקראַ" באַשלאָסן צו ראַטעווען, מיט דערדאָזיקער זאַך האָט אָנגעפירט אָלגאַ.

די אַרעסטירטע האָבן באַקומען אַ מיקסטור, וואָס רופט אַרויס אַ קראַנקן צושטאַנד, נאָכן נעמען די מיקסטור האָט מען די אַרעסטירטע אַנערקענט פאַר

קראַנקע און אָפּגעפּירט אין לאַזאַרעט (אין לאַזאַרעט האָט מען אָפּגעשיקט 9 פּערזאָן איין יאַקושעוון האָט מען איבערגעלאָזן אין דער הויפּטוואַך).

אין לאַזאַרעט האָבן זיך אַלע פּאַרמישפּעטע געפּונען אין איין פּאַלאַטע, וועלכע איז געווען אָפּן 3 שטאָק. איבעווייניק האָט מען אַוועקגעשטעלט אַ וואַך פון צוויי אונטעראָפּיצערן. אינדרויסן איז קיינער ניט געווען. אויסער די פּאַר-מישפּעטע, האָבן זיך אין דער זעלבער פּאַלאַטע געפּונען קראַנקע אַרעסטירטע, נאָך פון פאַר דער אויספּאָרשונג.

די אַרעסטירטע האָבן באַקומען מעסערלעך מיט הענטלעך, די לעצטע האָבן זיך געפּונען באַ פאַוועל פּינטשוק (קוכער פון לאַזאַרעט), וועלכער האָט זיי געדאַרפט איבערגעבן אין נויטיקן מאָמענט. דורך אים האָט מען אויך גע-פירט אַ קאָרעספּאָנדענץ וועגן די אויפּאַנים פון איינאָרדענען דאָס אַנטלויפן. דעם אורטייל האָט מען איבגיכן געדאַרפט באַשטעטיקן און מיטן אַנטלויפן האָט מען זיך געמוזט איילן.

אין העלפן דורכפירן דאָס אַנטלויפן האָבן אַנטיילגענומען אַלע טוער פון דער מיליטערישער גרופּע „איסקראַ״.

שאַבעס זיינען גאָלינסקי ל. און סאָלאַוויטש (אַ פּעלדשער פון לאַזאַרעט) אַוועק אָנמערקן דעם פּלאַן פון דורכפירן דאָס אַנטלויפן. ווי איז אָבער געווען זייער פּאַרוווּנדערונג, ווען צוקומענדיק צום לאַזאַרעט, האָבן זיי דאָרט געטראָפן 2 סאָלדאַטן, וועלכע זיינען פּונקט געשטאַנען אונטערן פענצטער פון דער פּאַ-לאַטע. זיי האָבן כוישעד געווען אַ דורכפאַל. גאָלינסקי איז טייקעף אַוועקגע-לאָפן אין שטאָט.

אין אַ שאָ אַרום איז אין אָלגאַס דירע געקומען צולויפן פּינטשוק און איבערגעגעבן, אַז קיין שום שלעכטס איז ניטאָ, פאַר די אַרעסטירטע האָט מען אונטן אין קעלער איינגעאָרדנט אַ באָד און צייטווייליק, ביז וואַנען זיי וועלן זיך געפינען אין באָד, האָט מען אַוועקגעשטעלט סאָלדאַטן. ווי נאָר די אַרעס-טירטע וועלן צוריקקומען, וועט מען די סאָלדאַטן אַוועקנעמען

אין אָוונט זיינען אַוועק צו דער פּעסטונג 10 פּערזאָן. רובינשטיין, וועלכער האָט געדאַרפט אַנטיילנעמען אין העלפן אַנטלויפן, איז געפאַלן, ווען ער האָט געטראָגן אין קעשענע זויער פאַר די אַרעסטירטע (די אַרעסטירטע האָבן באַקומען די זויער אַף אָנצושמירן די קראַטן, קעדיי זיי פּאַמעלעך אָפּ-צועסן). דאָס פּלעשל מיט די זויער האָט זיך צעבראָכן און אויסגעגאָסן אַף רו-בינשטיינס ביידע פיס. מיט מאַטערניש איז ער דערקראָכן צו דער שטאָט, ווו מ׳האָט אים געגעבן הילף.

עס זיינען ניט געווען בלויז קיין פערד, ווייל רובינשטיין האָט געדאַרפט קומען מיט פערד. דאמאלסט האָט דער בונדישער פּראָפעסיאָנאַל איסאַק גאָר-באַטי, לויט אָלגאַס פערזענלעכער ביטע, געשיקט צוויי בונדאָווצעס מיט פערד. גאָרעליקן עפר. א. און נאָרקינען וו.

די מענטשן מיט די פֿערד זיינען געשטאַנען אַפֿן שיידוועג, ווו דער שאָסיי קערט זיך צום וואָקזאַל צו; ס׳זיינען צוגעקומען נאָך צוויי. די איבעריקע מיט גאָלינסקין אין דער שפּיץ האָבן אָנגעפירט מיטן אַנטלויפֿן און זיינען אַוועק צום לאַזאַרעט. זיי האָבן געטראָגן מיט זיך אַ קעסטל מיט בגאָדים, אין וועלכע די פֿאַרוּרטיילטע האָבן זיך געדאַרפט איבערטאָן באַם אַרויסגיין פֿון לאַזאַרעט. באַם לאַזאַרעט האָט מען די מענטשן צושטעלט אַף אַ געוויסן שעטעך איינעם נעבן צווייטן, קעדיי זיי זאָלן קאָנען אָנווייזן, וווהין צו אַנטלויפֿן. אַזוי ווי די פּאָסטנס אין פֿעסטונג האָבן זיך געביטן יעדע 2 שאָ, האָט מען געדאַרפֿט באַווייזן שנעל טאָן אַלץ. די צייט פאַרן אַנטלויפֿן האָט מען אויסגעקליבן צווישן איינס און דריי אַזייגער.

אַ גרויסע שוועריקייט איז געווען מיט די וואַכסאָלדאַטן, וועלכע זיינען געשטאַנען אינעווייניק. פֿריער האָט מען גערעכנט זיי האַרגענען, נאָר דערנאָך האָט מען איבער זיי ראַכמאָנעס באַקומען און מען האָט זיך צונויפֿגערעדט פֿריער זיי פֿאַרשלעפּערן און האַרגענען בלויז אין ערגסטן פאַל.

אַלע צען פערזאָן זיינען געגאַנגען אָן געווער, ווייל אין דער פֿעסטונג וואָלט קיין שום געווער ניט געהאָלפֿן אויסהאַלטן דעם אָנגריף מיצאַד די סאָלדאַטן, אויב עס וואָלט געשען אַ דורכפֿאַל.

אין פֿעסטונג צום לאַזאַרעט איז מען אַריין פֿון דער זייט פֿונם טייך. דער לאַזארעט האָט זיך געפונען ניט ווייט פון די פעסטונגטויערן, וואָס גייען אַרויס צום טייך. נאָענט איז געווען אַ הויפּטוואַך. מען האָט געדאַרפט נאכפּאָרשן, צו דער וואכסאלדאט פון דער הויפטוואַך האָט ניט באַמערקט אַ פארדעכטיקע באַוועגונג באַם לאַזאַרעט.

גאָלינסקי האָט זיך געשטעלט אונטער אַ בוים צווישן לאַזאַרעט און הויפטוואַך און אָנגעהויבן וואַרטן אַף אַ סיגנאַל פון דער פּאַלאַטע, ווו ס׳זיינען געזעסן די פֿאַרוּרטיילטע, דערביי האָט ער נאָכגעקוקט די הויפּטוואַך.

אויסנווייניק לעבן די פֿעסטונגטויערן (די טויערן זיינען געווען אָפֿן) איז געווען אַ לאַנגער קאָרפוס, אָן טירן (קיין סאָלדאַטן האָבן זיך דאָרטן ניט געפֿונען). באַם קעסטל מיט די בגאָדים האָבן געוואַרט די איבעריקע אַנטיילנעמער, וועלכע האָבן געדאַרפֿט איבערנעמען די פֿאַרוּרטיילטע.

אַלע האָבן זיך געשטעלט אַף די ערטער.

ס׳איז אַריבער אַ האַלבע שאָ. און אין לאַזאַרעט איז אַלץ שטיל, מען הערט ניט קיין שום באַוועגונג. נאָך אַ האַלב שאָ. אַפֿן דריטן שטאָק האָט זיך אַ טונקעלער שיין אָנגעהויבן צו באַוועגן זיך פון איין פֿענצטער צום צווייטן. ס׳איז אַריבער נאָך צייט און דער דערוואַרטעטער סיגנאַל איז נאָך אַלץ ניט געווען. אינגיכן האָבן זיך שוין געדאַרפֿט בייטן די סאָלדאַטן, וואַרטן לענגער איז געווען געפֿערלעך. אַלע זיינען זיך צונויפֿגעקומען מיט אַ קלאַפּעדיק האַרץ און האָבן זיך

האַסטיק אָפּגעטראָגן אין שטאָט, ניט פאַרשטייענדיק, ווי צו באַטראַכטן דאָס פּאָרגעקומענע.

אַפּן צווייטן טאָג האָבן די אַרעסטירטע איבערגעגעבן אַ בריוו, אַז זיי איז בעשום אויפן ניט געלונגען איינצושלעפּערן די וואַכסאָלדאַטן, ווייל די איינשלעפּערנדיקע פּאַפּיראָסן האָבן ניט געהאַט קיין ווירקונג. דעמאָלסט האָט מען באַשלאָסן דורך פּינטשוקן איבערגעבן צוויי פלעשלעך שטאַרקן ספּירט און אָפּקאָכן פאַר דער וואַך אַ פעטע זיסע קאַשע.

פּינטשוק האָט געדאַרפט אַריינשיטן אַ היפּשע דאָזע אָפּיום אין דער קאַ-שע און מעכאַבעד זיין די סאלדאַטן נאָך דעם, ווי זיי וועלן אויסטרינקען דעם בראַנפן.

אויסער דעם האָט מען איבערגעגעבן אויך פּאַפּיראָסן, אין וועלכע דער טאַבאַק איז געווען צונויפגעמישט מיט אַ שלאָפּפּראָשעק. מען האָט איבערגע-געבן אַ גענויע סיגנאַליזאַציע און פּאַראָל. אויב אויך דעם מאָל וואָלט ניט גע-לונגען אַיינצושלעפּערן די סאָלדאַטן, איז באַשלאָסן געוואָרן די לעצטע צו האַרגענען. ווייטער אָפּשלעפּן דאָס אַנטלויפן איז געווען אומעגלעך.

איינס באַנאַכט זיינען אַלע שוין ווידער געווען אַף די ערטער. מיט די באלעגאָלעס איז געשטאַנען לייבע קלאַס. באַם טויער האָט מען אוועקגע-לייגט די בגאָדים. פאַר יעדן אַנטלאָפּענעם האָט מען צוגעגרייט 10 רובל (געלט האָט געגעבן פּאָגאָדיצקי וולאַדימיר, וועלכער איז געקומען צופאָרן איינקויפן געווער פאַר דער פעטערבורגער מיליטערישער אָרגאַניזאַציע).

אַ פערטל אַף צוויי האָט זיך אָנגעהויבן אַ סיגנאַליזאַציע. גאָלינסקי האָט אַ פייף געטאָן. פון דער פּאַלאַטע האָט מען געענטפערט. עטלעכע מינוט האָט מען איבערגעפּייפט. אינגיכן האָט גאָלינסקי דערהערט, ווי מ׳האָט אָנגעהויבן זעגן די גראַטן. מען האָט שנעל איבערגעזעגט, פאַר עפּעס 10 מינוט. אַ שטיק אייזן האָט זיך אָפּגעריסן און איז מיט אַ קלאַפּ אַראָפּגעפאַלן, אָנקלאַפּנדיק אין די קאַרניזן. גאָלינסקי האָט זיך צוגערוקט צו אַ בוים. דער וועכטער האָט זיך אַרויסגערוקט פון פענצטער אַ קוק טאָן, וועגן וואָס עס האַנדלט זיך. פונ-דערווייטנס האָט מען דערהערט אַ קלאַפּן פון די אַנטלויפנדיקע פערד: די כאַ-ווײרים דאָרט האָבן באַשלאָסן, אַז די זאַך איז דורכגעפאַלן. אין דער צייט האָט זיך אין פענצטער פון דער פאַלאַטע באַוויזן אַ פינצטערע פיגור. גאָלינסקי איז פאַרציטערט געוואָרן. די נאַכט איז געווען אַ פינצטערע, אַ וואָלקנדיקע און מיט גרויס שוועריקייט האָט מען געקאָנט באַמערקן זאַכן אַפילע אַף אַ נאָענטן מעהאַלעך.

אַלץ איז פאָרגעקומען אין איין אויגנבליק. די קאָפּ פון וועכטער האָט זיך באַהאַלטן און גלייכצייטיק איז פון אויבן געבליבן הענגען אַ שטריק פון געבונדענע האַנטיכער. אַ פיגור האָט זיך האַסטיק און אָן גערויש אַריס געטאָן אונטן און, ניט געקוקט אַפן באַפעל, האָט זי זיך געלאָזן לינקס און ניט רעכטס.

גאָלינסקי האָט זיך שנעל אָפּגערוקט פון בוים און שטיל אַ פּייף געטאָן. די לויפּנדיקע פיגור האָט דערהערט פלוצלונג אַ פּייף, איז אַרופגעלאָפן אויף אַ בערגל און האָט זיך צומישטערהייט אָפּגעשטעלט. דער פּייף איז איבערגע־כאַזערט געוואָרן. די פּיגור האָט, ענדלעך, געענטפערט, נאָר אין דער פינצטערניש האָט מען בעשום אויפן ניט געקאָנט אונטערשיידן, ווער עס פייפט. דאַן האָט גאָלינסקי אַרויסגעכאַפּט אַ נאָזטיכל און האַסטיק אַ פלאַטער געטאָן אין דער לופטן. דער אַנטלאָפענער האָט דעם נאָזטיכל באַמערקט און געענטפערט מיט אַ פייף. די פיגור האָט זיך געלאָזן צום סיגנאַל און גאָלינסקי איז שנעל גע־גאַנגען אַנטקעגן. אין דער פינצטערניש האָבן זיי זיך ביידע באַגעגנט. דער אַנטלאָפענער האָט עפּעס אָנגערופן אַ פאַראָל, נאָר פון גרויס היץ — צומישט די יאָצרעס, גאָלינסקי האָט זיך פאַרלוירן און אין דערזעלבער צייט האָט פאַר זיינע אויגן אַ בליץ געגעבן אַ מעסער, ער האָט שנעל אָנגעכאַפּט דעם אַנט־לויפנדיקן פאַרן האַנט און דער לעצטער האָט אַראָפּגעלאָזן דעם מעסער. איינער האָט דערקענט דעם צווייטן, דאָס איז געווען איינער פון די דיסציפּלינאַרער— פעטראָוו־פּאַוולאָוו (איצט אין מאָסקווע—מיטגליד פון מאָסקווער סאָוועט).

פון פרייד האָט ער זיך געוואָרפן אַרומנעמען און קושן גאָלינסקין, נאָר דער לעצטער האָט אים אָפּגעריסן און דערמאָנט וועגן די איבעריקע. פעטראָוו האָט זיך געכאַפּט און זיך ווייטער געלאָזן צום פענצטער. גאָלינסקי האָט אים פאַרהאַלטן און אַוועקגעפירט צום טויער. גאָלינסקי איז צוגעגאַנגען צום פענצ־טער און אַצי געטאָן פאַרן שטריק, גלייך האָבן זיך איינער נאָכן צווייטן אָנ־געהויבן אראָפּלאָזן אנדערע פיגורן. זעלטן ווער עס האָט געוווּסט דעם פאַראָל, אַלע האָבן זיך געפלאָנטערט.

גאָלינסקי האָט ניט געציילט און ניט איבערגעקאָנטראָלירט. אַלעמען האָט ער צוגעפירט צום טויער.

ענדלעך זיינען זיי אַלע צונויפגעקומען, פון אויבן האט זיך מער קיינער ניט באוויזן, גאָלינסקי איז שנעל אוועק צום טויער.

דארטן איז לעבן קעסטל געשטאַנען אַ גרופּקע מענטשן, וועלכע האָבן גאנץ שוועהלעך אָנגעצויגן אויף זיך די בגאָדים. ביזן טוישן די וואַך איז גע־בליבן אינגאנצן אַ מינוט 15.

די פורן האָבן זיך דערווייל צוריקגעקערט. זיי האָבן גענומען מיט זיך קאָזשע־מיאַקינען און מאנדעלן, וועמענס פראַצעס עס איז נאָך ניט פאָרגעקומען. און זיינען אוועקגעפאָרן אין שטאָט. די איבעריקע זיינען זיך צוגאנגען ווער ווו. די דיס־ציפּלינאַריער האָבן זיך געלאָזן צום וואָקזאל, פון וואַנען זיי זיינען אָפּגעפאָרן מיטן באַן. פון זיי זיינען צוויי (ווי עס האָט זיך שפּעטער ארויסגעוויזן) אוועק אין שטאָט.

קאָזשעמיאקין און מאנדעל זיינען אוועקגעפאָרן קיין אמעריקע.



פֿון לינקס אױף רעכטס: כ. מירסקאַיאַ, נ. פּעטראָװ־פּאַװלאָװ און ל. גאָלינסקי.

פון די דיסציפלינארער זיינען צוויי: פעטראָוו-פּאוולאָוו און נאָך איינער פארהאלטן געוואָרן אין א דארף דורך זשאנדארמען. מען האָט זיי צוריק אָפּ-געשיקט אין באָברויסק. צוויי: פּעדראוו און בעלאָוסאָוו האבן זיך באהאלטן אין שטאָט. אין עטלעכע טעג ארום זיינען זיי אוועק אין פאריטש צו שקלאָוו-סקין. אין קורצן זיינען זיי אנטלאָפן קיין אויסלאנד. נאָר בעלאָוסאָוו איז דאָרטן ניט איינגעזעסן, איז צוריקגעקומען קיין רוסלאנד און ארעסטירט געווארן. אין מינסקער טורמע האט ער און נאך צוויי כאוויירים אין יאר 1907 דערהארגעט א פראוואקאטאר, וואס האט ארויסגעגעבן אנארכיסטן, ווי אויך דעם אופזעער פון טורמעקארידאר, בא ווען עס זיינען געווען די שליסלען פון קאמער ווו דער פראוואקאטאר איז געזעסן. אלע 3 האט מען אופגעהאנגען אין דער-זעלבער טורמע.

אינגאַנצן זיינען אַנטלאָפן 12 פערזאָן. אין דער פּאַלאַטע זיינען געווען נאָך עטלעכע פערזאָן, וועלכע זיינען נאָך ניט געמישפּעט געוואָרן, נאָר זיי האָבן מוירע געהאַט צו אַנטלויפן.

די וואַכסאָלדאַטן האָבן אַזוי אויסגעטרונקען און די שלעפערישע זאַך האָט אַזוי געווירקט, אַז זיי זאָלן זיך אַ לענגערע צייט ניט קאָנען אופכאַפּן. אַפילע, ווען מ׳איז אַריין אין קאַמער און געכאַפּט זיך אָן דער געשיכטע, האָט מען די סאָלדאַטן ניט געקאָנט אופוועקן.

דאָס אַנטלויפן פון 12 פערזאָן האָט אין שטאָט אַרויסגערופן אַ גאַנצן טומל. באַ אַלעמען אַף די ליפן איז געלעגן דער נאָמען פון דער מיליטערישער אָרגאַניזאַציע. די פּאָליציי האָט געזוכט אין אַלע ריכטונגען, נאָר אָן רעזולטאַט.

אַ כשאַד איז געפאַלן אַף פינטשוקן און די אָרגאַניזאַציע האָט באַ-שלאָסן מעשאַלייעך זיין אים קיין אויסלאַנד. דאָס האָט זיך איינגעגעבן. נאָך פינטשוקס אַנטלויפן האָט מען געקענט אַף אים אַרופוואַרפן אַ גרויסן טייל פון שולד און גרינגער איז געוואָרן די לאַגע פון די איבעריקע פעלדשערס פון לאַזאַרעט, וואָס האָבן אונטערגעשטיצט דאָס אַנטלויפן.

## נאָכן בונט.

נאָכן אַנטלויפן פון די 12 האָט מען יאַקושעוון דעם טויטאורטייל פאַר-ביטן אַף אייביקע קאַטאָרגע. — ער איז אָפּגעשיקט געוואָרן קיין סיביר. צו די פאַרשיקטע אַף קאַטאָרגע פון דיסציפלינאַרבאַטאַליאָן דאַרף מען צורעכענען אויך פאָלגנדיקע פערזאָנען (די פאַמיליעס זיינען גענומען אין אַרכיוו פון באָ-ברויסקער טורמע):

1) מאַטיושין יעוודאָקים.
2) קראַווצאָוו יאַקאָוו.
3) פעטרענקאָ אָסיפּ.
4) פאָנאָמאַרענקאָ וויקטאָר.
5) מיכאַלעוויטש סעמיאָן.
6) מינטשוקאָוו דמיטרי.
7) זימאַראָוו אַלעקסיי.
8) פּילקין אַלעקסיי.

9) זשורא פעדאר.
10) איוואנאוו מיטראפאן.
11) קארשונאוו פעדאר.
12) קוטשמאסאוו פאמא.
13) וואקולין ניקאלאי.
14) ליסענקא יעמעליאן.
15) ריאביטשעוו טראפים.
16) יאקושין מיכאיל.
17) ארטיכין סערגיי.
18) אסאק טיסטא.
19) דזיולקאווסקי סערגיי.
20) ציבולסקי פיליפ.
21) דרוזשינין גריגארי.
22) מעטשעריאקאוו ניקיטא.
23) גערטשיק גאמלעווסקי.
24) קודריאווצעוו גריגארי.
25) באקאלאוו מיטראפאן.
26) קופרייעוו איליא.
27) באציענקא גאווריל.
28) סטראגאנאוו פארפען.
29) סיקא פאלעקארפ.

בעסאכאקל האט מען אף קאטארגע אוועקגעשיקט אלס באשולדיקטע אין אופשטאנד העכער 40 פערזאן.

* * *

די ליקווידאציע פון אופשטאנד אין דיסציפלינארבאטאליאן האט באדייטעט אן אנהויב פון דער צובושעוועטער רעאקציע אין שטאט.

דער מעכטיקער רעוואלוציאנערער אופשטייג פון די אקטיאבערטעג אין יאר 1905 האט אנגעהויבן קלענער ווערן. די פאליציי האט אופגעהויבן די קאפ און גענומען אויסוואָרצלען די „קראמאלע".

אינגיכן איז דורכגעפאלן די מיליטערארגאניזאציע: אין אפרעל 1906 יאר האט מען ארעסטירט אלגאן און איר פארשיקט קיין סיביר. גאלינסקי און די די איבעריקע אנטיילנעמער אין העלפן אנטלויפן די 12 ארעסטירטע זיינען אף א צייט פארשווונדן געווארן פון שטאט. די מיליטערישע ארגאניזאציע איז זיך אף אזא אויפן צופאלן.

מאזעל איז נאך פריער אריינגעפאלן. ער איז איבערגעווארפן געווארן אין אן אנדער שטאט. דארטן האט ער זיך דערוווּסט, אז מען וויל אים ארעסטירן, האט ער אוועקגעווארפן דעם ביקס און האט זיך באהאלטן. אינגיכן האט זיך אים איינגעגעבן אוועקפארן קיין אויסלאנד.

* * *

נאכן קריגסגעריכט איבער די ארגאניזאטארן פון בונט איז אין דיסציפלינארבאטאליאן געווארן שטיל. די אפיצערן האבן אויסגעמיטן אופרייצן די ארעסטירטע און האבן צו פיל ניט געדריקט מיט „לימודים".

דאך איז דער בונטארישער גייסט ניט אפגעשטארבן בא די סאלדאטן.

אזוי צ. ב., ווען אין צוויי וואכן ארום האט דער ראטנער א קלאפ געטאן א סאלדאט און אים אריינגעזעצט אין קארצער, האט די ראטע אים באפרייט. דעם סאלדאט האט מען אבער ווידער ארעסטירט.

אַ שטומער, פאַרבאַהאַלטענער קאַס, האָט געברויזט אין די הערצער פון די סאָלדאַטן און געזוכט אַן אויסגאַנג. און אָט האָבן זיך אנגעהויבן פאלן פון שלאָגן סאָלדאַטן, וועלכע האָבן בייסן אונטערדריקן דעם אופשטאַנד אָנגערופן די פאַמיליעס פון די אָרגאַניזאַטאָרן. פלוצלונג פלעגן זיך אין קאָרידאָר אַפן סאָלדאַט אַרופוואַרפן עטלעכע מענטשן, אפן קאָפּ האָט מען אים ארופגעוואָרפן אַ שינעל און צושלאָגן ביזן פאַרלירן דעם באוווסטזיין. אינגיכן האָט מען אָנגעהויבן צו באנוצן מעסערס. איינעם נאָכן צווייטן האָט מען געשטאָכן פיר סאָלדאַטן פון דער 4-ער ראָטע. איין סאָלדאַט האָט מען איינמאָל געפונען אַ טויטן אַפן בעט און דאָס פאַלמעסן האָט ניט געקאָנט פעסטשטעלן די סיבע פון זיין טויט. אַ טייל האָט געמיינט, אז מען האָט אים צוגעשטיקט מיט אַ קישן.

דאָס לעבן אין דיסציפלינארבאטאליאָן איז געוואָרן זייער שווער. די יעניקע, וועלכע האבן זיך נויקעם געווען פאר ארויסגעבן די ארגאניזאטארן באם אונטערדריקן דעם אופשטאנד, האבן די געשלאגענע ארויסגעגעבן נאטשאלסטווע, די שולדיקע אין דאָזיקן שלאגן האט דאס קריגסגעריכט אומבעראכמאנעסדיק פארמישפעט צו טויטשטראף.

## ניימאַנס אַרעסט.

סאָף 1905 האָט מען ארעסטירט דעם עסער ניימאַן. דעם 11-טן דעקאבר איז ער אוועק פארשפרייטן פראקלאמאציעס, וועלכע זיינען באקומען געווארן פון מינסק פון עסערישן צאפנמאירעווקאמיטעט. ווען ער האט געטיילט די לעצטע פראקלאמאציעס, האָט אים געכאפט דער פריסטאוו מיט פאליציאנטן.

מען האָט אים אוועקגעשלעפט אין צירקל, ניימאַן האט געשטעלט א ווידערשטאנד. וויסנדיק, אז ניט ווייט געפינט זיך דער בונדישער קאמפאפטייל, האט ער אנגעהויבן שרייען נאך הילף.

דער קאמפאפטייל איז טייקעף געקומען, נאר צו דערזעלבער צייט זיינען צו הילף דער פאליציי אנגעקומען סאלדאטן.

דער קאמפאפטייל איז געצוווּנגען געווען ניט אריינמישן זיך.

ניימאנען האט מען געבראכט אין צירקל. דארטן האט מען אים אַכזאריעסדיק צושלאגן. דערנאך איז ער אפגעשיקט געווארן אין טפיסע.

מען האט ניימאנען פארמישפעט צו קאטארגע, פון וואנען ער איז באפרייט געווארן אין יאר 1917 בייס דער פעווראלער רעוואלוציע.

## עקספּראָפּריאַציע.

אין יאָר 1906 הויבט זיך אָן אַ סעדרע עקספּראָפּריאציעס. די באַברויסקער אָרגאַניזאַציע „בונד" האָט דורכגעפירט אַן עקספּראָפּריאַציע אין שטשעדרין. אין געשיקטן אַהין אָפּטייל זיינען אריין: נאכקע, וואָלפּסאָן העסל, בענ-

דאַט, אַשקינאַזי אַבראַם, קראַך לינע, גאָרעליק עפראַים איטשע און העלפֿאַנד איטשע. זיי זיינען אָנגעפֿאַלן אַף אַ בראַנפנקראָם און פאָסטטעלעגראַפקאָנטאָר און צוגענומען דאָרטן 3600 רובל, אַף 360 רובל פאָסט-און הערבאָווע מאַרקעס, 3 רעוואָלווערן און אַ שווערד. דערנאָך איז נאַכקע אוועקגעפֿאָרן קיין ווילנע און איבערגעגעבן דאָס געלט אין צ. ק., נאָר דער צ. ק. איז געווען זייער אומ-צופרידן מיט דער עקספּראָפּריאַציע און האָט זיך אָפּגעזאָגט צונעמען די געלט. ס'איז דערגאַנגען דערצו, אַז מען האָט געוואָלט פֿאַנאַנדערלאָזן די באָברויס-קער אָרגאַניזאַציע פֿון „בונד". סאָפקאָלסאָף האָט מען דאָס געלט צוגענומען, ווייל ס'וואָלט געווען אַ נאַרישקייט אָפּגעבן צוריק, די באָברויסקער אָרגאַניזאַ-ציע האָט אָבער באַקומען אַ שטרענגע אינסטרוקציע לעהאַבע ניט דורכפֿירן קיין עקספּראָפּריאַציעס.

נאָכדעם האָט מען אין שטאָט דורכגעפֿירט נאָך אַ פּאָר עקספּראָפּריאַ-ציעס, נאָר די אָרגאַניזאַציע האָט צו זיי קיין שאַיכעס ניט געהאַט. ביים אַ פּרווו פֿון אַן עקספּראָפּריאַציע אַף דער מאַכאָרקעפֿאַבריק האָט מען גע-האַרגעט דעם באַלעבאָס סאַטיסאָן. די עקספּראָפּריאַטאָרן זיינען אַרעסטירט געוואָרן, עטלעכע האָט מען געהאַנגען. צווישן זיי איז געווען סאַמועל שאַ-פּירא — אַן אַנאַרכיסט.

אין באָברויסק האָבן קיין אַנאַרכיסטישע גרופּן ניט עקזיסטירט, ס'זיינען בלויז געווען אַנאַרכיסטיש געשטימטע מענטשן. צווישן זיי האָט זיך אויך געפֿונען דער דערמאָנטער שאַפּירא, וויינער יאָסעף און קאָליע טעפּער, וועל-כער האָט זיך אין יאָר 1905 דערקלערט אַלס אַנאַרכיסט. די אַנאַרכיסטן האָבן ניט אַרויסגעוויזן קיין שום טעטיקייט, אויב ניט רעכענען די אַרויסטרעטונגען אַף רעפֿעראַטן אַלס אָפּאָנענטן.

## דער פּריזיוו.

דער פּריזיוו, וועלכער האָט געדאַרפֿט פֿאָרקומען אין אָסיען 1905, איז געוואָרן אָפּגעלייגט צוליב דעם שטורמישן פּעריאָד אַף יאַנוואַר 1906. אין יאַנוואַר האָבן זיך אין שטאָט אנגעהויבן צונויפֿקומען רעקרוטן פֿון גאַנצן אויעזד. די שטורמישע שטימונג איז נאָך אינגאַנצן ניט פֿאָריבער-געגאַנגען און די האָפֿעס פֿון די רעוואָלוציאָנערע אָרגאַניזאַציעס האָט מען אין שטאָט ווידער אָנגעהויבן פּילן, צום פּריזיוו האָבן זיך געדאַרפֿט מעלדן אויך אַסאַך רעוואָלוציאָנערן, די מערהייט פֿון זיי מיטגלידער פֿון באָברויסקער בונדישן קאָמיטעט, ביוראָ פֿון פּראָפֿאַריינען, קאַמפּאָפּטיילן און אַסאַך אַנדערע אַקטיווע טוער. אַלע זיינען זיי געקומען אין דער „פּריסוטסטווע".

דער אָנפֿירער פֿון דער דוואָריאַנסטווע, וועלכער איז געזעסן אין דער קאָמיסיע, איז אַרויס אַפֿן גאַס און פֿאָרגעלייגט די רעקרוטן, אַז זיי זאָלן אויסקלייבן פֿאָרשטייער, וועלכע זאָלן נאָכקוקן אַפֿן ריכטיקן צונעמען די נייע

רעקרוטן. מען האָט אויסגעטיילט 3 פערזאָן: נאַכקע יוכוויד, אַשקינאַזי און וואָלפסאָן העסל.

אַלע גערופענע מיטגלידער פון די אָרגאַניזאַציעס האבן באקומען פריער אינסטרוקציעס, ווי זיך צו האלטן. ווען מ׳האָט אָנגעהויבן אַרויסרופן, האָט יעדערער געזאָגט, אז ער איז געזונט און אַף דער פראַגע: פון וואָס פאַר „א רעליגיע״, איז באקומען געוואָרן איין ענטפער: „סאָציאַלדעמאָקראַט״. זיי האבן אויך דערקלערט, אַז זיי אַנערקענען ניט דעם מיליטאַריזם.

אַפן זאמלפונקט האָט מען דורכגעפירט צוויי מיטינגען: איינער צווישן די שטאָטישע פריזיוניקעס, אַ צווייטן—פאַר די געקומענע פון אויעזד.

נאָכן צונעמען, ווען מ׳האָט געדאַרפט די יונגע סאָלדאַטן אָפשיקן, איז זיך א העלפט פון זיי צולאָפן. אַסאַך זיינען אַוועקגעפאָרן קיין אַמעריקע, צוויי אין אָדעס און עטלעכע אין ווילנע.

נאַכקען האָט מען מוירע געהאט אָנעמען אין באברויסק, מען האט אים אָפגעשיקט אף א קאמיסיע אין מינסק.

אין מינסק איז ער אויך געווען באַוווסט, ווי אַן אָנגעזעענער רעוואָלוציאָנער און אים האָט מען, ניט געקוקט אף דער קראַנקהייט, צוגענומען און אַוועקגעשיקט אין ווילנער פאָלק. אָפזייענדיק פיר וואכן אין פאָלק, איז ער אַוועק קיין אָדעס, ווו ער האָט געוואָינט אומלעגאַל אף א פאַספאָרט פון אַ זון פון א באברויסקער וואַסערטרעגער, וועלכער איז אַוועקגעפאָרן קיין אַמעריקע.

פון אָדעס איז נאַכקע אָפגעפאָרן קיין פעאָדאָסיע.

## די וואַלן צו דער דומע.

פרילינג 1906 זיינען פאָרגעקומען וואלן אין דער „גאָסודאַרסטווענער דומע״. די סאָציאַלדעמאָקראַטישע אָרגאַניזאַציע און „בונד״ האבן באשלאָסן צו באָיקאָטירן דידאָזיקע וואלן. מען האָט דורכגעפירט עטלעכע פאַרזאמלונגען פון די אָרגאַניזאַציעמיטגלידער און מיטפילנדיקע, ווו עס איז אָנגעוויזן גע־וואָרן אף דער נויטווענדיקייט פון באָיקאָט. אויך האָט מען געגעבן אינסטרוק־ציעס, ווי אראָפצורייסן די פאַרזאמלונגען.

די איבעריקע שיכטן פון דער באַפעלקערונג האָבן זיך דאָך געגרייט צו די וואלן. די קאַדעטן האבן צונויפגערופן אַן אלגעמיינע פאַרזאמלונג אונ־טערן פאָרזיץ פון „לינקן״ בורזשוי עסטרין, נאָר די בונדאָווצעס האבן, קומענ־דיק אַף דער פאַרזאמלונג, איר אראָפגעריסן מיט זייער אַגיטאַציע.

אין 3 טעג ארום איז ווידער פאָרגעקומען א פאַרזאמלונג. דאסמאל איז די פאַרזאמלונג דורכגעפירט געווארן אונטער א וואך פון פאָליציי. די בונדישע אָבסטרוקציע האָט זיך דעריבער ניט איינגעגעבן.

דאַמאלסט האבן זיי באשלאסן טאָן עטוואס אַנדערש. זיי האבן אויס־געטיילט 3 פערזאָן, וועלכע האבן באקומען אן אומשעדלעכע באמבע, וועלכע האָט בייסן אופּרייס אַרויסגעלאָזן שטינקענדיקע גאַזן. די דריי מענטשן זיינען געווען: איטשע העלפאַנד, גינזבורג יאָסעף און גארעליק עפ. אי.

אין רעכטן מיטן פון דער פאַרזאמלונג האט די באמבע אופגעריסן און צוליב דעם אַנטשטאַנענער פאַניק איז זיך דאָס פּובליקום פאַנאַנדערגע־גאַנגען.

שפּעטער האט מען פון דער שטאָטאופּראַווע אָנגעהויבן אַרויסגעבן אהיים ביולעטענען.

דאַמאלסט זיינען אויסגעטיילט געווארן אן אָנדערהאלבן צענדליק מענטשן, וועלכע זיינען געגאַנגען איבער די הייזער און געפּירט אן אגיטאַציע ניט אָפּצוגעבן די ביולעטענען. מען האָט אויך פאַרשפּרייט פּראָקלאמאציעס, וואס האבן גערופן צו באָיקאָטירן די וואלן. אין רעזולטאט פון דערדאָזיקער אַגיטאַציע האָבן זיך אַסאַך ניט באנוצט מיט זייערע ביולעטענען.

## דאָס הארגענען דעם פּאליציאַנט קאַרפּענקאָ.

אין יאָר 1906 איז אין באברויסק געהאַרגעט געווארן דער פּאָליציאַנט קאַרפּענקאָ. דעמדאָזיקן פּאָליציאַנט האבן אלע פיינט געהאט, ווי איינעם פון די ערגסטע פּאָליציאַנטן אין שטאָט.

איינמאל שפּעט אין אָוונט איז קארפּענקאָ געגאַנגען אין דער ריכטונג צו שאסייגאַס, צום הייוונזאוואד, ניט ווייט פון וועלכן ער האָט געוואָינט. אַפן וועג איז ער אַריין אין א קרעטשמע אויסטרינקען א גלעזל בראָנפן. ווען קארפּענקאָ איז אַרויס פון קרעטשמע, האָט זיך איינער א מיטגליד פון „בונד", וועלכער האָט אים אף לאַנג געווארט, דערנעענטערט אַנטקעגן און מיט דריי רעוואלווערשאסן אים אוועקגעלייגט אַפן אָרט.

דעם כאַוער, וועלכער האָט געהאַרגעט קאַרפּענקאָן, האט מען ניט גע־פונען.

אַפן צווייטן טאָג האט געדאַרפט פּאָרקומען קאַרפּענקאָס לעוואַיע. די פּאָליציי איז געווען זייער אופגערעגט און מען האָט געקאָנט דערווארטן קאָ־לעריי גוואלדטאַטן מיצאַד די פינצטערע עלעמענטן.

די קאמפּאָפּטיילן זיינען זיך שוין צופאַלן אין יענער צייט. מערסטנ־טייל זיינען זיי זיך צופאָרן. אין שטאָט איז פאַרבליבן א קליינע צאָל. נאָר צוליב דער מוירע פאַר מעגלעכע אַרויסטרעטונגען האט מען צונויפגעזאמלט אביסל „דרושיניקעס", ווי אויך אביסל געווער.

די נייע דרושיניקעס האבן צוגעגרייט געווער און זיך געפונען ניט ווייט פון דער הויפּטגאַס. זיי האָבן נאָכגעפאָרשט די ריכטונג פון דער לע־וואַיע—פּראָצעסיע.

די לעוואיע איז אַדורך שטיל, נאָר אַפֿן צוריקוועג איז דער האמוין אָנגע-פֿאַלן אף ווייצמאנס בעקעריי, אויסגעהאקט די שויבן, און זיך געווארפֿן ראַ-בירן. ס'איז אַנטשטאַנען אַ פּאַניק. די דרוזשיניקעס זיינען אָנגעלאָפֿן, עטלעכע ראַבירער אָנגעקלאפט, און די איבעריקע—צוטריבן. דער געקומענער איספראַוו-ניק האָט שנעל אופגעשטעלט די אָרדענונג.

## אַרעסט פֿון דער „איסקראַ"-דרוקעריי.

אין מאַי 1905 זיינען געקומען פון אָדעס די איסקראָווצעס פֿון באב-רויסק: לייבע קלאס און דאָס מיידל גישקע. זיי האבן מיטגעבראכט מיט זיך אַ גוט איינגעאָרדנטע דרוקעריי, וועלכע זיי האבן אוועקגעפֿירט אף מינסקער פֿאָרשטאָט און באהאלטן אין גאָרטן.

נאָך דעם האבן זיי זיך צונויפֿגערעט מיטן בונדאָווען גאָרעליק ע. אי., בא וועמען אין וואָינונג עס פֿלעגן זיך אָפֿט באגעגענען מיטגלידער פֿון פֿאַר-שיידענע אָרגאַניזאַציעס. זיי האבן באשלאָסן די דרוקעריי שאפֿן אפֿן זעלבן הויף, אף ראָג סאָציאליסטישער און ק. ליבקנעכט (געוו. מוראַוויאָווסקע און סטאָליפינסקע) אין העקעלס הויז. גאָרעליק האָט זיך גענומען צונויפֿריידן מיטן באלעבאָס. נאָך קורצע אונטערהאנדלונגען האט מען פֿאַרנומען א צימער מיט א באזונדער אַריינגאַנג. איינגעמאָלדן האָט מען דעם צימער אפֿן נאָמען פֿון מיטגליד פֿון דער אָרגאניזאציע „איסקרא" כ' שיינין שאָלעם—א שניידער.

די דרוקעריי האָט אָפּגעארבעט א כאדאשים פֿינף. באטאָג איז דאָרטן קיינער ניט געווען און ארבעטן פלעגט מען בלויז בא נאכט. 12 בא נאכט איז מען געקומען, ווען מ'האָט געדארפֿט דרוקן, און אוועק אינדערפֿרי, אוועקטראָגנדיק מיט זיך פעק מיט אָפּגעדרוקטע פראָקלאמאציעס, אָדער אנדערע דרוק-מאטעריאלן.

מיט דער ארבעט האָט אָנגעפֿירט לייבע קלאס.

אפֿן זעלבן הויף האָט געוואָינט לאָזינסקי בעניע, וועלכן די פּאָליציי האָט ארעסטירט אין יאָר 1903 בייסן דורכפֿאַל פֿון דער בונדישער דרוקעריי. פֿון יענער צייט איז ער געוואָרן פֿארדעכטיק דער פּאָליציי.

סאָף אָקטיאבער איז ער געקומען צו גאָרעליקן און דערציילט, אז בא אים איז די נאכט געווען א רעוויזיע. מען האָט געזוכט זייער גענוי און איבערגעוואָרפֿן בוכשטעבלעך אלץ אין שטוב. פארן אוועקגיין האָט מען אים באפֿוילן קיינעם ניט צו דערציילן וועגן דער רעוויזיע. א גאנצן פרימאָרגן האָט ער זיך געוואקלט, נאָר באטאָג האָט ער ניט אויסגעהאלטן און איבער-געגעבן גאָרעליקן. לאָזינסקי האָט ניט פֿארשטאנען, צוליב וואָס האט מען געמאכט די רעוויזיע. גאָרעליק האט זיך גלייך געכאפט וועגן וואָס עס האנדלט זיך. מיסטאָמע האָט מען געזוכט די דרוקעריי, וועלכע איז דורך אימיצן ארויסגעגעבן געוואָרן. זיי האבן אָבער א טאָעס געהאט אין אדרעס און

זיינען צופעליק ארײנגעפאלן צו לאזינסקין. מען האָט געדארפט א טראכט טאָן, ווי העלפן די דרוקעריי און ווארענען די ארבעטער. גאָרעליק איז אוועקגעלאָפן אופזוכן קלאסן.

ווען ער איז געקומען מיט קלאסן און אנדערע ארבעטער, איז שוין געווען שפעט. ס׳איז געוואָרן פארנאכט און ארום הויף האבן דעזשורעט שפּיאָנען. ס׳איז ניט געווען קיין צייט צו טראכטן וועגן ראטעווען די דרוקעריי. מען האָט געדארפט קלערן וועגן זיך.

12 אזייגער בא נאכט האָט די פּאָליציי שוין געקלאפּט בא גאָרעליקן. מע האט בא אים דורכגעפירט א גענויע רעוויזיע, נאָר מען האָט גאָרניט געפונען, ווייל ער האט באוויזן פריער באהאלטן אלץ, וואָס ער האָט אים געקאָנט קאָמפּראָמיטירן. דאָך האט מען אים ארעסטירט און ארויסגעפירט אפן הויף, ווו עס זיינען שוין געשטאנען די ארעסטירטע איינוואָינער פון הויז. אלעמען האט מען זיי געבראכט אין פּאָליציי.

שפעט באנאכט האָט פּאָליציי געפונען די דרוקעריי. מען האָט ארעסטירט שײנינען, אף וועמענס נאָמען ס׳איז געווען געמאָלדן די וואָינונג פון דער דרוקעריי.

גאָרעליק, לאָזינסקי און אנדערע איינוואָינער פון הויז זיינען אָפּגעזעסן א וואָכן 6 און זיינען קורצלעך באפרייט געוואָרן. שײנינען האָט מען א געוויסע צייט ארומגעשלעפּט איבער טורמעס. ער איז געזעסן אין באָברויסק א כאדאָשים 2, דערנאָך אין מינסק 3 כאדאשים. פון מינסק האָט מען אים אָפּגעשיקט קיין באָריסאָוו, ווו ער איז געזעסן 2 כאַדאָשים, פון דארטן האט מען אים מיטן עטאפּ אָפּגעשיקט קיין באברויסק אפן פראָצעס. געפירט האט מען אים מיט א פערזאָן, וועלכע האָט ניט געהאט קיין פּאספּאָרט. דעם לעצטן האט מען געשיקט אין דער אויעזדפּאָליציי. אפן וועג האָט דער קאָנוואָי צודרייט די יאָצרעס און אָנשטאָט דעם מענטשן אָן פּאספּאָרט געבראכט אין דער אויעזדפּאָליציי שײנינען. אהין פלעגט מען געוויינטלעך ברענגען ניט קיין שווערע פארברעכער און די אופזיכט איבער זיי איז געווען א גאנץ שוואכע. אזוי ווי קיינער איז ניט געווען, האט מען זיי געהייסןווארטן. דער סטראזשניק, וואס האָט געבראכט שײנינען איז איינגעשלאָפן. שײנין איז דאמאלסט ארויסגעשפּרונגען פון פענצטער און איז צוגעלאָפן צו א כאווער. עטלעכע טעג האָט ער זיך באהאלטן אין שטאָט. דערנאָך האָט אים די אָרגאניזאציע אָפּגעשיקט קיין אויסלאנד. ער איז געבליבן אין פּאַריזש.

## דאָס אופשטעלן די מיליטערישע אָרגאניזאציע „איסקראַ״.

אין יון 1906 איז געקומען פון אָדעס גאָלינסקי ל. אין שטאָט האָט דאמאלסט געהערשט א שטילשטאנד. דער קאָמיטעט פון אָרגאניזאציע „איסקרא״ האָט דאמאָלסט ניט געפירט קיין שום טעטיקייט. גאָלינסקי האט זיך געזוכן

מיט זײנע אַלטע כאַווײרים: יאַסענעוו און קאָסטאַנאָוויטש, און זײ האָבן באַשלאָסן איבעראַנײַס אויפֿלעבן די מיליטערישע אָרגאַניזאַציע.

זײ האָבן אײנגעשטעלט אַ פֿאַרבינדונג מיט דער קאָנוואָיקאָמאַנדע. נאַטשאַלניק פֿון דער קאָנוואָיקאָמאַנדע איז איצט געווען לוקאַ, געווען באַ מאָזעלן אַ ייִנגערער אונטעראָפֿיצער. ער איז שוין דאַמאָלסט געווען פֿאַרבונדן מיט דער מיליטערישער אָרגאַניזאַציע און מען האָט אים ווידער אַרײנגעצויגן אין דער אַרבעט. דורך זעלדינען אָשער האָבן זײ זיך פֿאַרבונדן מיטן אָרטיקן לאַזאַרעט. זײ האָבן אײנגעשטעלט אַ פֿאַרבינדונג מיטן אַרטילעריעפּאַרק, מיט די פעכאָטעטײלן. די סאָלדאַטן, וואָס האָבן זיך אָקאָרשט צוריקגעקערט פֿון די פראָנטן, פֿלעגן גײן נעמען די ליטעראַטור און צײטונגען. ווען ס׳האָט זיך צונויפֿגעזאַמלט 12 פערזאָן, האָבן זײ אײנגעאָרדנט אַ פֿאַרזאַמלונג, אַף שאָסײגאַס. אין אַ וואָך אַרום איז געקומען שוין אַ מאַן 18. נאָך דעם האָט מען אָנגעהויבן מאַכן „סכאָדקעס“ יעדן זונטיק.

מען האָט זיך פֿאַרבונדן מיט די „ניעסטראָיעוויע“ ראָטעס, און דורך וואָלפּסאָנען (איצט אַ פֿאַרמאַצעווטקע) — מיטן דיסציפּלינאַרבאַטאַליאָן און מיט די אַרעסטירטע פֿון דער ערשטער ראָטע, אָרגאַניזירנדיק דאָרטן אַ גרופּע. אַן ענגע פֿאַרבינדונג איז געווען מיטן באַטאַליאָנפעלדשער, וועלכע האָט אָפּטער געקאָנט זײן אין שטאָט און איז געווען אַ פֿאָרשטײער פֿון דיסציפּלינאַרבאַטאַליאָן.

צו דער מיליטערישער גרופּע איז צוגעשטאַנען אויך טײבע מאָפּסיק (צונאָמען „טאַניע“), וועלכע פֿאַרבינדט זיך מיט די סאָלדאַטן פֿון דער 8-ער ראָטע און אַנדערע טײלן, וואָס געפֿינען זיך אַף מינסקער פֿאָרשטאָט.

דער אַפּאַראַט פֿון דער מיליטערישער גרופּע איז געווען קאָנסטרויִרט אַפֿן פֿאָלגנדן אויפֿן: אָנגעפֿירט מיט דער אַרבעט האָט די צענטראַלע סכאָדקע, וועלכע איז באַשטאַנען פֿון 4 פערזאָן, וווהין ס׳זײנען אַרײן: גאָלינסקי, קאָסטאַנאָוויטש, יאַסענעוו און טײבע מאָפּסיק. צו זײ האָט מען צוגעקאָמאַנדירט אַף גאָלינסקיס ביטע אַ קורסיסטקע (פּראָפּאַגאַנדיסטקע) פֿון „בונד“, וועלכע זײ האָבן אויסגענוצט אַף לימודים מיט פֿאָרשטײער פֿון די מיליטערטײלן. אין דער צווייטער סכאָדקע זײנען אַרײן פֿאָרשטײער פֿון פֿאַרשײדענע מיליטערטײלן. די צאָל פֿון וועלכע עס האָט דערגרײכט ביז 30 פערזאָן. פֿון עטלעכע טײלן זײנען געווען צו צוויי פֿאָרשטײער. עס זײנען געווען אויך אַזעלכע טײלן, וועלכע האָבן קײן פֿאָרשטײער ניט געהאַט, זײ פֿלעגן פֿאַרטרעטן פֿאָרשטײער פֿון אַנדערע טײלן, וועלכע האָבן פֿאַרשפּרייט צווישן זײ ליטעראַטור און זיך באַמיט אַרײנציען ווען עס איז פֿון זײ אין דער אַרבעט.

פֿאַרזאַמלונגען פֿון פֿאָרשטײער זײנען פֿאָרגעקומען אַלע זונטיק אין דער דירע פֿון טײבע מאָפּסיק אַף גאָגאָלאָווסקער גאַס. אָנפֿירער איז געווען גאָלינסקי ל., וועלכער פֿלעגט זיך צוזאַמען מיט דער קורסיסטקע (פּראָפּאַגאַנדיסטקע)

פֿאַרנעמען מיט די אנטיילנעמער פֿון דער סכאָדקע. ער האָט איינגעהאלטן מיט זיי אַ פֿאַרבינדונג אין נאָמען פֿון דער מיליטעריש‎ער אָרגאַניזאַציע. די פֿאַר־זאַמלונגען פֿון דער געהיימער סכאָדקע — פֿון די „פּיר״—זיינען פֿאָרגעקומען אין טייבע מאָפּסיקס וואַרשטאַט אַף סעמיאָנאָווסקער גאַס. דאָרט איז געווען אַן איינמעלדונגדירע, אָדער שטאַבדירע, ווי מ׳פֿלעגט איר רופֿן.

די מיליטערישע אָרגאַניזאַציע האָט איינגעשטעלט אַ פֿאַרבינדונג מיט דער פּעטערבורגער מיליטערישער אָרגאַניזאַציע דורך פּאָגאָדיצקין וולאַדימיר אַרטעמיעוו. ער איז געווען אַ מיטגליד פֿון דער פּעטערבורגער מיליטערישער אָרגאַניזאַציע—עסדעק (אַ פּראָפֿעסיאָנאַל). פּאגאדיצקי האָט געגעבן אַ ביסל געלט. אין אַ צייט אַרום האָט ער געשיקט גאָלינסקין אַ בריוו, ווו ער מעלדעט, אַז ס׳איז אָפּגע־שיקט געוואָרן אַ פּאָסטפּעקל אפֿן נאָמען פֿון קאַטיאַ איסאַיעוואַ (טעלעגראַ־פֿיסטקע). גאָלינסקי האָט געוויזן דער איסאַיעוואַ דעם בריוו און געזאָגט דעם פּאַראָל „פֿאַרן אַדמיראַל״. איסאַיעוואַ האָט אָפּגעגעבן דעם פּעקל און אומגע־קערט צוריק דעם בריוו. דער פּעקל איז געווען זייער אַ ווערטפֿולער פֿאַר דער באָבּרויסקער מיליטערישער אָרנאַניזאַציע. דאָרטן איז געווען אַ סאַך לי־טעראַטור און פּראָקלאַמאַציעס.

מיט דעם האָט זיך איבערגעריסן די פֿאַרבינדונג מיט דער פּעטערבורגער אָרגאַניזאַציע.

געלט פֿאַר דער מיליטערישער אָרגאַניזאַציע פֿלעגט באַקומען ווערן פֿון נינאַ פּאָגאָדיצקא, וועלכע פֿלעגט צונויפֿקלייבן בא סטודענטן און קורסיסטקעס. אויסער דעם, האָט די מיליטערישע אָרגאַניזאַציע באַקומען אלץ, וואָס ס׳איז נויטיק, ווי פּראקלאמאציעס, געלט, מענטשן פֿון דער סאָציאַלדעמאָקראַטישער אָרגאַניזאַציע „איסקרא״.

איינמאָל, נאָכן ענדיקן די לימודים אַף דער „סכאָדקע, האָט דער פֿאָר־שטייער פֿון דער ארטילעריע דערקלערט, אז די סאָלדאַטן—ארטילעריסטן, צו־גענומענע אין יאָר 1903, האָבן זיך אָנגעהויבן צו בונטעווען, ווייל מען לאָזט זיי ניט אָפּ אהיים. מיט זייער אומצופֿרידנקייט שטעקן זיי אָן די איבעריקע סאָלדאַטן.

נאָכן באַהאַנדלען די פֿראַגע איז באַשלאָסן געוואָרן דערקלערן אַ שטרייק פֿון די סאָלדאַטן אין אַרטילעריעפּאַרק און אַרויסשטעלן אַ פֿאָדערונג צו באַ־פֿרייען די סאָלדאַטן, גענומענע אין יאָר 1903.

דעם קאָמענדיקן זונטיק האָט גאָלינסקי איבערגעגעבן אַף דער סכאָדקע פֿון פֿאָרשטייער דעם באַשלוס פֿון דער אָרגאַניזאַציע. די סכאָדקע האָט מיטן דאָזיקן באַשלוס מאַסקים געווען. דאַמאָלסט האָט גאָלינסקי באַוּפֿטראגט פּאָפּאָוון צונויפֿזאַמלען אַ מאַן 12—15 סאָלדאַטן מער אַווטאָריטעטע און צוגעגרייטע און איינאָרדענען מיט זיי אַ באַראַטונג.

אַפֿן צווייטן טאָג אין אָוונט זיינען גאָלינסקי און טייבע מאָפּסיק אַוועק אין וועלדל. דאָרטן זיינען געווען אַמאַן 15 סאָלדאַטן פֿון יאָר 1903 און די גאַנצע קעמערל פֿון אַרטילעריעפּאַרק.

גאָלינסקי האָט איבערגעגעבן די פֿאַרזאַמלטע דעם באַשלוס פֿון דער מי־ליטערישער אָרגאַניזאַציע און אָנגעוויזן, אַז דאָס איז דאס איינציקע מיטל ווירקן אַף דער נאַטשאַלסטווע, דאָס זי זאָל אָפּלאָזן די סאָלדאַטן, וואָס האָט אָפּגעדינט דעם טערמין.

די פֿאַרזאַמלטע סאָלדאַטן האָבן מיט אים מאַסקים געווען. גאָלינסקי האָט דערקלערט, אַז ס׳איז נויטיק אַריינציען אין שטרייק אַלע סאָלדאַטן פֿון אַר־טילעריעפּאַרק. דאָס איז געווען גרינגער דורכפֿירן דערפֿאַר, ווייל אין אין אַרטילעריעפּאַרק האָבן געאַרבעט אַסאַך מייסטער פֿון גרויסע זאַוואָדן, וועלכע זיינען געוויינט געווען צו סאָלידאַרע ארויסטרעטונגען. פֿון דער צאָל צונויפֿגעזאַמלטע האָט מען ארויסגעטיילט אַ שטרייקקאָמיטעט אַף אָנצופֿירן מיטן שטרייק. גאָלינסקי האָט זיי צוגעזאָגט איבערגעבן דעם צווייטן טאָג, אַף וואָס פאַר אַ טאָג באַשטימען דעם שטרייק. ער האָט געוואָרנט, אַז אָן דעם באַפֿעל פֿון דער מיליטערישער אָרגאַניזאַציע זאָל מען גאָרניט טאָן.

אינגיכן האָט זיך אָנגעהויבן דער שטרייק. קיינער איז ניט צוגעטראָטן אַרבעטן. אין טאָג, ווען ס׳האָט זיך אָנגעהויבן דער שטרייק, האָט די מילי־טערישע אָרגאַניזאַציע „איסקרא״ אַרויסגעלאָזן אַן אופֿרוף צום גאַנצן גאַרניזאָן און אָנגעוויזן אַף די ריכטיקע פֿאָדערונגען, וועלכע עס שטעלט אַרויס דער אַרטילעריעפּאַרק.

די אופֿרופֿן האָט מען אָפּגעדרוקט אין דער „איסקרא״-דרוקעריי און זיינען דורך די פֿאָרשטייער פֿאַרשפּרייט געוואָרן אין אַ גרויסער צאָל צווישן אַלע מיליטערטיילן. די אופֿרופֿן האָבן שטאַרק אופֿגעהויבן דעם גייסט באַ די שטרייקנדיקע סאָלדאַטן.

אין אַ וואָך אַרום איז געקומען אַן אַרטילעריעאינספּעקטאָר פֿון ווילנע; ער האָט צונויפֿגעקליבן די גאַנצע קאָמאַנדע און געפּרווט זי איבערצייגן צו־טרעטן צו דער אַרבעט. די סאָלדאַטן האָבן באַקומען אַ באַפֿעל ניט ריידן מיטן גענעראַל, ווייל זייערע פֿאָדערונגען האָבן זיך געפֿונען אין בלעטל, וועלכן ס׳האָט געהאַט באַ זיך דער אינספּעקטאָר. נאָר איין סאָלדאַט האָט ניט אויס־געהאַלטן און איז אַרויסגעטראָטן. ער האָט אָנגעוויזן אַפֿן ניט ריכטיקן האַנד־לען בענויגייע די סאָלדאַטן. דעם סאָלדאַט האָט מען אַפֿן צווייטן טאָג אַרע־סטירט. דער שטרייק איז פֿאָרגעזעצט געוואָרן. אין אַ צייט אַרום האָט מען די סאָלדאַטן פֿון יאָר 1903 אָנגעהויבן פֿאַנאַנדערלאָזן אַ היים. דער שטרייק האָט אופֿגעהערט.

פֿאַרן אַוועקפֿאָרן פֿון די סאָלדאַטן, זיינען ארויסגעלאָזן געוואָרן פּראָקלאַ־מאַציעס, וועלכע האָבן אָנגעוויזן אַף דער געלונגענער ענדע פֿון שטרייק און

אַפֿן שנעלן דעראָבערן די רעכט מיצאַד דעם אַרטילעריעפּאַרק. דאָס איז געווען אין סאָף סענטיאַבר כוידעש.

מיט דעם האָט זיך די ארבעט פֿון דער מיליטערישער אָרגאַניזאַציע אָפּגע-שטעלט.

דעם צווייטן אָקטיאַבר האָט מען אַרעסטירט גאָלינסקין ל., וועלכער איז אַרויסגעגעבן געוואָרן דורכן פּראָוואָקאַטאָר קאַלעסניקאָוו. מען האָט בײַ אים געפֿאַקט פּאָגאָדיצקיס בריוו, ווו ס׳איז געווען אָנגעוויזן דער פּאַראָל און דער אויפֿן פֿון באַקומען דעם פּעקל. אין צוזאַמענהאַנג דערמיט האָט מען אַרעסטירט קאַטיאַ איסאַיעוואַ, און אין פּעטערבורג—פּאָגאָדיצקין וולאַדימיר. בײַ וולאַדימירן האָט מען געפֿונען אַ בריוו פֿון זיין שוועסטער נינאַ, ווו זי שרייבט, אַז זי האָט אי-בערגעגעבן גאָלינסקין געלט. מען האָט אויך איר אַרעסטירט.

גאָלינסקי האָט פֿון טורמע איבערגעגעבן אַ צעטל פֿאַר זוסיע קוסטאַנאָ-וויטש. דער צעטל איז אריינגעפֿאַלן אין די הענט פֿון דער טורמע אַדמיניסט-ראַציע. מען האָט ארעסטירט אויך קוסטאַנאָוויטשן.

דער פּראָצעס איז פֿאָרגעקומען דעם 2-טן אָקטיאַבר 1907 אין באָברויסק. געמישפּעט האָט די ארויספּאָרסעסיע פֿון ווילנער געריכטספּאַלאַטע. די אָנ-געקלאָגטע האָט פֿאַרטיידיקט פּעטרוסעוויטש, וועלכער איז אַפֿן ערשטן גרינ-דונגצוזאַמענפֿאָר פֿון ר.ס.ד.א.פּ. אין יאָר 1898 געווען דעלעגאַט פֿון יעקאַ-טערינאָסלאַוו און נאָך איינער אַ יונגער אַדוואָקאַט פון פּעטערבורג. מען האָט געמישפּעט: גאָלינסקין, פּאָגאָדיצקאַ נינאַ און איסאַיעוואַ קאַטיאַ, גאָלינסקי האָט באקומען 4 יאָר פּעסטונג, נאָר ווי אַ ניט פּוליאַריקן האָט מען אים די שטראָף פֿארקלענערט ביז 3 יאָר. נינאַ און קאטיא האבן באקומען צו יאָר.

די מיליטערישע ארגאניזאציע איז זיך צופֿאַלן.

קוסטאנאָוויטש איז אָפּגעזעסן 3 כאַדאָשים און איז אָפּגעגעבן געוואָרן אַלס סאָלדאַט. דערנאָך איז ער אַנטלאָפֿן קיין אמעריקע. טייבע מאָפּסיק איז אנטלאפן קיין ארגענטינע. יאסענעוו האט פֿארלאָזן די שטאָט.

## דאָס הארגענען פֿון פּראָוואָקאַטאָר קאָלעסניקאָוו.

ס׳איז געפֿאַלן אַ כשאַד אפֿן איסקראָוועץ קאלעסניקאָוו (לויט זיין פּראָפֿעסיע אַ בעקער), אַז ער האָט ארויסגעגעבן די דרוקעריי „איסקרא״. מען האָט אנגעהויבן אים נאָכשפּירן. ס׳איז געוואָרן פֿארדעכטיק, וואָס ער לעבט זייער גוט, שיט געלט, אין דער צייט, ווען זיינע סכירעס איז געווען זייער באשיידענע. לאנג איז ניט געלונגען פֿעסטשטעלן זיין נאָענטקייט צו דער פּאָ-ליציי, האַגאם אים האבן נאָכגעפֿאָרשט סאי איסקראווצעס, סאי בונדיסטן, סאי עסערן.

איינמאָל האָבן זיך העשל ראסין מיט אַ גרופּע כאַוויירים געשיפּט אַף אַ שיפל. צווישן זיי איז אויך געווען קאָלעסניקאָוו. נעבן ברעג איז ער אוועק

רייסן בלומען צווישן די בוימער. אפֿן שיפֿל איז געבליבן זיין פידזשאק. דאַ-מאָלסט האָבן די כאַווײרים אַ נישטער געטאָן בא אים אין די קעשענעס און געפֿונען דאָרטן דאָקומענטן, צווישן וועלכע ס׳איז אויך געווען אַ ביכל מיט זיין פֿאָטאָגראַפֿישן בילד, ארויסגעגעבן דורך דער ריגער אָכראַנקעאָפּטיילונג. דער פאַקט, אַז ער איז אַ פּראָוואָקאטאָר, איז פֿעסטגעשטעלט געוואָרן.

הארגענען קאלעסניקאוון האָבן זיך אונטערגענומען צוויי עסערן: ריווין לאזאר און ראַסין העסל. זומער 1907 האָבן זיי אויסגעפֿירט זייער באשלוס. נאָר קאלעסניקאָוו איז ניט געשטאָרבן טייקעף פֿון די ווונדן. מען האָט אים אָפּגעפֿירט אין שפיטאָל, ווו ער האָט באַוויזן אָנרופֿן די נעמען פֿון די מערדער. אין אַ טאָג ארום זיינען די צוויי עסערן ארעסטירט געווארן.

דער פּראָצעס איז פֿאָרגעקומען אין ווילנע. ראסין האָט באקומען טויט-שטראָף, וועלכע איז אים פֿארביטן געוואָרן אַף 15 יאָר קאטאָרגע, ריווין האָט באַקומען אייביקע קאטאָרגע.

## דאָס צושטעלן פאספּאָרטן

אין צוזאַמענהאַנג מיט דער פֿארשטארקטער קאָנספּיראציע האָט מען גע-דארפֿט האָבן אלץ מער דאָקומענטן פֿאר די אומלעגאלע. די באָברויסקער אָר-גאַניזאַציע פֿון „בונד״ האָט אף דעם געביט אַנטוויקלט אַ פארשטארקטע טע-טיקייט. גאָרעליק עפֿ. אי. איז ספּעציעל אויסגעטיילט געוואָרן צו דערדאָזיקער ארבעט און האָט זיך די גאנצע צייט געפֿונען אין אָסיפּאָוויטשי, רעגולירנדיק דאָס צושטעלן די דאָקומענטן. באזונדערס גוט האָט זיך איינגעגעבן איינשטעלן דאָס צושטעלן פאספּאָרטן אין אָזאריטש.

דער אָזאַריטשער סטאראָסטע פֿלעגט קיינעם ניט אויסמעקן פֿון די בי-כער: סאי די געשטאָרבענע, סאי די אָפּגעפֿאָרענע. פֿאר אַ געצאָלט פֿון 25—15 ר. פֿלעגט ער ארויסגעבן פאספּאָרטן פֿון טויטע און אָפּגעפֿאָרענע דער בונדישער אָרגאניזאציע. ער האָט בלויז געבעטן, אז אין פֿאל פֿון אַ דורכפאל זאָל מען אים טייקעף צוויסן געבן. די באָברויסקער אָרגאניזאציע פֿון „בונד״ האָט זיך ברייט באנוצט מיט דער געלעגנהייט, העלפֿנדיק אויך דעם צענטראל-קאָמי-טעט.

ס׳איז זייער אינטערעסאַנט פֿאָלגנדער צופֿאַל. איינער פֿון די אנטיילנע-מער אין דער יאַקוטסקער דראַמע האָט אויסגעמיטן טויטשטראָף און איז צו-פֿעליק דורכגעפֿאַלן אין דער דירע פֿון זיינעם אַ כאַווער אין יעקאַטערינאָסלאַוו. מען האָט אים אַרעסטירט. איצט האָט מען געדאַרפֿט פעסטשטעלן זיין פּער-זענלעכקייט. אַ געוויסע צייט האָט ער געפֿירט פֿאַר דער נאָז די פּאָליציי און אין דערזעלבער צייט צוניפגערעט זיך מיטן צענטראַלקאָמיטעט פֿון „בונד״ וועגן געבן אים אַ וואָסערע עס׳איז פֿאַמיליע. דער צ. ק. פֿון „בונד״ האָט

זיך צונויפגערעט מיטן באָברויסקער קאָמיטעט און געמאָלדן דעם אַרעסטירטן, לויט וועלכע פֿאַמיליע ער דאַרף זיך ארויסגעבן. דער אויספאָרשער האָט אָנ-געפֿרעגט אין אָזאַריטש צי דאָרטן איז פֿאַראַן אַזאַ פערזאָן. ס'איז באַקומען געוואָרן אַ פּאָזיטיווער ענטפֿער. נאָך דער אומגלוביקער אויספֿאָרשער האָט אַוועקגעשיקט דעם אַרעסטירטן קיין באָברויסק, קעדיי פעסטצושטעלן די ריכ-טיקייט פֿון דער פֿאַמיליע דורך אַ דערקענונג פֿאָנימעלפֿאָנים („אָטשנאַיאַ סטאַווקאַ") מיט די „קרויוויס" פֿון דעם אַרעסטירטן. וועגן דעם האָט מען אי-בערגעגעבן דעם סטאַראָסטע. דער סטאַראָסטע האָט זיך צוגעגרייט, באַקומענ-דיק דעם פֿאָטאָגראַפישן בילד פֿון אַרעסטירטן, האָט ער אָנגעגרייט צוויי אונ-טערגעשטעלטע פֿעטערס, געוויזן זיי דעם פארטרעט און געלערנט, וואָס צו טאָן. אינגיכן האָט מען ביידע „פֿעטערס" אַרויסגערופֿן קיין באָברויסק.

אין באָברויסקער טורמע האָבן די „פֿעטערס" מיט פֿריילעכע אויסגעשרייען זיך געוואָרפֿן אפֿן האלדז פֿון זייער „קאָרעוו". דער פלאַן האָט זיך אײַנגעגעבן און אינאָוונט איז דער נייער אָזאַריטשער בירגער באַפֿרייט געוואָרן. אפֿן צווייטן טאָג איז ער נעלעם געוואָרן.

דער אָזאַריטשער סטאַראָסטע האָט סאָפּקאָלסאָף אַרויסגערופֿן אַ כשאַד בא דער פּאָליציי.

ניט האָבנדיק קעגן אים קיין שום באַווייזן, האָט מען אים דאָך ניט באַשטעטיקט בייס די קומענדיקע וואַלן. ניט געקוקט דערויף, האָט דער אלטער סטאַראָסטע פאָרגעזעצט זיין אַרבעט. קענענדיק אף אויסווייניק אלע פאַרשריבענע אין די ביכער, האָט ער פאָרגעזעצט אָנווייזן פֿאַר א באַלוינונג, ווי צו באַקומען א פּאַספּאָרט, אָנווייזנדיק די אנטשפּרעכנדיקע פֿאמיליע. ווען עס וועט אָנגערופֿן ווערן א פֿאַמיליע פון די ביכער, דאַמאָלסט פֿלעגט מען דעם נייעם סטאַראָסטע שיקן אַ בריוו מיט א ביטע אַרויסשיקן אַ פּאַספּאָרט. דער נאַיוער נייער סטאַראָסטע פֿלעגט גאָרניט כוישעד זיין און טייקעף ארויסשיקן דאָס געפֿאָדערטע.

סאָפֿקאָלסאָף האָט מען דעם פֿריערדיקן סטאַראָסטע געפֿאַקט און ער איז געצוווּנגען געווען מאַכן פליטע קיין אַמעריקע.

צום צושטעלן פּאַספּאָרטן פֿון אָזאַריטש האָט געמומען אַ סאָף. איצט איז געקומען די ריי אף אַנדערע שטעטלעך.

* * *

סאָף 1906 זיינען פֿאָרגעקומען וואַלן אין דער צווייטער גאָסודאַרסטווע-נע דומע. „בונד" און „איסקראַ" האָבן גענומען אַ שטאַרקן אַנטייל באם דורכ-פֿירן די וואַלן. זיי איז דאַמאָלסט געלונגען דורכפֿירן מיצאַד דעם פּראָ-לעטאַרישן טייל פון שטאָט גינזבורגן, וועלכער איז אַוועקגעפֿאָרן אַלס „וויבאָר-שטשיק" קיין מינסק.

# דער עקאָנאָמישער קאמף נאכן יאָר 1905.

דער עקאָנאָמישער קאַמף פון די באברויסקער אַרבעטער האָט ניט אופ־געהערט, ניט געקוקט אפן דרוק מיצאַד דער רעאקציע, אויך נאָכן 1905־טן יאָר.

אין נאָיאַבר כוידעש 1905 האָט מען געמאַכט אַ פרווו צו אָרגאַניזירן אַ לעגאַלן בויערפאַריין פון אַלע צעכן.

ווען ס'איז באקומען געוואָרן אַן ערלויבניש פון פאָליצמייסטער, האָט מען צונויפגערופן אַן אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג פון אַרבעטער. אַף דער פאַר־זאַמלונג איז געווען אַ פאָליצייטשינאָווניק און 2 פאָליציאַנטן. זיי האָבן ערלויבט די פאַרזאַמלונג מיטן טנאַי, אַז מען זאָל ריידן אף רוסיש און ניט באַרירן קיין פאָליטישע פראַגן. דאָך האָט מען זיך באם טנאַי ניט געהאלטן: מען האָט גע־רעט אף פאָליטישע טעמעס און אַף יידיש.

דעם באַאַמטן האָט מען פריער אָפגעפירט אין אַ צווייטן צימער, ווו מען האָט אים מעכאַבעד געווען מיט אַ גוטן פאַרבייסעכץ. די פאָליציאַנטן זיינען געשטאַנען בא דער טיר.

די פארזאַמלונג האָט אויסגעקליבן דעלעגאַטן אַף אונטערצוהאנדלען מיטן גובערנאַטאָר וועגן ערלויבן דעם פאַריין. זיי האָבן אָבער באקומען אן אָפזאָג.

סאָף 1906 האָבן די באלעבאטים פון די סטאָליארוואַרשטאַטן דערקלערט אַ לאָקאַוט. אָנגעהויבן האָט זיך צוליב א שטרייק אַף אַ קליינער אונטערנע־מונג, ווו דער באלעבאָס האָט אָפגעזאָגט אַן אַרבעטער, וועלכער האָט זיך ניט געוואָלט אים אונטערוואַרפן. דער פאַריין האָט געפאָדערט צוריק צונעמען דעם אַרבעטער, דערקלערנדיק באם אונטערנעמער אַ שטרייק. דאַן האָבן זיך די באַלעבאטים צונויפגערעט, געשאפן אַן אייגענע ביוראָ און געפאָדערט פון די אַרבעטער פירן אונטערהאַנדלונגען מיט דער ביוראָ. ווען די באלעבאַטים האָבן באקומען אַן אָפזאָג, האָבן זיי דערקלערט אַ לאָקאַוט, פון וועלכן עס האָבן גע־ליטן 200 סטאָליארעס.

דער קאַמף איז געווען אַן אַקשאָנעסדיקער. די באַלעבאַטים האבן פאַר־געלייגט אַן 11 שאָעדיקן אַרבעטטאָג און סכירעס ווי פריער. די אַרבעטער האָבן געפאָדערט אַ 9 שאָעדיקן ארבעטטאָג און האָבן ניט געוואָלט אנערקענען די בא־לעבאטישע ביוראָ.

דער שטרייק האָט געדויערט 2 א האלבן כוידעש און האט זיך געענדיקט מיט אן אָפמאך. די ארבעטער האבן אַנערקענט די באַלעבאַטישע ביוראָ, און די באלעבאטים זיינען איינגעגאַנגען אַף אַ 9 שאָעדיקן אַרבעטטאָג, ווי אויך אף אַ ניט גרויסער העכערונג.

אין זעלבן יאָר האָבן די באַלעבאַטים דערקלערט אַ באָיקאָט אַלע אַק־טיווע טוער פון דער סעקציע מאַליאַרעס. ניט וועלנדיק אָנעמען זיי אף אַרבעט.

דאַמאָלסט האָבן די מאַליאַרעס דורכגעפירט אַ פֿאַרזאַמלונג און אַליין פֿאַרטיילט די אַרבעטער אַרבעט: די באַלעבאַטים האָבן זיך אָפּגעזאָגט אונטער־וואַרפֿן די פֿאַרטיילונג.

ס'איז דערקלערט געוואָרן אַ שטרייק. בייסן שטרייק איז דורכגעפֿאַלן אַן אַלגעמיינע פֿאַרזאַמלונג פֿון די מאַליאַרעס. דער שטרייק איז געבראָכן געוואָרן.

אין יאָר 1906 האָט מען איבערגעוויילט אַ פֿאַרוואַלטונג פֿון די שניי־דער. אין איר זיינען אַריין 9 פּערזאָן: 5 מענער און 4 פֿרויען. אָנגעפֿירט האָט אַ פֿאָרשטייער פֿון „בונד”. אַף דער ערשטער זיצונג איז די גאַנצע נייע פֿאַר־וואַלטונג אַרעסטירט געוואָרן. די אַרעסטירטע זיינען אָפּגעזעסן צוויי וואָכן און האָבן נאָך באַצאָלט צו 20 רובל שטראָף. נאָכן אַרויסגיין פֿון טורמע האָבן זיי דורכגעפֿירט אַ שטרייק פֿון שניידער און קירזשנער. אַ דאַנק דעם איז גע־לונגען איבערגיין פֿון שטיקאַרבעט צו וואָכענטלעכע סכירעס.

אין יאָר 1907 איז פֿאָרגעקומען אַ שטרייק פֿון סטאָליאַרעס, וועלכע האָבן געאַרבעט אין האַנטווערקער שול. די באַלעבאַטים האָבן געפֿאָדערט, אַז די אַרבעטער זאָלן אַרבעטן פֿון שטיק, די אַרבעטער האָבן זיך אָפּגעזאָגט. די אַרבעטער האָבן דעם שטרייק געוווּנען.

אין יאָר 1907 האָבן די באַלעבאַטים זיך באַנוצט מיט דער שוואַכקייט פֿון שניידערפֿאַריין און מיט די דאַמאָלסטדיקע קליינע באַשטעלונגען. זיי האָבן ווידער איינגעפֿירט שטיקאַרבעט.

אין יאָר 1908 האָבן די שניידער אַרויסגעשטעלט פֿאָלגענדע פֿאָדערונגען: יערלעכע אַרבעט פֿון אַווגוסט ביז אַווגוסט און אַן 8 מיט אַ האַלבשאָע־דיקן אַרבעטטאָג. די באַלעבאַטים האָבן געענטפֿערט מיט אַ לאָקאַוט. דאַמאָלסט האָבן די אַרבעטער אָרגאַניזירט אַ קאָלעקטיוו, וווּ מען האָט אַריינגעזעצט אַ טייל אַרבעטער. די איבעריקע האָט מען אונטערגעשטיצט פֿון דער קאַסע. דער לאָקאַוט איז צובראָכן געוואָרן און די אַרבעטער האָבן געוווּנען.

אין יאָר 1906 איז אַדורך אַ בעקערשטרייק, אין וועלכן ס'האָבן אַנטייל גענומען העכער 200 פּערזאָן. פֿאָדערונגען זיינען געווען פֿאָלגענדע: אַ צענשאָע־דיקער אַרבעטטאָג, שאַבעס שטעלן זיך צו דער אַרבעט ניט אין אָוונט, נאָר איינס באַנאַכט. די באַלעבאַטים האָבן זיך אָפּגעזאָגט באַפֿרידיקן די פֿאָדערונ־גען און אָנגעהויבן צונעמען שטרייקברעכער. דאַן האָט „בונד” אַרויסגעשיקט אַ ניט גרויסן קאַמפֿאָפּטייל אַראָפּנעמען די שטרייקברעכער פֿון דער אַרבעט. ווען דער אָפּטייל איז געקומען אַראָפּנעמען די אַרבעטער אין דער בעקעריי פֿון די ברידער קאַראַוואַיעוו, האָט איינער פֿון די לעצטע אָנגעכאַפּט אַ פֿאָרשטייער פֿון בערנשטיינס אָפּטייל און גענומען אים שטיקן. דאמאָלסט האָט בערנשטיין אַרויסגעכאַפּט אַ רעוואָלווער און אים דערהאַרגעט. ס'איז אַנטשטאַנען אַ פּאַניק און דער אָפּטייל איז פֿאַרשווונדן געוואָרן. בערנשטיין האָט זיך אַ צייט אויס־באַהאַלטן, דערנאָך איז ער אַוועקגעפֿאָרן קיין אַמעריקע.

דער פֿאַל מיט קאַראַוואַיעוון האָט אָנגעשראָקן די באַלעבאַטים, וועלכע האָבן שוין געציטערט אַרבעטן צוזאַמען מיט שטרייקברעכער. די בעקער האָבן פון דער צייט אָנגעהויבן מוירע האָבן פאַר רעדיפֿעס מיצאַד דער פּאָליציי. ביי-דע צדאָדים זיינען געגאַנגען אַף האַנאָכעס. די באַלעבאַטים האָבן מאַסקים גע-ווען אַף אַ צענשאָעדיקן אַרבעטטאָג, און די בעקער זיינען געווען געצוווּנגען מאַסקים זיין אַף אַ געוויסער פֿאַרקלענערונג פֿון סכירעס.

אין יאָר 1907 האָבן די ברויטבעקער געפֿאָדערט פֿאַרגרעסערן דעם גע-צאָלט פֿאַר אויסבאַקן און באַצאָלן די געזעלן און שילער דירעקט דורכן באַ-לעבאָס (פריער פֿלעגט זיי צאָלן דער מייסטער, וועלכער האָט זיי געדונגען). די באַלעבאַטים האָבן אָפּגעזאָגט און ס'איז דערקלערט געוואָרן אַ שטרייק.

דער שטרייק האָט געדויערט אַ גאַנצן כוידעש און איז בלויז פֿאַרשפּילט געוואָרן דאַמאָלסט, ווען דער מיטגליד פון בעקערקאָמיטעט לייבעטשקע האָט פֿאַרעטעריש אַרויסגעגעבן די באַלעבאַטים אַלע פלענער און באַשלוסן פון די אַרבעטער. לייבעטשקען האָט מען שטאַרק צושלאָגן און פֿאַרגעלייגט, אַז ער זאָל פֿאַרלאָזן די שטאָט אין 24 שאָ, וואָס ער האָט אויסגעפֿירט.

אין אַפּרעל 1908 איז פֿאָרגעקומען אַ שטרייק פֿון ברויטבעקער, וועלכע האָבן געפֿאָדערט העכערן די סכירעס. דער שטרייק האָט געדויערט אַ וואָך און איז דורך זיי געוווּנען געוואָרן. דאָסזעלבע איז פֿאָרגעקומען באַ די בולקעס-בעקער.

אַ קליינעם עקאָנאָמישן קאַמף האָט מען אויך געפֿירט אין די איבעריקע צעכן: באַ די שלאָסער, בלעכער, ברוקירער, לעדעראַרבעטער און אַנד.

אין יאָר 1908 ווערט איינגעשטילט דער עקאָנאָמישער קאַמף און ער שטאַרבט אָפּ אינגאַנצן אין סאָף פֿון דעמדאָזיקן יאָר.

ע. מאָראָכאָוועץ.

# די פויערימבאַוועגונג אין ווייסרוסלאנד אין 1905 און די סאציאלדעמאקראטיע.

.I

איִן מיִנסקער גוב. האָט דיִ אַגיטאַציע פֿון ס. ד. צוויִשן דיִ פויעריִם, לויט יעדיִעס פֿון קאָרעספאָנדענט פֿון דער פרייער עקאָנאָמיִשער געזעלשאַפֿט, געהאַט אַ גרויסע וויִרקונג.

איִן מיִנסקער אויעזד, איִן ראַיאָן פֿון שטויבץ, האָט מען פֿון פריִליִנג 1905 יאָר פאַרשפרייט איִן אַ ריי ייִשוּויִם ס. ד. ליִטעראַטור (שטעטל זאַדוואָרע, דאָרף זאַיאַמיִ, דאָרף סטעטשקיִ און אַנדערע); דיִ פראָקלאַמאַציעס פלעגן מיִט איִנטערעס לייענען דיִ פויעריִם, האַגאַם זיי איִז ניִט געפֿעלן געוואָרן, וואָס מען שרייבט „קעגן קייסער“. אונטער דער אָנפֿיִרונג פֿון ס.ד. איִז דורכגעפיִרט געוואָרן זומער 1905 עטלעכע שטרייקן פֿון לאַנדוויִרטשאַפֿטלעכע אַרבעטער און פֿון אַרבעטער, וואָס זיינען געווען באַשעפֿטיִקט מיִט פֿיִרן האָלץ אַפֿן וואַסער, איִן שטויפּץ, זאַיאַמאַ, סטאַרע סווערזשניִ, ניִקאָלאַיעווּשטשיִנאַ.

דיִ כאָלמעטשער אָרגאַניִזאַציע (רעטשיִצער אויעזד) האָט דעמזעלבן זומער דורכגעפיִרט אַ שטרייק פֿון באַטראַקעס איִן וויִרטשאַפֿט סקודנאָוואָ (50 מאַן). דיִ פויעריִם פֿון דיִ אַרומיִקע דערפער האָבן זיִך באַצויגן מיִט סיִמפּאַטיע צו דיִ שטרייקער און זיִך אָפּגעזאָגט צו אַרבעטן, ניִט געקוקט אַפֿן פריסטאַווס דראָונגען. איִן רעזולטאַט דערפֿון האָט מען דיִ סכיִרעס באַדייטנד געהעכערט, דעם אַרבעטטאָג פֿארקלענערט.

איִן יון האָבן כאוויירים פֿון דער מאָזיִרער גרופּע און פּאָלעסער קאָמיִטעט אָרגאניִזיִרט א שטרייק פֿון לאַנדוויִרטשאפלעכע ארבעטער אין דאָרף דודיִטשיִ, נאָענט פֿון מאָזיִר. אף דיִ פֿארזאמלונגען האָט מען אויסגעארבעט פֿאָדערונגען, וועלכע מען וועט שטעלן דיִ פריִציִם; דאָ האָט א רעדנער פֿון דער מאָזיִרער גרופּע גערעט אויך אַף פּאָליִטיִשע טעמעס און גערופֿן ניִט צאָלן קיין שטייערן, ניִט געבן קיין רעקרוטן און זאַפּאסנע. דיִ פויעריִם האָבן אופֿמערקזאם געהערט און אויסגעדריִקט איינשטיִמיִקייט.

די קאָפּולער גרופּע פון צאָפּנמאַירעווקאָמיטעט (סלוצקער אויעזד) האָט אין יאָר 1905 פאַרשפּרייט צווישן די פויערים אופרופן בייס די שטעטלדיקע מערק, זי האָט אויך אַיינגעאָרדנט פּאָליטישע דעמאָנסטראַציעס מיטן אנטייל פון פויערים; איין דעמאָנסטראַציע איז אַיינגעאָרדנט געוואָרן אין יאַנוואַר באַם באַגלייטן עמיגראַנטן קיין אַמעריקע, אַ צווייטע—דעם 14-טן מאַרט מיטן אנטייל פון קנאַפּע 300 פערזאָן. דעם 20-טן יון איז געווען אַ מיטינג אין וואַלד, אַף וועלכן עס זיינען אָנוועזנד געווען 200 פערזאָן „פויערים און יידן". זיי האָבן זיך צוריקגעקערט אין שטעטל מיט רעוואָלוציאָנערע לידער. און אין יון 1905 האָט די גרופּע אַרויסגעלאָזן אַ העקטאָגראַפיש בלעטל „צו די פויערים", אין וועלכן די לעצטע ווערן גערופן „צושטיין צו די ר.ס.ד.א.פּ. און אַרויסשטעלן די באַלעבאַטים-פּריצים פאָדערונגען". אין אַן אַנדער בלעטל „צום רוסישן פויערטום" (אַרויסגעלאָזן אויך אין יון) רופט די קאָפּולער גרופּע די פויערים קעמפן צוזאַמען מיטן אַרבעטערקלאַס פאַר אַ דעמאָקראַטישער רעפּובליק. דאָס בלעטל באַמיט זיך אַיינהאַלטן די פויערים פון טעראָריסטישע אַרויסטרעטונגען: „מען דאַרף ניט רויבן און צושטערן, מען טאָר ניט מאַכן קיין גוואַלטאַטן איבער פּריצים און זייערע גיטער—מען דאַרף באַווייזן, אַז דער פויער איז ניט קיין ווילדע כאַיע, נאָר אַזאַ מענטש ווי אַנדערע. מען דאַרף זיך באַמיען, אַז די ערד זאָל איבערגיין צום פויער אַפן גרונט פון אַ געזעץ; דערווייל אָבער טאָר קיינער ניט וואַגן שטעלן זיך אַרבעטן, קאָלזמאַן אַלע פאָדערונגען וועלן ניט ערפילט ווערן". דאַמאָלסט זיינען דורך דער גרופּע אויסגעאַרבעט געוואָרן אויך פאָדערונגען פאַר די לאַנדווירטשאַפטלעכע אַרבעטער, וועלכע שטעלן איין די הויך פון סכירעס און צייט פון באַצאָלן, פאָדערן אַ 12-שאָעדיקן אַרבעטטאָג, ניט אָנווענדן דעם געזעץ פון 12-טן יון 1886 יאָר וועגן דינגען לאַנדווירטשאַפטלעכע אַרבעטער, פאַראַנטוואָרטלעכקייט פון פּריצים פאַר אומגליקפאַלן בעשאַס דער אַרבעט, אַ העפלעכע באַציונג צו די אַרבעטער און א. וו.

אין יאָר 1906 האָט אין מינסק באַם קאָמיטעט עקזיסטירט אַ פויערישע קרייזאָרגאַניזאַציע, וועלכע האָט געהאַט גרויסע פאַרבינדונגען מיטן דאָרף. קימאַט אין אַלע שטעט און שטעטלעך זיינען געווען קליינע גרופּן אָדער באַזונדערע כאַווירים, וואָס האָבן געאַרבעט צווישן פויערים: זיי פלעגן פאַרשפּרייטן ליטעראַטור, אַיינאָרדענען מיטינגען, אָרגאַניזירן פויערימקאָמיטעטן.

אַף געוויסע ערטער האָט מען אָרגאַניזירט וואָלאָסטקאָמיטעטן פון פויערים, וועלכע האָבן געגעבן געלט, אויסגעשריבן ליטעראַטור, איינגעלאַדן אגיטאַטאָרן. אין מעשעך פון זומער האָט מען אייגעאָרדנט ניט וויניקער פון 50—60 מיטינגען, פאַרשפּרייט עטלעכע טויזנט פון „וויבאָרגער אופרוף", „מאַניפעסט צום גאַנצן פויערטום", „אופרוף צו דער ארמיי און פלאָט" און פאַרשיידענע לעגאַלע בראָשורן; מען האָט אויך אָרגאַניזירט אריי פויערימקאָמיטעטן.

די אופמערקזאמקייט פון דער פויעריממאַסע צו די ס.ד. אַגיטאַטאָרן איז, לויט די ווערטער פון מינסקער קאָרעספּאָנדענט פון „פּראָלעטאַרי", געווען זייער אַ גרויסע: עס האָבן זיך אָנגעהויבן אויסלעבן די מאָנאַרכיסטישע פּאַרורטיילן, די אידייע פון אַ פולבאַרעכטיקטער גרינדונגפאַרזאַמלונג און דעמאָקראַטישער רע-פּובליק האָט געווונען אַ גרויסע פּאָפּולערקייט, אַף מיטינגען קלייבן זיך צו-נויף פון 1000 ביז 2000 פערזאָן. דאָך איז בײַ דעם גאַנצןברייטן פאַרנעם פון דער אַרבעט זייער שוואַך די פאַרבינדונג צווישן באַזונדערע גרופּן, ווי אויך צווישן זיי און די קאָמיטעטן, צוליב דעם האט זיך די מינסקער אָרגאַניזאַציע אפּגעזאָגט דורכצופירן די רעקרוטנקאמפּאניע.

ווען דער אַרבעט פון ר.ס.ד.א.פּ. אין מאָלעווער גוב. אין יאָר 1905 איז באַוווּסט זייער ווייניק. די קאפּולער גרופּע פון פּאלעסער קאמיטעט (הארקער אויעזד) האָט זומער 1905 פאַרשפּרייט פּראָקלאַמאַציעס צווישן די פויערים. האָט איינגעאָרדנט מאַסאָווקעס אין די אַרומיקע דערפער, אַף וועלכע ס'זיינען געקומען ביז 200 פערזאָן. מען האָט אָרגאַניזירט אַ ווידערשטאַנד בײַם פאַר-קויפן דאָס אייגנטום פון די אָרטיקע פויערים—באַלכויוועס, פאַרקויפט האָט מען טאַקע ניט; דערדאָזיקער פאַל האָט אופגעהויבן דעם פּרעסטיזש פון דער גרופּע אין די אויגן פון פויערטום. אין שטעטל ליאַדי (הארקער אויעזד) איז דעם 28-טן אַווגוסט 1905 איינגעאָרדנט געוואָרן אַ מאַסאָווקע, אַף וועלכער ס'זיינען געקומען העכער 150 פויערים. עס איז אַרויסגעטראָטן אַן אגיטאַטאָר פון סמאָלענסקער קאָמיטעט, וועלכער האָט גערעט וועגן דער לאַגע פון פוי-ערטום, דומע, סאָציאַליזם. מען האָט אָנגענומען אַ רעזאָלוציע, וועלכע האָט געפּאָדערט אומקערן די שטיקלעך ערד, וואָס די פּריצים האָבן צוגענומען בײַ די פויערים. ס'איז באַשלאָסן געוואָרן ארויסטרייבן דעם גאַלעך, אויסקלייבן אַ פויערימקאָמיטעט, ניט צאָלן קיין שטייערן און ניט געבן קיין רעקרוטן.

אין סאָף 1905, אָדער אָנהויב 1906 איז אין דאָרף זשגון האָמלער אוי-יעזד אַנטשטאנען א ניט גרויסער ס.-ד. קרייזל, וועלכער איז באשטאנען פון אַרבעטער אין דאָברושער פאַבריק, אַייזנבאנאַרבעטער און בויער, וואָס זיינען געווען פאַרבונדן מיט ערדאַרבעט. דער קרייזל האט זיך פאַרבונדן מיטן פּאָ-לעסער קאָמיטעט; מיטגלידער פון דעם קאָמיטעט האבן געלייענט אגיטאציע-ליטעראַטור אף אָוונטן און פאַרזאמלונגען פון די אָרטיקע פויערים און אַרבע-טער, פלעגן פאַרשפּרייטן בלעטלעך אין די ארומיקע דערפער און זיינען ארויס-געטראָטן אף די דאָרפישע „סכאָדן".

די פויערים פון דאָרף זשגון האָבן אַוועקגעשיקט אין אָנזאָג דער ערשטער דומע, וועלכער איז געווען אונטערגעשריבן דורכן סטאראָסטע און מיט א שטעמ-פּעל. ער איז געווען צונויפגעשטעלט אין א מענשעוויסטישן גייסט. בעשאס דער וואַלקאמפּאניע אין דער צווייטער דומע האָט זשגון אַרויסגערוקט די קאנדידאַ-טור פון אָווטשאראָוון, אַן אומפּאַרטעיִשן, וועלכער האָט סימפּאטיזירט מיט



וואַסילעווסקי נ., סאָציאַלדעמאָקראַט. פּאָליטישער סטאַראָסטע פֿון מאָלעווער טיורמע אין די יאָרן 1906—1907, אַ זון פֿון פויער פֿון אָרשער קרייז.

דער ס.-ד. ער איז אבער „אנערקענט" געוואָרן אלס פעטערבורגער איינוואָינער, וואָס האָט קיין שאיכעס ניט מיט ערד; דאָס האָט אונטערגעריסן דעם פרעסטיזש פון קרייזל בא די פויערים. ווען ס'איז אנטשטאנען די רעאקציע זיינען אַ סאַך מיטגלידער פֿון קרייזל געוואָרן פאַסיוו, אַנדערע זיינען אוועקגעפֿאָרן; בעשאַס די וואַלן צום לאָנדאָנער צוזאַמענפאָר האָט מען אַרעסטירט די אַקטיווסטע מיטגלידער פֿון קרייזל (אין יענער צייט איז ער באַשטאַנען פֿון 26 פערזאָן).

באַם מאָלעווער קרייזקאָמיטעט האָט אין יאָר 1906 עקזיסטירט אַ ספּעציעלע קאָמיסיע צו אַרבעטן אין דאָרף. די פויערים האָבן זיך באַצויגן מיט סימפּאַטיע צו די ס. ד., מיט דערפֿאָלג איז געגאַנגען די אַרבעט צו אָרגאַניזירן אומפּאַרטעיִשע פויערימקאָמיטעטן, מען האָט איינגעאָרדנט פויערימקאָנפֿערענצן. נאָכן פֿאַנאַנדערלאָזן די ערשטע דומע האָט מען פֿאַרשפּרייט דעם „וויבאָרגער אופֿרוף" און אַ בלעטל „צו די פויערים", וואָס עס האָט אַרויסגעלאָזן דער מאָלעווער קרייזקאָמיטעט. ס'האָט זיך אויך געפֿירט אַן אַגיטאַציע צווישן די פּריזיווניקעס, אַז זיי זאָלן זיך ניט מעלדן צום פּריזיוו.

אין האַרבסט 1905 איז אין אַ דאָרף פֿון אָרשער אויעזד פֿאָרגעקומען אַ פויערימקאָנפֿערענץ, צונויפגערופֿן דורך דער אָרטיקער גרופּע פֿון ר.ס.ד.א.פּ., ס'זיינען געקומען דעלעגאַטן פון 4 וואָלאָסטן, וועלכע מען האָט אויסגעקליבן אַף דאָרפֿישע „סכאָדן". פֿון די באַריכטן פֿון די ערטער האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אין די דערפֿער עקזיסטירן ס. ד. און ס. ר. קרייזן, די גאַנצע אופֿמערקזאַמקייט פֿון די פויערים איז די לעצטע צייט געווען געווענדעט אַף די דומעוואַלן. אַף דער קאָנפערענץ האָט מען אויסגעאַרבעט אַ פּלאַן פון טעטיקייט אין די וואָלאָסט, אויעזד און גובערניע-וואָלפּאַרזאַמלונגען, ס'איז אָנגענומען געוואָרן אַ רעזאָלוציע, וועלכע דריקט אויס די האָפֿענונג, אַז די דומע וועט „העלפֿן דעם פֿאָלק אָרגאַניזירן זיך פאַר ווייטערדיקער טעטיקייט". די פֿאַרבינדונג מיטן דאָרף האָט עקזיסטירט אין דער מאָלעווער אָרגאַניזאַציע אויך אין יאָר 1907. אין אַ בריוו פֿון מאָלעוו קיין פעטערבורג, וועלכן די אָכראַנקע האָט איבערגעכאַפּט, ווערט אָנגעוויזן (לויט דער דאַטע פֿון 1-טן יון (19-ער מאַי) 1907, אונטערגעשריבן דורך גאַליאָנקע) 22 דאָרפֿישע אַדרעסן, אַף וועלכע די ס. ד. פראַקציע פֿון דער דומע פלעגט שיקן בריוו צו דער באַפֿעלקערונג.

באַ דער וויטעבסקער גרופּע פון צאָפֿנמאַירעווקאָמיטעט האָט נאָך פֿון יאָר 1904 עקזיסטירט א ס. ד. פֿויערימאָרגאַניזאַציע, וואָס האָט געציילט אין האַרבסט פון דעם יאָר 75 אָרגאַניזירטע פויערים. לעזער פֿון ליטעראַטור זיינען געווען מער פון 4200. פון אָנהויב 1905 האָט מען איבער די דערפֿער פון וויטעבסקער גוב. פֿאַרשפּרייט פראקלאַמאַציעס פֿון צאָפֿנמאַירעווקאָמיטעט. אין מאַרט האָט די פּאָלאָצקער אָרגאַניזאַציע אַרויסגעלאָזן אַ העקטאָגראַפֿירט בלעטל „צו די פויערים", וואָס רופֿט צו קעמפֿן קעגן דער צאַרישער רעגירונג, אַז

עס זאָל אָפּגעשטעלט ווערן די מילכאָמע, מ׳זאָל אָפּשאַפֿן אויסקויפּצאָלונגען פֿאַר ערד), צוריקערן די אָפּגעריסענע ערדשטאָכים, באַפֿרייען די אָרימע פּויערים פֿון שטייערן, פֿרייהייט און צונויפֿרופן אַ גרינדונגפֿאַרזאַמלונג.

לויט די אָנווייזונגען פֿון „איסקרא״-קאָרעספּאָנדענט, האָט מען אין איין שטעטל פֿון וויטעבסקער גוב. (וועלכע שטעטל ווערט ניט אָנגעוויזן) אָרגאַניזירט קימאט די גאַנצע יידישע און פּויערישע יוגנט (90 פּערזאָן), ס׳האָבן געאַרבעט 3 פּראָפּאַגאַנדעקרייזן, מ׳האָט געשאַפֿן אַ קאַמפּדרוזשינע. דער סמאָלענסקער קאָמיטעט פּלעגט צושטעלן ליטעראַטור און פֿון צייט צו צייט — צישיקן רעדנער. אַף די מאַסאָוועס פּלעגן יעדן מאָל קומען פּויערים פֿון די אַרומיקע דערפֿער, אָפּטמאָל 8—5 וויאָרסט, די צאָל צוהערער האָט דערגרייכט 150 פּערזאָן.

די פּויערים פּלעגן מיט דורשט לייענען די ס. ד. בלעטלעך, האָבן צוטראָגן די פּראָקלאַמאַציעס און בראָשורן איבער די דערפֿער און געלייענט זיי פֿאַרן דאָרף. אין די דערפֿער זיינען געווען אַרום 60 אָרגאַניזירטע פּויערים, דעם 22-טן (9) יול האָט מען אין שטעטל איינגעאָרדנט אַ דעמאָנסטראַציע מיט רעוואָלוציאָנערע לידער אלס אָנדענק פֿון 22-טן (9) יאַנוואַר. נאָך די באַוווסטזיניקע אַרבעטער און פּויערים האָט מאַרשירט אַ גרויסע מאַכנע פּרויען, זקיינים און קינדער. דער אוריאַדניק האָט געפּרווט אַרעסטירן אַ דעמאָנסטראַנט, דער האַמוין האָט אָבער צושטערט זיין דירע און באַפֿרייט דעם אַרעסטירטן.

דעם 10-טן סענטיאַבר זיינען געקומען צוויי רעדנער פֿון סמאָלענסקער קאָמיטעט, וועלכע האָבן גערעט וועגן דער גאָסודאַרסטווענער דומע און האָבן לויט דער ביטע פֿון די פּויערים אויך גערעט וועגן די עסערן און ליבעראַלן, זיי האָבן פֿאַרגעלייגט באָיקאָטירן די דומע און אויסקלייבן פּויערישע רעוואָלוציאָנערע קאָמיטעטן.

דעם 12-טן דעקאַבר (29-טן נאָיאַבר) איז אַפּן וואָלאָסט-„סכאָד״ פֿון שטעטל סקורדאָלינא דווינסקער אויעזד מיטן אַנטייל פֿון אָנגעקומענע דווינסקער ס״ד. דעמאָקראַט. אָראַטאָרן אָנגענומען געוואָרן אַ רעזאָלוציע, אין וועלכער די פּויערים האָבן אויסגעדריקט אַ גרייטקייט: 1) צושטיין צום קאַמף פֿון די שטאָטישע אַרבעטער, 2) גרייטן זיך צו אַ באַוואָפֿנטן אופֿשטאַנד, 3) אָנהויבן אַן אופֿשטאַנד, אָפּזאגנדיק זיך צו צאָלן שטייערן, ניט צושטעלן קיין רעקרוטן און פֿאַרכאַפּן די גאַנצע ערד.

ביכלאַל האָט זיך אויסגעדריקט די אַרבעט צווישן די פּויערים אין דווינסקער אויעזד אין יאָר 1905, לויט די יעדיעס פֿון קאָרעספּאָנדענט פֿון „פּראָלעטאַרי״, בלויז אין פֿאַרשפּרייטן ליטעראַטור. אַן אַקטיווע אַרבעט האָט זיך אָנגעהויבן ערשט נאָכן פֿאַנאַנדערלאָזן די דומע: איבער די דערפֿער האָט מען איינגעאָרדנט מיטינגען-געשפּרעכן, דאָ און דאָרט זיינען אַנטשטאַנען פּויערים גרופּן, צו 12—20 פּערזאָן, וועלכע פּלעגן זיך פּרווון פֿאַנאַנדערקלייבן זיך אין

פראָגראַמפּראַגן. די נאָכפראַגע אף ליטעראַטור איז צו יענער צייט געווען זייער אַ גרויסע.

וועגן דער אַרבעט פון די ס. ד. אין סמאָלענסקער גוב. זיינען פאַראַן זייער ווייניק יעדיעס. אין יאָר 1905 האָט דער סמאָלענסקער קאָמיטעט אַרויס-געלאָזן אַ „בריוו פון אַ פויער, אַ סאָציאַלדעמאָקראַט, צו פויערים", וועלכער רופט די פויערים פאַרייניקן און באַוואָפענען זיך, קעדיי צו קעמפן פאַר אַ ברינדונגפאַרזאַמלונג, אפזאָגן זיך צו צאָלן שטייערן, ניט געבן קיין רעקרוטן און רעזערוויסטן, באָיקאָטירן די טשינאָווניקעס און קלייבן פויערימקאָמיטעטן. לויט די ווערטער פון קאָרעספאנדענט פון דער פרייער עקאנאמישער געזעל-שאַפט האָבן די ס. ד. אין סמאָלענסקער אויעזד געפירט אַן אַקטיווע אַרבעט צווישן פויערים. נאָכן אָקטיאַברמאַניפעסט זיינען צונויפגערופן געוואָרן מי-טינגען, מען האָט אנגענומען רעזאָלוציעס און איינגעאָרדנט דעמאָנסטראַציעס מיט רויטע פאָנען. „די פויערים — שרייבט אַ קאָרעספאָנדענט—פלעגן ניט גוט פאַרשטיין די רעדעס, אַף איין מיטינג האָבן זיי געקאָנט אַנערקענען די סאָציאַליזאַציע פון ערד, און אַף אַ צווייטן — צוזאָגן קעמפן אונטער דער פאָן פון דער איינהייטלעכער סאָציאַלדעמאָקראַטישער פאַרטיי".

נאָכן פאַנאַנדערלאָזן די דומע האָט דער סמאָלענסקער קאָמיטעט בא-שלאָסן אַגיטירן, אַז די פויערים זאָלן זיך ניט מעלדן צו מיליטער און זאלן באהאלטן פריזיוווניקעס. אין דראגאָבוזשער אויעזד איז פארגעקומען אַ צוזאַ-מענפאָר פון וואלאסט-„סטאַרשינעס", וועלכע האבן באַשלאסן (ס׳קאָן זיין ניט אָן דער ווירקונג פון ס. ד.) ניט געבן קיין רעקרוטן. אין אַן אנדער אויעזד (דער נאמען ווערט ניט אָנגערופן) האָט אַן ענלעכן באַשלוס אנגענומען דער פויע-רימצוזאמענפאר.

באַם ווילנער קאָמיטעט ר. ס. ד. אַ. פ. האָט זיך אין דער צווייטער העלפט 1905 געשאַפן אַ קרייזאָרגאַניזאַציע, וואָס איר אופגאַבע איז באַשטאַנען אין אָנפירן מיט דער פאַרטעיִשער אַרבעט אין אַ ריי אויעזדשטעט און שטעט-לעך, ווי אויך אַרבעטן צווישן פויערים. פון די ארטיקע ארגאַניזאַציעס, וועלכע האבן אנגעהערט צום ווילנער קרייז, האבן א באדייטנדיקע אַרבעט צווישן פויערים געפירט די סמארגאנער (אשמיאנער אויעזד) און פאדבראדסקער (וויל-נער אויעזד) גרופן. פון צייט צו צייט פלעגט דער קרייזקאמיטעט צונויפרופן קאנפערענצן, אַף וועלכע עס פלעגן באַהאַנדלט ווערן פאליטישע פראַגן, ווי אויך ארטיקע פראַגן. סאף יאַנוואַר 1905 איז אין ווילנע פארגעקומען א קאָנ-פערענץ, אַף וועלכער עס זיינען געווען פארגעשטעלט די סמארגאנער, גראדנער, אשמיאַנער און לידער גרופן. די קאנפערענץ האט אנגענומען פאלגנדע רעזא-לוציע וועגן דער אַרבעט אין דארף:

„די קאנפערענץ אַנערקענט, אַז אין איצטיקן פאליטישן מאמענט שטייען פאר די ס. ד. אין דארף פאלגנדע פראַגן: א) ארגאַניזירן אונטער דער פאן

פון ר. ס. ד. א. פּ. אַלע פּראלעטאַרישע און האַלבפּראלעטאַרישע עלעמענטן מיטן ציל: 1) פאַרטיידיקן זייערע קלאסנאינטערעסן און 2) מערער צו רעוואלו-ציאָניזירן די דעמאקראַטישע עלעמענטן פון דארף; ב) פאַרשטאַרקן אין דארף די רעוואלוציאנער-דעמאקראַטישע באַוועגונג; ג) צוגעבן באַוווּסטזיניקייט און ארגאַניזירטקייט דער סטיכישער באַוועגונג אין דארף, אפּרייניקן איר פון רעאַקציאנערע און בונטאַרישע עלעמענטן. קעדיי צו פאַרווירקלעכן די דאזיקע אופגאַבן, האַלט די קאָנפערענץ פאַר נויטיק: 1) שטרעבן אָרגאַניזירן די דאַר-פישע פּראלעטאַריער און האלבפּראלעטאריער אין זעלבסטשטענדיקע סאציאל-דעמאקראַטישע גרופּן; 2) ארגאַניזירן רעוואלוציאָנערע פויערימקאמיטעטן, וועלכע דאַרפן ווערן קאמפּארגאַניזאַציעס פון רעוואלוציאנערן פויערטום, קעדיי: א) צו אנטוויקלען און אנפירן מיט דער רעוואלוציאנערער באַוועגונג אין דארף ביז אַ באוואפנטן אופשטאַנד פון פויערטום; ב) צו קאנפיסקירן די ערד, וואָס געהערט צו מאַנאַסטירן, רעגירונגאַייגנטום, יערושעשטאכים, פּריוואטע און אנדערע; 3) שטאַרק פּראפּאגאַנדירן די אידייע פון רעוואלוציאנערער זעלבסט-פאַרוואלטונג; דערביי ווערט אבער אונטערגעשטראכן, אז דאס דורכפירן פּראַק-טיש די דאזיקע אידייע אין לעבן מוז זיין שטרענג ארגאַניזירט און צוגעפּאסט צום אלגעמיינעם רעוואלוציאנערן אופשטייג; 4) אויסטיילן פון די עקזיסטירנ-דיקע ארגאניזאַציעס די אקטיוויסטע קרייזן, שאפן ארטיקע און צענטראַלע פויערימגרופּן, וועלכע זאלן פּלאַנמעסיק דורכפירן אלע פּאַרטייִשע לאזונגען און זאלן פאַרווירקלעכן אונדזערע אופגאבן אין דארף; 5) די קאָנפערענץ אנער-קענט, אז דער בעסטער אויפן קאלעקטיוו דורכפירן דאָס פאַרכאַפּן די ערד און איבערגיין צו נייע פאָרמען פון ערדאַרבעט — איז געזעלשאַפטלעך באַנוצן די פאַרכאַפּטע ערד. דאָס לעצטע רעקאָמענדירט די קאָנפערענץ, ווי אַ סיסטעם, וואָס דערלאָזט ניט באַקומען פאַר איינצלנע פּערזאָנען די פאַרכאַפּטע ערד; 6) קעדיי די אַרבעט אין דאָרף זאָל צוגיין מיט דערפאָלג, האַלט די קאָנפערענץ פאַר נויטווענדיק אַרויסגעבן אַן אומלעגאַלן פּאָפּולערן פויערישן אָרגאַן. די רעדאַקציע דארף שטיין אַפן שטאַנדפּונקט פון דער רעזאָלוציע, וואָס די קאָנפערענץ האָט אָנגענומען, ס'איז אָבער ווינטשנסווערט, אַז עס זאָל געעפנט ווערן אַ פּאָפּולע-רער דיסקוסיעאָפּטייל.

אין יול 1906 איז די קרייזאָרגאַניזאַציע דורכגעפאַלן; די מערהייט אַק-טיווע אַרבעטער איז אַרעסטירט געוואָרן און צום סאָף 1906 יאָר האָט די קרייזאָרגאַניזאַציע קוים, קוים עקזיסטירט. די סמארגאָנער אָרגאַניזאַציע, די שטאַרקסטע פון אלע אָרגאַניזאַציעס אין ווילנער קרייז, האָט אָבער דאָך גע-פירט אַן אַקטיווע אַרבעט. אין מיטן אַווגוסט איז פאָרגעקומען אַ קאָנפערענץ פון סמארגאָנער ראַיאָן, אין וועלכער ס'האָבן אנטייל גענומען דעלעגאַטן פון 5 שטעטלעך און וואָלאָסטן — זיי האָבן פאָרגעשטעלט אַרום 650 פּאַרטייִמיט-גלידער. די קאָנפערענץ האָט אָנגענומען פאָלגנדיקע רעזאָלוציע: „קעדיי אָפּ-

צושוואַכן די רעגירונג און רעוואָלוציאָניזירן די ברייטע פאָלקסמאַסן, באַזונדערס דאס פויערטום, דארף מען שטרעבן דורכפירן אין לעבן ־מיט אלע קויכעס די באַשלוסן פון „וויבארגער אופרוף״, אפזאגן זיך צו צאלן שטייערן און פון צושטעלן פריזיוויניקעס. צוליב דעם מוזן די ארגאניזאציעס אנטוויקלען אַ ברייטע מונדלעכע און שריפטלעכע אַגיטאַציע צווישן דער באַפעלקערונג, באַוועגן די פויערים, אז זיי זאלן ארויסטראגן באשלוסן אַף די וואָלאסט און דארפסכאדן אין געהעריקן גייסט, באַם ארופלייגן שטייערן אפזאגן זיך אַסיגנירן אף וועלכע עס איז באדערפעניש, אויסער אין יענע פאַלן, ווען זיי דינען דירעקט די אינטערעסן פון דער באפעלקערונג (שולן און אנדערע).

וועגן דער אַרבעט פון ס. ד. אין ווילנער גובערניע אין יאר 1907 זיינען פאַראַן אין ארכיוו פון פאליציי־דעפאַרטאַמענט אַגענטוריעדיעס פון ווילנער, ווילייקער, סווינציאַנער און דיסנער אויעזדן. לויט דידאזיקע יעדיעס זיינען אין מאי כוידעש געקומען צופאָרן ס. ד. ־ישע אגיטאטארן פון נאוואווילייסק אין די ארומיקע דערפער (מיצקוני, וואַרניאַני, טאבורישקי, גריגאיצי, לאזניקי, סטרעלטשוק, רוקאיני). זיי האָבן פאַרשפרייט אומלעגאַלע ליטעראַטור, פלעגן איבערצייגן די פויערים אפזאָגן זיך צו קויפן ערד דורכן באַנק, ניט עמיגרירן קיין סיביר. די אַגיטאטאָרן האָבן פאַרזיכערט, אז די גאָסודארסטווענע דומע וועט זיך אינגיכן פאַנאַנדערפאָרן, ווייל דאָס פאָלק איז ניט גענוג אָרגאַניזירט אַף צו אונטערצושטיצן די דומע. די רעגירונג אָבער וויל די פאָדערונגען פון די דומע ניט אויספירן. אין ווילייקער אויעזד זיינען צו יענער צייט געווען ס. ד. אָרגאַניזאַציעס, אויסער אין שטאָט ווילייקע, אויך אין שטעטל קורינעץ, מאָלאָדעטשנע, דאָלהינאָוו, איליאַ, לעבעדיעוו און דונילאָוויטשי. זיי אַלע האָבן געהאַט פאַרבינדונגען מיטן ווילנער קאָמיטעט. די דיסנער גרופע (איז געווען פאַרבונדן מיטן דווינסקער קאָמיטעט) האָט געפירט אַן אַרבעט אין לוזשקי, הלובאָקע, פאָסטאַווי, גערמאַנאָוויטשי, שאַרקאָוויטשיזנאַ און דרויע.

אין מיטן מאַי האָט דער דווינסקער קאָמיטעט געגעבן, קלוימערשט, א דירעקטיוו אָפּהאַלטן זיך פון צוזאַמענשטויסן מיט פאָליציי און איינהאַלטן די פויערים פון אַגראַראומרוען, ביז די גאָסודאַרסטווענע דומע וועט „אַנטגילטיק לייזן״ די אַגראַרפראַגע. אין שטעטל נאָוואָסוויענצאַני האָט אין יול עקזיסטירט אַ פויערישע אָרגאַניזאַציע פון ר. ס. ד. א. פ., וועלכע האָט געפירט אַ שטאַרקע אַגיטאַציע און פאַרשפרייט פויערישע ליטעראַטור. צו דידאָזיקע יעדיעס, ווי אויך צום כאַראַקטער פון די יעדיעס, מוז מען זיך באַציען מיט גרויס פאָרזיכטיקייט. אין צעטל פון ליטעראַטור, וואָס עס האָבן פאַרשפרייט, קלוימערשט, אין ווילנער אויעזד די סאָציאַלדעמאָקראַטן, געפינען מיר צוזאַמען מיט ס. ד. ליטעראַטור אויך עסערישע; די דיסנער גרופע זאָל האָבן באַשטאַנען ניט בלויז פון מיטגלידער פון ר. ס. ד. א. פ. און „בונד״, נאָר אַפילע פון ס. ר. אַזאַ פלאָנטער פון פאַרטייאָנגעהעריקייט האָבן מיר אויך אין די יע-

דיעס וועגן .וויליקער אויעזד א. א. וו. ס'איז אָבער אומעגלעך קאָנטראָלירן דידאָזיקע יעדיעס, ווייל קיין אַנדער מאַטעריאַל וועגן דעם איז ניטאָ. סאָף מאַרט 1906 יאָר איז פֿאָרגעקומען אַ צוזאַמענפֿאָר פֿון אָרגאַניזאַציעס, וועלכע געהערן צום צאָפּנמאַירעוופֿאַרבאַנד פֿון ר.ס.ד.א.פּ. דערדאָזיקער צוזאַמענפֿאָר האָט קאָנסטאַטירט אַ גאַנצע ריי קרייזאָרגאַניזאַציעס, וועלכע זיינען געווען צענטרען פֿאַר אַרבעטן אין דאָרף, אין געוויסע ערטער האָבן עקזיסטירט „פּויע-רימצענטרען, וואָס כאַפּן אַרום אַ גאַנצע ריי דערפער, אָפּטמאָל גאַנצע קרייזן, ווי אין מינסקער גוב., טיילוויז אין וויטעבסקער און ווילנער". א קאָרעספּאָנדענץ אין נומ. 9 פֿון „וואָלנאַ" האַלט אָבער, אַז די פּויערימאַרבעט אין צאָפּנמאַי-רעווגעגנט איז „זייער ניט באַפֿרידיקנדיק", די סיבעס דערפֿון זיינען לויט דער מיינונג פֿון אַווטאָר פֿאָלגענדע: 1) עס פֿעלן קויכעס און מיטלען, די פּויערים ווענדן זיך נאָך אַגיטאַטאָרן און בלעטלעך, נאָר ס'איז אומעגלעך זיי צו באַפֿרי-דיקן; די פּאַרטעישע טוער זיינען ניט צוגעגרייט צו אַ פּויערימאַרבעט, וועלכע פֿאָדערט באַזונדערע ספּעציפֿישע מעטאָדן; צושפּליטערטקייט פֿון דער אַרבעט; די אָרגאַניזאַציעס ריידן זיך ניט צונויף צווישן זיך; ניטאָ קיין איינהייטלעכע לאָזונגען. אַלס אָרדענטלעכע אויפֿגאַבן האַלט דער אַווטאָר פֿון דער קאָרעספּאָנ-דענץ: 1) צונויפֿרופֿן אַ ספּעציעלע אַגראַרקאָנפֿערענץ פֿון גאַנצן געגנט און 2) שאַפֿן אַ באַזונדערן פּויערישן קאַנטצענטער, וואָס פֿאַרייניקט די גאַנצע אַרבעט.

די קאָנפֿערענץ פֿון אָרגאַניזאַציעס אין צאָפּן מאַירעוו געגנט, וועלכע איז פֿאָרגעקומען נאָך די וואַלן צו דער צווייטער דומע (גענוי די דאַטע איז ניט געלונגען פֿעסטצושטעלן) האָט אָנגענומען פֿאָלגנדע רעזאָלוציע, וועלכע כאַראַקטעריזירט אַגעווורכע די לאַגע פֿון דער דאָרפֿאַרבעט אין פּעריאָד פֿון די וואַלן:

„עס ווערט רעקאָמענדירט אַלע אָרגאַניזאַציעס טייקעף אויפֿהויבן אַן אַגי-טאַציע צווישן דער באַפֿעלקערונג (באַזונדערס פּויערים) וועגן גאַנג און רע-זולטאַטן פֿון די וואַלן אין צאָפּנמאַירעווקאַנט. דידאָזיקע אַגיטאַציע האָט אַ ציל אויפֿקלערן די פּויערים, אַז אין אויסקלייבן דעפּוטאַטן, וואָס זיי-נען פֿיינטלעך צו די פּויערימאינטערעסן, זיינען שולדיק די ספּעציעלע ווילער (וויבאָרשטשיקעס). אין די אויפֿרופֿן, וואָס וועלן אַרויסגעלאָזן ווערן אין יעדער גובערניע, מוז מען אָנווייזן אַף אלע פֿעלערן פֿון די פּויערישע ווילער, די טאַקטיק פֿון די ווילער און פּריצים צו פֿאַרשיידענע נאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציעס א. א. וו. רעכענענדיק זיך מיט די אָרטיקע באַדינגונגען, ווערט אויך רע-קאָמענדירט פֿירן אַ קאַמפּאַניע צווישן די פּויערים, אַז עס זאָל אויסגעדריקט ווערן אומצוטרוי יענע ווילער (וויבאָרשטשיקעס), וועלכע האָבן געהאָלפֿן, אויסקלייבן פּריצים, אָדער וועלכע זיינען געווען אונטערגעקויפֿט א.א.וו... קעדיי צו אָרגאַניזירן די פּראָלעטאַרישע מאַסן אַרום דער סאָציאַלדעמאָקראַטי-

שער פּראַקציִע אין גאָסודאַרסטווענער דומע, ווי אויך מאַכן אַ דרוק אַף דער טעטיקייט פֿון דומע, אַנערקענט די קאָנפֿערענץ פֿון אָרגאַניזאַציעס אין צאָפּנמאַי-רעווקאַנט פֿאַר ווינטשנסווערט, אז אומעטום, ווו ס'איז מעגלעך, זאָל אָרגאַניזירט ווערן די אַרבעטער און פויערימבאַפֿאָלמעכטיקטע און ווײלער (וויבאָרשטשיקעס); דערביי האַלט די קאָנפֿערענץ, אַז די אַרבעטער באפֿאָלמעכטיקטע דאַרפֿן אָר-גאניזירט ווערן, באַזונדער, פֿון די פויערימבאפֿאָלמעכטיקטע... די אָרגאַניזאציעס דארפֿן אָנווענדן אַלע קויכעס צו שאַפֿן א קאמפאניע פֿאַר באפֿאָלמעכטיקטע און ווײלער פֿון פויערטום. רעכענענדיק זיך מיט די פֿאַקטישע שוועריקייטן אויס-פֿירן דידאָזיקע אַרבעט צווישן פויערטום, רעקאָמענדירט די קאָנפֿערענץ אָרגאַ-ניזירן צוזאמענפֿאָרן אין די קלענערע טעריטאָריעלע פונקטן".

.II

צווישן דעם ליטווישן פויערטום האָט אן ארבעט געפירט איבערהויפּט די סאָציאלדעמאָקראטישע פאַרטיי פון ליטע. אונטער איר אָנפירונג האָט זיך אין א באדייטנדיקער מאָס אַנטוויקלט די פויערימבאוועגונג, וועלכע פלעגט זיך אויסדריקן אין איינאָרדענען מיטינגען און דעמאָנסטראציעס, אַרויס-טראָגן פּראָטעסטן קעגן דער רעגירונג און קסיאָנדזן, פאָדערן צומאכן די מלוכישע ווײנקראָמען, בייטן די אָרטיקע מאכט און דערלויבן שטרייקן לאנד-ווירטשאַפטלעכע ארבעטער.

אין די יאָרן 1904 און 1905 האָט זיך די פארטיי, ווי עס שרייבט וו. מיצקעוויטש, געשטיצט איבערהויבט אף די פֿארמעגלעכע שיכטן פֿון פויערטום, וועלכע פלעגן זיך באנוצן מיט געדונגענע ארבעטהענט; דאָס איז דעמאָלסט געווען דער מער באוווסטזיניקער און מער רעוואָלוציאָנערער עלעמענט פֿון ליטווישן דאָרף, וועלכער האָט שוין לאנג געטראָגן דעם יאָך פון אומרעכט, פּאָליצעישן ווילקיר און נאציאָנאלן דרוק. די פֿארמעגלעכע פויערים זיינען אויך געווען אין דער מערהייט צווישן די 2000 וואָלאסטדעלעגאטן, וועלכע האָבן אנטייל גענומען אין אלליטווישן צוזאמענפאָר אין ווילנע דעם 4—5 דעקאבער (21—22 נאָיאבער) 1905. די אָנפירנדיקע ראָל האָט אפן צוזאמענפאָר אָנגעהערט צו דער ס.ד.פ. פון ליטע, האגאם זי האָט ניט אנטיילגענומען אין זיין אָרגאניזירונג. דער צוזאמענפאָר האָט אָנגענומען די רעזאָלוציע, וואָס איז פאָרגעלייגט גע-וואָרן דורך די ס. ד. די רעזאָלוציע האָט, צווישן אנדערע, גערופן „ניט צאָלן קיין שטייערן, פארמאכן די מאָנאפאלן (בראנפנקראָמען), ניט שיקן די קינדער אין די רוסישע אָנפאנגשולן אין קאָוונער, ווילנער און גראָדנער גוב., ניט גיין אין וואָלאָסטגעריכט אָדער אנדערע צארישע רעגירונגאנשטאלטן. ניט לאָזן די ברידער גיין אין מיליטערישן דינסט, און ווען עס איז נויטיק דורכפירן שטרייקן פון אלע ארבעטנדיקע אין שטאָט און דאָרף".

אין יאָר 1905 שאפט זיך אין ס.ד.ל.פּ. אן אפּאזיציע, וועלכע רוקט ארויס אפֿן ערשטן ארט די ארבעט צווישן דאָרפֿישן פּראלעטאריאט; אונטער דער אָנפירונג פֿון דערדאָזיקער אפּאזיציע קומען פֿאָר א ריי שטרייקן פֿון פּרי-ציִשע ארבעטער, אין די דערפער ברעכט אפילע אויס אַ שטרייק פֿון באטרא-קעס, וועלכע ארבעטן בא רייכע פּויערים, דערווייל האבן אָבער די שטרייקן פֿון באטראקעס ניט אָנגענומען קיין מאסנכאראקטער און דאָס האָט ניט אָפּ-געשטויסן פֿון דער פּארטיי דעם פּארמעגלעכן פּויער.

סאָף 1905 וואַקסט די באַוועגונג צווישן פּויערישע באַטראַקעס און פּוי-ערים האַלבפּראָלעטאַריער. אַנדערש קומט פֿאָר באַ די רייכע פּויערים: אונטער דער ווירקונג פֿון רעגירונגרעפּרעסיעס, שטראָפֿעקספּעדיציעס און אַלץ וואַקסנדיקער באַוועגונג באַם דאָרפֿישן פּראָלעטאַריאַט—ציען זיך די רייכע פּויערים פּאַמעלעך צוריק, אנדערע גייען אַפֿילע איבער אין לאַגער פֿון דער רעאַק-ציע, צוליב דעם פֿאַרשטאַרקט זיך אין די רייען פֿון ס. ד. ל. פּ. די האַשפּאָע פֿון דער אָפּאָזיציע, וועלכע שפּיגלט זיך טאַקע אָפּ אַף די רעזאָלוציעס פֿון דער פּאַרטייקאָנפֿערענץ, וואָס איז פֿאָרגעקומען אין יאַנוואַר 1906. אונטערפֿירנדיק אַ סאַכאַקל פֿון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אין יאָר 1905 (וואָס איז טייל-ווייז דורכגעגאַנגען אונטער דער אָנפֿירונג פֿון דער פּאַרטיי) מערקט אָן די קאָנ-פֿערענץ אירע באַדייטנדיקע ערפֿאָלגן: „קימאַט אומעטום האָט זיך איינגעגעבן באַזייטיקן פֿון די וואָלאָסטן די אַלטע מאַכט, וואָס איז געווען פּארטראָטן דורך צאַ-רישע באַאַמטע, פּאָליציי, זעמסקע נאַטשאַלניקעס, וואָלאָסטשרייבער און סטאַרשי-נאַס, וואָלאָסטריכטער און רוסישע לערער. די פּויערים פֿלעגן ניט צאָלן דער צאַרי-שער רעגירונג קיין שטייערן, פֿלעגן פֿאַרמאַכן די מאָנאָפּאָלקראמען, און ניט געגעבן קיין יונגע סאלדאַטן. אין אַ סאַך ערטער האָט מען צושטערט די אַל-טע אָרדענונג און די פּויערים האָבן איינגעפֿירט אַ נייע. צו די וואַלן זיינען צוגעצויגן געוואָרן אַלע איינוואָינער פֿון וואָלאָסט, אָן אונטערשייד פֿון פֿאַר-מעגן און שטאַנד, מען פֿלעגט אַוועקשטעלן אויסגעקליבענע, וועלכע האָבן אויסגעפֿירט די וואָלאָסטפֿליכטן קימאַט אומעטום אַפֿן רעוואָלוציאָנערן אויפֿן".
די קאָנפֿערענץ אַנערקענט אָבער אויך אַ קליינבירגערלעכן אָפּנייג אין דער דאָרפֿישער פּאַרטייאַרבעט. „פֿאַרשטאַרקנדיק דעם רעוואָלוציאָנערן גייסט באַ די ברייטסטע מאַסן, צוציענדיק זיי צו פֿאַרווירקלעכן די ענדערונגען אין אָרטיקן לעבן, האָבן אונדזערע כאַווערים אָפּט ניט געלייגט קיין אופֿמערקזאַמקייט אַף דער אַגיטאַציע צווישן די עמעסע דאָרפֿפּראָלעטאַריער און זיינען ניט שטענ-דיק געשטאַנען אַפֿן שטאַנדפּונקט פֿון קלאַסנקאַמף, האַגאַם אין אַ סאַך ערטער, האָט זיך, באַזונדער פֿאַרן לעצטן יאָר, אַרויסגעוויזן אַ קעגנזאַץ צווישן אינטערעסן פֿון פּראָלעטאַריער פֿון איין זייט און רייכע פּויערים און פּריצים פֿון דער צווייטער. באַם שאַפֿן אַ נייע אָרדענונג האָבן זיך אַלס אַקטיווסטע און דרייסטע טוער אַרויסגעוויזן טאַקע פּראָלעטאַריער און אָרימע פּויערים,

וועלכע אַרבעטן באַ פּריצים און רייכע פּויערים, אָדער אַזעלכע, וואָס האָבן געלעבט אין דאַכקעס אַף זייערע קליינע ערדשטאָכים".

נאָך דער קאָנפערענץ מאַכט די פּאַרטיי אופּמערקזאַם אַף דער אַרבעט צווישן פּראָלעטאַריער און האַלב פּראָלעטאַרישע שיכטן אין דאָרף און קוקט דורך איר פּראָגראַם און טאַקטיק. די סענטיאַברקאָנפערענץ אין יאָר 1906 האָט אויסגעאַרבעט אַ פּראָיעקט פון אַ פאַרייניקונג צווישן ס.ד.ל.פּ. און ר.ס.ד.א.פּ. דעם פּראָיעקט האָט געשטערט בלויז דער קלאַפּ, וואָס די פּאַרטיי האָט באַקומען אין סאָף 1906.

אַן אַרבעט צווישן די פּויערים פון ליטע און ווייסרוסלאַנד האָט געפירט אויך דער „בונד". דער קאָרעספּאָנדענט פון דער פרייער עקאָנאָמישער געזעלשאַפט אין אָרשער און ראָגאַטשאָווער אויעזדן מאָלעווער גוב. גיבן איבער וועגן דער באַדייטנדיקער ראָל, וואָס עס האבן געשפּילט אין דער פּויערימבאַוועגונג „יידן—אַגיטאַטאָרן", „אַגענטן ס. ד.", וואָס ווערן אַרויסגערוקט דורכן „בונד". אין סענטיאַבר 1905 האָט מען אין שטעטל ליובאַוויטש (אָרשער אויעזד) און צווישן די אַרומיקע פּויערים, פאַרשפּרייט אַ בונדישע פּראָקלאַמאציע וועגן דער בוליגינישער דומע, אויך די פּראָפּאיער (ביכאָווער אויעזד) אָרגאַניזאַציע פון בונד האָט פאַרשפּרייט פּראָקלאמאציעס אין יאָר 1905 צווישן פּויערים.

די איהומענער (טשערווענער) אָרגאַניזאַציע פון בונד (מינסקער גוב.) גיט איבער, אַז פּויערים פון די אַרומיקע דערפער וועגדן זיך אָפּט צו איר נאָך ליטעראַטור. זיי בעטן אָפּטמאָל, אַז מען זאָל זיי שיקן אַגיטאַטאָרן פאַר אַגיטאַציע-פאַרזאמלונגען. אין רעטשיצער אויעזד מינסקער גוב., ווי עס האָט איבערגעגעבן דער דעלעגאַט פון נאָיאַברצוזאַמענפאָר פון פּויערימפאַרבאַנד, האָבן די „יידן" (וואַרשיינלעך בונדאָווצעס) געשאַפן פּויערישע „דעמאָקראַטישע" קרייזן און פאַרהיט פון אַ פּאָגראַם".

אין ליוצין (וויטעבסקער גוב.) האָט מען בעשאַסן מאַרק דעם 19 (6) יאַנוואַר 1905 פאַרשפּרייט צווישן פּויערים 850 עקזעמפּליאַרן פאַרשיידענע פּראָקלאַמאַציעס; די פּויערים זיינען געבליבן זייער צופרידן מיט די בלעטלעך, זיי האָט בלויז פאַרדראָסן, וואָס אַזוי ווייניק. דעם 15 פעווראַל האָט די ליוצינער אָרגאַניזאַציע פאַרשפּרייט צווישן די פּויערים גאַפּאָנס בריוו צו די אַרבעטער. די נעוועלער אָרגאַניזאַציע פון וויטעבסקער גוב. האָט אין יאַנוואַר 1905 אַרויסגעלאָזן אַ העקטאָגראַפיש בלעטל „ברידער פּויערים", וועלכע רופט צו פאָדערן אַף די סכאָדן אפּשטעלן די מילכאָמע און גרייטן זיך צו אַן אופשטאַנד קעגן דער צאַרישער זעלבסטהערשונג.

אין מאַרט איז ערשינען אַן אָפּגעדרוקט בלעטל „פּויערים"—אונטערגעשריבן דורך א „גרופּע פּויערים סאָציאַלדעמאָקראַטן", אונטערגעכאסמעט מיטן שטעמפּל פון דער נעוועלער אָרגאַניזאַציע „בונד". די בלעטל באַרירט, צווישן

אַנדערע, די פֿראַגע וועגן בילבולים אַף יידן און רופֿט די פויערים צושטיין צו די אַרבעטער, אַראָפּוואַרפֿן דעם יאָך פֿון דער צאַרישער מאַכט און אַרויסטרעטן קעגן פּריצים און טשינאָווניקעס פֿאַר דער פֿאָלקפרייהייט. אַ צווייט (אַ העקטאָגראַפירט) בלעטל אינטערן זעלבן קעפּל האָט די נעוועלער אָרגאַניזאַציע ארויסגעלאזן אין אפרעל 1905. דאָרטן זאָגט זיך וועגן דער פויערים-באַוועגונג, וואָס פֿארשפרייט זיך אין רוסלאנד און רופט דאס נעוועלער פויערטום צום קאַמף: „גענוג צו וואַרטן און ליידן".

פֿון קרעסלאַווקאַ (דווינסקער אויעזר) האָט מען געמאָלדן אין מאַרט 1905, אַז די בונדישע בלעטלעך זיינען זייער פּאָפּולער צווישן די פויערים, וועלכע צו-כאַפּן זיי און לייגן פאַר אַפילע געלט. באַ דער אָרגאַניזציע האָט זיך געשאַפֿן אַ באַזונדער קאמיסיע פֿאַר ארבעט צווישן פויערים. דעם 5-טן מאַרט (20 פֿעוו-ראַל) האט די וואָלאָסטפאַרוואַלטונג געוואָלט איינאָרדענען אַ גרויסע פויערים-פֿאַרזאַמלונג, אַף וועלכער ס'האָט געדאַרפֿט קומען דער גובערנאַטאָר. די צו-נויפגעפֿאָרענע פויערים האָבן זיך געווענדעט נאָך אַן אייצע צו דער אָרגאַני-זאַציע, זיי האָבן ניט געוווּסט, ווי צו האַלטן זיך אַף דער פֿאַרזאַמלונג. די אָר-גאַניזאַציע האָט דאמאָלסט אָפּגעדרוקט אַפֿן העקטאָגראַף בלעטלעך, וועלכע האָבן פֿאָרמולירט די פויערישע פֿאָדערונגען. אויך זיינען איינגעאָרדנט געוואָרן צוויי גאַסנמיטינגען, אין וועלכע ס'האָבן אַנטיילגענומען ארום 300 פערזאָן; די רעדנער האָבן גערעט וועגן דער מילכאָמע און גערופֿן צום פּאָליטישן קאַמף. בעשאַס מען האט געוואַרט אַפֿן גובערנאַטאָר, איז דער בונדישער רעדנער ווי-דער אַרויסגעטראָטן מיט אַ רעדע, וואָס האט ארויסגערופֿן רוישיקע אַפּלאָדיס-מענטן באַ די פויערים. „אין אָקטיאבר 1905—שרייבט דער שוואַרצמייעדיק געשטימטער קאָרעספּאָנדענט פֿון דער פרייער עקאָנאָמישער געזעלשאַפֿט—האבן זיך אַפֿן מאַרק אין שטעטל קרעסלאַווקאַ פֿאַרזאַמלט עטלעכע הונדערט יידן („בונד"). זיי האָבן אין דער אָנוועזנהייט פֿון האַמוין פֿאַנאַנדערגעשפּרייט שוואַרצע און רויטע פאָנען ווי אויך געהאַלטן רעדעס קעגן קייסער, מאַכט, רעליגיע און אייגנטום. דעמדאָזיקן מיטינג האָט געהערט די אנוועזנדיקע אָפּי-ציעלע מאַכט, וועלכע האָט אָבער גאָרניט געטאָן קעגן דעם. דאָס האָט געגעבן די פויערים אַ גרונד צומיינען, אַז פֿון איצט אָן איז אַלץ איז דערלויבט.

אויך די פרוזשאַנער אָרגאַניזאַציע פֿון „בונד" (גראָדנער גוב.) האָט געהאַט פֿאַרבינדונגען מיט די אַרומיקע פויערים (דערפֿער), נאָר דער אַרבעט האָט גע-שטערט דאָס, וואָס עס האט געפעלט געהעריקע ליטעראַטור.

ווי מיר זעען, האבן אלע סאציאלדעמאָקראַטישע פארטייען פֿון צאָפֿנ-מאירעווקאַנט—ר.ס.ד.א.פּ., ס.ד. ל. פּ. און אין אַ קלענערער מאָס, נאַטירלעך אויך דער „בונד"—געפירט אַ גרויסע אַרבעט אין דאָרף. אַן אַרבעט האָט זיך געפירט צווישן פּילצאָליקן דאָרפישן פּראָלעטאריאט, ווי אויך צווישן פויערטום אין אַלגעמיין, די סאָציאַלדעמאָקראַטיע האָט אָנגעפירט מיט דער "שטרייקבאַ-

---

וועגונג פֿון די דאָרפֿישע ארבעטער, האָט געשאַפֿן צווישן זיי פּאַרטייקעמער־לעך, אָרגאַניזירט פּאָליטישע אַרויסטרעטונגען פֿון פויערים, געשאַפֿן אומפּאַרטעישע פויערישע אָרגאַניזאַציעס.

דעם דערפֿאָלג פֿון דער סאָציאַלדעמאָקראַטישער אַרבעט אין אונדזער קאַנט האָט צוגעהאָלפֿן (אויסער דעם, וואָס די קאַפּיטאַליסטישע באַציונגען זיינען דאָ באַדייטנד געווען אַנטוויקלט) דאָס, וואָס דאָ זיינען געווען אַסאַך באַזעצטע פונקטן פֿון שטאָטישן טיפּ, ענג פֿאַרבונדענע מיט די אַרומיקע דערפֿער. זעלטן האָט זיך אין אַ שטאָט אָדער שטעטל ניט געפֿונען כאָטש אַ קלייִנע סאָציאַלדעמאָקראַטישע גרופּע, וואָס זאָל דינען אַלס אופּבּרויזער אין דער אַרומיקער פויערישער באַפעלקערונג. אין מאירעוועגנט האָט אויסער דעם, געהאָלפֿן רעוואָלוציאָניזירן דאָס פויערטום דער שווערער נאַציאָנאַלער דרוק. אונטער דער ווירקונג פֿון דעמדאָזיקן דרוק האָט די פויערישע באַוועגונג באַקומען גלייך אַ בוילעטן פּאָליטישן פּאַרב, און די סאָציאַלדעמאָקראַטישע אַגיטאַציע האָט, אַף אַזאַ אויפֿן, געהאַט שוין אַ צוגעגרייטן באָדן.

---

א. בײלין.

# די געבורט פון דער „איסקראַ" אין מסטיסלאוול.

די איסקרישע גרופּע איז געשאַפן געוואָרן אין 1904 מיטן אָנקומען פון די כאַווײַרים באָריסענקאָ, לײבע בער, זשיטאָמירסקי, איסאַק קאַהאַן, ראַסקין און אַנדערע. ווען איך בין אַוועק פון „בונד" און אַרײַנגעטראָטן אין „איסקראַ", זײַנען דאָרטן געווען 13 כאַווײַרים. מײַן ברודער דאָוויד בײלין איז שוין עטלעכע כאַדאָשים געווען אַן אַקטיווער מיטגליד פון „איסקראַ". אײַנגיכן איז אין דערדאָזיקער גרופּע אַרײַנגעטראָטן מ. פרײדלין און מאַקסימאָוו. מיר האָבן אויך זיך גענומען פאַרן מעטאָד פון ווערבירן אַרבעטער דורך אַגיטאַציע אַף דער בירזשע און מיר האָבן זיך געסטאַרעט איבערציִען די אַרבעטער פון „בונד" אין „איסקראַ". אונדזערע באַציִונגען זײַנען ביסלעכווײַז געוואָרן קלאָר. די בונדאָווצעס האָבן אונדז אויפגעוואָרפן, אַז מיר זײַנען פאַרעטער, דעזער-טירן, אַסימיליאַטאָרן, נאָר פונדעסטוועגן האָבן מיר געלעבט צווישן זיך גאַנץ גוט. גאַנץ אָפט פלעגן מיר זײַן בײַ די בונדאָווצעס אַף די סאַמע קאָנספּיראַ-טיווע פאַרזאַמלונגען. דעם ערשטן מאַי האָבן מיר געיאָנטעוועט צוזאַמען. אָפט פלעגן מיר אַפילע נעמען בײַ זײ געוויסע סומען אַף דער אַרבעט. און זײַטיקע האָבן געמײנט, אַז קײן גרויסער אונטערשייד איז צווישן די-דאָזיקע צוויי אָרגאַניזאַציעס ניטאָ. דער כילעק איז נאָר דער, וואָס די אָרגאַ-ניזאַציע פון „בונד" אַרבעט אויסשליסלעך צווישן די ייִדישע שטאָטישע אַר-בעטער, און די „איסקראַ" סטאַרעט זיך אַרבעטן צווישן די ייִדישע און רוסי-שע אַרבעטער און אין דער זעלבער צײַט שענקט זי אַ באַזונדער אויפמערק-זאַמקייט אויך דעם דאָרף, מיט וועלכן זי האָט שוין געהאַט געוויסע פאַרבינ-דונגען.

ס'איז אײַנגעשטעלט געוואָרן אַ פאַרבינדונג מיט אײניקע אַרבעטער שאַכטיאָרן, וועלכע זײַנען געקומען אַהײם אַף דער צײַט פון פעלדאַרבעט, זײ האָבן גוט פאַרשפּרײט ליטעראַטור איבער די דערפער.

באַזונדערס גרויסע נוצן האָבן אונדז געבראַכט צוויי אַרבעטער פון דאָרף סוזדאָליעווקע—מיכעיעוו און גאָרעלקאָ. דידאָזיקע שאַכטיאָרן, נאָך גאָר




מסטיסלאַוולער „איסקראַ"-גרופּע אין יאָר 1905.

יונגע יאַטן, האבן אונדז אַסאַך געהאָלפֿן צו אָרגאַניזירן א שטרייק פֿון די באַטראַקעס און פויערים, וועלכע האבן געאַרבעט אין דעם הויף ריקי.

דערדאָזיקער הויף האָט געהערט דעם פּאָרעץ בוטשינסקי און האָט זיך געפֿונען אין צענטער צווישן אַסאַך דערפֿער, זיבן וויאָרסט פֿון שטאָט. די אַלע דערפֿער האָבן ניט געקאָנט אַרויסלאָזן א בהיימע, א פֿערד און אַפֿילע אַ הון, קעדיי ניט אַריינפֿאַלן דעם פּאָרעץ אין די הענט.

די אַלע דערפֿער האבן געמוזט באַאַרבעטן דעם פּאָרעצס ערד אָן אַ קאָפּעקע געלט. דער שטרייק איז געווען גוט אָרגאַניזירט, אלע באַטראַקעס און א טייל דערפֿער האבן אונטערגעשטיצט דעם שטרייק. די רעזולטאַטן זיינען אָבער געווען טרויעריקע. מען האָט אָנגעטריבן סטראַזשניקעס—פּראָוואָקאַטאָרן, וועלכע האבן פּראָוואָצירט די פּויערים און א טייל באַטראַקעס, און מען איז צוגעטראָטן צוריק צו דער אַרבעט.

אין די אויגן פון פויערטום און פון די באַטראַקעס האבן מיר אָבער אַסאַך געוווּנען. מע האָט זיך גענומען באַציען צו אונדז מיט דער גרעסטער סימפּאַטיע. זיי האָבן פֿאַרשטאַנען, אַז דידאָזיקע רעוואָלוציאָנערע אָרגאַניזאַציע פֿאַרטיידיקט זייערע אינטערעסן. מיט ליטעראַטור פֿלעגט מען אונדז באַזאָרגן פֿון צוויי ערטער: פֿון מאָלעוו און פֿון סמאָלענסק.

מיר האבן זיך פֿאַרבונדן מיט די פֿורמאַנעס, וואס פֿלעגן פֿירן אין מאָלעוו ספּירט, און פֿון מאָליעוו אין מסטיסלאוול—ביר. מיט דידאָזיקע פֿורמאַנעס פלעגן מיר אָפּשיקן די פּאָסט. דיזעלביקע זאך איז אויך געווען מיט סמאָלענסק.

אין 1905-טן יאָר האבן מיר אין מסטיסלאַוול באַשלאָסן צו פֿייערן דעם ערשטן מאַי. אַף א געמיינזאַמער זיצונג פֿון דער בונדישער און איסקרישער גרופּן, איז באַשלאָסן געוואָרן צו יאָנטעוון איניינעם.

ס'איז באַשטימט געוואָרן: אין אלע וואַרשטאַטן אין דעמדאָזיקן טאָג ניט צו אַרבעטן. אַלע שטובמיידלעך און אָנגעשטעלטע אַראָפּנעמען פֿון דער אַרבעט און אַריינציען אין דער פֿייערונג. די ס. ד. אָרגאַניזאַציע און דער „בונד” קלייבן זיך צונויף 9 א זייער אינדערפֿרי אין וועלדל באַם פּרויענמאָנאַסטיר, און פֿון דאָרטן מיט רויטע פֿאָנעס גייט מען אוועק דורך פּיטשקאָווער און סמאָלענסקער גאַס צום בולוואר. דערביי דאַרף מען פֿאַרבייגיין דער פּאָליציי אַפּן מאַרקפּלאַץ, ווו מען וועט איינאָרדענען א מיטינג, זינגען די מאַרסעלעזע און די בונדישע שוווּע און צוריקערן מיט לידער דורך סלאָבאָדעגאַס, און נעבן שאַיעס בייסמעדרעש 4 א זייגער צוגיין זיך. אַזוי האָט מען געטאָן. די רויטע פֿאָנעס האָט מען געטראָגן אונטער דער וואך פֿון דעם קאַמפּאָטריאַד, א טייל פֿון וועלכן איז געגאַנגען פֿאָרויס און אַ טייל הינטער דער דעמאָנסטראַציע, קעדיי צו קאָנען געבן א ווידערשטאַנד אין פֿאַל פֿון א פּאָליציישן אָנפאַל.

די אָרגאַניזירטע פּראָצעסיע, אין וועלכער ס'האָבן גענומען אַן אָנטייל מער פון 200 מאַן, מער אפילע, ווי מיר האָבן זיך געריכט, האָט אָנגעוואָרפן אַ פּאַכאַד אף דער גאַנצער פּאָליציי. די פּאָליציאַנטן, וועלכע זיינען געשטאַנען אַף די פּאָסטנס, האבן אַראָפּגענומען די היטלען און האבן אף אונדז גע-קוקט פאַרכידעשטע.

אין דער צייט פון דער דעמאָנסטראַציע האָבן די קרעמער, ניט וואַרטנ-דיק אף אונדזער באַפעל, פאַרמאַכט די קראָמען און זיינען די גאַנצע צייט, ביז וואַנען מיר זיינען ניט פאַרבייגעגאַנגען, געשטאַנען אָן היטלען, און אַרום דער פּראָצעסיע, פון אלע זייטן, פון פאָרנט, פון הינטן האבן זיך צו אונדז אָנגע-שלאָסן די באַגייסטערטע קינדער און זיינען נאָך אונדז נאָכגעלאָפן די גאַנצע צייט פון דער דעמאָנסטראַציע.

אָט דידאָזיקע דעמאָנסטראַציע, האָט דאַן באַוויזן די אַרבעטער, וועלכע זיינען צוליב פאַרשיידענע סיבעס נאָך ניט צוגעשטאַנען צום יאָנטעוו פון ערשטן מאַי, און צו דער רעוו. באַוועגונג, אַז דער אַרבעטערקלאַס, ווען ער איז אָרגאַניזירט, וואַרפט ער אָן אַ שרעק און פּאַכאַד אַף זיינע סאָנים.

## די אַגראַראומרועןֿ.

די אַגראַראַראומרועןֿ און די שטרייקן אין די פּריצישע הויפן האָבן אין 1905-טן יאָר אַרומגעכאַפּט קימאַט דעם גאַנצן מסטיסלאַוולער קרייז. דער מסטיס-לאַוולער קרייז האָט געהאַט אַסאַך פּריצים, וועלכע האָבן געשטיקט און געוואָרגן דעם דאָרף. די הויפן זיינען געווען אַזוי צוּוואָרפן, די ערדאיינאָרדענונג אַזוי פאַר-פּלאָנטערט, אַז דער פּויער האָט זיך גאָרניט געקענט א קער טאָן. ער איז אין גאַנצן געווען אָפּהענגיק און פאַרקנעכטעט באַ די פּריצים, וועלכע פלעגן מיט די פּויערים אומזיסט באַאַרבעטן זייערע הויפן.

דער גרעסטער טייל הויפן איז אָפּגעגעבן געוואָרן אין אַרענדע, און די אַרענדאַרן פלעגן נאָך מיט מער ענערגיע עקספּלואַטירן די פּויערים און זויגן זייער בלוט. די פּויערים האבן גענומען אונטערצינדן די אַרומיקע הויפן, די גוטבאַזיצער זיינען זיך צולאָפן אין שטאָט, מוירעהאַבנדיק פאַר דער נעקאָמע פון די פּויערים. אין דאָרף וויסאָקאָיע אַפּן גרעניץ פון מסטיסלאַוולער און קראַסנער קרייז, האָבן די פּויערים אין מיטן טאָג געהאַרגעט דעם גאַלעך דערפאַר, וואָס ער פלעגט זיי אַרויסגעבן דער פּאָליציי. אַף אַזאַ אויפן האָט מען אויך געהאַרגעט דעם אַכטפּודיקן גאַלעך פון דאָרף קאַליעסניקע, מסטיס-לאַוולער קרייז.

די סטיכישע אומרועןֿ פון פּויערטום האבן זיך צושפּרייט אין צופלאַסן, ווי אַ שטורמישער יאַם. די מסטיסלאַוולער פּאָליציי מיט אירע אַגענטן איז ניט געווען בעקויעך איינצושטילן דעמדאָזיקן אופשטאַנד. דאָס דאָרף קאָראַבטשינאַ האָט זיך אָפּגעזאָגט גיין אַרבעטן צום פּאָרעץ פון גוט קאָזימי-

ראָווא. ס'איז געקומען די פּאָליציי און איז מיט גאַרניט אַוועקגעפֿאָרן צוריק. קיין מיליטער איז אין מסטיסלאוול ניט געווען אויסער אַ קאָנוואָירקאָמאַנדע פֿון 20 מאַן, וועלכע איז געווען פֿאַרנומען מיט אָפּשיקן עטאַפּן פון מסטיסלאַוול אין מאָלעוו און צוריק.

די איסקרישע גרופּע האָט זיך פֿאַרגרעסערט און דערהויפּט אפן כעשבן פֿון די אַרבעטער, וועלכע זיינען אַוועק פון „בונד", און אויך פֿון די אַרבע-טער, וואָס זיינען געקומען צו גאַסט אין דאָרף פֿון די שאכטן און פֿאַבריקן.

דער 23-טער יון. דערדאָזיקער טאָג איז פֿאַרבליבן אין מיין זיקאָרן. ס'איז פֿאָרגעקומען א געמיינזאמע קאָנספּיראַטיווע זיצונג פֿון „בונד" און „איסקראַ" בא מוישע דעם וואַסערפֿירער אין שטוב נעבן דער שטאָטישער באָד.

די זיצונג איז געווען אַ דרינגענדיקע, ווייל מיר האבן זיך דערוווּסט. אַז פון ווילנע קומט אָן אין מסטיסלאוול אַף צו דערשטיקן די אַגראַראומרוען אַ פּאָלק סאלדאַטן. דאָס האָט אונדז איבערגעבן דער שרייבער פֿון וואָינסקן נאַטשאלניק, מיט וועלכן מיר האבן געהאט א פֿאַרבינדונג. דאָסזעלבע האָט אונדז איבערגעגעבן דער אַלטער קאָנוואָיר דאַווידאָוו, וועלכער פלעגט אָפּט זיין אַף די אַלגעמיינע פֿאַרזאמלונגען פון דער אָרגאַניזאַציע. קיין צווייפל האָט ניט געקענט זיין.

ס'זיינען געווען אַסאַך פּאָרשלאגן, ווי צו פֿאַרבינדן זיך מיטן פּאָלק, ווי אַזוי צו אַרבעטן צווישן די סאלדאַטן, וועגן די מיטלען און מעטאָדן און נאָך אייניקע פֿראַגן.

אַף דערדאָזיקער זיצונג זיינען אויסגעטיילט געוואָרן פינף כאַווײרים, וועלכע האָבן געדאַרפט פאַרבינדן זיך מיט די סאלדאַטן פון פּאָלק. אין דער-דאָזיקער גרופּע זיינען אַריין: מאַקסימאָוו, פריידלין, מיין ברודער דאָוויד ביילין, שאַראַיעוו-סודזילאָווסקי און איך—אַוורעמל. שאַראַיעוו האָט זיך אינגיכן פאַר-שאָטן אין זיין דאָרף און האָט זיך געמוזט אומקערן צוריק אין יוזאָווקע, און מיר פירען האָבן פאָרגעזעצט אונדזער אַרבעט.

דער 161-טער אַלעקסאַנדראָפּאָלסקער פּאָלק *) איז אָנגעקומען אַנערעך צום סאָף יון כוידעש. אין שטאָט גופֿע האָט זיך אָפּגעשטעלט נאָר איין באַטאַ-ליאָן, די איבעריקע באטאליאָנען האָט מען צושטעלט איבער די שטעטלעך: כיסלאָוויטש, שאמעוו, קריטשעוו און טאַטאַרסק, און אויך איבער די דער-פֿער, מערסטנס אין פויערישע כאַטעס. די ערשטע צייט איז געווען זייער שווער זיך צו פֿאַרבינדן מיט די סאלדאַטן,

באַ לעסאָוון—פֿריידלינס זיידע—האָט זיך אין דירע באַזעצט איינער אַן אָפיצער פֿון פּאָלק—פּילאָנטשיק. צום אָפּיצער פֿלעגט אָפּט קומען מיט אַ באַ-ריכט דער אונטעראָפּיצער קלימאוו. פריידלין האָט זיך אינגיכן באַקאַנט מיטן

*) מיר געדענקט זיך, אַז ס'איז אָנגעקומען נאָך אַ טייל פֿון 169-טן נאָוואָטראָקער פּאָלק.

דאזיקן קלימאוון, און זיי האָבן זיך באַפריינדעט. פריידלין האָט אונדז אויך באַקאַנט מיט קלימאָוון.

איינמאל, שפאַצירנדיק אין וועלדל, האט פריידלין זיך אָפן פאנאנדער־גערעט מיט קלימאוון און אָפן געפרעגט בא אים, אויב ער קאן אים העלפן אין דער „ארבעט". קלימאוו האט איינגעשטימט. פון קלימאוון האבן מיר זיך דער־ווּוּסט, אַז זיי זיינען געקומען מיט א פאראָרדענונג צו דערשטיקן יעדן פויע־רישן בונט און אַז דער פאלק וועט עס באַשטימט אויספילן. קלימאוו איז גע־ווען א טווערער פויער. ביז מיליטערדינסט האט ער געאַרבעט טשעס־ליארקע אין פעטראגראַד. מיר זיינען געוועזן זיכער אין זיין אופריכטיקייט. אַ פלינקער און אַ קלוגער יאט, האט ער אונדז דעמאלט אַ סאַך געהאלפן. ער האט אונדז צונויפגעפירט מיט אייניקע סאלדאטן. מיר האבן זיי אנגעהויבן איבער־געבן פלוגבלעטלעך און איינגעאָרדנט שמועסן אין בערעזניק.

די כ"כ פריידלין און מאקסימאוו האבן אין דער צייט, ווען די סאלדאטן האבן זיך געוואַשן אין באד, דורכגעקראכן אהין און איינגעאָרדנט דאָרטן אַ פאַרזאמלונג. די פאַרזאמלונג איז אריבער גאַנץ גוט.

אין אלגעמיין האט זיך די ארבעט געפירט ניט שלעכט, און מער אופ־טאן בא יענע באדינגונגען האט מען ניט געקאנט. אין דארף האבן מיר צווישן די סאלדאטן קימאט ניט געאַרבעט. ס'איז געוועזן ווייניק קויכעס און מענטשן אַף צו שיקן אהין. די ארבעט האט זיך נאך פארשווערט מיט דעם, וואס מע פלעגט זייער אפט בייטן דעם וואינונגארט פון די סאלדאַטן. מע פלעגט זיי איבערוואַרפן פון איין וואלאָסט אין דער צווייטער, בייטן די ערטער. די פויע־רישע אומצופרידנקייט האט געווירקט אף די סאלדאַטן, זיי פלעגן אונטער דער ווירקונג פון דער סוויווע „קאליע" ווערן, און די קאמאַנדירן זיינען געוועזן געצוווּנגען צו איבערוואַרפן זיי פון איין ארט אַפן צווייטן, קעדיי זיי זאלן זיך ניט צוגעוויינען צו דער באַפעלקערונג און ניט אנשטעקן זיך מיט דער אַלגעמיינער אומצופרידנהייט.

זומער דעם 1905 יאר, איז אין מסטיסלאוולער קרייז פאַרגעקומען אַ היפּ־שע צאל עקספראפריאציעס. ס'איז באַרויבט געוואָרן א ספירטלאַגער אין דארף שעראטאווקע און מאזיקא ארליאנער וואלאסט. מ'האט געפרווּוט מאכן אַ עקספראפריאציע אין מאזאלאווער פרויענמאנאַסטיר, נאר ס'האט זיך ניט איינ־געגעבן, ס'זיינען פאָרגעקומען עקספראָפריאַציעס אין אַנטאָנאָווקע און אַנדערע ערטער. די עקספראָפריאַטאָרן זיינען געבליבן ניט אַנטדעקט. קיין קאָרבאָנעס אַפן באָדן פון די עקספראָפריאַציעס זיינען ניט געוועזן. מיר האָבן אָבער דער־נאָך אויסגעפונען, אַז די גאנצע מאיסע איז געמאַכט געוואָרן פון פאַרוואלטער פון ספירטלאַגער און פאָסטנאַטשאַלניק.

אַלעמאָל אין אַזעלכע פאַלן זיינען פאָרגעקומען צענדליקער אַרעסטן צווישן דער אַרומיקער באַפעלקערונג. מע פלעגט אופקלייבן הונדערטער אַרעס־

טירטע און שטעלן זיי פּאָנימעלפּאָנים מיטן פּאַרוואלטער פֿון ספּירטלאַגער און נאַטשאלניק פון פּאָסט. די קלוימערשטע געליטענע פלעגן דערקלערן, אַז געניוי זאָגן קאָנען זיי ניט, נאָר דאַכט זיך, אַז די היטל און די שטיוול זיינען פונקט אַזעלכע, ווי בא די עקספּראָפּריאטאָרן, און די אומשולדיק אַרעסטירטע ארבעטער און פויערים פלעגן אוועקגעשיקט ווערן אין טפּיסע און דערנאָך פּארשיקט ווערן אַף קאטאָרגע.

און וויפל אזוינע אומשולדיקע מענטשן האָט מען אופגעהאנגען? אַזעלכע קאָרבאנעס זיינען געוועז זייער פיל, איבערהויפּט אין פינפטן יאָר, ווען די דערשראָקענע בורזשואזיע און פאליציישטשינע האָט מיט די טפּיסעס, קאטאָרגעס און טליעס געוואלט פּארניכטן די „קראמאַלע".

אין דעמדאָזיקן פּעריאָד. ווען אונדז זיינען אַזוי נויטיק געוועז איינהייטלעכקייט, אויסגעהאַלטנקייט, צונויפגערעטקייט, האָט לייב בער מיטן העסקעם פֿון די אַקטיוויסטן יודאַשע און כאַטשע געשטעלט די פֿראַגע וועגן טעראָר קעגן דער פּאָליציי. ער האָט פּאָרגעלייגט אַז דעם פריסטאוו פֿון כיסלאַוויטש (אַ שטעטל 32 וויאָרסט פֿון מסטיסלאַוול, ווו לייב בער האָט אָנגעפירט מיט דער פּאָליטישער אַרבעט) זאָל מען אַרויסטראָגן אַ טויטאורטייל. דאָסזעלבע זאָל מען טאָן מיטן פּאָליצייאופזעער יאַנאָווסקי, וועלכער באַשעפטיקט זיך מיט שפּיאָנאַזש און שלאָגט אַרבעטער. גלייכצייטיק האָט ער פּאָרגעלייגט מאַכן אַן „עקס" אַף צו פּאַרשטאַרקן די מיטלען פֿון דער אָרגאַניזאַציע.

ס'זיינען פּאָרגעקומען דעבאטן און הייסע וויקוכים. לייב בערס פּאָרשלאַגן זיינען אַנערקענט געוואָרן פּאַר שעדלעכע, ניט דערלאָזבאַרע, פּאַר אַזעלכע, וועלכע ווידערשפּרעכן דער פּראָגראַם פֿון ר.ס.ד.א.פּ. דער פּאָרשלאַג איז אָפּגעייאָרפּן געוואָרן, נאָר אַ סאך זיינען אין האַרצן געוועז פּאַר לייב בערן. איך האָב ניט געשטימט, נאָר איך האָב אויך אונטערשטיצט דידאָזיקע פּאָרשלאַגן. לייב בער האט דערקלערט, אַז ער איז מיטן דאָזיקן באשלוס ניט מסכים און לאָזט זיך איבער דאָס רעכט צו טאָן וואָס אים וועט געפעלן, פּאַרבלייבנדיק אין דער אָרגאַניזאַציע.

ס'איז קיין ספק ניט, אַז לייב בער וואָלט זיין פּלאן אויסגעפילט; קיין ספק, אַז ער וואָלט געפינען אַ סאַך אָנהענגער, וועלכע וואָלטן געווען גרייט דורכפירן טעראָריסטישע אקטן און מאכן אן „עקס". ס'איז דאָך שווער איבערצוגעבן וויפל ענערגיע יעדער איינער האָט אין יענער צייט פּאַרמאָגט, און אויסברענגען דידאָזיקע ענערגיע איז ניט געווען ווו.

די אַרבעט, וואָס מיר האָבן דאַן געפירט, האבן מיר איינגאַנצן ניט אויסגעשעפּט, און טעאָרעטיש אנטוויקלט זיינען מיר אויך געוועז זייער שוואַך, מיר האָבן זיך ניט געקאָנט פּאַנאַנדערקלייבן, אויב ס'וועט ברענגען אַ נוצן אָדער אַ שאָדן דער אָרגאַניזאציע און דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. בא אַזאַ

לאַגע האָבן, פֿאַרשטייט זיך, געדאַרפֿט זיין אַזעלכע פֿעלערן, וועלכע זיינען שעדלעך פֿאַר דער אַרבעט.

לייב בערס פֿאָרשלאַג האָט זיך ניט פֿאַרווירקלעכט. ער איז אין כיסלאַ-ווִיטש אַרעסטירט געוואָרן און באַ דער הויזזוכונג האָט מען באַ אים געפֿונען ליטעראַטור—אַ פּראָקלאמאציע „ברידער סאָלדאטן!", די מאיסעלע וועגן „די פֿיר ברידער" א. א. וו. באנאַכט האָט מען אים געבראַכט אין מסטיסלאַוו און אַריינגעזעצט אין טפּיסע. וועגן זיין אַרעסט האָבן מיר זיך דערוווּסט ערשט אין אַ טאָג אַרום.

באַנאַכט איז צו מיר געקומען פריידלין, זייער א צוטראָגענער און האָט מיר דערקלערט, אז קלימאָוו האָט אים נאָר וואָס איבערגעגעבן, אַז היינט באַ-נאַכט גייען צוויי באַטאַליאָנען סאָלדאַטן אַוועק אין שטעטל קאַדין (אַפֿן גרעניץ פֿון מסטיסלאַוולער און קראַסנער קרייז). אַהין ווערן אויך אַוועקגעשיקט אַלע סטראַזשניִקעס, פּוּסגייער און רייטער, דער איספּראַווניק גאַליִקאָוו און די פּריסטאַווס. דאָרטן, ווי מע גיט איבער, זיינען אויסגעבראָכן אַגראַראומ-רוען.

אַלס קאָמאַנדיר איז באַשטימט געוואָרן דער קאַפּיטאַן פּילאָנטשיק, וועל-כער האָט צונויפֿגערופֿן אַלע ראָטנע קאָמאַנדירן און געהאַלטן פֿאַר זיי אַ רע-דע, אַז זיי גייען פֿאַרניכטן בונטאָווטשיִקעס און פֿאַרטיידיקן דעם גלויבן, דעם צאַר און דאָס פֿאָטערלאַנד. אַפֿן הויף פֿון דער קאַזאַרמע איז ער מיט אַן ענלעכער רעדע אַרויסגעטראָטן אויך פֿאַר די סאָלדאַטן. די סאָלדאַטן האָבן געשריִען „הוראַ".

איך און פֿריידלין זיינען אַוועק אַפֿן בולוואַר, קעדיי צו טרעפֿן עמיצן פֿון „אונדזערע". אין ראַסקינס ביידל פֿון זעלצנוואַסער איז געזעסן יודאַשע, מיר זיינען אַריין, אויסגעטרונקען אַ גלאָז וואַסער און א ווונק געטאָן איר.

מיר זיינען אַרויס פֿריער און איר אָפּגעוואַרט אַף א בענקל. ביז זי איז אַרויס האָט געדויערט א מינוט 20. זי האָט דאָרטן געשפּאַסט און געשמועסט, גע-סטאַרעט זיך אזוי, מען זאָל ניט דערקאָנען, אַז מיר האבן זי אַרויסגערופֿן. מיר האבן איר דערציילט וועגן אַלץ, וועגן וואס מיר האבן זיך דערוווּסט און געפֿרעגט עפּשער וויים זי, ווו מע קאָן איצט געפֿינען מיטקען, לייבען, עמיצן פֿון די בונדיסטן און מאַניעוויטשן. מיר זיינען אַוועק צו יודאַשען אַהיים. אַלע-מען אופֿקלייבן האָבן מיר ניט געקאָנט. איך האָב פֿאָרגעלייגט, אַז כ'וועל היינט קריגן אַ פֿור און וועל אַריבערפֿאָרן אין קאדין. דאָרטן וואָינט מיין עלטערער ברודער, א קוסטאַר, און איך וועל קאָנען זיין באַ אים, ניט אַרויס-רופֿנדיִק קיין פֿאַרדאַכט און אינפֿאָרמירן מסטיסלאַוול וועגן די געשעעניִשן.

מע האָט איינגעשטימט, נאָר איין מניע—ניטאָ מיט וואָס צו פֿאָרן. מיר אַלע האבן קיין קאָפּעקע געלט ניט און קריגן קען מען אויך ניט. ס'איז שוין האלבע נאַכט. יודאַשע איז אַוועקגעלאָפֿן זוכן אַבראַשען גורעוויטש, וועלכער

האָט געאַרבעט אין אן אפטייק, עפשער וועט זי בא אים קריגן עטלעכע רובל. אין א פּאָר שאָ אַרום האָט זי געבראַכט א דריירל, און פאַרטאָג בין איך אַרויסגעפאָרן קיין קאַדין.

דער פּורמאַן איז געווען א גוטער, „לייוויק", וועלכער האָט שוין אונדז ניט איינמאָל געפירט. ער האָט זיך קיינמאל ניט אָפּגעזאָגט פון א נעסיע. נאָר זאָג אים, שפּאַנט ער גלייך דאָס פערד און דינגט זיך אַפילע ניט. זיין ברודער, א שטעפער, איז געווען א בונדיסט. געווען איז ער שוין א יאָר 35, אַ שווייגנדיקער, נאָר ניט קיין נאַר. אַז מע קוקט זיך גוט אף אים איין, זעט מען, אַז ער פאַרשטייט אַן איניען. ער האָט פיינט געהאַט אַסאַך צו ריידן, פּאַנאַנדערפרעגן, דערגיין, נאָר אָן ווערטער האט מען געפילט, אַז ער ווייס, וואָס מע דאַרף טאָן. אים דאַרף מען נאָר זאָגן—לייוויק שפּאַן, פרעגט ער נאָר פיל דעם זייגער און מיט וועלכן וועג...

ער האָט זיך ערשט באַפרייט פון טפיסע, ווו ער איז געזעסן 4 כאדאָשים דערפאַר, וואָס מע האָט בא אים אין וואָגן אין שטעטל קריטשעוו געפונען 2 בוטלען ספירט. מען האָט אים געמאכט אַן אקט, אַז ער האַנדלט מיט בראָנפן און אַריינגעזעצט. דאָס האָט אים אונטערגעוואָרפן דער אוריאַדניק דערפאַר, וואָס ער האָט ניט געגומען די אוריאַדניטשיכע פאָרן אָן געלט. אף די אונטערשריפטן און צייגענישן, וועלכע ער האָט צוגעשטעלט אין געריכט, אַז ער האט קיינמאל מיט בראָנפן ניט געהאנדלט, האָט מען אַפילע קיין אכט ניט געלייגט. מע האָט אים פאַרמישפעט און פאַר די געריכטהויצאָעס פאַרקויפט 4 לייכטער, איבער וועלכע זיין מוטער פלעגט בענטשן, און א קישן. אין שטוב איז נאָר פאַרבליבן איין קליינע קישעלע.

ער האָט דאָס גוט געדענקט און באַם דאָזיקן שווייגער האָט זיך אָנגעקליבן זייער פיל סינע קעגן דער פינצטערער מאכט. איך האָב זיך מיט אים מעיאַשעוו געווען, ווי זאָלן מיר בעסער דורכפאָרן. מיר האָט זיך פאָרגעשטעלט, אַז אומעטום זיינען פּאַטרולן, מע באַזוכט, מע פאַרהאַלט, מען אַרעסטירט. אין וועג האָבן מיר זיך אופגערעגט. ער איז געווען זייער צופרידן, וואָס מע פאַרבערענגט מיט אים. איך האָב געפילט, אַז ער וויל מיר זיין נוציק, באַווייזן, אַז ער פאַרדינט דעם צוטרוי, און מיר האָט זייער פאַרדראָסן, וואָס פון דעמדאָזיקן טרייען און זיכערן מענטשן דאַרף איך באַהאַלטן צוליב וואָס איך פאָר.

אין קאַדין זיינען מיר געקומען צוויי אַזייגער באַטאָג. דורכן בריקל האָט מען אונדז דורכגעלאָזן אָן קיינע אָפּהאַלטן, אַפּן בריקל זיינען געשטאַנען פיר סאָלדאַטן. ווי מיר האָבן זיך דערוווסט, איז געווען אַ פאַראָרדענונג אין שטעטל אַלעמען אַריינלאָזן, נאָר אַרויסלאָזן קיינעם ניט אָן אַ דערלויבעניש.

איבערן שטעטל בין איך מיט הינטערגעסלעך געגאַנגען צופוס. אַלע גאַסן זיינען געווען פול מיט מיליטער, פּאָליציי און קאָזאַקן. די לעצטע זייבען אַרויסגערופן געוואָרן פון סמאָלענסק. כ'האָב מיין גאַנץ לעבן ניט געזען

אַזויפּיל סאָלדאַטן. אַף וואָס דאַרף מען זיי? ווו זיינען די בונטן? דאַכט זיך, אַרום איז טויטשטיל.

איך בין אַריין צום ברודער. די גאַנצע שטוב, אָנהויבנדיק פון קליין ביז גרויס, איז געווען אין איין שרעק. מע האָט אַלץ באַהאַלטן, אויס מוירע פאַר די קאָזאַקן. לייוויק האָט זיך אָפּגעשטעלט באַם שמיד. איך האָב אים געבעטן דערגיין, וואָס עס טוט זיך און איבערגעבן מיר. נאָר איינציקע פּראָטים בין איך דערגאַנגען אָן אים.

די געשעענישן זיינען באַשטאַנען אין פאָלגנדיקעס: אין רעכטן ברען פון דער פעלדאַרבעט, ווען קיינער פון די מענער איז ניט געווען אינדערהיים און ס'זיינען נאָר פאַרבליבן די קינדער, זיינען צו איזוואַן כאַרסעיעוון, אַ פּויער פון קאַדין, געקומען סטראַזשניקעס, אַרומגעזוכט די גאַנצע שטוב און אַרעסטירט זיין זון אַנדריי. אַנדריי האָט געאַרבעט זייער גוט, נאָר צוליב דער פּויערישער אָפנהערציקייט זיינער האָט ער ניט גוט באַהאַלטן זיין רעוואָלוציאָנערע טעטי-קייט — ער האָט דורכגעפירט אַ שטרייק באַ איינעם פון די גרעסטע פּריצים, גאַלינסקי, אין קאַדינער הויף, ער האָט געפירט אַן אַגיטאַציע און האָט גע-האַט אַ גרויסע ווירקונג אַף די אַרומיקע פּויערים, וועלכע האָבן אים געקאָנט.

ס'פאַרשטייט זיך, אַז די פּאָליציי האָט באַשלאָסן „אָפּראַמען" אים. מען האָט אים צוגעהיט, ווען ער האָט זיך אומגעקערט פון פעלד אַהיים, אַרעס-טירט און באַהאַלטענערהייט אָפּגעפירט אין הויף אַריין, וועלכער געפינט זיך ניט ווייט פון שטעטל. דאָרטן האָט מען אים געבונדן, אַריינגעלייגט אין אַ וואָגן, אויבן אַרופגעלעגט אַ פּאַק מיט היי, 2 סטראַזשניקעס האָבן זיך געזעצט אויבן, פונקט ווי זיי פירן קיינעם ניט, און מען איז אַוועקגעפאָרן אַפן וועג צו שאַמאָוו.

אַנדרייס שוועסטער איז אַוועקגעלאָפן אין שטעטלדיקן קלויסטער און האָט דערלאַנגט אין גלאָק. די נאָענסטע פּויערים האָבן געוואָרפן די פעלדער און רייטנדיק אַף די פערד געקומען אין שטעטל, מיינענדיק, אַז עס איז אַ סרייפע. ווען זיי האָבן זיך דערוווסט, אַז מע האָט אַרעסטירט אַנדרייען און פּילנדיק א סינע צום פאַרעץ און צום סטראַזשניק, האָבן זיי מיט גרויס אופּרעגונג געלאָזן זיך דעריאָגן אַנדרייען.

די סטראַזשניקעס האָבן נאָך ניט דערוויזן ווייט אָפּצופאָרן. מען האָט זיי דעריאָגט, באַפרייט דעם אַרעסטירטן און געטויט ביידע סטראַזשניקעס. אין פעלד זיינען שוין די פּויערים ניט געגאַנגען. באַוואָפנט זיך מיט שטעקנס, מיט שטיינער, מיט קאָסעס און העק, האָבן זיי אָנגעהויבן אַן אָנגריף אַפן פאָ-רעץ. דעם פאָרעץ האָבן זיי האַרגענען ניט געקאָנט, ער האָט קיינמאָל ניט געוואָינט אין זיינע 60 הויפן. גאָלינסקי אַליין האָט געוואָינט אין אויסלאַנד, און דאָ זיינען געווען זיינע באַפולמעכטיקטע און פאַרוואַלטער, וועלכע האָבן לויט זיין פאַרזאָג געשטיקט און געדריקט דעם פּויער.




קאָרענער פאָליטקאַטאָרזשאַנעס.

מיר האָבן דערנאָך די פויערים דערציילט, אַז זיי אַרבעטן אומזיסט אַפן פּאָרעץ, מער ווי אַף זייער אייגענער ווירטשאַפט. נאָך ערגער איז געוואָרן די לאַגע פון די שטעטלדיקע פויערים און יידן, ווען גאָלינסקי האָט מיט דער הילף פון פאַלשע איידעס און פּראָוואָקאַטאָרן צוגענומען דאָס גאַנצע שטעטל אַלס זיין אייגנטום. דערדאָזיקער פּאָרעץ האָט זיך לאַנג געמישפּעט מיטן שטעטל.

גאָלינסקי האָט אין זיינע הויפן אַף זיין אייגענעם כעשבן אויסגעהאַלטן עטלעכע הונדערט סטראַזשניקעס. אין קאַדינער הויף אַליין זיינען געווען מער ווי הונדערט סטראַזשניקעס, וועלכע האָבן מיט דעם קאַנטשיק געצוווּנגען די גאַנצע באַפעלקערונג און די פויערים, אַז זיי זאָלן זיין געהאָרכזאַם.

דער צופאַל מיט אַנדרייען האָט געעפנט דעם געדריקטן פויער די אויגן און ער איז אַוועק מיט דער האַק אין אַן אָנגריף!...

דידאָזיקע ריזיקע שרעקלעכע כוואַליע האָט זיך געלאָזן אַפן אייביקן סוינע, דעם פּאָרעץ. אין שלאַכט זיינען אַוועק אַלע אָן אויסנאַם פון נאַציאָנאַליטעט, אַלע פון שטעטל און דאָרף, און אַלץ איז אָפּגעטראָטן פאַרן דאָזיקן קויעך. די סטראַזשניקעס זיינען זיך צולאָפן, די טרייע דינער פון די פּריצים האָבן אויך באַוויזן צו אַנטלויפן. ס׳איז קיין צווייפל, אַז ווען זיי וואָלטן אַף דער הייסער שאָ אַריינגעפאַלן צו די מוירדים אין די הענט, וואָלטן זיי קיין האָניק ניט געלעקט. דאָס איז געווען אַ קאָכיקער יאַם, וואָס איז אַרויס פון די ברעגעס אין דער צייט פון שטורם, אַ יאַם, וועלכער טראָגט אַראָפּ פון וועג אַלץ, וואָס ער באַגעגנט. אַזוי גרויס איז געווען די סינע צום פּאָרעץ.

און ניט נאָר גאָלינסקין אַליין האָט דידאָזיקע מאַסע פאַרהאַסט, זי איז געווען גרייט צו גיין אַף אַלע סאָנים, קאַפּיטאַליסטן און פּריצים. דאָ האָט נאָר געפעלט אַ פּאַרטיקע אָרגאַניזאַציע, וועלכע זאָל זיך שטעלן בעראָש פון דער באַוועגונג, ס׳האָט געפעלט די רעוואָלוציאָנערע אָרגאַניזאַציע, ס׳האָט געפעלט די אָנפירונג. דידאָזיקע מאַסע איז שוין געווען רייף צום קאַמף פאַר דער באַפרייונג.

ס׳האָט אָבער לאַנג ניט געדויערט. אַף מאָרגן האָט מען אָנגעטריבן אַזויפיל סטראַזשניקעס, קאַזאַקן און סאָלדאַטן, אַז וועגן קיין שום ווידערשטאַנד האָט גאָר קיין רייד ניט געקענט זיין.

ס׳זיינען אָנגעקומען מער פון 500 סטראַזשניקעס, 200 קאַזאַקן און 3 באַטאַליאָנען סאָלדאַטן, און וויפל קאָמאַנדירן און פּאָליציי איז געווען? דידאָזיקע שטראָפעקספּעדיציע האָט מען אָנגעשיקט פון סמאָלענסק, פון קראַסנאָיע פון מסטיסלאַוול, פון שאַמאָוו, האָרקי און אַנדערע ערטער. ס׳איז ניט מעגלעך איבערצוגעבן, וואָס דידאָזיקע פּאָליציישטשינע האָט צוטאָן. לויטן אָנווייז פון די פּריצישע פאַרוואַלטער האָט מען ארעסטירט הונדערטער פויערים און מען פלעגט זיי צוהאַרגענען ביז טויט.

די ערגסטע פייניקונגען זיינען געווען באַם פאַרהער. די פּאָליצעיִשע קונסט האָט פּאַנאַנדערגעבליט ווי נאָך קיינמאָל. אַ סאַך פּויערים זיינען צו-לאָפֿן אין די וועלדער, לאָזנדיק אַף העפקער זייער האָב און גוטס. דאָס מי-ליטער האָט באַשאָסן די וועלדער. פּרויען האָבן די סטראַזשניקעס און קאַזאַקן פאַרגוואַלטיקט. די אַנטלאָפֿענע פּויערים האָט מען דערקלערט פאַר באַנדיטן און מע פלעגט זיך מיט זיי אָפּרעכענען, ווי ס'פלעגט איינפאַלן דעם סטראַזשניק

די דערפער זיינען אַרומגערינגלט געוואָרן פון די קאזאַקן און סטראַזש-ניקעס. די דערפער גרישינא, וויסאָקאיע, פּיאָדאָראָווקאַ, זשוקאָוואָ, ביקאָוואַ, כאטיאַן, אַנדראָסאווא, טאמאָוואָ, ווערבילאָוואָ, קאלאָדין, וויראזוב, דעניסאָווקאַ, פאלאם, סאַלאָנינאָוואַ און אַנדערע זיינען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין קריגלאַ-גערן. גאַנצע טעג האָט מען מאַכנעסווייז געפירט צושלאָגענע, צוקיילטע און צובייילטע פּויערים, די הענט פאַרבונדן אַף הינטן. דידאָזיקע מאָסע צו-מיימיסטע אַרעסטירטע האָט מען געהאלטן אונטער אַ פאַרשטאַרקטן קאָנוואָי אין די שטאַלן פון הויף. קיין עסן האָט מען ניט געגעבן, די קרוויוּים האָבן מוירע געהאט צו אונטערטראָגן זייערע פריינט אַ שטיקל ברויט, מע זאָל זיי אויך ניט אַרעסטירן. איבער די דערפער און שטעטלעך האָט מען געהאַלטן אין איין ראבירן. מע פלעגט אופרייסן די קראָמען און צוראבירן די מאנופאַק-טור און באקאליי. די קרעמער זיינען אפילע פון שטוב ניט ארויס און האבן ניט פראטעסטירט, מוירעהאבנדיק, מע זאל זיי ניט הארגענען און ארעסטירן. מער פאר אלעמען האבן זיך אין דעם אויסגעצייכנט די סטראַזשניקעס. די סטראַזשניקעס יעפים מאלישאָוו טשעבירין, מאסלאקאָוו, פאלעטשוטשענאק און אנדערע, וועלכע האבן דעמאָלט גענומען א טעטיקן אנטייל אין רויב, לעבן נאָך אדהאיעם און מוזן עס נאך גוט געדענקען...

דאָס געדענקען אויך גוט די קאדינער פויערים, וועלכע זיינען נאך דער רעוואלוציע געקומען פון קאטארגע: איוואַן און לוקא כארסייעוו, פיאדאר זובקאוו, ריסין, שיינין מיכאיל און אנדערע. און ביז וואנען מע האט ניט בארויקט די באפעלקערונג, ביז וואנען מע האט ניט געמאכט אן ארדענונג, איז דאס גאנצע מיליטער געזעסן אף קעסט בא דער באפעלקערונג. מען איז אנגעפאלן אף די טשערעדעס בהיימעס, צוגענומען די פי, דעם לעצטן שטיקל ברויט. די סטראזשניקעס, די קאזאקן און די איבעריקע הענקער האבן ניט געהונגערט. מע איז אוועקגעפארן רייטנדיק אף די פערד און מיט אנטבלויזטע שווערדן אינמיטן העלן טאג געהארגעט כאזיירים, וואס פלעגן זיך אומקערן פון פעלד. די שלאכט פלעגט זיך אלע מאל ענדיקן מיטן ניצאכן פון די אנפאלער. די פארוווּנדעטע כאזיירים מיט אפגעהאקטע פיס, צוקאלעטשעטע פלעגן זיך וואלגערן אינמיטן גאס און קוויטשען פארצווייפלט מיט די לעצטע קויכעס.

קיינער האט ניט געוואגט צו פראטעסטירן, ס'וואלט געווען נאך ערגער —האבן פויערים געטאינעט—און דאס איז געווען ריכטיק.

באַ די אַרעסטירטע האָט מען קאָנפֿיסקירט אַלץ, וואָס זיי האָבן געהאַט אין דער ווירטשאַפֿט. דידאָזיקע העפֿקערוועלט האָט געדויערט 7 טעג. די סטראַזשניקעס און קאָזאַקן האָבן די גאַנצע צייט ניט אויפֿגעהערט צו שיכּורן, בראַנפֿן האָט זיך געגאָסן ווי וואַסער, באַם הויף איז געווען אַ ברויז, ספּירט איז געווען גענוג, און דער „גוטער" פּאָרוואַלטער האָט פֿאַר דער פּאָליציי קיין זאַך ניט געקאַרגט. ער האָט געגעבן ספּירט, וויפֿל מע האָט נאָר געוואָלט, אַבי די באַשיצער זאָלן זיך פֿילן דרייסטער, אַבי זיי זאָלן זיך אָפּרעכענען מיט די מוירדים און מאַכן אַן „אָרדענונג".

איִך האָב זיך געסטאַרעט באַגעגענען מיִט אַנדריי כאַרעסייעוון, נאָר דאָס האָט זיִך מיר ניט איינגעגעבן. ער האָט קלוג געטאָן... זיך באַהאַלטן. און אָן איִם האָב איִך בשום אופֿן ניִט געקאָנט אויפֿקלייבן דיִ נויטיקע ידיעס וועגן דיִ געשעעניִשן. קיין פֿאַרביִנדונג מיִט מסטיִסלאַוול האָב איִך ניִט געהאַט—קיינער איִז אַהיִן ניִט געפֿאָרן, מ׳האָט ניִט דורכגעלאָזן, און מ׳האָט מוירע געהאַט צו לאָזן זיִך איִן וועג אַריין...

איִך האָב גערעכנט טרעפֿן זיִך מיִט קליִמאָוון, נאָר דאָס איִז מיִר אויך ניִט געלונגען. כ׳האָב זיִך נאָר דערוווּסט, אַז איין ראָטע סאָלדאַטן בעראָש מיִטן ראָטנעם קאָמאַנדיִר וויִטקאָווסקין האָט פּראָטעסטירט קעגן דיִ רויבערייען און גוואַלדטאַטן פֿון דער פּאָליציי. זיי האָבן אַפֿילע צושטעלט פּאַטרולן באַם הויף, כּדי ניִט אַרויסצולאָזן פֿון דאָרטן דיִ שיִכּורע סטראַזשניִקעס. אַנדערע שיִכּורים האָט מען אַפֿילע אַרעסטיִרט. דער קאָמאַנדיִרנבאַשטאַנד האָט אויך אַרעסטיִרט דעם שאַמאָווער פּריסטאַוו, וועלכער האָט אין טומל אָפּגעשיִקט צו זיִך אַהיים אין שאַמאָוו אָנגעראַבירטע כּפֿייצים. מיט וואָס די געשיכטע האָט זיִך געענדיִקט, איז אומבאַוווּסט, מער קאָן אָבער מיט זיִכערקייט זאָגן, אַז ס׳האָט זיִך געענדיִקט מיט דעם, מיט וואָס עס פֿלעגט זיך אַלע מאָל ענדיִקן איִן אַזעלכע פֿאַלן. וואָס מער מע פֿלעגט אַרעסטירן, ראַבירן, פֿאַרגוואַלטעווען און „געמאַכט אָרדענונג", אַלץ גרעסערע שטעלעס, אַלץ מער מאַטאָנעס און אָרדנס פֿלעגט מען באַקומען.

אַזוי האָבן זיִך געענדיִקט די קאַדיִנער פּויעריִשע אומרוען. די פּריצים מיִט דער היִלף פֿון דער פּאָליִציי האָבן דערשטיִקט דיִ באַוועגונג אין אַ טייך בלוט. אַ גרויסע צאָל פּויערים זיינען אַריינגעפֿאַלן אין טפֿיסע. אַנדריי כאַרסייעוו איז אין אַ קורצער צייט אַרום, ווי איִך האָב זיך דערוווּסט שוין זיצנדיִק איִן טפֿיסע פֿון אַנדרייס פֿעטער איִוואַנען, אַרעסטיִרט געוואָרן. וויפֿל ער איז אָפּגעזעסן ווייס איך ניט. איִצט אַרבעט אַנדריי אין מאָסקווע.

# די פּאַרטייאַרבעט אין דווינסק.

(אויסצוגן פון כאַוער אי. יורענעווס ערינערונגען. „פּראָלעטאַרסקאַיאַ רעוואָלוציאַ“ נומ. 12, 1923)

... די דווינסקער אָרגאַניזאַציע פון ר. ס. ד. א. פּ., וועלכע איז אַנטשטאַנען אין 1904-טן יאָר, האָט געגרינדעט א גרופּע טוער, וועלכע האָבן זיך אָפּגעשפּאָלטן פון בונד *).

... שוין אין 1904-טן יאָר האָט די אָרגאַניזאַציע געהאַט עטלעכע ראַיאָנען (געבויט האבן זיי זיך לויטן טערריטאָריעלן פּרינציפּ): נייסטראָיענער, (גאַרבער, שוועבעלעכאַרבעטער), גאַיקאָווער (שוועבעלעך און אייזנבאַנאַרבעטער), אַלט-פאָרשטאָטישער (אַרבעטער פון פּעסטונגאַרסענאַל און מיליטערישע שניידער-וואַרשטאַטן), שטאָטישער (האַנטווערקעראַרבעטער, דרוקער, פּריקאַזטשיקעס). קיין מיליטעראָרגאַניזאַציע איז נאָך דענסטמאל ניט געווען, עס איז נאָך אויך ניט געווען קיין זעלבסטשטענדיקער אייזנבאַנראַיאָן. די באַצייכנטע טעריטאָריעלע צוטיילונג איז אין איר טאָך פאַרבליבן אויך אין די שפּעטערדיקע יאָרן.

... אין אָנהויב 1905 האָט די אַרבעט פון אונדזער קאָמיטעט שוין געטראָגן אַ גאַנץ אָרגאַניזירטן כאַראַקטער און איז זיך שטאַרק פאַנאַנדערגעוואַקסן אין דער טיף און אין דער ברייט. די פּאַרטיי האָט אכוץ אירע אומיטלבארע רעוואָלוציאָנערע פונקציעס אויך אָנגעפירט מיטן עקאָנאָמישן קאמף פון די אַרבעטער—איז געווען זייער פּראָפעסיאָנעלער פאַריין. אונטער איר לייטונג האָט זיך געפירט די עקאָנאָמישע אַרבעט צווישן די אייזנבאַנאַרבעטער און דינסטן. די פּראָפּאַגאַנדישע אַרבעט איז געווען צענטראַליזירט און קאָנצענטרירט אין די הענט פון דער פּראָפּאַגאַנדיסטישער גרופּע.

באַזונדערס פאַרשטאַרקט האָט זיך די אָרגאַניזאַציע נאָכן קומען פונם כ׳ „איליא“ (זיין עמעסער פאַמיליענאָמען איז מאַכלין, איצט איז ער אויסער דער באַוועגונג),—זייער א אינטעליגענטער, באגאַבטער מענטש מיט א שטאַרקן כאַראַקטער. ער האָט פאַקטיש אַריינגענומען אין זיינע הענט די אָנפירונג מיט דער גאַנצער אַרבעט פונם קאָמיטעט.

*) דער באַריכט פון צאָפּנמאַירעוודיקן קאמיטעט פאַר 1904 באטאָנט, ראַגעגן, אַז די דווינסקער גרופּע האט זיך געגרינדעט זעלבסטשטענדיק.

...אָנהויב 1905 האָט זיך דעם קאָמיטעט איינגעגעבן איינצואָרדענען אַן אומלעגאַלע דרוקעריי. פֿון מאָמענט, זינט עס איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן די „טעכניק", האָט דער קאָמיטעט אַנטוויקלט אַן ענערגישע שריפטלעכע אַגיטאַציע. די בלעטלעך פֿון קאָמיטעט פֿלעגן אַריינדרינגען אין די סאמע אָפּגעשטאַנענע שיכטן פון די אַרבעטנדיקע מאַסן, וועלכע זיינען געשטאַנען אָן אַ זייט פֿון דער באַוועגונג. די פֿינאַנציעלע לאַגע פֿון קאָמיטעט איז געווען אַף אַזויפֿיל פעסט, אַז מיצאַד דעם האָט די שריפטלעכע אַגיטאַציע קיין שום שטערונגען ניט באגעגנט... די בורזשואזיע האָט גאַנץ ברייטלעך סובסידירט דעם קאָמיטעט. אייניקע רייכע בורזשויען פֿלעגן אַריינטראָגן רעגולער אָפּצאָלונגען אין קאַסע פון קאָמיטעט. אויסער דעם האָט די אָרגאַניזאַציע פּראַקטיקירט „געלטזאַמלונגען אַף כאַסענעס", „איבער די הייזער". די מיטגלידאָפּצאָלונגען האָבן אויסגעמאַכט א נישטיקן פּראָצענט פֿון די האַכנאָסעס פֿונם קאָמיטעט. אָפּטמאָל, אין דער צייט פון די געלטזאמלונגען „איבער די הייזער", פֿלעגט מען א צו „האַרטן" בורזשוי ווייכער מאַכן דאָס האַרץ מיטן דעמאָנסטרירן פֿאַר אים א סאָלידן „סמיט-און-וועסאָן".

...די דווינסקער אָרגאַניזאַציע האָט אין 1905-טן יאָר געציילט אין אירע רייען עטלעכע הונדערט מיטגלידער, לויטן סאָציאַלן באַשטאַנד איז די אָרגאַניזאַציע געווען אַ פּראָלעטאַרישהאַנטווערקערישע. אירע הויפּטפֿירער זיינען געווען הויפּטזאַכלעך אינטעליגענטן, אָנגעפֿירט מיט אַלץ האָבן די אַזויגערופֿענע „פּראָפעסיאָנעלע רעוואָלוציאָנערן"—די מארטירער און העלדן פֿון דער פּאַרטיי און רעוואָלוציע, וועלכע האבן אַף זייערע פּלייצעס איבערגעטראָגן די גאַנצע לאַסט פון דער אָנפֿירנדיקער אַרבעט אין די יאָרן פון דער מאַסנרעוואָלוציאָנערער באוועגונג.

די פּאָפּולערסטע פֿיגור אין דווינסק אין דער צייט פֿון די פּאַר און נאָך אָקטיאבערגעשעענישן איז געווען כאַווער אַנטאָן (בראַמסאָן, וולאַדימיר). דאָס איז געווען א זעלטן שיינער רעדנער, א גלאַנציקער און א וויציקער. מיט זיין ריידן האָט ער געקענט פֿאַרכאַפּן די סאמע רויע עלעמענטן פון דער אַרבעטמאַסע. אַנטאָן איז געווען „אויסער קאָנקורענץ", דער טריומפֿירער די גאַנצע צייט פֿון זיין אַרבעט אין דווינסק. די נאָכפֿראַגע אַף אים איז געווען אַן אומגעהויערע. מע האָט אים פּאָשעט געריסן אף שטיקער, עס האבן אים געפֿאָדערט די אייזנבאַנאַרבעטער, די גאַרבער, סאלדאַטן, אַנטאָן איז געווען דער אַלגעמיינער ליבלינג, דער שטאָלץ פון אונדזער אָרגאַניזאַציע. זיין גלענציקער רעדנערטאַלאַנט האָט זיך גליקלעכערווייז פּאַריינקט מיט א סאָלידע מאַרקסיסטישע פּאָרבארייטונג. ער איז געווען ניט בלויז אַ פּראַקטישער פּאָלקרעדנער, נאָר אויך א טאַלאַנטפּולער דערציער פון יונגן דאָר.

אינם כאַווער אַנטאָן האט מען געגלויבט. נאָך אים איז מען געגאַנגען. צום באַדויערן, איז ער באלד נאָכן שטורם פון דער רעוואָלוציע אינגאַנצן

אָפגעגאַנגען פֿון דער פּאַרטיי. אין 1919-טן יאָר איז ער געשטאָרבן אין גע-פענגעניש בא די ענגלענדער (אין מורמאַנער טורמע).

אין דעקאַבר זיינען אין קאָמיטעט אַריינגעטראָטן צוויי וויכטיקע טוער, וועלכע עס האָט צוגעשיקט דער צאָפּנמאַירעוודיקער קאָמיטעט: „אַלעקסיי"— אַ באָלשעוויק (זיין עמעסער פאַמיליענאָמען איז איסאַק פּושאַס, א געוועזענער בונדיסט; פֿון 1907 ביז 1910 איז ער געווען פֿאַרשיקט אין אַרכאַנגעלסק, נאָכדעם איז ער אוועקגעגאַנגען פֿון דער באַוועגונג). און „אַבראַם"—אַ מענ-שעוויק, אַן ערנסטער, שוין ניט קיין יונגער טוער. זיין עמעסן פאַמיליענאָמען ווייס איך ניט. ער האָט זיך מער פֿון אלע אַנדערע כאַווײרים באַפֿעסטיקט אין דווינסק (ער איז דאָרט אָפּגעווען בא צוויי יאָר). דער פאַקטישער אָנפֿירער פֿון קאָמיטעט איז געווען דער כ' „אַלעקסיי". די פֿונקציעס צווישן די מיטגלי-דער פֿון קאָמיטעט זיינען געווען איינגעטיילט אף פֿאָלגנדיקן אופֿן: „אלבערט" האָט אָנגעפֿירט מיט דער „טעכניק", „אַלעקסיי" איז געווען אָנפירער פֿון דער גרו-פּע אָרגאַניזאַטאָרן פֿון אַלע ראַיאָנען; „מעפֿאָדי" האָט געפֿירט די פּראָפּאַגאַנ-דיסטישאַגיטאַטאָרישע שול, אַבראַם" האט זיך אָפּגעגעבן הויפּטזאכלעך מיט דער פּראָפּאַגאַנדישער אַרבעט און אָנגעפֿירט מיט די העכערע קרייזלעך; אַן אַקטי-ווער פּראָפּאַגאַנדיסט איז אין יענער צייט געווען אויך איינער כ' „לוקא" (א באָלשעוויק, א זון פֿון א גאַלעך, אין 1905-טן יאָר איז ער אַוועקגעפֿאָרן פֿון דווינסק און אין גיכן אַוועק פֿון דער באַוועגונג).

...די „שול" האָט פֿאָרגעשטעלט מיט זיך אַ פֿאַרשיידנארטיקן און פֿילפֿאַר-ביקן פּאַרטייאוילעם; עס זיינען געווען דאָרט אלטע פּאַרטייאַרבעטער, געווען אויך יונגוואַרג, אינטעליגענטן, שטודירנדיקע יוגנט. פֿרויען, אַף וויפֿל עס לאָזט זיך געדענקען, איז דאָרט געווען סאַכאַקל איינע, אַ יידישע אַרבעטערן, וואָס האָט קימאַט קיין וואָרט רוסיש ניט געקענטריידן. איר גאַנצע אַגיטאַ-טאָרישע טעטיקייט צווישן די „מאַסן" איז באשטאַנען אין דעם, וואָס זי פֿלעגט דעקלאמירן אַף מיטינגען און מאַסאָווקעס אירע אייגענע רעוואָלוציאָנערע לי-דער, דעם עמעס זאָגט, גאַנץ טאַלאַנטלאָזע.

...אין האַרבסט 1905 האָט זיך באַם דווינסקער קאָמיטעט אָרגאַניזירט אַ „קאַמפּדרוזשינע". איר אופֿגאַבע איז געווען באשיצן די מיטינגען, מאַניפעס-טאַציעס פֿון פלוצלונגדיקע אָנפֿאַלן פֿון דער פּאָליציי און קאָזאַקן, קעמפֿן מיט דער „שוואַרצמייע", וואָס האָט זיך ניט איינמאָל געפּרוווט מאַכן יידישע פּאָגראָמען. אין דעקאַבער האָט די „קאמפדרוזשינע" געהאַט אַרום 200 „באָיע-וויקעס". מערסטנטייל זיינען דאָס געווען אַרבעטער פֿון די אייזנבאַנוואַר-שטאַטן און גאַרבער — קימאַט בלויז קריסטן (דערדאָזיקער פֿאַקט האָט גע-האַט אַן אומגעהויערע ווירקונג אין אַזאַ שטאָט, ווי דווינסק, און שטאַרק מיט-געהאָלפֿן דערשטיקן אלע פּאָגראָמפּרווון). די „קאַמפּדרוזשינע" איז געווען איינגעטיילט אין „צענדליקן", דער העכסטער אָרגאַניזאַציעטייל פֿון דער „באָ-

יאָווקע" איז געווען אַ „הונדערט" מיטן „הונדערטנאַטשאַלניק" אין שפּיץ. מיט דער גאַנצער דרוזשינע האָט אָנגעפירט א „נאַטשאַלניק"—א פּראָפעסיאָנעלער רעוואָלוציאָנער„סאַשאַ דער טעכניק" א (סטודענט).

די קאַמפּדרוזשינע איז געווען פאַרבונדן מיטן קאָמיטעט דורך איר הויפּט-אָנפירער. די מיליטערישע פאָרבארייטונג פון די „באָיעוויקעס" איז ניט גע-שטאַנען אַף דער נויטיקער הויך. שיסן האבן זיי געקאָנט שוואַך. די באוואָפע-נונג איז אויך ניט געווען קיין געהעריקע, דאָסראָוו דרוזשיניקעס זיינען געווען באַוואָפנט מיט גרויסע פּאָליצעישע „סמיט און וועסאָנס", וועלכע דער פאַר-טעישער אוילעם האָט גערופן „האַרמאַטן". אַכוץ „סמיטן" האבן די „באָיעווי-קעס" געהאַט עטלעכע צענדליק „ברוינינגס", און אויך מעסערס, קינזשאַלן, אייזערנע הענטשקעס (קאַסטעטן) און אייניקע—אויך האַנטגראַנאַטן. די דרו-זשינע האָט געהאט א באזונדערע פאָן. די „באָיעויקעס" זיינען עטלעכע מאָל אַרויסגעפאָרן אין אַנדערע שטעט לויט דער באקאָשע פון די דאָרטיקע אָרגאַ-ניזאַציעס (לעמאָשל, קיין וויטעבסק, ווו מען האָט געוואַרט אַף א פּאָגראָם). זיי זיינען ניט איינמאָל געווען אויך אין די שטעטלעך פון דווינסקער אויעזד, ווו זיי האבן אָפּגעהיט די יידישע אָרעמעלייט פון בלוטפאַרגיסונגען מיצאַד די צובושעוועטע שוואַרצמייעניקעס.

אונדזער סאָציאַלדעמאָקראַטישע דרוזשינע פלעגט אין די אומרויקע טעג אַרויסטרעטן געמיינזאַם מיט די „באָיעוויקעס" פון די אַנדערע רעוואָלוציאָנערע אָרגאַניזאַציעס, פון וועלכע ס'איז געווען באזונדערס שטאַרק די דרוזשינע פונם „בונד".

* * *

די טעטיקייט פון דווינסקער קאָמיטעט אין מעשעך פון 1905-טן יאָר קאָן איינגעטיילט ווערן אין צוויי פעריאָדן, דער ערשטער—דער זיגרייכער מאַרש פון דער רעוואָלוציע ביז דעקאבער — קאָן כאַראַקטעריזירט ווערן מיטן ברייטסטן פאַרנעם פון דער אַגיטאַציעאַרבעט אין האלבלעגאַלע פאָרמען, דער פעריאָד פון די מיטינגען האָט זיך געצויגן פון אָקטיאַבער ביז דעקאבער. ווו נאָר זיינען קיין מיטינגען ניט פאָרגעקומען! אין די שולן, טעאַטערן, באָטיימעדראָשים, קלובן, אומעטום האָט מען גערעט און גערעט. די פּאָליציי איז פאַרשוווּנדן, און מאסן ארבעטער, קליינבירגער, בורזשואן פלעגן זיך מאַכנעסווייז שיטן אַף די „מיטינגען". עס זיינען געגאַנגען אף די מיטינגען סאָלדאַטן, דינסטמיידלעך, אַלע שטאַנדן, אלע עלטערגרופּן האָבן געשטרעבט הערן די רעדנער, די כאַ-ווייריִם „אַנטאָן" און „מעפאדי". עס האָט עקזיסטירט פולשטענדיק לעגאַל אַ פאַרטייקלוב, וועלכער איז געווען שטענדיק פול מיט אַן אוילעם, וואס האָט דעבאַטירט און גערעט. די אַטמאָספער איז געווען אָנגעגליט ביז דער העכ-סטער שטופע. די רעדנער האבן גערופן די צוהערער צום אַנטשיידענעם אַנט-

גילטיקן שלאכט מיטן צאַריזם; די פּאַרטייען האבן געקרייצט זייערע שווערדן: דיסקוסיעס, דיסקוסיעס און דיסקוסיעס; הײנט מיט די עסערן, מאָרגן מיט די בונדיסטן, און דאָרטן מיט די ציעניסטן.

די ווירקונג פונם קאָמיטעט אַף די מאסן איז געווען אַן אויסערגעוויינט-לעכע, ווייל די קאָנקורירנדיקע פּאַרטייען האָבן זיך אָפּט איינגעשלאָסן אין זייערע שמאָלנאַציאָנאַליסטישע ראַמען, ווי דער בונד און די ציעניסטן פון פאַר-שיידענע שאַטירונגען, אָדער זיי זיינען געווען באדייטנד שוואַכער פון אונדז (די עסערן און אַנארכיסטן). עס פלעגט פּאַסירן, אז צום קאָמיטעט פלעגן זיך ווענדן פאַרפאַלקן, וואָס האבן שלעכט געלעבט צווישן זיך. דער קאמיטעט פלעגט אויסהערן די טאַינעס פוןביידע צדאָדים און דערנאָך „מישפּעטן" זיי. אָפּט פלעגן דינסטן אָנקלאָגן פאַרן קאָמיטעט זייערע באלעבאטים.

... אין די קאָמיטעטקרייזן איז שוין זאָגאַר געשטאַנען די פראַגע וועגן לעגאַליזירן דעם קאָמיטעט גופע. נאָר די אלגעמיינע מיינונג פון די פּאַראַנט-וואָרטלעכע כּאווירים איז געווען, אז מע דאַרף נאָך אויסוואַרטן, אַז ס'איז נאָך צו פרי צו פאַרלאָזן די פּעסטדערוואָבענע פּאָזיציעס פון דעם אונטער-ערדישן פּאַרטייאַפּאַראַט.

... דווינסק איז געווען איינע פון די ערשטע שטעט, ווו עס איז דער-קלערט געוואָרן „קריגצושטאַנד"... דווינסק איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין קריגלאַגער. אונטערזוכונגען אף די גאַסן, אַרעסטן, שיסערייען. עס האבן זיך באַוויזן מיליטערפּאַטרולן, קאָזאַקנאָפּטיילונגען מיט די ביקסן אין די הענט גרייט צום שיסן, די קאָזאַקן האָבן שרעקלעך* געבושעוועט, זייערער א פּאַט-רול האָט אָן אַ שום גרונד דערשאָסן די כּאַווערטע ווייצער, א מיטגליד פון אונדזער יוגנטאָרגאַניזאַציע.

נאָר ניט געקוקט אַף דעם, האָט דער דווינסקער קאָמיטעט אין דעקאַבער זיך געפּרווט צו אָרגאַניזירן אַ גאַסנמיטינג. עס האָבן זיך צונויפגעקליבן אַסאַך יידישע אַרבעטער און זייטיקער אוילעם. נאָר דורכפירן דעם מיטינג האָט זיך ניט איינגעגעבן: עס זיינען אָנגעפאַלן די קאזאקן און גאַנץ גיך אָפּגערייניקט דעם קאַמפּפּלאַץ פון רויטן סוינע. קיין גרויסע פאַרלוסטן האָבן מיר דערביי ניט געהאַט, עס האָט בלויז פּאַסירט אַן אומגליק מיט איינעם פון די „באַיעוויקעס", וואָס האָט באַשיצט דעם מיטינג. ער האָט זיך אויסגעגליטשט און באַם פאַלן האָט זיך באַ אים אופגעריסן אַ באָמבע, פון וועלכער ער איז אינגיכן געשטאָרבן.

די רעאַקציע האָט זיך געשטאַרקט מיט יעדן טאָג. די קלובן האָט מען צעשמעטערט. אַלץ, וואָס איז צייטווייליק אַרויס פון דער אונטערערד, איז צו-ריק אַוועק אַהין. דער קליינבירגער, אַ דערשראָקענער פון מאָסקווער אופ-שטאַנד, די אינטעליגענץ, די בורזשואזיע,—זיי אַלע האָבן אָנגעהויבן ווייכן פון דער רעוואָלוציע. די ראָלע זייערע פון „באַגלייטער" האָט זיך געענדיקט. די בורזשואזיע האָט אָנגעהויבן ווערן קלאַסנבאַוווסטזיניק.

...עס זיינען אָנגעשטאַנען די וואָכיקע טעג פֿון דער רעוואָלוציע. דער פּראָלעטאַריאַט איז געוואָרן אַלץ מער און מער איזאָלירט פֿון דער בורזשואַזיע... די פּאַרטייאַרבעט איז געוואָרן שמעלער אין איר אומפֿאַנג. די „בירזשע" איז פֿאַנאַנדערגעטריבן געוואָרן. דער קאָמיטעט האָט זיך איצט איבערהויפּט אָנגע- שטרענגט אַף שאַפֿן אַ שטאַרקן פּאַרטייאַפּאַראַט און אַ פֿעסטע באַזע אין די פּראָלעטאַרישע און מיליטערישע קרייזן. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ שטאַרקע קרייזלאַרבעט.

...זומער 1906, אין צוזאַמענהאַנג מיטן צוטרייבן די דומע און מיט די מיליטעראויפֿשטאַנדן, איז די אַרבעט ווידער אופגעלעבט געוואָרן. עס האָט אַף דאָסניי אָנגעהויבן פֿונקציאָנירן די „בירזשע". ווידער האָבן זיך אין קאָלעק- טיוו און אין די ראַיאָנען אָנגעהויבן דיסקוסיעס (וועגן קאַדעטישן מיניסטעריום). צו האַרבסט אָבער האָט זיך די לאַגע פֿון דער אָרגאַניזאַציע ווידער פֿאַרענ- דערט צום ערגערן... די פּאַרטעיִשע דווינסק איז געוואָרן פוסט. דאָס ראָוו אַוועקגעפֿאָרענע כאַווײרים זיינען באַלד אינגאַנצן אַוועק פֿון דער אַרבעט. דאָס איז געווען די גרויסע בעהאָלע פֿון דער רעוואָלוציע. די „בירזשע" איז גע- וואָרן שטאַרק שיטער. קיין מאַסנאַרבעטער, וואָס זאָלן אַהער קומען, ווי אין אַ קלוב, האָט מען שוין אַף דער „בירזשע" ניט געזען.

זי איז אַלץ מער און מער, נאָכן צאָל און באַשטאַנד פֿון אירע באַזוכער, געוואָרן ניט מער, ווי אַ „יאַוואַטשנע קוואַרטיר".

...די אָנפֿירנדיקע אָרגאַנען פֿון דער פּאַרטייאָרגאַניזאַציע האָבן געאַר- בעט גאַנץ רעגלמעסיק. און דאָך האָט זיך אין דער גאַנצער טעטיקייט געפֿילט, אַז עס גייט באַרגאַראָפּ. אייניקע פֿון די ראַיאָנען, ווי דער „אַלטפֿאָרשטאַטער", איז זיך אינגאַנצן צופֿאַלן, אַנדערע, ווי דער „אייזנבאַנישער", האָבן עקזיסטירט בלויז נאָמינאַל. עס האָט אויך אָנגעהויבן „הינקען" די פּאַרטעיִשע דרוקעריי. דאָס „מיליטער-בלעטל" איז שוין מער ניט דערשינען. ניט פּינקטלעך האָבן אָנ- געהויבן דערשיינען די פּראָקלאַמאַציעס. דער פֿינאַנציעלער מאַצעוו פֿון דער אָרגאַניזאַציע איז געוואָרן אַלץ שווערער. די מיטגלידאָפּצאָלונגען זיינען גע- צאָלט געוואָרן זייער שוואַך; די נעדאָוועס פֿון די בורזשואַזע „סימפּאַטיקער פֿון דער רעוואָלוציע" האָבן קימאַט אינגאַנצן אופֿגעהערט. די פֿאַרזאַמלונגען פֿון קאָלעקטיוו פֿלעגן באַזוכן ניט מער ווי 14—15 מענטשן.

אין קאָמיטעט גופֿא און אין קאָלעקטיוו האָבן זיך אָנגעהויבן „סיכסוכים", די רייבענישן צווישן די באָלשעוויקעס און מענשעוויקעס האָבן זיך פֿאַרשאַרפֿט.

...דער קאָלעקטיוו, אַלס אַזעלכער, האָט ניט געהאַט קיין באַשטימטן פּראַקציאָנישן פּאָנים. קיין פֿעסטע מערהייט האָבן ניט געהאַט ניט די באָלשע- וויקעס און ניט די מענשעוויקעס.

...האַגאַם דעם פֿאַרנעם פֿון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג איז פֿון דעקאַבער 1905 געוואָרן שוואַכער, פֿונדעסטוועגן איז די פּאַרטייאָרגאַניזאַציע

ביז סאַמע האַרבסט 1906 געווען גאַנץ שטאַרק. נאָכמער, גראָד דענסטמאָל האָט מען אָנגעהויבן איינשטעלן א מיליטעראָרגאַניזאַציע און די אַרבעט צווישן די פויערים. דער קאָמיטעט האָט אויך פֿריער מער וויינִיקער סיסטעמאַטיש דורכגעפֿירט סאָלדאַטנקרייזלעך, נאָר... דענסטמאָל זיינען די סימפּאַטיעס פֿון די סאָלדאַטן צו דער רעוואָלוציע ניט פיקסירט געוואָרן אָרגאַניזאַציאָנעל. דאָס אָנקומען קיין דווינסק זומער 1906 פֿון אַ נייער דיוויזיע פֿון יאַפּאָנישן פֿראָנט האָט גרינדלעך אומגעענדערט אונדזער מיליטערישע אַרבעט. דעם קאָמיטעט איז אין גיכן געלונגען צו מאַכן גוטע פֿאַרבינדונגען מיט די אַרטילעריסטן און פֿוסגייערטיילן. ניט נאָר אין יעדער פּאָלק, נאָר אויך אין די באַטאַליאָנען און ראָטעס זיינען געווען גרופּעס אונדזערע כאַווירים. דער הויפּט-יעסאָד פֿון דער אָרגאַניזאַציע איז געווען דער „ראָטעקאָמיטעט״. אויב אין א ראָטע איז געווען אַ גענוגנדיקע צאָל אָרגאַניזירטע, פלעגט מען קלייבן אַ ראָטעקאָמיטעט״, אויב אָבער דאָרט פֿלעגט זיין נאָר אַ 2—3 כאַווירים, פֿלעגן זיי גופֿע בילדן דעם קאָמיטעט. די פֿאַרזאַמלונגען פון די ראָטעפֿאָרשטייער פלעגן אויסקלייבן אַ באַטאַליאָנקאָמיטעט, און אָפט, ווען אין די באַטאַליאָנען איז געווען ווייניק ראָטעאָרגאַניזאַציעס—דירעקט „פּאָלקקאָמיטעטן״. פֿון די פֿאָרשטייער פֿון די פּאָלקקאָמיטעטן און פֿון די ספּעציעלע מיליטעראָפּטיילונגען (אַרטילעריע, סאַפּיאָרן), האָט זיך געבילדעט דער „צענטער״ פֿון דער מיליטעראָרגאַניזאַציע. אַכוץ דעם פֿלעגט אין צענטער אריינגיין א פֿאָרשטייער פֿון דווינסקער קאָמיטעט, דער אזוי גערופֿענער „מיליטעראָרגאַניזאַטאָר״.

דער פּאַרטייקאָמיטעט האָט ארויסגעגעבן א ספּעציעלע צייטונג פֿאַר סאָלדאַטן. דער מיליטעראָרגאַניזאַציע האָט אויך געהאָלפֿן דער „בונד״ מיט מענטשן און מיט געלט.

די שטימונג פֿון דער סאָלדאַטנמאַסע איז געווען אַ גאַנץ רעוואָלוציאָנערע. קימאַט אַלע אָנפֿירערסאָלדאַטן זיינען געווען באָלשעוויקעס, אויב ניט לויט די איבערצייגונגען, איז לעפּאָכעס לויט זייערע שטימונגען. זיי האָבן זיך אַלע געריסן אינם קאַמף.

...דער סוועאבארגער אופֿשטאַנד) איז געווען אַ שטאַרקע שטויס-קראַפֿט אין פראַט פֿון רעוואָלוציאָניזירן די מאַסן. די סאָלדאַטן האָבן געפֿאָדערט אַן ארויסטרעטונג און דעם מאָל זיינען די רייד וועגן אַן אופֿשטאַנד אין דווינסק געווען גאַנץ קאָנקרעט. לויט דער איניציאַטיוו פֿון אונדזער קאָמיטעט איז געשאַפֿן געוואָרן אַן אַלגעמיין שטאָטישער קאָאַליציעקאָמיטעט אינם באַשטאַנד פֿון צוויי פֿאָרשטייער פֿון „בונד״, צוויי פֿון אונדזער קאָמיטעט און איינער פֿון די „פּויאַלייציען״.

שוין אַף דער ערשטער זיצונג איז די פראַגע וועגן אַן אַרויסטרעטונג געווען אַוועקגעשטעלט זייער שאַרף. דער סטראַטעגישער פּלאַן, וואָס מיר האָבן פֿאָרגעלייגט, איז באשטאַנען אין דעם, וואָס די רעוואָלוציאָניזירטע

פּוסגייערדיוויזיע הויבט אָן די אַרויסטרעטונג; די אַרטילעריע באשיסט די פּעסטונג, ווו עס געפינט זיך די רעגירונגדיוויזיע, אַנטוואָפּנט זי און, איבער-לאָזנדיק אין פּעסטונג אַ קליינעם גאַרניזאָן, טרעט זי אַרויס אַף פּעטערבורג. קעגן דעמדאָזיקן פּלאַן זיינען אַרויסגעטראָטן די בונדיסטן. זיי האָבן אָנגע-וויזן, אַז עס איז נאָך אַ גרויסער סאָפּעק, צי פּעטערבורג און ריגע וועלן אונטערהאלטן די דווינסקער אַרויסטרעטונג, און אויב ניט, וועלן די דווינסקער רעוואָלוציאָנערן טייקעף דערשטיקט ווערן — זיי וועט אויסקומען אויסצוהאלטן אַ שווערע שלאכט מיטן רעגירונגמיליטער פון ריגע און פּעטערבורג. דידאָ-זיקע דערווידערונגען זיינען געווען גאַנץ סאָליד, און נאָך לאנגע און הייסע דעבאטן האָט דער קאָאַליציעקאָמיטעט באַשטימט: אַרויסטרעטן נאָר דעמאָלט, ווען אין פּעטערבורג אָדער ריגע וועלן זיך אָנהויבן „געשעענישן”.

דערווייל האָבן מיר באשלאָסן גרייטן זיך. צווישן אַנדערע, אויסגעאַרבעט אַ פּלאַן, ווי אויפצורייסן דעם גרויסן אייזנבאַנבריק איבער דער מאירעוודווינע. קעדיי איבערצורייסן די קאָמוניקאציע צווישן דווינסק, ווילנע און וואַרשע... ווי באַוווּסט, איז אין פּעטערבורג און ריגע קיין אויפשטאַנד ניט געווען, און מעמיילע זיינען שוין די פּלענער פון דווינסקער קאָמיטעט אויך געבליבן ניט פאַרווירקלעכט.

עס איז אינטערעסאַנט צוגעבן נאָך אייניקע שטריכן צו די פּלענער פון קאָאַליציעקאָמיטעט. מע האָט פּראָיעקטירט נאָך דער אַנטוואָפּענונג פון דער רעגירונגדיוויזיע איבערגעבן די גאַנצע מאַכט אין שטאָט אַ צייטווייליקן „רעוואָלוציאָנערן קאָמיטעט”, וועלכן מע האָט באַשטימט צונויפשטעלן פון אַ רעוואָלוציאָנערער „פינפטל” — פון פאַרשטייער פון אַלע איבעריקע רעוואָלוצי-אָנערע אָרגאַניזאציעס און פון דער בורזשואַזיע. מע האָט אויך גערעט וועגן אָרגאַניזירן אַ ראַט פון אַרבעטערדעפּוטאַטן, נאָר אים האָט מען זיך פאָרגע-שטעלט ניט ווי אַ מאַכטאָרגאַן, נאָר ווי אַ געווער אין די הענט פונם אַרבעטער-קלאַס צו דריקן אַף דער נייער מאַכט.

* * *

אין 1906-טן יאָר האָט באַם קאָמיטעט אָנגעהויבן פונקציאָנירן אַ קרייז-אָרגאַניזאַציע, וועמענס אויפגאַבע עס איז געווען אָנפירן מיט דער אַרבעט פון די שטעטלדיקע אָרגאַניזאציעס און צווישן די פּויערים.

די פאַרבינדונגען מיט די פויערים זיינען געווען אויסגעצייכנטע. די באַציונג פון די „מוזשיקעס” צו אַ געקומענעם רעוואָלוציאָנער איז געווען זייער אַ גוטע. אין די דערפער זיינען געווען ניט נאָר איינצלנע סימפּאַטיקער, נאָר ווו ניט ווו אויך באַשטימטע גרופּעס. די פויערים האָבן זאָרגזאַם אויס-געבאַהאלטן די „אַגיטאַטאָרן”, געגעבן זיי עסן, פורן. געוויינטלעך פלעגן די פאַרבינדונגען מיט די דערפער אונטערהאלטן די שטעטלדיקע אָרגאַניזאציעס (לוצין, קרעסלאַווקע, דרויע, דריסע, רעזשיצע)...

# דאס יאר 1905 אין פאלאצק.

(זיכרוינעס פון די כאַוויירים וויטענבערג, פינט, גוטקין און אַנדערע).

די ערשטע יאָרן פון XX יאָרהונדערט ווערן אין פּאָלאָצק באצייכנט מיט אַ ריי שטרייקן. די שטרייקן פלעגן, ווי דער שטייגער, באגלייט ווערן מיט שלאָגן שויבן בא די באלעבאטים און מיט אַראָפּנעמען פון דער אַרבעט שטרייקברעכער. אין דידאָזיקע טעג פלעגן אין שטאָט געשאפן ווערן אייניקע אונטערערדישע אָרגאַניזאציעס.

רעוואָלוציאָנערע מיטינגען פון אַרבעטער פלעגן איינגעאָרדנט ווערן אַפילע אין די שולן. דאָס פלעגט פּאָרקומען אַזוי: אין דער צייט פון קריאַסהאטוירע פלעגט אַף דער בימע אַרופגיין דער רעדנער. נעבן די טירן פון שול פלעגט שטיין אַ גאַנצע מאכנע כאַוויירים פון דער אָרגאניזאציע, וואָס איז געווען גע-שיקט צו היטן דעם אראטאָר. קיינעם פלעגט מען ניט אַרויסלאָזן, וואָרום די פרומע באלעבאטים פלעגן מיט קוילעקוילעס שטערן דעם רעדנער און גאנץ אָפט פלעגט די זאַך דערגיין ביז פעטש.

## פּראָטעסט קעגן די געשעעניש פון 9־טן יאַנוואַר פון יאָר 1905.

אין מיטן יאַנוואר כוידעש פון יאָר 1905 איז אָנגעקומען פון פעטערבורג אין פאָלאָצק די יעדיע, אַז די אַרבעטער, וואָס זיינען דעם 9-טן יאַנוואר גע-גאַנגען מיט אַ פעטיציע צום צאַר, זיינען באגעגנט געוואָרן מיט אַ שיסעריי. דאָס האָט אַרויסגערופן אַ שטארקע אופרעגונג צווישן די אַרבעטער פון אונדזער שטאָט. עס איז פאָרגעקומען אַ פאַרייניקטע פאָרפארזאמלונג פון בונד און ר. ס. ד. א. פּ. עס איז באשלאָסן געוואָרן איינצואָרדענען אַ פּראָטעסט-דעמאָנסטראציע. קעדיי צו באשיצן די דעמאָנסטראציע ביכלאל און די פאָנען ביפּראט, איז אָרגאַניזירט געוואָרן אַ קאמפּאָטריאַד.

אַפן זאַמלפונקט אַפן האָלצמארק האבן זיך אופגעקליבן 300 מאַן. נאָך דעם ווי אייניקע אראטארן זיינען אַרויסגעטראטן, זיינען אופגעהויבן געוואָרן פאָנען און די דעמאָנסטראציע האָט זיך מיט אַ געזאַנג פון רעוואָלוציאָנערע

לידער אַוועקגעלאָזן איבער די גאַסן פון שטאָט. אין דער גאַס פון קארל מאַרקס האָט דער דעמאָנסטראַציע באגעגנט אַ מאכנע גאראָדאוויעס מיטן פּאָליצמייסטער פּייפּער בעראָש.

אין דער דעמאָנסטראַציע האָט מען אַ קאָמאנדעווע געטאָן: „רעוואָלוציאָנערער קאָמפּאטריאַד, פאָרויס!" ווען דער פּאָליצמייסטער האָט דאָס דערהערט איז ער געוועזט אָבגעטראָטן. אין דעם האמוין דעמאָנסטראנטן האָבן זיך געלאָזט הערן שטימען פון איינצלנע כאווייריִם, וואָס האָבן אופגעמינטערט די ארבעטער און גערופן זיי ניט פאנאנדערצוגיין זיך. אַפן דאָזיקן רוף האָבן די אַרבעטער געענטפערט מיט אויסגעשרייען: „נידער מיט דער זעלבסטהערשונג, נידער מיט דער מילכאָמע!" דער פּאָליצמייסטער האָט זיך נעבעך פאַרלאָרן, האָט ניט געוווסט וואָס צו טאָן און האָט אַ דערשראָקענער געפּלאַפּלט: „נו גוט, מיינע הערן, זאָל זיין נידער מיט דער זעלבסטהערשונג, נאָר צוגייט זיך".

נאָר אָט האָט זיך דערהערט אַ פּראָוואָקאציעשאָט, וואָס האָט אַרויסגערופן אַ פאניק. די פּאָליציי האָט זיך געפּרווט צו אויסנוצן דעם טומל און אַרויסכאַפּן באַ די אַרבעטער פון די הענט די רויטע פאָנען, אָבער איר האָט זיך דאָס ניט איינגעגעבן. די דעמאָנסטראַציע איז אָבער דאָך צוטריבן געוואָרן דורך די בלויזע שווערדן פון די גאָראדאָוויעס. באַ אַ צען מאַן זיינען אַרעסטירט געוואָרן. אין דער צאָל פון די אַרעסטירטע זיינען געווען קאבאלקין הינדע, אַ טאָכטער פון אַ פּאָלאצקער גרויסן מעלהענדלער, אין יענער צייט איינע פון די רעוואָלוציאָנער געשטימטע פרויען אין פּאָלאצק, גאַפּמאַן, מיטגליד פון קאמפּאטריאַד, דאווין, אַ כאווער, וואָס איז צוגעשיקט געוואָרן אף רעוואָלוציאָנערער אַרבעט פון וויטעבסקער אָרגאניזאציע פון „בונד".

אַפן צווייטן טאָג נאָך דער דעמאָנסטראַציע האָבן די אַרבעטער דערקלערט אַ פּאָליטישן שטרייק, און די פּאָליציי האָט אַף דעם געענטפערט מיט דערקלערן קריגצושטאַנד.

## די פרילינגשטרייקן.

אין פרילינג איז פּאָרגעקומען אַ ריי שטרייקן. עס האָבן געשטרייקט די גארבער—יעכידים, וואס האָבן געאַרבעט פּאַר קרעמער. אין שטרייק האָבן אַנטייל גענומען 70 מאַן. עס זיינען אַרויסגעשטעלט געוואָרן עקאָנאָמישע פּאָדערונגען. דער שטרייק האָט זיך געצויגן צוויי וואָכן און האָט זיך געענדיקט מיט אַ ניצאָכן פון די שטרייקער. נאָכדעם האָבן פארשטרייקט די שטיינהאַקער. דער שטרייק האָט זיך אָנגעהויבן אַף לעווינס מיל, ווו עס האָבן פארשטרייקט באַ 400 מאַן שטיינהאַקער און שוואַרצאַרבעטער. צום שטרייק האָבן זיך פּאַרייניקט אויך די שטיינהאַקער פון אַנדערע בויאַרבעטן אין אַ צאָל פון אַרום 100 מאַן, דער שטרייק האָט געדויערט דריי טעג.

## ערשטער מאי.

ערעוו ערשטן מאי זיינען פארשפרייט געוואָרן אופרופן צו די אַרבעטער און אַרבעטערנס פון שטאָט פּאָלאצק. די אָרגאניזאציע ר. ס. ד. א. פּ., וואס האָט דאמאָלט געאַרבעט אין דאָרף, האָט צושיקט איבערן אויעזד אַ גאנצע מאסע פּראָקלאמאציעס. אַף דורכפירן די פייערונג פון ערשטן מאי האָט דער בונד און ר. ס. ד. א. פּ. אָרגאניזירט אַ בלאָק, וועלכער האָט צוגעשיקט פאָרשטייער צו אַראָפּנעמען אין דעם טאָג פון דער אַרבעט אַלע אַרבעטער.

דער יאָנטעוו האָט זיך איינגעגעבן. פיר וויאָרסט פון שטאָט אין סאלאָ-ניקער וואַלד איז פאָרגעקומען די פאַרזאמלונג. עס האָבן אַנטייל גענומען אייניקע הונדערט מאן אַרבעטער. קיין דעמאָנסטראציעס אין שטאָט זיינען אין דעם טאָג אַפילע ניט פאָרגעקומען, דאָך האָט זיך דער יאָנטעוו געפילט. איבער די גאַסן פלעגן דורכלויפן צו 5—6 מענטשן און אויסשרייען: „נידער מיט דער זעלבסטהערשונג״, און פלעגן זיך צולויפן.

## די באשיסונג פון ריוולינס הויז.

אָנהויב אַווגוסט האָבן די בויאַרבעטער איינגעאָרדנט אַ פארזאמלונג מיטן ציל צוגרייטן זיך צו אַ שטרייק. דער אָרט פון דער פּארזאמלונג איז געווען באשטימט די הויז פון ריוולין אַף באראוועה גאַס, געוועזענע פאבריק פון צי-קאָריע. עס זיינען צושטעלט געוואָרן פאטרולן מיט אַ פאראָל. די פאַרזאמלונג האָט זיך אָנגעהויבן 8 אַ זייגער אינאָוונט. מיטאַמאָל איז איינער פון די פאַטרולן אַריינגעלאָפן אין הויז און אויסגעשריען: „די פאַרזאמלונג איז דורכ-געפאלן״. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אז די הויז איז אַרומגערינגלט פון סאָלדאטן. עס האָט זיך אָנגעהויבן די באשיסונג, די קוילן זיינען געלאָזן גלייך אין פענצטער אַריין. די אַרבעטער, וואָס האָבן זיך געוואָלט אַרויסכאַפּן פון הויז דורך די פענצטער, האָבן געבראָכן די שויבן און די ראַמען. אַף אַזא אויפן האָט זיך באקומען אן אומפאַרשטענדלעכער פּאר די סאָלדאטן אופרייס, די סאָלדאטן האָבן זיך דערשראָקן און האָבן אָפּגעטראָטן פון די ווענט פון הויז, דאָס האָט אייניקע אַרבעטער געגעבן אַ מעגלעכקייט צו אנטלויפן אונטער די קוילן פון די סאָלדאַטן, אין הויז זיינען פארבליבן 8 מאַן. די סאָלדאטן האָבן פאַרכאפּט די איבערגעבליבענע און האָבן זיי געשלאָגן מיט די פריקלאדן. בא איין סטאָליאר פרידמאן, וועלכן מען האָט אַרעסטירט נאָכן שלאָגן, זיינען געווען 21 וווּנדן. דעם פּאָליצמייסטער פייפער, וואָס איז געווען בא דער באשיסונג פון הויז, האָבן די אַרבעטער באָמבאדירט מיט שטיינער.

אַפן צווייטן טאָג זיינען איבערן שטאָט צוקלעפּט געוואָרן פראָקלאמאציעס, געווידמעט דער באשיסונג, און די אַרבעטער דערקלערן אַלס צייכן פון פּראָטעסט אַ פּאָליטישן שטרייק.




באָראָווער גאַס און דאָס אָרט, ווו עס איז געווען ריווקינס ציקאָריעפאַבריק.

סאָף פֿון דעמדאָזיקן זומער איז דורכגעפֿירט ווערן אַ גרויסע פֿאַרזאַמ־לונג פון אַרבעטער אין ספאסער וואַלד. אַף דער פֿאַרזאמלונג האָט מען באַ־שלאָסן אַיינצוואָרדענען אַ דעמאָנסטראַציע אין שטאָט. פֿאַרנאכט האָט זיך גע־עפֿנט אַ מיטינג אַפֿן פלאַץ. די אַרבעטער האָבן ניט באוויזן צו פֿאַנאַנדער־וויקלען די פֿאָנען, ווי עס זיינען אַף זיי אָנגעלאָפן פון איין זייט די פייער־לעשער מיט שטעקנס און מיט קאנטשיקעס און פון דער צווייטער זייט די גאראדאָוויעס מיט בלויזע שווערדן. עס האָט זיך אָנגעהויבן קלעפּ און אַרעסטן. דערביי זיינען אַרעסטירט געוואָרן אַ רוסישער סטודענט טארגאָנסקי, סאקא־לינסקי און אַנדערע.

## אייזנבאַנשטרייקן.

זומער האָט זיך אָנגעהויבן דער שטרייק אַף דער ניקאָלאַיעווער אייזנ־באנליניע, וואָס האָט זיך דעמאָלט געבויט. פֿון אָנהויב האָט דער שטרייק אַרומגעכאפּט די ליניע פֿון סטאנציע דרעטון ביז פּאָלאָצק. עס האָבן גע־שטרייקט אַרום 3000 מאַן:—ערדגראָבער, שוואַרצאַרבעטעד, שטיינשלעגער און אַנדערע. אין אַ וואָך צייט איז דער ערשטער שטרייק געוועזן אויסגעשפּילט.

ריגעראָלאווער אייזנבאנוועג איז צוגעשטאַנען צו דער וואקסנדיקער שטרייקכוואַליע ערשט שפּעטער.

מע דערציילט, אַז דער שטרייק איז אַף דעם וועג אָנגעקומען פֿון ריגע. אַף דער אַנטוויקלונג פֿון שטרייק אַף דעמדאָזיקן וועג האָט געהאט אַ ווירקונג דער דעמאָלט פאָפּולערער כאַוער, וואָס איז געוועזן באוווסט אונטערן נאָמען מאקסים.

אין אקטיאבר איז גאַנץ פּאָלאצק געווען אַרומגעכאפּט מיט אַן אַלגע־מיינעם שטרייק. אַלע אַרבעטער האָבן איבערגעריסן זייער אַרבעט. די, וואָס האָבן ניט געוואָלט שטרייקן, האָט מען געצווונגען צו דעם.

די רעוואָלוציאָנערע אָרגאניזאציעס: ר. ס. ד. א. פּ. „בונד" און ס. ר. האָבן געבילדעט אַ פֿאריייניקטן רעוואָלוציאָנערן קאָמיטעט, וואָס האָט אָנגעפֿירט און האָט נאָכגעשפּירט נאָך דעם אַלגעמיינעם שטרייק, געדרוקט פראקלאמאציעס, פֿאַרשפּרייט רעוואָלוציאָנערע ליטעראַטור. 15-טן אקטיאבר האָט מען שוין פֿאַרמאכט די קראָמען.

וועגן דער פּאָליציי האָט מען קימאט ווי פארגעסן... נאָר אינגיכן האָט זי וועגן זיך דערמאָנט.

## די באַשיסונג פֿון שטאָט דורך סאָלדאַטן.

18-טן אָקטיאַבר אינדערפֿרי האָבן זיך אין שטאָט פֿאַרשפּרייט קלאַנגען, אַז דער צאַר האָט אַרויסגעגעבן אַ מאַניפֿעסט וועגן אויפרופֿן פֿאָלקפֿאָרשטייער און וועגן פֿאַרשיידענע „פֿרייהייטן". די פּאָליציי האָט אָנגעזאָגט וועגן די „פֿרייהייטן" מיט אַ שיסעריי איבער דער שטאָט. אַף דעם הויכן מאַרק זיינען

צושטעלט געוואָרן צוויי ראטעס סאָלדאַטן, וואָס האָבן געשאָסן אין פֿאַרשיידענע ריכטונגען. מע האָט געשאָסן ניט אין שטרייקנדיקע אַרבעטער, ניט אין רעוואָלוציאָנערן. און אַפּילע ניט אין ייִדן, נאָר פּאָשעט אין די דורכגייער. פֿון דערדאָזיקער שיסעריי זיינען דערהאַרגעט געוואָרן: יאָסל באַנק—27 יאָר, יאַנקל סווערדלאָוו—37 יאָר, גוטמאַן שאכמאַן—18 יאָר, זאלמען שאַלמאַן—29 יאָר, לייבע אָבאָלסקע—17 יאָר, דאָבע ראָכעלעוו—65 יאָר און פּיאָטר שעלקאָווסקע*)—36 יאָר. אויך איז דערשאָסן געוואָרן אַדורכגעפֿאָרענער פויער מיט זיין פֿערד, אייניקע צענדליק מענטשן זיינען פֿאַרוואונדעט געוואָרן.

19-טן אָקטיאַבער האָט מען מעקאַבער געווען די ייִדן—די קאָרבאָנעס פֿון דער שיסעריי. אַפֿן בייסוילעם איז מען געגאַנגען מיט רויטע פֿאָנען, מען האָט געטראָגן בלומענקרענץ און הויך געזונגען רעוואָלוציאָנערע לידער.

צו דער לעוואַיע גייענדיק, האָט מען זיך אָפּגעשטעלט נעבן טפּיסע און באַגריסט די פּאָליטאַרעסטירטע. נאָך דער לעוואַיע האָבן אַסאך אָראַטאָרן גערופֿן צו מאַכן אַ סאָף פֿון דער זעלבסטהערשונג, און איין אָראַטאָר, אַ באָלשעוויק, האָט גערופֿן צו אַ באַוואָפֿנטן אופֿשטאַנד. פֿון בייסוילעם איז מען זיך צוגאַנגען מיט געזאַנג און מיט אויסגעשרייען: „נידער מיט דער זעלבסטהערשונג! זאָל לעבן דער סאָציאַליזם!”. אין דעם זעלביקן טאָג זיינען באַפֿרייט געוואָרן די פּאָליטאַרעסטירטע.

20-טן אָקטיאַבער האָט מען מעקאַבער געווען דעם דערהאַרגעטן טעלעגראַפֿיסט שעלקאָווסקע, אין קלויסטער האט מען באַזונגען דעם קערפּער פֿון שעלקאָווסקען. דער פּאָפּ יעמעליאַנאָוויטש, איינער פֿון די פֿאַרברענטע פּאָלאָצקער שוואַרצמייעניקעס, האָט געהאַלטן אַ רעדע, אין וועלכער ער האָט אָנגעוויזן, אַז שולדיק אין טויט פֿון שעלקאָווסקען איז ניט די פּאָליציי, נאָר די ייִדן און די אינטעליגענץ. די לעוואַיע האָט געהאַט זייער אַ מאָדנעם אויסזען: פֿאָרויס זיינען געגאַנגען די פּאָפּעס אין ריזעס מיט צלאָמים און כאָרוגוויעס, נאָך זיי דער אָרן און נאָכדעם רעוואָלוציאָנערע אָרגאַניזאַציעס מיט רויטע און שוואַרצע טרויערפֿלאַגן. די פּאָפּן האָבן געזונגען זייערע טפּילעס און די רעוואָלוציאָנערן—רעוואָלוציאָנערע לידער. נאָך דער לעוואַיע האָבן די פּאָפּן וואָס גיכער אָפּגעצויגן: דאָרטן אַפֿן אָרט איז איינגעאָרדנט געוואָרן אַ גרויסער מיטינג, עס זיינען אַרויסגעטראטן אָראַטאָרן פֿון פֿאַרשיידענע אָרגאַניזאַציעס: פֿון בונד, ר. ס. ד. א. פּ. און אַפּילע פֿון ראַדיקאַל-בורזשואַזע גרופּן. נאָכן מיטינג האָבן זיך אַלע אין אַ גרויסער דעמאָנסטראַציע געלאָזן זיך אין שטאָט. פֿון די דעכער, פֿון די באַלקאָנען און פֿון אייניקע הייזער האָט מען באַגריסט די דעמאָנ-

*) פּיאָטר שעלקאָווסקע איז געווען אַ גוטער אָראַטאָר און אַן אָנגעזעענער רעוואָלוציאָנער. אויסנוצנדיק זיין אַמט אלס טעלעגראַפֿיסט, פֿלעגט ער איבערגעבן אלע פֿאראָרדענונגען און אויפֿטראַגן די רעוואָלוציאָנערע אָרגאַניזאַציעס פֿריער, ווי די צארישע טשינאָווניקעס.



אַ גרופּע פֿאַרוווּנדעטע אין דער צייט פֿון באַשיסן די שטאָט פּאָלאָצק אין 1905-טן יאָר.

סטראַנטן און געפּאַכטעט צו זיי מיט רויטע פאַנען. די פּאָליציי האָט זיך ניט געוויזן אַף די גאַסן.

אין דעם טאָג, האָט די שטאָטאופּראַווע איינגעלאַדן פאָרשטייער פון פאַרייניקטן רעוואָלוציאָנערן קאָמיטעט צו אָרגאַניזירן די שוץ פון דער אָרדע-נונג אין שטאָט. עס איז אָרגאַניזירט געוואָרן אַ פאָלקמיליציע. אַף די פּאָסטנס זיינען צושטעלט געוואָרן נעבן די גאָראָדאָוויעס מיליציאָנערן, וואָס זיינען אַרויסגערוקט געוואָרן דורך די רעוואָלוציאָנערע אָרגאַניזאַציעס.

## ד ע ר  פ אָ ג ר אָ ם.

די שוואַרצמייעניקעס האָבן זיך אויסגעבויט אַ פעסטן נעסט אין שטאָט פּאָלאָצק. דער קאַדעטישער קאָרפּוס, דער באַרימטער ספּאַסאָ-יעפראָסיניעווער מאָנאַסטיר, מיט זיין אופּשריפט: „זשידעס און הינט איז פאַרווערט אַריינצו-גיין”... די אַנדערע צוויי מאָנאַסטירן, די גייסטלעכע שול—אָט די אלע אנ-שטאַלטן האָבן געדינט פאַר די שווארצמייעניקעס ווי שטיצפּונקטן, ווו זיי האָבן געהאַט שטאַרקע קעמערלעך. בעראָש פון די שוואַרצמייעניקעס זיינען געשטאַנען דער פּאָפּ יעמעליאַנאָוויטש, דער שטאָטגאָלאָוואַ גענעראַל אָרגאַמאַ-קאָוו, דער אָרטיקער שטייערנאינספּעקטאָר כ. און אַנדערע.

22-טן אָקטיאַבער האבן זיך גענומען פאַרשפּרייטן אין שטאָט קלאַנגען, אַז די שוואַרצמייעניקעס גרייטן זיך צו א פּאָגראָם. באַטאָג איז פאָרגעקומען אַ „פרידלעך-פּאַטריאָטישע” מאַניפעסטאַציע. אין דעמזעלביקן טאָג אין אָוונט זיינען ווידער איינגעלאדן געווארן אין שטאָטאופּראַווע פאָרשטייער פון רע-וואָלוציאָנערע אָרגאַניזאַציעס, דאָרטן האָט מען זיי דערקלערט, אַז עס גרייט זיך אַ פּאַטריאָטישע מאַניפעסטאַציע מיט פּאָרטרעטן פון דעם צאַר, די פאָרשטיי-ער פון די אָרגאַניזאַציעס האָבן דערוויזן, אַז דידאָזיקע מאַניפעסטאַציע וועט אַרויסרופן אַ פּאָגראָם. דער שטאָטגאָלאָוואַ גענעראל אָרגאמאַקאָוו האָט דער-קלערט: איך גיב מיין ערן גענעראַלישן וואָרט, אַז קיין פּאָגראָם וועט אין שטאָט ניט זיין. אָבער דער פאריינייקטער קאמיטעט האָט ניט געקענט גלויבן די ווערטער פון גענעראַל אין נאָכדעם ווי ער האָט באַזוכט די שטאָטאו-פּראווע, האָט ער אָנגענומען אַלע נויטיקע מיטלען צו באשיצן די באַפעלקערונג פון פּאָגראָם. אינגאַנצן זיינען געווען ארגאַניזירט זעקס אָטריאַדן פון זעלבסט-שוץ, אָבער די אָטריאַדן זיינען געווען שלעכט באוואָפנט.

זונטיק, דעם 23-טן אָקטיאַבר, נאָך אַ גאָטגעבעט אַפן פרייהייטפּלאַץ האָט זיך צונויפגעקליבן אַ האַמוין אָרטיקע שווארצמייעניקעס בעראָש מיטן פּאָפּ יעמעליאַנאָוויטש. דאָ זיינען געווען די שוואַרצמעישע טשינאָווניקעס, סטאַראָווערן און גלאט שטאטיקע כוליגאנעס.

די אָראַטאָרן—שוואַרצמייעניקעס זיינען אַרויסגעטראטן מיט פּאָגראָמרע-דעס קעגן יידן און אינטעליגענץ. איינער אַ רוסישער אינזשענער, וואָס איז

ארויסגעטראטן קעגן פּאָגראָם, האָט זיך קוים ארויסגעראטעוועט פון צובושׂע-
וועטן האַמוין, וואָס האט אים געוואָלט האַרגענען אפן ארט.

מיט נאַציאָנאַלע פלאַגן און מיטן געזאנג פון „באזשע, צאריא כראני״ און מיט געשרייען פון „אורא״ האָט זיך דער האמוין בעראָש מיט די גאלאָ-
כים אוועקגעלאָזן צום וואקזאל. אין אייניקע ייִדישע הייזער האָט מען אויסגע-
שלאָגן די שויבן.

צוריק גייענדיק דורך אינטערנאַציאַנאלע גאס (געוועזענע ייִדישע), האָט מען געגעבן פּראָוואָקאַציעשאסן. צווישן האמוין האט זיך דורכגעטראגן א קלאנג, אז די זשידעס האבן געשאָסן אין צארישן פּאָרטרעט.

דער פּאָרטרעט איז ווירקלעך אַראָפּגעוואָרפן געוואָרן און צוטאָפּטשעט געוואָרן פון דעם האַמוין, וואָס האָט זיך געלאָזט לויפן, די פּאָליציי האָט גע-
נומען זוכן די זעלבסטשוץ. מיט דער הילף פון אַ פּראָוואָקאַטאָר האָט מען געפונען די קוואַרטיר פון דעם ערשטן בונדישן זעלבסטשוצאָטריאַד, וואָס האָט זיך געפונען אין האָטעל „זאָלאָטאָי יאַקאָר״ אַף סאָוועטסקע גאָס—געווע-
זענע ספּאַסקע. דידאָזיקע הויז איז ארומגערינגלט געוואָרן פון סאָלדאַטן און פּאָליציילייט. די טיר איז צובראָכן געוואָרן און אַ הין האָבן זיך אַריינגעריסן פּאָליציילייט בעראָש מיטן שטאָטישן גאָלאָוואַ אָרגאַמאַקאָוו און פּריסטאַוו שי-
ראָטשענקאָ. אָרגאַמאַקאָוו האָט פאַרגעלייגט דעם עלטסטן פון אָטריאַד איבער-
צוגעבן די געווער, פאַרזיכערנדיק דערביי מיט זיין „ערן״ וואָרט, אַז ער וועט דורכלאָזן דעם אָטריאַד אין פולשטענדיקער געפאַרלאָזיקייט. די זעלבסטשוץ איז געווען זייער שלעכט באַוואָפנט, אַן אומבאַדייטנדיקע צאָל רעוואָלווערן, אַפּאָר קאַסטעטן און דאָס איז די גאַנצע געווער. דאַכט זיך, אַז עס איז געווען איין ווינטאָווקע. קיין באָמבעס זיינען ניט געווען. אַזוינע זאַכן זיינען באַ אַזאַ פאַל דער בעסטער מיטל קעגן פּאָגראָמשטשיקעס, אייניקע כאַוויירים האָבן געזאָגט. אַז מען דאַרף זיך ניט אונטערגעבן, זיי האָבן פאָרגעלייגט דורכשלאָגן זיך מיט געוועהר אין די הענט, אייניקע האָבן געזען די האָפענונגלאָזיקייט פון דער לאַגע און האָבן אַף דעם ניט מאַסקים געווען. סאָפּקאָלסאָף האָבן זיי די געווער אָפּגעגעבן.

ווען דער אָטריאַד האָט אָנגעהויבן ארויסצוגיין, זיינען די מיטגלידער זיינע באַלד אונטערגעפאלן אונטער די פּריקלאַדן, דעגעס און קוילן פון די סאָלדאטן, וואָס האָבן אַף זיי געוואַרט. אייניקע כאַוויירים זיינען געווען פאַר-
מאטערט ביז צום טויט און אייניקע האָט מען קאם לעבעדיקע געבראַכט אין שפּיטאָל, ווו אסאך פון זיי זיינען צושטאָרבן. מע דערציילט, אז פון דעם גאַנצן אָטריאַד זיינען פאַרבליבן ניט מער ווי 3 מענטשן. אזאַ גורל האָט אויך געהאט דער אָטריאַד פון די „פּויאַלייציען״, וואס האָט זיך געפינען אין האָטעל „פּאַריזש״. זייער וויניק האָט זיך איינגעגעבן צו אַנטלויפן, די איבע-
ריקע זיינען פאַרבליבן אייביקע קאַליקעס.

פּאַרטיק װערנדיק מיט דער זעלבסטשוץ, האָבן זיך די פּאָגראָמשטשיקעס א װאָרף געטאָן צו ראַבירן די יידישע קראָמען. דער גאנצער הויכער מאַרק און די קראָמען זיינען צוראַבירט געװאָרן. דער פּאָגראָם האָט געדויערט אייניקע שאָ ביז די פּאָליציי האָט ניט אַװעקגעפירט די פּאָגראָמשטשיקעס.

אין אַ טאָג—צוויי ארום נאָכן פּאָגראָם אין פּאָלאָצק, זיינען אָנגעקומען צייטונגען, פון װעלכע מען האָט זיך דערװוּסט, אז די פּאָגראָמכװאַליע האָט זיך צוקייקלט איבערן גאנצן טכום, דערהויפּט אין דאָרעמרוסלאַנד. אין װייסרוסלאַנד זיינען פּאָרגעקומען פּאָגראָמען: אין פּאָלאָצק, אָרשע און אין אייניקע שטעטלעך. אין מינסק האָט דער גובערנאַטאָר קורלאָװ אָרגאַניזירט די באַרימטע צושיסונג אַפֿן פלאַץ באם װילנער װאָקזאל. עס איז באַ קיינעם קיין ספֿק ניט געװען, אַז די פּאָגראָמען זיינען אָרגאַניזירט געװאָרן פון דעם פּאָליציידעפּאַרטאַמענט דורך די אָרטיקע גרופן שװאַרצמייעניקעס, װאָס האָבן שפּעטער געבילדעט דעם „סאָיוז רוסקאװאָ נאַראָדאַ“.

## די יידישע בורזשואַזיע ברידערט זיך מיט די פּאָגראָמשטשיקעס.

נאָך די פּאָגראָמען איז אין פּאָלאָצק פּאָרגעקומען אַן עקלהאַפּטע געשעעניש: די יידישע בורזשואַזיע איניינעם מיט די יידישע גייסטלעכע האָט שאָלעם געמאַכט מיט די פּאָגראָמשטשיקעס און מיט די פּראַװאָסלאַװישע גייסטלעכע. אונטער דער קלינגעריי פּון אַלע גלעקער האָבן זיך אופּגעקליבן אַפֿן „קאַדעטישן פלאַץ“ אַלע גאַלאָכים מיט כארוגװיעס און איקאָנעס אין די הענט און די ראַבאָנים מיט סייפּערטוירעס, מען האָט געהאַלטן רעדעס װעגן שליסן שאָלעם און װעגן איבערייסן די אומאָרדענונגען. די פּאָרשטייער פּון דער יידישער בורזשואַזיע האָבן געשריען „שאָלעם, שאָלעם“ און האָבן זיך פּאָשעט געקושט מיט די פּאָגראָמשטשיקעס.

אין דעקאַבר האָט מען געװוּארט אַף א נייעם פּאָגראָם. פּון מינסק האָט מען אַרויסגערופּן אַן אָטריאַד אַרבעטער אַף פּאַרטיידיקן די שטאָט. אין שװאַרצע העמדלעך, אין פּאַפּאַכעס מיט גרויסע בראַונינגען האָבן זיי געמאַכט א שטאַרקן איינדרוק. דאָס מאָל איז קיין פּאָגראָם ניט פּאָרגעקומען. דער פּאָליצמייסטער, האָט מען געזאָגט, האָט באַקומען אין יאַד אַריין אַ היבשע מאַטבייע.

אָט אַזוי האָט זיך פּאַרענדיקט אין שטאָט פּאָלאָצק דאָס יאָר 1905.

י. באָגדאנאָוויטש.

# זיכרוינעס פון דער רעוואלוציאנערער באוועגונג אין סלוצקער קרייז.

דער צענטער פֿון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אין סלוצקער קרייז איז געווען דאָס שטעטל קאָפּיל, וווּ ס'האָט דעמאָלט געאַרבעט אַן אקטיווע גרופּע פֿון „פּאָלקיסטן" (נאַראָדניקעס).

אין אָנהויב פֿון 1900 יאָרן האָט זיך אין קאָפּיל אָרגאַניזירט אַ גרופּע פון דער סאָציאַלדעמאָקראַטישער אַרבעטערפּאַרטיי, וועלכע האָט אַרומגעכאַפּט פּאָלגנדע ראַיאָנען: נעסוויזשער, נאָוואָגרודקער, קלעצקער, ליאַכאָוויטשער, טימקאָוויטשער, סלוצקער און סטאַראָבינער. שפּעטער א ביסל האָט זיך אָרגאַניזירט אַ גרופּע פֿון „בונד". אונדזער סאָציאַלדעמאָקראַטישע גרופּע האָט געהאַט איר אונטערערדישע ביבליאָטעקל אף נעסוויזשער גאַס אין ראַבינאָוויטשעס הויז.

אַקטיווע אַרבעטער זיינען דעמאָלט געווען: שאַפּראַנאָוויטש—„דיאַדיאַ" און דער גימנאַזיסט קאַרפּאָוויטש, וועלכער האָט שפּעטער דערהאַרגעט דעם מיניסטער באָגאָלעפּאָוו. קומענדיק צופאָרן קאַניקולצייט פֿון פּעטערבורג, מאָסקווע, קיעוו און פֿון אַנדערע שטעט, האָבן די סטודענטן און די איבעריקע יוגנט געפירט באַ אונדז אַן אָנגעשטרענגטע רעוואָלוציאָנערע אַרבעט.

אין יולי 1902 איז דורך אונדזער אָרגאַניזאַציע דערהארגעט געוואָרן דער פּראָוואָקאטאָר בערגער. דידאָזיקע געשיכטע האָט אין יענער צייט אופגערודערט אונדזער שטעטל און מען האָט אַרעסטירט 15 מענטשן. אַטייל פון די אַרעסטירטע זיינען געזעסן צו 3—2 כאַדאָשים און דערנאָך באפרייט געוואָרן. צווישן דידאָזיקע באפרייטע זיינען אויך געווען די, וואָס האָבן געהארגעט דעם פּראָוואָקאַטאָר און דריי: איוואַן קראַסיצקי, דראַגונסקי און נ. מאלעוויטש זיינען פאַרהאלטן געוואָרן אלס די מערדער. די דריי באשולדיקטע זיינען אָפּגעזעסן 8 כאַדאָשים ביזן פּראָצעס. און ווען דער פּראָצעס האָט זיך אָנגעהויבן, זיינען אלס פּאַרטיידיקער ארויסגעטראָטן דריי באוווסטע אַדוואָקאַטן (זאַרודנע פֿון פּעטערבורג, ראַטנער פֿון קיעוו און קאלאשניקאָוו פֿון האָמעל). דער פּראָ-

צעס האט אינגאַנצן געדויערט דריי טעג. דאס געריכט האט ניט געקענט פעסטשטעלן די שולד פון די אָנגעקלאָגטע. און אונדזערע כאַווײרים זיינען באפרייט געוואָרן.

אין דערזעלביקער צייט האָט זיך אונדזער אָרגאַניזאַציע באַשעפטיקט מיט זעלבסטבילדונג. אין דער הויז פון אַגאַפּי ראַדטשענקאָ פלעגן מיר זיך פאַרזאַמלען, פירן שמועסן וועגן ליטעראַטור. דאָרט האָבן מיר אויך געהאַט א ביבליאָטעק און פלעגן דאָרט אויך דרוקן בלעטלעך אַף אַ העקטאָגראַף. די פּאָליציי האָט אבער געגומען וואַרפן אַן אויג אַף אונדזער דירע און מיר האבן זיך באצייטנס אַריבערגעפעקלט אין א מער זיכערן אָרט.

אין 1903 יאָר האָבן מיר שוין געהאט פאַרבינדונגען מיט אַ סאַך דער-פער וועלכע האבן אַרומגענומען אַ גרויסן ראַיאָן. אין די וועלדער און זומפּן: „כאַי-טשינערזומפּ", „יאנאָטשקאווער וועלדל" און „קונטאראָווקע" פלעגן מיר אָפּט אָפּהאַלטן פאַרזאַמלונגען, פירן אונטערערדישע אַרבעט, פאַרשפּרייטן ליטעראַטור און פאַנאַנדערקלייבן זיך וועגן די כלוקעדייעס צווישן די „באלשעוויקעס" און „מענשעוויקעס".

אין 1904 יאָר האָט זיך די טעטיקייט פון אונדזער אָרגאַניזאַציע פאַ-נאַנדערגעוואַקסן און האָט אָנגענומען אַזעלכע פאָרמען, אַז די פּאָליציי האָט זיך שטאַרק אופגערודערט. צו הילף דער פּאָליציי זיינען ארויסגעשיקט געוואָרן 2 ראטעס סאלדאטן.

צווישן די צוגעשיקטע 2 ראטעס סאלדאטן האָבן מיר דורכגעפירט אַן ערפאָלגרייכע ארבעט. באַם באַזאָרגן די סאָלדאטן מיט דירעס האָט מען זיי בעקיוון פאַנאַנדערגעטיילט איבער די הייזער פון די „קראמאָלניקעס", באַ איי-ניקע צו 2, צו 3 מאַן און באַ טאראס בולבען אַפילע 7. אונדז איז דאָס גע-ווען צו דער האַנט. אָנהויבנדיק פון פארזיכטיקע צוזאמענשמועסן באַ אַ פלעשל ביר, האָבן מיר פאר אַ קורצע צייט באוויזן דורכפירן אַן אַגיטאַציע צווישן די סאָלדאַטן וועלכע זיינען געוואָרן אונדזערע פריינט.

ס'איז אָנגעקומען דער 1905 יאָר.

צו דער צייט האָט אונדזער אָרגאַניזאַציע געציילט 115 מיטגלידער, ניט רעכענענדיק די פויערים, וועלכע האָבן אונדז מיטגעפילט און מיטגעהאָלפן.

פאר דער ארבעט האָבן מיר געדונגען אַ סאָד באַ אַ געוויסער טשייקי אַף דער „נייער גאס". מיר האבן דארט, קלוימערשט, פארקויפט פרוכטן און אַף אַזאַ אויפן האָבן מיר אויסגענוצט דעם סאָד פאר אונדזערע צוועקן. דאָרט פלעגן פאָרקומען זעונגען, ס'זיינען געגעבן געוואָרן פאראָלן, באַשטימטע צייכנס א.א.וו.

אין 1905 יאָר האָבן מיר דורכגעפירט שטרייקן פון די שניידער, גאַר-בער און בויער; אַ כוץ דעם איז אונטער אונדזער אָנפירונג דורכגעפירט גע-וואָרן שטרייקן פון די באטראקעס אין די ארומיקע פריצישע הויפן.

אין אָקטיאבר 1905 יאָר איז איינגעאָרדנט געוואָרן אַן אלגעמיינער שטרייק. מ׳האט צושטערט די טעלעגראַפישע סלופעס און צוריסן דעם דראָט איבער גראזאווער און נעסוויזשער טראַקטן. אין דער צייט פון מיטינג און דעמאָנ־סטראציע איז פארגעקומען אַ צוזאמענשטויס מיט דער פּאָליציי. ס׳איז אויך פאָרגעקומען אַ צוזאמענשטויס מיט אַ גרופע שוואַרצמייעניקעס, וועלכע זיינען געגאנגען מיט דובינעס אין די הענט קעגן די דעמאָנסטראנטן. אונדזער כעוורע האָט זיי געגעבן דעם געהעריקן ווידערשטאַנד. די עלטסטע און די אָנפירער פון די שוואַרצמייעניקעס און מאנארכיסטן: אַנטאָן סניטקא, פ. קאנטוס, ד. מאכ־נאיעוו זיינען דורך אונדז גוט צושלאָגן געוואָרן.

געווער פלעגן מיר באקומען פון פינליאנד דורכן כאַווער רעדיעווסקען, וועלכער האָט, קלוימערשט, אלס שליאָסער געארבעט אין הויף „קאטעלניק״. לויט דער אָנווייזונג פון דער ס.-ד.-גרופע האבן מיר צוגענומען 250 ביקסן פון נעסוויזשער מיליטערסקלאד. מיר האבן די ביקסן ארויסגעפירט אין קעסט־לעך, אין וועלכע עס ווערן געפאַקט אייער.

נאָך די מאניפעסטאַציעס האָט אַפּולע כאַווירים געדראָט אַרויסשיקונג אָדער טורמע. האָבן מיר צוגעטראַכט פּאָלגנדעס: מיר האבן איינגעלאַדן דעם זשאַנדאַרם אין קאמפּאַניע אַף א שנאַפּס.

די קאמפּאַגיע איז באשטאַנען פון געוועזענעם שטאָטסטאַראָסטע אַלעק־סאַנדר יאַצקעוויטש, מיר און דעם לערער לעשטשינסקי.

דער שנאַפּס האָט זיך אָנגעהויבן בא זלאַטע כייפּעצן, דערנאָך איז מען איבערגעגאַנגען אין לעשטשינסקעס דירע. ווען אַלע האָבן זיך גוט אָנגעטרונ־קען, האָט יאַצקעוויטש אָנגעהויבן אופוואַרפן דעם זשאנדאַרם, אַז ער פאַר־קויפט אומשולדיקע באכערים און באקומט דערפאַר געצאָלט פאַר יעדער קאָפּ. קודינאָווסקי האָט געזאָגט, אַז ער באציט זיך מיט אַ מיטגעפיל צו די סאָציאַ־ליסטן, אַז זיי זיינען אַלע בא אים אַפּן „אוטשאָט״, ער וויל זיי ניט פאַרניכטן און אַז ער אַרבעט צוליב געלט. מ׳האָט פאָרגעלייגט עפעס אומבייטן אין די אויספאָרשונגפּראָטקאָלן. אַלס צייכן פון זיין „מיטגעפיל״ צו די סאָציאליסטן האָט ער שיקערהייט ארייגעוואָרפן די פּראָטאָקאָלן אין אויוון.

* * *

אין יענער צייט האָט אין דער מיליטעראָרגאַניזאציע געאַרבעט קאפּי־ליאנין גאמזא. ער איז אַרעסטירט געוואָרן און מ׳האָט אים צוגעשטעלט אין מינסקער טורמע. אונדז האָט זיך איינגעגעבן העלפן אים אַנטלויפן. ער האָט זיך עטלעכע טעג אויסגעבאהאַלטן אין קאפּיל, וואַרטנדיק ביז וואַנען מ׳וועט אים צוגרייטן אַ פּאספּאָרט. פאַרן אַוועקפאָרן האָט זיך אים פאַרוואָלט זיך געזעגענען מיט זיינע עלטערן. די פּאָליציי האָט אים געזוכט און אַרעסטירט. מיר האָבן באשטימט אָנעמען אַלע מיטלען, קעדיי אים צו באפרייען.

בעשאַס מ׳האָט גאמזאן אָפּגעשיקט אין סלוצק דורך ראָמאנאָווע, האָבן מיר אַהינצו אַרויסגעשיקט מיטגלידער פון דער קאמפּאָרגאניזאַציע, צווישן וועלכע איך בין אויך געווען, צו מאכן אַן אָנפאַל און אים באַפרייען. אין דער צייט, ווען זיי האָבן זיך אָפּגעשטעלט אין ראָמאנאָווע, איז געמאכט גע-וואָרן אַ פּרווו אַף צו באַפרייען אים, דער פּרווו איז אָבער ניט געלונגען. גאמזא האָט זיך פאַרלאָרן און איז געלאָפן ניט אין דער ריכטונג, ווו מיר האָבן אים אָנגעוויזן, און מ׳האָט אים געכאַפּט. שפּעטער האָבן אים די סלוצקער כאַוויירים ווידער געהאָלפן אַנטלויפן. נאָך דער פליטע האָט זיך גאמזא אַ געוויסע צייט באהאלטן אַפן שולהויף און שפּעטער איז ער אַוועקגעפאָרן קיין אויסלאַנד.

* *
*

איינמאָל אין דער צייט פון אַ פאַרזאמלונג אַף קלעצקער געסל האָט זיך אומדערוואַרטערהייט באַוויזן אונטערן פענצטער דער סטראַזשניק ראמאן מאלעוויטש, אונטערהערנדיק זיך, וואָס טוט זיך אין שטוב. אונדזערע פּאַטרולן האָבן אים באַמערקט און אים אַריינגעשלעפּט אין צימער. אין צימער האָט ער אַליין פון זיך אַראָפּגעוואָרפן די שאַשקע מיטן רעוואָלווער, זיך גע-שטעלט אַף די קני און אָנגעהויבן בעטן, מ׳זאָל אים מויכל זיין, שווערנדיק דערביי, אַז ער וועט מער שוין ניט אַרויסגעבן און זאָגט זיך אָפּ פון זיין שעדלעכער שטעלע. ער האָט זיך אַפילע אַוועקגעשטעלט אַפן טיש און האָט אַ געשריי געגעבן מיטן גאַנצן קויעך: „נידער מיט דער זעלבסטהערשונג! זאָל לעבן די דעמאָקראַטישע רעפּובליק!״.

ענדיקן בעשאָלעם די פאַרזאמלונג האָט זיך אונדז ניט אַיינגעגעבן, ווייל ס׳האָט זיך באַוויזן אַ רייטערפּאַטרול פון סטראַזשניקעס אין דער שפּיץ מיטן אוראַדניק ראגאטשעוו. זיך אַנטקעגנשטעלן איז געווען אומנוציק, און מיר האָבן אָנגעהויבן גרופּעסווייז זיך צולויפן. די גרופּע, אין וועלכע איך בין גע-לאָפן, האָט זיך אָנגעשטויסן אין אַ געסל אַף אַ רייטערפּאַטרול. ווייטער איז ניט געווען וווהין צו לויפן. וואָס האָט מען דאָ געקאָנט טאָן? איך האָב געגעבן אַ קאָמאנדע: „אַפן קני! — שיסט!״ און אַלע האָבן אָנגעהויבן שיסן. בא אייניקע איז געווען רעוואָלווערן און בראַונינגען.

דער מאנעוור איז געלונגען: די העלדישע סטראַזשניקעס האָבן זיך דער-שראָקן און זיך אַ וואַרף געטאָן אין דער צווייטער זייט און אונדז האָט זיך איינגעגעבן פאַרשווינדן.

* *
*

אין 1906-טן יאָר האָט מען אין שטעטל קאפּיל געפּייערט דעם יאָרטאָג פון דעם „בלוטיקן זונטיק״. צו יענער צייט איז אין שטעטל געשיקט געוואָרן אַן אָפּטייל פון רייטערסטראַזשניקעס. מיר האָבן דורכגעפירט אַן אַ גיטאַציע

צווישן די בירגער פון שטעטל קאפול, זיי זאָלן ניט געבן קיין וואָינונגען די אויבנדערמאָנטע סטראזשניקעס. דער באַיקאָט אַף די סטראזשניקעס האָט געהאט אַן ערפאָלג, ניט קוקנדיק אַף די דראָונגען און באַפעלן פון דער אַדמיניסטראַציע. די בירגער האָבן ניט געגעבן די סטראזשניקעס קיין וואָינונגען.

ס׳איז אויסגעקומען זיי איינאָרדענען אין אַ שטוב פון דער אָרטיקער פּאָליציי.

אין טאָג פון פייערונג איז איבערן שטעטל געווען צוקלעפּט און צוּוואָרפן פּראָקלאמאציעס. די קראָמען זיינען געווען געשלאָסן. די סטראזשניקעס האָבן אַראָפּגעריסן די פּראָקלאמאציעס פון די ווענט און האָבן פאַרגעלייגט עפענען די קלייטן, נאָר מ׳האָט זיי ניט געהערט, ניט קוקנדיק אַף דעם געהעריקן באַפעל פונ׳ם איספּראווניק, וואָס האָט געדראָט מיט 300 רבל שטראָף און אַרעסט.

די דעמאָנסטראציע אַפן פלאַץ האָט צוגעצויגן אַ גרויסן האמוין. ס׳זינען אויך געקומען פויערים פון די אַרומיקע דערפער. פון אַלע זייטן האָבן אָפּגעהילכט אויסגעשרייען: „נידער מיט די צארישע דינער!", „זאָל לעבן די דעמאָקראטישע רעפּובליק!" די פּאָליציי האָט זיך אַ לאָז געטאָן צוטרייבן דעם אמוין מיט נאהאיקעס, געבנדיק אַפילע אַ זאלפּ אין דער לופטן. די מיטגלידר פון אונדזער קאמפּאטריאַד האָבן געענטפערט מיט עטלעכע שאָסן. דערבאווער א. טשיפּול אַ מיטגליד פון קאמפּסאטריאַד האָט ניט אויסגעהאלטן און האָט אַ קלאפּ געטאָן דעם סטראזשניק טשודנאווסקען. דעמאָלט האָט דער סטראזשניק קריוואשיי זיך צילנדיק אין טשיפּולן אויסגעשאָסן, נאָר האָט גע[illegible]ראָפן אין אַרבעטער — סטאָליאר גינזבורג. דעם פאַרווונדעטן האָט מען אָפּגעפירט אין שפּיטאָל. דאָס פאַרגאָסענע בלוט האָט שרעקלעך אופגערודערט עם האמוין. די מאַסע האָט פאַרוואָרפן די סטראזשניקעס מיט שטיינער און זיך געלאָזט אַף זיי מיט העק און שטעקנס. די סטראזשניקעס האָבן אָפּגעראָטן און זיך באהאלטן אַפן הויף נעבן פּריסטאווס קאנצעלאריע. אַ גאַנץ טאָג נאָך דעם איז דאָס שטעטל געווען אין אונדזער רעשוס. די דעמאָנסטראנטן זיינען ביז פאַרנאכט אַרומגעגאנגען איבער די גאַסן מיטן געזאנג פון רעוואָלוציאָנערע לידער.

## 9. כאראך.

# אגראראומארדענונגען אין שטעטל פעסאטשנע.

די געשעענישן, וועגן וועלכע איך שרייב, זיינען פאָרגעקומען אין שטעטל פעסאָטשנע, סלוצקער קרייז, אין יאָר 1903.

צו יענער צייט זיינען אין שטעטל געוועזן ביז 300 פויערישע הויפן, די גרעסטע מערהייט ווייניקערדיקע, פון 3—1 דעסיאטינעס ערד.

נאָך מיט פיל יאָרן פאר דער באפרייונג פון די פויערים אין רוסלאנד, האבן זיך די פויערים פון דעמדאָזיקן שטעטל געמישפעט מיטן פאָרעץ נארקעוויטש—יאדקא, וועגן זייער באפרייונג, וואָס האָט זיך זיי איינגעגעבן צו באקומען נאָך אין די פופציקער יאָרן.

אָבער די באפרייונג פון לייבקנעכטשאַפט האט זיי אויך באפרייט פון דער ערד, וועלכע זיי האָבן באַארבעט. די פויערים זיינען פארעכנט געוואָרן אין מעשטשאנעס און פאר דער ערד, וועלכע זיי האָבן באנוצט, האָבן זיי לויט דער באַשטימונג פון געריכט, געדארפט צאָלן אַרענדעגעלט דעם פאָרעץ.

צום יאָר 1902 האָט מען אָנגערעכנט אַסאַך כויוועס פון אַרענדעגעלט, וואָס די פויערים האָבן נעקומט. איייניקע האָבן ניט געצאָלט פאר צוויי דריי יאָר און אייניקע פאר 10 יאָר.

אָנהויב ווינטער פון יאָר 1903 זיינען אין שטעטל געקומען אופצומאָנען די כויוועס דער אוזדער פריסטאַוו, אייניקע אוריאדניקעס פון שכיינעסדיקע וואָלאָסטן און עפעס אַ הויך-געעלטערטער גראָבער בויך—אַ פאָרשטייער פון אויעזד אָדער פון גובערניע. די פי פון אַסאַך פויערים האָט מען צענויפגעזאַמלט אין סטאדאָלע פון קרעטשמע, קעדיי צו צווינגען די פויערים איינצוצאָלן די ארענדעכויוועס, און אויב זיי וועלן זיך אַנטזאגן, וועט מען פארקויפן די פי פון אַקציאָן אָדער אַוועקטרייבן זיי צום פאָרעץ.

די אַכזאָריעסדיקע באַציונג פון דער פאָליציי, די קלעפ, וועלכע אייניקע פויערים האָבן געליטן בייס די פאָליציי האָט ארויסגעטריבן די פי פון זייערע שטאָלן, אין אן אטמאספער, וואָס איז אָן דעם אויך געוועזן אָנגעזעטיקט מיט קאָס, פארדראס און פיינטשאַפט צום פאָרעץ און צו דער פאָליציי, האָט

זייער אויפֿגערעגט די פּויערים. זיי האָבן סטיכיש, אָן אַן אָרגאַניזירנדיקער האַנט אויפֿגערעגט זיך ניט צוצאָלן קיין גראָשן, אַפּילע ווען מע זאָל אוועקפֿירן זייער גאַנצע פֿי.

12 אַזייגער באַטאָג איז אַפֿן גאַנעק פֿון דער קרעטשמע געזעסן די גאַנ־צע נאַטשאַלסטווע, עס האָט זיך שוין געלאָזט פֿילן אַ בונטאַרישע שטימונג. קעדיי צו צוברעכן די סאָלידאַרישקייט פֿון די פּויערים, האָט מען דעם אקציאָן אָנגעהויבן פֿון אַ פֿערד פֿון אָרטיקן באַלעגוף כאַלאַמיי קאָט, וועלכער איז גע־ווען גרייט איינצוצאָלן. פֿון אים האָט געקומט העכער פֿון 300 רובל און ער האָט שוין געוואָלט איינצאָלן דידאָזיקע סומע. „צאָל ניט!״—האָבן אויפֿגעהויבן די ווייבער און מאַנסבילן אַ געשריי. איינער פֿון די אוריאַדניקעס האָט גענומען פֿאכן מיטן קאַנטשיק אין האַמוין. דאָס האָט געדינט פֿאַר א סיגנאַל. דער אויפֿ־געדעגטער האַמוין האָט זיך געוואָרפֿן אַף דער פּאָליציי, געשלאָגן די אוריאַד־ניקעס, אופגעבראָכן די שלעסער פֿון סטאַדאָלע, און די פֿי אַוועקגעטריבן צו זיך אין די שטאַלן. דעם פּריסטאַוו האָט זיך איינגעגעבן אויסצודרייען זיך פֿון קלעפּ, ער איז אריינגעלאָפֿן אין די הינטערשטע צימערן פֿון קרעטשמע, צוברא͏ָכן די שויבן מיט די ראַמען, ארויסגעשפּרונגען אַפֿן גאַס און געזעצט זיך אין זיין קאַרעטע. פֿון דערווייטנס האָט מען אַף אים געוואָרפֿן מיט שטיינער און מיט בלאָטע. „איר וועט שוין קריגן פֿאַר אייערע מאַיסים״, האָט לויפֿנדיק דער פּריסטאַוו געסטראַשעט.

דער פֿאָרעץ נארקעוויטש—יאָדקאָ האָט אַפֿן וועג אין שטעטל דערוווּסט זיך, וואָס דאָרטן טוט זיך, און סייכל געהאַט אומצוקערן זיך אין זיין הויף און טעלעגראַפֿירן דעם גובערנאַטאָר וועגן דאָס געשעענע.

אַפֿן קומענדיקן טאָג זיינען אָנגעקומען אַ מאַן צוואַנציק זשאַנדאַרמען און אַפֿן דריטן טאָג אינדערפֿרי נאָך אַזוי פֿיל. דער טאָג איז געווען אַ זונטיקדי־קער און די זשאַנדאַרמען האָבן זיך אַוועקגעלאָזן איבערן מאַרק צו זוכן די „קראַמאַלניקעס״.

אין אָוונט איז אין שטעטל אַריינגעפֿאָרן אַ גאַנצער צענדליק קאַרעטעס. דאָ זיינען געווען דער איהומענער איספּראווניק, זשאַנדאַרמפּאָלקאָווניקעס, געריכ־טאויספֿאָרשער און אַנדערע, אין דער לעצטער קאַרעטע איז געפֿאָרן דער מינ־סקער וויצעגובערנאַטאָר אַליין.

אין שטעטל האָט מען זיך געריכט אַף זיין אָנקומען, מע איז ארויס באַ־געגענען אים מיט ברויט און זאַלץ. פֿון יידן זיינען אַרויס דער ראָוו, דער גאַבע און נאָך אַ פּאָר „פֿיינע באַלעבאַטים״.

— „און איר האָט קיין אנטייל ניט גענומען אין בונט״? — האָט זיי געפֿרעגט דער וויצעגובערנאַטאָר.

ווען מען האָט אים געענטפֿערט, אַז ניט, האָט ער באַוויליגט צוצונעמען דאָס ברויט. דער פּויערישער דעלעגאַציע, וואָס האָט אים באַגעגנט מיט ברויט

און זאַלץ, האָט ער אָפּגעזאָגט צוצונעמען, אינאָוונט איז פֿון מינסק געקומען א שטראָפֿעקספּעדיציע, צוויי האַלבע ראָטעס סאָלדאַטן, אינגאַנצן 130 מענטשן מיט אַ קאָמאַנדירבאַשטאַנד פֿון אַ באַטאַליאָן בעראָש מיט א קאָמאַנדיר פֿון א באַטאַליאָן.

די סאָלדאַטן זיינען איינגעשטאַנען ניט אין די הייזער פֿון פּויערים, נאָר מע האָט זיי קאָנצענטרירט אין צוויי הייזער, וואָס זיינען געשטאַנען איינע נעבן דער אַנדערער אַפֿן מאַרק.

אַפֿן צווייטן טאָג אינדערפֿרי האָט דער גובערנאַטאָר אויפֿגעקליבן די פּויערים אַפֿן מאַרק לעבן קלויסטער און האָט געהאַלטן פֿאַר זיי א שטורמישע רעדע, די פּויערים זיינען געפֿאַלן אַף די קני און האָבן געבעטן מעכילע.

„פֿאַרברעכער איז מען ניט מויכל״—איז געווען זיין ענטפֿער. דער וויצעגובערנאַטאָר איז אין דעמזעלביקן טאָג אוועקגעפֿאָרן. דאָ האָבן זיך אָנגעהויבן די אַרעסטן פֿון די אַנטיילנעמער אין בונט. די אַרעסטן און די פֿאַרהערן האָבן געדויערט אייניקע כאַדאָשים. אַרעסטירט האָט מען ביז 30 פּויערים און פּויערטעס פֿון מיטעלע יאָרן.

די סאָלדאַטן זיינען געשטאַנען אין שטעטל פֿערצן טעג. באַם סטאַראָסטע האָבן די סאָלדאַטן רעקווייזירט א בהיימע, באַ אייניקע פּויערים כאַזיירים. דער פֿאָרעץ האָט מעכאַבעד געווען די סאָלדאַטן יעדן איינציקן א „סאָטקע״ מיט ווייסע ברויט.

די אַרעסטירטע זיינען געזעסן אין איהומענער טורמע צו זעקס—אַכט כאַדאָשים ביזן געריכט און נאָכדעם איז די מערהייט פֿון זיי פֿאַרמישפּעט געוואָרן צו פֿיר כאַדאָשים. צוליב אַן אַמניסטיע זיינען זיי באַפֿרייט געוואָרן פֿאַרן טערמין.

די אַרענדעכויוועס האָט מען פֿונדעסטוועגן אויפֿגעמאָנט, און די ערד האָבן די פּויערים אויסגעקויפֿט דורכן באַנק אַף 36 יאָר. די פּויערים האָבן ווידער גענומען צאָלן און קלאָגן. זיי וואָלטן נאָך געצאָלט ביז היינטיקן טאָג, ווען ניט דער אָקטיאַבר, וואָס האָט זיי באַפֿרייט.

ס. פרודניקאָוו.

# די רעוואלוציאנערע באוועגונג אין דארף סעמיאָנעווקע.

די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג אין דאָרף סעמיאָנעווקע, קאַלינינסקער אויעזד האָט זיך אָנגעהויבן פון לייענען ליטעראַטור, וואָס לאַזאַר וואַסילעווסקי— א פויער, וואָס האָט געקענט לייענען און שרייבן, פלעגט ברענגען אין דאָרף. באַלד האָט מען אָנגעהויבן איינצואָרדענען מיטינגען. די פאַרזאַמלונגען פלעגן פאָרקומען אין וואַלד, און אָפטמאָל אין אַ כוטאָר, צוויי ווּיאָרסט פון סעמיאָ-נעווקע. דאָרטן האָט געוואָינט דער וואַלדשוימער. אַף די פארזאמלונגען פלעגן דערלאָזן ווערן דערהויפט דערוואַקסענע, עס זיינען אויך געווען בייוועזנד מינדעריאָריקע. קעדיי ניט אָנוואַרפן קיין כשאַד, האָט וואַסילעווסקי גענומען מיט זיך אַ האַרמאניק.

אין 1905–טן יאָר, ווען עס איז דערקלערט געוואָרן פרייהייט, האָט די יוגנט אונטער דער אָנפירונג פון לאַזאַר וואַסילעווסקי, יאקאָוו סטאַראוואיטאָוו און אַנדערע גענומען איינאָרדענען אין דאָרף מאַניפעסטאַציעס מיט רויטע פאָ-נען און מיט געזאַנג פון רעוואָלוציאָנערע לידער.

וועגן דידאָזיקע מאניפעסטאַציעס האָט דער פאָפ בוטאמא געמאַסערט דעם זעמסקן נאַטשאַלניק טשאלאווסקי. דער לעצטער איז געקומען אין דאָרף פונקט דעמאָלט, ווען אַ גרופע יוגנט האָט געפירט די לימודים אין קרייז. דערזעענ-דיק דעם זעמסקן, זיינען זיך די יאַטן צולאָפן. באלד נאָכדעם, איז אין סע-מיאָנעווקע געקומען אַ שטראָפעקספעדיציע פון 40 דראַגונער, 18 סטראַזשני-קעס און זשאַנדאַרמען אונטער דער אָנפירונג פון דעם זעמסקן נאַטשאַלניק און פריסטאַוו. די פויערים האָבן זיי באגעגנט מיט ברויט און זאַלץ. באַלד האָט מען אַ קאָמאַנדעווע געטאָן:„ די היטלען אַראָפּ און שטעלט זיך אַף די קני".

300 מאַן זיינען אָפגעשטאַנען אין שניי פינף שאָ אַף די קני. דעם דע-סאטסקי יעפים דאניליענקאוו און דעם סטאראָסטע וולאס דאנילענקאוו האָט מען באַם פאַרהער געשלאָגן מיט קאנטשיקעס, באַם סטאראָסטע האָט מען אויסגע-ריסן העלפט האָר פון באָרד, אָבער קיין ענטפער וועגן דעם, ווו איז לאַזאַר און אלע איבעריקע, וואָס האָבן זיך באַהאַלטן, האָבן זיי ניט באַקומען.

די סטראזשניקעס האָבן אנגעבראָכן שטעקנס און האָבן זיך צושטעלט אין צוויי רייען מע האָט אָנגעהויבן צוטרייבן די פּויערים דורך די רייען, שלאָגן זיי אַכזאָריעסדיק מיט שטעקנס און מיט פּריקלאַדן פון די ביקסן. אַזוי האָט מען זיי דורכגעטריבן דורך די רייען אַמאָל פינף. בא אסאך צושלאָגענע זיינען די פּענימער געווען צובלוטיקט, עס האָבן געפּעלט ציינער, די רוקנס זיינען געווען איבערגעבראָכן.

נאָכדעם האָט זיך אָנגעהויבן פּייניקונגען. מע האָט אַראָפּגענומען די שטיוול, אַראָפּגעריסן די הויזן געוואָרפן הוילע אַפּן שניי און געשמיסן. די שטעקנס פון די טאליאנים זיינען פאַרוואנדלט געוואָרן אין שפּענדלעך. דער שניי איז געוואָרן רויט פון בלוט.

אין דער צייט פון בלוטבאָד האָבן זיך די דראַגונער געיאָגט נאָך מייד-לעך און געבראָטן הינער. אַזעלכע בלוטבעדער זיינען געווען אין אַ גאַנצער ריי דערפער: אין כאלדעיעווקע, צערקאווישטש און אַנדערע. אין צערקאווישטש האָט מען אַפילע פאַרברענט אייניקע הייזער, ווו עס זיינען פאָרגעקומען פאַרזאַמלונ-גען. אָט אזוי האָט מען געשטיקט די „קראמאלע” און פאַרטיידיקט די פּריצים, דעם צאר און זיינע אונטערטעניקע קנעכט.

די באפּעלקערונג איז געווען אזוי טעראָריזירט, אז מענטשן האבן גאַנצע כאַ-דאָשים געוואָגלט זיך אין די וועלדער, באהאלטן זיך אין די שייערן. די מער אָנגעזעענע טוער, ווי לאַזאַר וואַסיליעווסקי, סערגיי וואַסיליעווסקי, סטעפּאַן פּרודניקאָוו, זיינען געווען געצווונגען צו פאַרלאָזן זייער היים. לאזאר און סטעפּאַן האבן אויסגעוואנדערט אין אמעריקע.

# די רוסלענדער סאציאלדעמאקראטישע ארבעטער-פּארטיי (באלשעוויקעס) אין צאפּנמאירעווקאנט.

## צוּ דיִ יידישע אַרבעטער.

(פֿאָרעדע צו דער יידישער אויסגאַבע פונם באַריכט פֿון 3-טן צוזאמענפֿאָר פֿון דער ר. ס. ד. א. פּ. לאָנדאָן, 1905).

אַוּיסגעבנדיִק אין דער יידישער שפּראַך דעם באַריִכט פוּן דעם דריטן צוּזאַמענפאָר פֿוּן דער רוּסלענדער סאָצדעמ. אַרבעטערפּאַרטיי, געפֿיִנט דיִ רע-דאַקציע פֿוּן דעם צענטראַלן אָרגאַן פוּן דער פּאַרטיי פֿאַר נויטיִק צוּ זאָגן עט-לעכע ווערטער אין באַצוּג צו דערדאָזיִקער אויסגאַבע.

די באַמיִוּנגען פֿוּן דעם באַוּוּסטזיניִקן פּראָלעטאַריאַט פֿוּן דער גאַנצער וועלט זיינען געריִכטעט אום צו שאַפֿן וואָס מער ענגערע פֿאַרביִנדוּנגען אוּן אייניקייט איִן דעם פלאַנמעסיִקן סאָצדעמ. קאַמף פֿוּן דיִ אַרבעטער פֿוּן פֿאַר-שיידענע נאַציעס. דער גרויסער אוּפֿרוּף: „פּראָלעטאַריער אַלער לענדער, פֿאַריי-ניִקט אייך!"—וועלכער האָט זיִך צוּם ערשטן מאָל געלאָזט הערן ניִט מער פֿוּן אַ האַלבן יאָרהוּנדערט צוּריק, איִז איצט געוואָרן דער לאָזוּנג ניט בלויז פֿוּן די סאָצדעמ. פּאַרטייען פֿוּן פֿאַרשיידענע לענדער. דערדאָזיִקער אוּפֿרוּף ווערט אַלץ מער פֿאַרקערפערט אויך איִן דער פֿאַרייניִקוּנג פֿוּן דער טאַקטיִק פֿוּן דער אינ-טערנאַציאָנאַלער סאָציאלדעמאָקראטיע און אויך אין דער באשאפונג פֿוּן אַן אָרגאַניזאַציאָנעלער אייניִקייט צוויִשן דיִ פּראָלעטאַריער פֿוּן דיִ פֿאַרשיידענע נאַ-ציעס, וועלכע קעמפן פֿאַר פֿרייהייט און פֿאַרן סאָציאַליִזם אונטער דעם יאָך פֿוּן איינער און דערזעלבער דעספּאָטיִשער מעלוּכע.

איִן רוּסלאַנד זיינען דיִ אַרבעטער פֿוּן אַלע נאַציעס אוּנטערגעוואָרפן אוּנ-טער אַזא עקאָנאָמיִשן און פּאָליִטישן דרוּק, וואָס עס פֿאַרלויפֿט זיִך ניִט אין קיין אַנדער לאַנד, נאָך באַזוּנדערס דיִ, וועלכע באַלאַנגען ניִט צוּ דער רוּסי-שער נאַציע. דיִ יידישע אַרבעטער ליידן ניִט נאָר פוּן דעם אַלגעמיינעם עקאָ-נאָמיִשן און דעם אַלגעמיינעם פּאָליִטישן דרוּק, ניִט נאָר פֿוּן דעם דרוּק, וועל-

כער עס פֿאַלט אַף אַן אומבאַרעכטיקטער נאַציע, נאָר אויך פֿון דעם דרוק, וועלכער רויבט אַוועק פֿון זיי די עלעמענטאַרע בירגערדרעכט. וואָס שווערער דערדאָזיקער דרוק איז, אַלץ שטאַרקער איז די נויטווענדיקייט אין אַ מער ענגערער אייניקייט צווישן די פּראָלעטאַריער פֿון די פֿאַרשיידענע נאַציעס. דערפֿאַר ווייל אָן אַזאַ אייניקייט איז אומעגלעך צו האָבן אַ זיגרייכן קאַמף קעגן דיזן דרוק. וואָס פֿלייסיקער די רויבערישע צאַרישע זעלבסטהערשונג סטאַרעט זיך צו פֿאַרזייען אָפּגעזונדערטקייט, אומפֿאַרטרוילעכקייט און פֿיינטשאַפֿט צווישן די פֿון איר אונטערדריקטע נאַציעס, וואָס עקלהאַפֿטער איז איר פּאָליטיק, וועלכע העצט אויף די פּינצטערע מאַסן אַף די טירישע פּאָגראָמען, אַלץ מער פֿאַלט די פליכט אַף אונדז, סאָציאַלדעמאָקראַטן, צו אַרבעטן, אַז אַלע אָפּגעזונדערטע סאָציאַלדעמאָקראַטישע פּאַרטייען פֿון די פֿאַרשיידענע נאַציעס אין דער רוסישער מעלוכע זאָלן זיך צוזאַמענגיסן אין איין גאַנצע, אייניאונייניקע רוסלענדער סאָציאַלדעמאָקראַטישע אַרבעטערפּאַרטיי.

דער ערשטער צוזאַמענפֿאָר פֿון אונדזער פּאַרטיי, וועלכער איז פֿאָרגעקומען אין פֿרילינג 1898 יאָר, האָט זיך אַוועקגעשטעלט אַלס זיין ציל צו באַשאַפֿן דידאָזיקע אייניקייט. די פּאַרטיי, קעדיי צו פֿאַרניכטן יעדן געדאַנק וועגן איר נאַציאָנאַלן כאַראַקטער, האָט זיך דערפֿאַר אַ נאָמען געגעבן ניט „רוסישע" נאָר „רוסלענדער". די אָרגאַניזאַציע פֿון יידישן אַרבעטער, דער „בונד", איז אַריין אין דער פּאַרטיי אַלס אַן אַווטאָנאָמער טייל. צום באַדויערן, איז פֿון דאַן אָן די פֿאַרייניקונג פֿון די יידישע און ניט יידישע סאָציאַלדעמאָקראַטן אין איין פּאַרטיי פֿאַרניכטעט געוואָרן. צווישן די טוער פֿון „בונד" האָבן זיך פֿאַרשפּרייט נאַציאָנאַליסטישע אידייען, וועלכע גייען אין אַ שאַרפֿן ווידערשפּרוך מיט דער גאַנצער וועלטאַנשויונג פֿון דער סאָציאַלדעמאָקראַטיע. אנשטאָט דער שטרעבונג צו דערנעענטערן די יידישע און ניט יידישע אַרבעטער, האָט דער „בונד" אָנגעהויבן גיין אַף דעם וועג פֿון צו פֿאַנאַנדערייסן די ערשטע פֿון די לעצטע, אַרויסשטעלנדיק אַף זיינע צוזאַמענפֿאָרן די אָפּגעזונדערטקייט פֿון די יידן אַלס אַ נאַציע. אַנשטאָט פֿאָרצוזעצן די אַרבעט פֿון דעם ערשטן צוזאַמענפֿאָר פֿון דער רוסלענדער סאָצדעם. אַרבעטערפּאַרטיי אין דער זייט פֿון אַ נאָך שטאַרקערער פֿאַרייניקונג פֿון „בונד" מיט דער פּאַרטיי, האָט דער „בונד" געמאַכט אַ טראָט צו זיין אָפּטיילונג פֿון דער פּאַרטיי: דער „בונד" האָט אָנפֿאַנגס אַרויסגעטראָטן פֿון דער אייניקייט פֿון דער אויסלענדישער אָרגאַניזאַציע פֿון דער ר. ס. ד. א. פּ. און האָט געגרינדעט זיין זעלבסטשטענדיקע אויסלענדישע אָרגאַניזאַציע. דער „בונד" האָט אויך שפּעטער אַרויסגעטראָטן פֿון דער ר. ס. ד. א. פּ., ווען דער צווייטער צוזאַמענפֿאָר פֿון אונדזער פּאַרטיי אין 1903 יאָר האָט זיך מיט אַ גרויסער מאַיאָריטעט אַנטזאַגט צו אַנערקענען דעם „בונד" פֿאַר דעם איינציקן פֿאָרשטייער פֿון דעם יידישן פּראָלעטאַריאַט. דער „בונד" האָט זיך שטאַרק אַוועקגעשטעלט אַף דעם, דאָס ער איז ניט נאָר דער

איינציקער פֿאָרשטייער פֿון דעם יידישן פּראָלעטאַריאַט, נאָר דאָס ער איז אויך אויסער דעם, ניט באַגרעניצט אין זיין טעטיקייט מיטקיינע ראַיאָנע ראַמקעס. דער צווייטער צוזאַמענפֿאָר פֿון דער ר. ס. ד. א. פּ. האָט, זעלבסטפֿאַרשטענדלעך, ניט געקאָנט אָנעמען אַזעלכע באַדינגונגען דערפֿאַר, ווייל אין א גאַנצע ריי געגנטן צ. ב. אין צאָפֿנרוסלאַנד *) געפינט זיך דער אָרגאַניזירטער יידישער פּראָלעטאַריאַט אין דער אַלגעמיינער פּאַרטייאָרגאַניזאַציע. ניט רעכענענדיק זיך מיט דעם, איז דער „בונד" אַרויסגעטראָטן פֿון דער פּאַרטיי און האָט אַף אַזאַ אויפֿן צוריסן די אייניקייט פֿון דעם סאָציאַלדעמאָקראַטישן פּראָלעטאַריאַט, ניט קוקנדיק אַף דער אַרבעט, וואָס איז צוזאַמען געטאָן געוואָרן אַפֿן צווייטן צוזאַמענפֿאָר, ניט קוקנדיק אַף דער פּראָגראַם און אַף דעם אָרגאַניזאַציאָנסאוסטאוו פֿון דער פּאַרטיי.

די רוסלענדער סאָצדעם. אַרבפּאַרטיי אַף איר צווייטן און דריטן צוזאַמענפֿאָר האט אויסגעדריקט איר אומבויגזאַמע איבערצייגונג אין דעם, דאָס דיזער אַרויסטרעטן פֿון דער פּאַרטיי איז געווען אַ טיפער און אַ טרויערדיקער פֿעלער פֿון זיין זייט. דער פֿעלער פֿון דעם „בונד" איז דער רעזולטאַט פֿון זיינע פּרינציפּיעלע אומבאַשטענדלעכע נאַציאָנאַליסטישע אַנשויונגען — דער רעזולטאַט פֿון אן אומבאגרינדלעכער פּרעטענזיע אף דער מאָנאָפּאָל צו זיין דער פֿאָרשטייער פֿון דעם יידישן פּראָלעטאַריאט, פֿון וואַנען אומפאַרמיידלעך מוז אַרויסדרינגען דער פֿעדעראַליסטישער פּרינציפּ פֿון אָרגאַניזאַציע,—דער רעזולטאט פֿון דער לאנגאָנענדיקער פּאָליטיק פון זיך צו דערווייטערן און פֿאַרפֿרעמדט ווערן פֿון דער פּאַרטיי. מיר זיינען איבערצייגט, דאָס דיזער פּעלער פון „בונד" מוז ווערן פֿאַריכט און וועט אומבאַדינגט פֿאַריכט ווערן מיט דעם ווייטערדיקן וווקס פֿון דער באַוועגונג. מיר רעכענען זיך אידעיש אייניק מיט דעם יידישן סאָציאַלדעמאָקראַטישן פּראָלעטאַריאַט. נאָך דעם צווייטן צוזאַמענפֿאָר האָט אונדזער צענטראַלער קאָמיטעט אָנגעפֿירט ניט א נאַציאָנאַליסטישע פּאָליטיק, נאָר ער האָט געזאָרגט וועגן דער בילדונג פֿון אַזעלכע קאָמיטעטן (פּאָלעסער, דאָרעממאירעוודיקער**), וועלכע וואָלטן פֿאַרייניקט אין איין גאַנצער אַלע אָרטיקע אַרבעטער, ווי יידישע, אַזוי אויך ניט יידישע. אַף דעם דריטן צוזאַמענפֿאָר פֿון דער ר. ס. ד. א. פּ. איז אָנגענומען א רעזאָלוציע וועגן אַרויסגעבן ליטעראַטור אין זשאַרגאָן. צוטרעטנדיק צו דער אויספֿירונג פֿון דערדאָזיקער רעזאָלוציע, דרוקן מיר איצט אין זשאַרגאָן די פֿולע איבערזעצונג פֿון דעם באַריכט וועגן דעם דריטן צוזאַמענפֿאָר פֿון דער ר. ס. ד. א. פּ., וועלכע איז שוין דערשינען אין דער רוסישער שפּראַך. פֿון דעמדאָזיקן באַריכט וועלן די יידישע אַרבעטער, סאַי די, וועלכע זיינען אין אונדזער פּאַרטיי, און סאַי

---

*) דאָ איז זיכער אַ דרוקגרייז: ס׳דאַרף זיין דאָרעמרוסלאַנד.

**) ווידער אַ דרוקגרייז: ס׳דאַרף זיין צאָפֿנמאירעוודיקער.

די, וועלכע זיינען צייטלעך פֿון איר אָפּגעטיילט, זעען, ווי עס גייט צו די אנט-וויקלונג פון אונדזער פארטיי. די יידישע ארבעטער וועלן זעען פֿון דיזן באַריכט, דאָס אונדזער פארטיי קומט אויך אריבער יענעם אינערלעכן קריזיס, פֿון וועלכן זי האָט געליטן נאָכן צווייטן צוזאמענפֿאָר. זיי וועלן זעען, וואָס ס'זיינען דיווירקלעכע שטרעבונגען פֿון אונדזער פארטיי, די באַציונג צו די אנדערע נאציאָנאלע סאָצדעמ. פארטייען און אָרגאניזאציעס, און אויך די באַציונגען פֿון דער גאנצער פארטיי און איר צענטער צו אירע באַזונדערע טיילן, פֿון וועלכע זי ווערט צוזאמענגעשטעלט. זיי וועלן, ענדלעך, דערזעען—און דאָס איז די הויפּטזאך,—וואָס פֿאר א טאקטישע אנשויונגען אין באַצוג צו דער פּאָליטיק פֿון דעם גאנצן באוווסטזיניקן פּראָלעטאריאט און דעם רעוואָלוציאָנעם מאָמענט האָט אויסגעארבעט דער דריטער צוזאמענפֿאָר פֿון דער ר. ס. ד. א. פּ.

כאוויירים! נעענטער קומט די צייט פֿון פּאָליטישן קאמף מיט דער צאַרישער זעלבסטהערשונג, דער קאמף פֿונם פּראָלעטאריאט פֿאר דער פֿרייהייט פֿון אלע קלאסן און אלע פעלקער אין רוסלאנד, פֿאר דער פֿרייהייט פֿון דעם פּראָלעטאריאט צו קעמפֿן פֿארן סאציאליזם. אונדז דערוואַרטן מוירעדיקע ניסיוינעס. פֿון אונדזער באוווסטזיין און צוגעגרייטקייט, פֿון אונדזער אייניקייט און אנטשלאָסנקייט איז אָפּהענגיק דער אויסגאַנג פֿון דער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד. לאָמיר זיך נעמען דרייסטער און פריינטלעכער צו דער ארבעט, לאָמיר טאָן אַלעס פֿון אונדז מעגלעכעס, דאָס די פּראָלעטאַריער פֿון די פֿאַרשיידענע נאַציעס זאָלן באַגעגענען די פרייהייט אונטער דער אָנפֿירונג פֿון אַ ווירקלעך איינייניקער רוסלענדער סאָצדעמ. אַרבעטערפֿאַרטיי.

**די רעדאַקציע פֿון דעם צענטראַלן אָרגאַן**
**פֿון דער רוסלענדער ס.־ד. אַרב.-פארטיי.**

## די רוסישע סאָצ.־דעמ. ארבעטערפאַרטיי אין צאָפּנ־מאַירעוודיקן קאַנט.

(מעלדונג וועגן דער בילדונג פונם צאפנמאירעוודיקן קאמיטעט פון דער ר. ס. ד. א. פּ.)

דער צאָפּנמאַירעוודיקער געגנט, דער טעטיקייטראַיאָן פֿונם צאָפּנמאַירעוודיקן קאָמיטעט, כאַראַקטעריזירט זיך מיט אייגנאַרטיקע שאַרף ספעציפֿישע באַזונדערקייטן, וועלכע האבן אַרויסגערופן צום לעבן אונדזער אָרגאַניזאַציע. אַף אַ פּאַרהעלטניסמעסיק קליינער טעריטאָריע האָבן זיך צוזאַמענגעטראָפֿן עטלעכע נאציאָנאַליטעטן, וואָס זייער פּראָלעטאַריאַט האט זיך אַנטוויקלט אונטער דער ווירקונג פֿון פֿאַרשיידענע געזעלשאַפֿטלעך-פּסיכאָלאָגישע מאָמענטן.

דאָס אונטעריאָכטע, געדריקטע פוילן, וואָס ווערט דערשטיקט אונטערן רוסישן זעלבסטהערשנדיקן רעזשים, וועלכער עס דריקט די קלענסטע אַרויס-

שיינונג פון איר נאַציאָנאַלער קולטור, פון איר נאַציאָנאַלער זעלבסטשטענדיקייט, גיט אַ רייכן באָדן פאַר נאציאָנאַליסטישע שטרעמונגען. די דאָזיקע שטרעמונגען האָבן שוין געהאַט זייער פאַרגאַנגענהייט, אירע טרעגער — די שליאַכטע און די קליינע פוילישע בורזשואזיע האָבן שוין אָנגעהויבן צופאַלן ווערן און אַלס אַ געזעלשאַפטלעכע קראַפט פאַרלירן זייער באַדייטונג, ווען אַף דער היסטאָרישער סצענע זיינען צום ערשטן מאָל ארויסגעטראָטן די יונגע שפּראָצונגען פון דעם פוילישן און ליטווישן פראָלעטאַריאַט. דער אופגעקומענער קלאַס האָט ניט געהאַט קיין אייגענע טעאָריע, קיין אייגענע אידעאָלאָגיע, ער האָט זיך אָנגעשטויסן אָן די פּאַרטיקע נאַציאָנאַלדעמאָקראַטישע לערעס פון דעם אָפּשטאַרבנדיקן קלאַס. דער לעצטער איז נאָך געווען אף אזוי פיל שטאַרק, אַז ער האָט געקענט דורך זיין אינטעליגענץ ווירקן אף די געזעלשאַפטלעכע שטרעמונגען. די רעוואָלוציאָנערע פוילישע אינטעליגענץ האָט, נאַטירלעך, געשטרעבט צו געפינען א שטיצע פאַר אירע אידעאַלן אין דער דאָזיקער נייער פּילפאַרשפּרעכנדיקער געזעלשאפטלעכע סוויווע, דאָס איז פול מיט קראַפט און מוטערקייט. זי האָט צו איר צוגעפּאַסט איר לערע, אַסימילירט זיך מיט איר און אין דערזעלביקער צייט האָט זי אַף איר ארופגעלייגט איר שטעמפּל, באַפאַרבט זי מיט איר קאליר.

ניט די אינטערעסן פונם פראָלעטאַריאַט אַלס אַזעלכן זיינען אוועקגעלייגט געוואָרן אלס א יעסאָד, זיינען געוואָרן דער גרונטשטיין פון דער טעטיקייט פון דער פוילישער סאָציאַליסטישער פאַרטיי, נאָר דער יערושעאידעאַל פון דער אָפּשטאַרבנדיקער שליאַכטע, וואָס אירע בליקן זיינען געווענדעט אין דער פאַרגאַנגענהייט.

דער פוילישער סאָציאַלדעמאָקראַטישער פאַרטיי האָט זיך נאָך ביז היינטיקן טאָג ניט איינגעגעבן צו באשאפן אַ שטאַרקע אָרגאַניזאַציע, וועלכע זאָל קענען ביישטיין קעגן די אָנפאַלן פון דער רוסישער זשאנדאַרמעריע, און אין אַלגעמיין געפינט זיך נאָך דער פוילישער פראָלעטאַריאַט אונטער דער האַשפּאָע פון נאציאָנאלדעמאָקראַטישע טענדענצן.

אַנדערש האט זיך אנטוויקלט די יידישע אַרבעטערבאוועגונג.

די פּאליטיש-נאַיווע יידישע בורזשואזיע, וועלכע איז נידערשלאָגן און דורכגעדרונגען מיט דער געטאָפּסיכאָלאָגיע, האָט ניט געקענט אַרויסשטעלן קיין געזונטן פּאָליטישן לאָזונג. די מיטעלע און קליינבורזשואזיע, וועלכע איז איינגעפרעסט אינם יידישן „טכום״ און ווערט רויִנירט דורך דער קאָנקורענץ פונם גרויסקאפּיטאַל, האט פאַר זיך ניט געזען קיין שום רעטונג, און אין פאַרצווייפלונג האָט זי זיך אָנגעכאפּט פאַרן ציִעניזם.

ניט אַרויסדרינגנדיק פון די רעאַלע קלאסנאינטערעסן, איז דער ציִעניזם ניט פעיִק צו געבן אן ענטפער אף די ברענענדיקע פראַגן און פאָדערונגען פונם לעבן. אַ פּראָדוקט פון פאַרצווייפלונג, א רעשט פון דער אַלטער פאַר-

גאַנגענהייט—פאַרשטעלט ער דיווירקלעכע נויטיקע אינטערעסן, פּאַראַליזירט ער דעם קאַמף...

דער פּראָלעטאַריאַט, וועלכער איז אויפגעקומען אין די טיפענישן פון דער יידישער געזעלשאַפט און וועלכער ווערט געשטויסן דורך דער לאָגיק פון דער היסטאָרישער אנטוויקלונג אפן וועג פונם אומיטלבארן עקאָנאָמישן און פּאָלי-טישן קאמף, האט ניט באקומען, ווי דער פּוילישער פּראָלעטאַריאַט, קיין שום פּאָליטישע ירושה. די יידישע רעוואָלוציאָנערע אינטעליגענץ, וואָס איז דורכ-געדרונגען מיט דעם מאַרקסיזם, האָט באַגעגנט אינם פּראָלעטאַריאַט אַן אומ-געוויינטלעך דאַנקבארן און רייכן באָדן פאַר די סאָציאַליסטישע אידייען, און דער יידישער אַרבעטערקלאַס האָט אָנגעהויבן זיין קאַמף אונטער דער פאָן פון דער דער סאָציאַלדעמאָקראַטיע.

דער אַלגעמיינער וווּקס פון דער אָפּאָזיציאָנעלער און רעוואָלוציאָנע-רער באַוועגונג אין רוסלאַנד נאָך די פינצטערע אַכציקסטע יאָרן האָט אָפּגעשוואַכט דעם געפיל פון פאַרצווייפלונג און רעטונגלאָזיקייט און אריינגע-טראָגן א שטראַל פון האָפענונג. אין די מויכעס פון דער יידישער בורזשואזיע. דער יידישער פּראָלעטאַריאַט, וואָס איז ארויסגעטראָטן אַלס אַ רעאַלע פּאָלי-טישע קראַפט, האָט פון זיין זייט אויפגעטרייסלט די גאַנצע יידישע געזעל-שאַפט און האט געגעבן זיין בורזשואזיע די ערשטע לערע פון געזונטער פּאָ-ליטיק.

דער ציעניזם, וואָס איז דערפירט געוואָרן ביז זיין לאָגישן סאָף—ביז אַוואַנטיוריזם, האט אַ דאַנק דער קריטיק באַם ליכט פונם וויסנשאַפטלעכן סאָציאַליזם אָנגעהויבן ביסלעכוויז צעפאַלן ווערן. די רעוואלוציאָניזירטע מאַ-סע פון דער יידישער אינטעליגענץ און האַלבאינטעליגענץ האָט זיך אַ לאָז געטאָן אין די רייען פון דער בונדישער אָרגאַניזאַציע, און דידאָזיקע עלעמענטן האָבן געדראָט צו דערשטיקן אין זייערע „פאלקליבנדיקע" אָפּענע אָרעמס די רעוואָלוציאנערע סאציאלדעמאָקראַטישע באַוועגונג פונם יידישן פּראָלע-טאַריאַט.

פאר די פּאָליטישע פירער פונם „בונד" איז אַנטשטאַנען אַ קאָמפּליצירטע און שווערע אויפגאַבע, וועלכע זיי האָבן ניט ביייגעקומען. דער פּראַקטיציזם פון די בונדיסטן האט מיט זיי געטריבן ביייזע קאַטאָוועס. אין זיין שטרעבונג איינצוזויגן אין זיין ארגאַניזאַציע אַלע אָפּאָזיציאָנעלע עלעמענטן פונם יידנטום, קעמפנדיק מיט די ציעניסטישע און נאַציאָנאליסטישע עלעמענטן, האָט דער „בונד" אָנגעהויבן דורכגעדרונגען צו ווערן מיט זייער גייסט און שטימונג, און טריט באַ טריט האָט ער געגומען פאַרטעמפּן די שארפקייט פון זיינע סאָציאַל-דעמאָקראַטישע פּרינציפּן און פאַרשמעלערן דיברייטקייט פון די טעאָרעטישע גרונטלאַגן פונם מאַרקסיזם. די נאַציאָנאַלדעמאָקראַטישע עלעמענטן האָבן זיך ווי אַ ברייטער שטראָם בענומען אַריינגיסן אין דער סוויווע פון דער יידישער

אַרבעטערבאַוועגונג, צוגעגעבן איר זייער כאַראַקטער. באַפּאַרבט זי מיט זייער
פאַרב. אין די טעאָרעטישע באַגרינדונגען און באַווייזן פון די פירער פונם
„בונד", אין זייער פאַרטיידיקונג פון די נאַציאָנאַלע און פעדעראַטיווע שטרע-
בונגען האָבן זיך צונויפגעמישט די נאַציאָנאַלדעמאָקראַטישע און סאָציאַלדע-
מאָקראַטישע לאָגיק; זייער רעכטע האַנט ווייס ניט, וואָס עס טוט די לינקע.
זייער בכוירע, די ריינקייט פון זייערע סאָציאַלדעמאָקראַטישע פּרינציפּן, האָבן
זיי פאַרקויפט פאַר אַ טאָפּ לינדזן.

אַרויסטרעטנדיק אַלס קאָמיטעט פון דער רוסלענדישער סאָציאַלדעמאָקראַ-
טישער אַרבעטערפּאַרטיי, אַנערקענען מיר די גאַנצע שווערקייט און קאָמפּלי-
צירטקייט פון אונדזער אויפגאַבע. דעם פּראָלעטאַריאַט פון די נאַציאָנאַליטעטן,
וואָס וואָינען דאַ, קומט אויס צו קעמפן אין אַן אַטמאָספער, וואָס איז אנגע-
זעטיקט מיטן נאַציאָנאַלדעמאָקראַטישן דאַמף. זי רינגלט אים אַרום מיט איר
שטרעמונג, גיסט אַריין אין זיינע רייען אָפּאָרטוניסטישע עלעמענטן, לייגט אַף
אים ארויף איר שטעמפּל פון אַנטאַגאָניזם, פירט דורך צווישן די פּראָלעטאַ-
ריער פון די פאַרשיידענע נאַציאָנאַליטעטן, וואָס קעמפן קעגן איין אַלגעמיינעם
פּאָליטישן רעזשים, אַ שפּאַלטונג.

די אַרויסטרעטונג פונם „בונד" פון דער פּאַרטיי איז ניט געווען קיין צו-
פעליקע; זי איז געווען צוגעגרייט דורך דער גאַנצער פריקער אַנטוויקלונג.
די רעשטן פון די עקאָנאָמיסטישע טענדענצן און די שפּראָצונגען פון די נאַ-
ציאָנאַליסטישע שטרעמונגען, וואָס האָבן אַריינגעדרונגען אין די לעצטע יאָרן
אין „בונד", צוזאַמען מיט דעם אָרגאַניזאַציאָנעלן פּאַטריאָטיזם זיינען געווען
די סיבעס פון דעמדאָזיקן טרויעריקן פאַקט.

די פּאַרטיי, וועלכע האָט נאָך ניט באַוויזן צו דער צייט פון 2-טן צוזאַ-
מענפאָר צו איבערציינגן מיט איר קריטיק די בונדיסטן, אַז זיי זאָלן זיך אָפּ-
זאָגן פון זייערע ניט-סאָציאַלדעמאָקראַטישע טענדענצן, איז אויך ניט געווען אים-
שטאַנד אַפּן צוזאַמענפאָר גופע אָפּצוהאַלטן דעם „בונד" פון דעם פּאַטאַלן טריט.
מיט וועלכן ער האָט צעריסן די אָרגאַניזאַציאָנעלע פאַרבינדונג צווישן דעם רוסישן
און יידישן פּראָלעטאַריאַט. דער צוזאַמענפאָר, נאָכדעם ווי ער האָט באַהאַנדלט
און אָנגענומען (צוזאַמען מיט די דעלעגאַטן פון „בונד") די פּאַרטעיִשע פּראָ-
גראַם, האָט געמוזט אַוועקשטעלן אַפּן ערשטן פּלאַן, צוטרעטנדיק צו דער אָר-
גאַניזאַציאָנעלער פראַגע, די פראַגע וועגן דער באַציִונג פונם „בונד" צו דער
פּאַרטיי. האָבנדיק פאַר זיך דעם פּראָיעקט פון אַ פעדעראַטיווער פּאַרטיי, וועלכן
עס האָט אויסגעאַרבעט דער פינפטער צוזאַמענפאָר פונם „בונד", האָט דער
פּאַרטעיִשער צוזאַמענפאָר דען געקאָנט דערלאָזן, ניט גייענדיק קעגן דער
פּרימיטיווער לאָגיק, אַז אַן אָרגאַניזאַציע, וועלכע באַשטימט אַווטאָנאָם אירע
אינערלעכע אָנגעלעגנהייטן, זאָל אין דערזעלבער צייט האָבן אַ ווירקנדיקע
שטים באַם באַהאַנדלען די אינערלעכע אָנגעלעגנהייטן פון אַנדערע אָרגאַניזאַ-

ציעס פון דער פאַרטיי, אין וועלכער זי וויל אַריינטרעטן אַלס אַ פעדעראַטי-ווער טייל?

די אויפגאַבן פון דער רעוואָלוציאָנערער סאָציאַלדעמאָקראַטיע איז—פאַר-שאַרפן און פאַרטיפן די קלאַסנווידערשפרוכן פון דער איצטיקער געזעלשאַפט, קעמפן קעגן אַלץ, וואָס פאַרטונקלט דעם קלאַסנבאַוווּסטזיין פונם פּראָלעטאַ-ריאַט, וואָס טראָגט אַ פרעמדע פאַר אים אידעאָלאָגיע. אונדזער אויפגאַבע איז אויפצודעקן פאַר דעם פּראָלעטאַריאַט, וואָס וואָינט דאָ, דורך דער סאָציאַלדע-מאָקראַטישער קריטיק, די נאַציאָנאַליסטישע טענדענצן, וואָס זיינען אים פרעמד. און דורך דעם אפריייניקן די אַרבעטעראָרגאַניזאַציע פון די ווייטיקע עלעמענטן, וואָס האָבן זיך צו איר צוגעקלעפּט, אונטערשטרייכנדיק און אָנווייזנדיק אַף דער נויטיקייט פון אַן ענגסטער פאַרייניקונג אין אן איין אייניקער פּאָלי-טישער פּראָלעטאַרישער פאַרטיי. נאָר אַזאַ פאַרטיי קען געבן די העכסטע פאָרם פון אנטוויקלונג פון קלאַסנבאַוווּסטזיין.

די רעוואָלוציאָנערע סאָציאַלדעמאָקראַטיע ווייס נאָר איין פאָרם פון קאַמף—דעם קלאַסנקאַמף. בלויז ער באַשטימט די אינטערעסן פונם פּראָלעטאַריאַט אַלס גאַנצן, און אין זיין אַנטוויקלונג טראָגט ער די עמאַנסיפּאַציע, פירט צו דער פאַרניכטונג פונם נאַציאָנאַלן דרוק אין אַלע זיינע דערשיינונגען, צו דער פאַרטיידיקונג פון דער קולטור, צו פּראָגרעס.

אין אן אינטערעסאַנטן היסטאָרישן מאָמענט טרעט אַרויס אונדזער קאָמי-טעט. די אַוואַנטיוריסטישע פּאָליטיק פון דער רוסישער זעלבסטהערשונג האָט זי געבראַכט קעגן איר ווילן צו אַ געפערלעכן קאַרטנזאַק, און זי איז שוין גרייט אַנידערצופאַלן אונטער דער שווערקייט פון איר אייגענעם פאַרברעך. עס איז שוין נאָענט די שאָ, ווען איר וועט אויסקומען צו באַצאָלן פאַר אַלע אי-רע כאַטאָים.

נאָר דורך פאַרייניקטע אָנשטרענגונגען קען דער פּראָלעטאַריאט באַקומען דעם מאַקסימום פון דעם, וואָס אים קען געבן די קומענדיקע רעוואָלוציע, און מיר רופן די באַוווּסטזיניקע סאָציאַלדעמאָקראַטישע עלעמענטן שטעלן זיך אין פעסטע געשלאָסענע רייען אונטער דער פאָן פון דער רוסלענדער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער אַרבעטערפּאַרטיי.

יוני, 1904.

## דער צאָפנמאַירעוודיקער קאָמיטעט
## פון דער ר. ס. ד. א. פּ.

# יאָרבאַריכט פון צאָפּנמאַירעוודיקן קאָמיטעט פון דער ר. ס. ד. א. פּ.

(„איסקרא״, נומ. 78, 1904).

שוין באַלד אַ יאָר, זינט עס איז פארגעקומען דער צווייטער צוזאַמענפאָר פון דער ר.ס.ד.א.פּ. און אויך אַזוי פיל איז פאָריבער, זינט אין דעם צאָפּנ-מאירעוודיקן געגנט האָט זיך אָנגעהויבן די פאַרטעישע אַרבעט.

נאָך אסאַך פריער פאַרן צוזאַמענפאָר פון אונדזער פאַרטיי, אין רעכטן ברען פון אונדזער פאָלעמיק מיטן „בונד״, האָבן זיך אינם לעצטן באוויזן איינצלנע גרופן אַרבעטער, וואָס זיינען געווען ניט צופרידן מיט דער בונדישער פאָזיציע אין דער נאַציאָנאַלער און אָרגאַניזאַציאָנעלער פראַגן, וואָס האָבן געבילדעט אַ גע-היימע אָפּאָזיציע. די הויפטסיבע פון דער אומצופרידנהייט איז געווען די אָר-גאַניזאַציאָנעלע פראַגע. אַזאַ אָפּאָזיציע האָט עקזיסטירט אין מינסק, ווילנע און אין אַ גאַנצער ריי קליינע שטעטלעך. שפּעטער זיינען איינצלנע מער באוווסט-זיניקע אפּאָזיציאָנערן געוואָרן אָפּענע קעגנער פון דער בונדישער פּאָליטיק און, כאָטש זיי זיינען געבליבן אין דער אָרגאַניזאַציע, האָבן זיי פונדעסטוועגן גע-פירט אַ פּאָלעמיק, פאַרטיידיקנדיק דעם פארטעישן שטאַנדפונקט.

אָט אַזא לאַגע איז געווען אין דער צייט, ווען די פארטעישע גרופּעס זיי-נען אַרויסגעטראָטן אין אונדזער געגנט. בענויגייע דעם פּראָלעטאַריאַט פון אַנ-דערע נאציאָנאַליטעטן, איז די לאַגע געווען אַביסל אַנדערש. דער לעצטער איז געווען אָרגאַניזירט נאָר אין ווילנע און סמאָרגאָן, ניט רעכענענדיק די איינצלנע פּרוון אָנצוהויבן אַרבעטן צווישן דעם קריסטלעכן פּראָלעטאַריאַט אין דווינסק, וויטעבסק און מינסק. צווישן דעם פּוילישן פּראָלעטאַריאַט האָט גע-אַרבעט הויפּטזאַכלעך די פּ.פּ.ס.; די ליטווינער און פּ.ס.ד. האָבן געהאַט זייער שוואכע פאַרבינדונגען.

ווען דער „בונד״ איז אַרויסגעטראטן פון דער פאַרטיי און די פולשטענדי-קע צושפּאַלטונג איז געוואָרן אַ פאַקט, האָבן איינצלנע רעוואָלוציאָנערן אין אונדזער געגנט, וואָס האָבן זיך אָנגעשלאָסן לויט זייערע אָנשויונגען אן דער פּאַרטיי, נאר האָבן דא געאַרבעט אין אַנדערע אָרגאַניזאציעס אָדער אין אַלגעמיין-פּאַרטעישע גרופּעס, געגרינדעט באַזונדערע פארטעישע גרופּעס. דאָס איז פּאָרגעקומען נאָכדעם, ווי זיי האָבן זיך פאַרייניקט מיט די אויבנדערמאָנטע עלעמענטן פון „בונד״, וואָס זיינען ארויסגעטראָטן פון אים נאָכן צוזאמענפּאָר (ווי דאָס איז געווען אין מינסק און אין ווילנע), אָדער וואָס האָבן פּאָשעט אָנגעהויבן אַרבעטן באַזונדער, פאַרבינדנדיק זיך מיט דער אַרבעטערסוויווע (אַזוי איז געווען אין דווינסק און אין אנדערע ערטער).

פֿאַר די פּאַרטעיִשע גרופּעס איז געשטאַנען אַן ערנסטע און שווערע אויפֿגאַבע: ערשטנס, פֿירן אַ סאָציאַלדעמאָקראַטישע אַרבעט, וועלכע ווערט שטאַרק פֿאַרוויִקלט דורך דער נאַציאָנאַלער אָפּגעזונדערטקייט, וואָס ציט איר יעניקע פֿון דער רוסיפֿיקאַטאָרישער פּאָליטיִק פֿון דער רעגירונג און דער אויסנאַמלאַגע פֿון די ייִדן; און, צווייטנס, קעמפֿן קעגן די נאַציאָנאַליסטישע און סעפּאַראַטיסטישע טענדענצן, מיט וועלכע עס האָבן זיך שטענדיִק אויסגעצייכנט די פּ. פּ. ס. און אין די לעצטע יאָרן אויך די טעטיקייט פֿון „בונד“.

גאָר אין אָנהויב האָט זיִך די אַרבעט פֿון די גרופּעס געפֿירט אין קרייזלעך, וועלכע האָבן געשטרעבט אויסצואַרבעטן אַ קערן פֿון באַוווּסטזיניקע טוער פֿאַר דער ווייטערדיקער טעטיקייט. נאָר אַף וויפֿל דידאָזיקע אַרבעט האָט זיך אָנגעהויבן צו אַנטוויקלען אין דער ברייט, זיינען געוואָרן נויטיק אַגיטאַציעליטעראַטור, וואָס זאָל טראָגן אַן אָרטיקן און אַן אַלגעמיין-פּאָליִטישן כאַראַקטער, און אויך אַ ברייטע מאַסנדיקע מונדלעכע אַגיטאַציע. אָט די אַלע פֿאָדערונגען זיינען געווען ניט נאָך די קויכעס פֿון די שוואַכע גרופּעס, און דעריִבער האָט זיך, נאָך אַ האַלביאָריקער אַרבעט, געבילדעט דער צאָפּנמאַירעוודיקער קאָמיטעט.

דער ראַיאָן פֿון אונדזער טעטיקייט איז איבערהויפּט א האַנטווערקערשער, אַ קליינבורזשואַזער, מיִט אַ שוואַך אַנטוויִקלטער פֿאַבריקפּראָדוקציע. דער גרעסטער טייל פֿון דער שטאָמישער פּראָלעטאַרישער מאסע באַשטייט פֿון ייִדן. צווישן די קריסטן איז קיין ערנסטע באַוועגונג אין ערגעץ ניטאָ און דאָס שטערט זייער דעם אַקטיוון קאַמף פֿונם ייִדישן פּראָלעטאַריאַט, ווארום די אָפּגעשטאַנענקייט פֿונם פּראָלעטאַריאַט פֿון די אַנדערע נאַציאָנאַליטעטן טאָרמאַזירט דעמדאָזיקן קאַמף און פֿאַרניכטעט פֿאַקטיש בא די אַרבעטער פֿון אונדזער קאַנט דעם באַוווּסטזיין פֿון סאָלידאַריטעט און אַלגעמיינהייט פֿון אונדזערע אינטערעסן. קעדיי אויסצומיידן די פֿעלערן פֿון די „אַלטע“ רעוואָלוציאָנערן, האָט דער צאָפּנמאַירעוודיקער קאָמיטעט, שטייענדיִק אינגאַנצן אַפֿן שטאַנדפּונקט פֿון דער פּאַרטיי אין דער אינטערנאַציאָנאַלער און אָרגאַניִזאַציאָנעלער פֿראַגן, גלייך אין אָנפֿאַנג פֿון זיין טעטיקייט באַשטימט אָנצוהויבן אַרבעטן צווישן די אַרבעטער פֿון אַ ל ע נ א צ י אָ נ א ל י ט ע ט ן, שטרעבנדיק צו פֿאַרפֿעסטיקן זיך אין דער וויניק אָנגערידטער קריסטלעכער מאַסע און אָפּגעבנדיק אַ באַזונדערע אויפֿמערקזאַמקייט דער אַרבעט צווישן די פֿאַבריקאַרבעטער.

די יאָריקע דערפֿאַרונג פֿון די גרופּעס און דעם קאָמיטעט האָט באַוויזן, אַז זיי זיינען פֿולקום אימשטאַנד צו באַפֿרידיקן די באַדערפֿעניִשן פֿון דער אָרטיקער מאַסע בענויגייע צו דער שפּראַך, צו פֿאַרשטיין די אייניקע באַזונדערקייטן פֿון די אָרטיקע באַדינגונגען, צופּאַסן זיִך צו דער אַגיטאַציע א. א. וו. די פֿאַרשיידנפֿאַרביקייט פֿון צוזאַמענשטעל קען בעשום אויפֿן ניט שטערן די

אַרבעט, פֿאַרקערט, זי פאַרייניקט און באַגייסטערט נאָך מער. אַכוץ דעם קע־נען מיר אָנווייזן אף דער מעגלעכקייט צו אָרגאַניזירן אַלגעמיינע פֿאַרזאַמלונ־גען אַפילע דענסטמאָל, ווען אַף די לעצטע טרעטן אַרויס רעדנער אַף ייִדיש, פוילישׁ און רוסיש *).

די געמיינזאַמקייט פֿון די אַרבעטעראינטערעסן ווערט באַוויזן ניט נאָר דורך די דאָזיקע „טעכנישע באַדינגונגען", נאָר—און דאָס איז פיל וויכטיקער—דורך דעם באַוואוסטזיין, אַז די אַרבעט פֿירט זיך דורך איין סאָציאַלדע־מאָקראַטישער אָרגאַניזאַציע, וואָס מאַכט ניט קיין אָרגאַניזאַציאָנעלן אונטער־שייד צווישן קריסטן און ייִדן...

איבערגייענדיק צו די פּראַקטישע רעזולטאַטן פֿון אונדזער אַרבעט, קענען מיר פאַר די 5 כאַדאָשים אָנווייזן... אף די פֿאָלגנדיקע ציפֿער:

דער „צאָפּנמאַירעווודיקער קאָמיטעט" האָט אַרויסגעגעבן די פֿאָלגנדיקע בלעטלעך (אַלע געדרוקטע): „מעלדונג וועגן דער בילדונג פֿון צאָפּנמאַירעוו־דיקן קאָמיטעט"—4000 עקז., „די מילכאָמע און די אַרבעטלאָזיקייט"—8000 עקז.

אין דער דרוקעריי פֿונם קאָמיטעט זיינען געדרוקט געוואָרן די בלעטלעך פֿון „איסקראַ": „צום אַרבעטערפֿאָלק" (וועגן דער דערמאָרדונג פֿון פלעווען)—9000 עקז., „שוין צייט"—10.000 עקז., „צו די בירגער" (וועגן דעם הונגער־שטרייק), אַרויסגעגעבן פֿון ווילנער גרופּע—1000 עקז. די לעצטע האָט אויך אַרויסגעגעבן א בלעטל וועגן דעם דענקמאָל, וואָס מע האָט געשטעלט קאַ־טערינע דער צווייטער,—אין רוסיש און פויליש—3000 עקז. די ווילנער אָר־גאַניזאַציע פֿון דער שטודירנדיקער יוגנט: „צו די שטודירנדיקע"—1000 עקז. דער צ. ק.: „פּאָרטאַרטור און ליאַאָיאַן"—12.000 עקז.

אין סאַכאַקל איז פֿאַר דער אַנגעוויזענער צייט אָפּגעדרוקט געוואָרן אין דער דרוקעריי פונם קאָמיטעט 55.000 עקזעמפּליאַרן. אַהער ווערן, פאַרשטייט זיך, ניט אַריינגערעכנט די פּראָקלאַמאַציעס און די בלעטלעך פֿון די אָרטיקע גרופּעס, וואָס זיינען געדרוקט געוואָרן אף אַ העקטאָגראַף, און די בלעטלעך פֿון „איסקראַ" און צ. ק., וואָס זיינען פאַרשפּרייט געוואָרן אינם ראַיאָן פֿון די גרופּעס. מיר וועלן אויסרעכענען עטלעכע אויסגאַבן, נאָר, צום באַדויערן, האָבן מיר איצט ניט די מעגלעכקייט צו באַצייכענען די צאָל פֿון דער פֿאַרשפּרייטער ליטעראַטור.

ווילנער גרופּע האָט פאַרשפּרייט פֿאַרן 1-טן מאַי 1000 עקז. „צו די בירגער פֿון רוסלאַנד", פונם צ. ק. „צום רוסישן פּראָלעטאַריאַט"—400 עקז. פונם זעלביקן: „א מילכאָמע קעגן דער מילכאָמע", איבערגעדרוקט אַף א

*) מיר ריידן ניט וועגן שטענדיקער מעגלעכקייט פֿון אַלגעמיינע פאַרזאַמלונגען: אָפּטמאָל פֿירן מיר אליין דורך ריין-רוסישע און ריין-זשאַרגאָנישע פֿאַרזאַמלונגען.

(באַמערקונג פֿון אַוטאָר פֿונם באַריכט).

העקטאָגראַף—200 עקז. און פֿאַרשפּרייט די געדרוקטע דורך צ. ק.—300 עקז., „שפּינען און פֿליגן"—מער פֿון 200 עקז. און „פֿון וואָס איינער לעבט" 100 עקז.

דוויִנסקער גרופּע: „מילכאָמע קעגן דער מילכאָמע", „שפּינען און פליגן", „פֿון וואָס איינער לעבט", „צו די דוויִנסקער ארבעטער" 600 עקז. „וועגן דער ארבעטלאָזיקייט", העקטאָגראַפירט, „צו די בירגער פון רוסלאַנד" —600 עקז.

וויטעבסקער גרופּע: „שפּינען און פליגן"—600 עקז. „פֿון וואס איינער לעבט"—300 עקז. „צו די בירגער פון רוסלאַנד"—1000 עקז., „מיל-כאָמע קעגן דער מילכאָמע". צווישן די פויערים איז פֿאַרשפּרייט געוואָרן „צו דער אָרימער באַפֿעלקערונג פֿון דאָרף"—100 עקז.

מינסקער גרופּע: האָט פֿאַרשפּרייט אַלע אויסגערעכנטע אויסגאַבן... אַהער איז ניט אַריינגערעכנט, פֿאַרשטייט זיך, די געוויינטלעכע ליטעראַטור; מיר האָבן אויסגערעכנט נאָר די, וועלכע מע האָט פֿאַרשפּרייט אַף ניט אוועק-צוגעבן צוריק.

די מאַסנאַגיטאַציע האָט זיך ניט באַגרעניצט נאָר מיט בלעטלעך. אלע אָנגערופֿענע גרופּעס און אָרגאַניזאַציעס האָבן אָרגאַניזירט מאסנפֿאַרזאַמלונגען. וועגן עטלעכע פון זיי איז געווען געדרוקט איִן „איסקרא". קיין אויספֿירלעכן באַריכט וועגן דידאָזיקע פֿאַרזאַמלונגען וועלן מיר ניט געבן. מיר וועלן נאָר אָנווייזן, אַז זיי זיינען איִן ערגעץ ניט באַשטאַנען פֿון ווייניקער ווי 50 מענטשן, ניט רעכענענדיק די צופעליקע פארזאַמלונגען פֿון 15—20 מענטשן, וועלכע אייניקע גרופּעס פירן דורך גאַנץ אָפט. בלויז אין ווילנע, אַדאַנק די אָרטיִקע פּאָליִצעיִשע באַדינגונגען, זיינען די פארזאַמלונגען באַשטאַנען ניט מער ווי פון 30 מענטשן, אַכוץ דער לעצטער פאַרזאַמלונג פֿון 60 מענטשן וועגן דעם דענקמאָל יעקאַטערינע דער צווייטער, וועגן וועלכער עס איז גע-ווען איִן „איִסקראַ".

דער ראַיאָן פֿונם צאָפנמאַירעוודיִקן קאָמיִטעט האָט זיך שטאַרק פֿאַר-ברייטערט, און איצט גייען איִן אים אריין דיִ פֿאלגנדיקע גרופּעס און אָרגא-ניִזאַציעס:

ווילנער גרופּע—120 אָרגאַניזירטע אַרבעטער, אַכוץ דעם אַרום 200—250, וואס לייענען ליטעראַטור. אין איר גייט אַריין די סמארגאנער ארבעטער אָרגאַניזאַציע—175 ארגאַניזירטע אַרבעטער.

מינסקער גרופּע—150 אָרגאַניזירטע ארבעטער, מער פֿון 200, וואָס לייענען ליטעראַטור. אין איר גייט אַריין די באָברויסקער גרופּע—75 אָרגאניזירטע אַרבעטער.

וויטעבסקער גרופּע—180 אָרגאַניזירטע ארבעטער, אַרום 150—וואָס לייענען ליטעראטור. אין איר גייען אריין: דיִ פויערשע סאָציאלדע-

מאָקראַטישע אָרגאַניזאַציע—75 אָרגאַניזירטע פּויערים, מער ווי 200, וואס לייענען ליטעראַטור; נעוועלער אַרבעטעראָרגאַניזאַציע—35 אָרגאַניזירטע ארבעטער; וועלישער אַרבעטעראָרגאַניזאציע—25 אָרגאַניזירטע ארבעטער; דווינסקער גרופּע—25 אָרגאניזירטע ארבעטער; סאָלאָקער ארגאַניזאציע—60 אָרגאַניזירטע אַרבעטער. אכוץ דעם האָט דער קאָמיטעט פאַרבינדונגען מיט קאָוונע, באָריסאָוו, פּאָלאָצק, סלוצק און אַנדערע שטעט.

פֿון דער אלגעמיינער צאָל 970 אָרגאַניזירטע ארבעטער און פּויערים זיינען יידישע אַרבעטער — 575, רוסישע, פּוילישע און לעטישע — 320, פּויערים 570.

דער ברייטער מאַסנדיקער אַגיטאַציע שטערט שטאַרק דאָס, וואָס עס איז ניטאָ קיין זשארגאָנישע ליטעראַטור. דאָס איז איצט איינע פון די פֿראגן, וואָס שטייען פֿאַרן קאָמיטעט. מיר דריקן אויס אונדזער האָפענונג, אַז דער צענטראַלאָרגאן און דער צענטראַלקאָמיטעט וועלן קומען אנטקעגן דערדאָזיקער שטארקער נויטווענדיקייט און וועלן זיך באמיען צו באַשאַפן אַ זשארגאָנישע ליטעראַטור, גלייכצייטיק מיט דער ארמענישער און גרוזינישער.

פאַרענדיקנדיק דעמדאזיקן באַריכט, דריקן מיר אויס די פֿולשטענדיקע זיכערקייט אין דער מעגלעכקייט פֿון אן ענגער פאריייניקטער אַרבעט צווישן די פראָלעטאריער פֿון אַלע נאַציאנאליטעטן פון רוסלאַנד אונטער דער פאָן פֿון דער אייניינציקער ר. ס. ד. אַרב. פּאַרטיי.

## דער צאָפֿנמאירעוודיקער קאָמיטעט פֿון דער רוסלענדער סאָציאַלדעמאָקראטישער אַרבעטערפּאַרטיי.

## די באָלשעוויקעס וועגן בונד.

פֿון די דעבאַטן אַפֿן III צוזאמענפֿאָר פֿון ר. ס. ד. א. פּ. (ב) „דער III אָרדנטלעכער צוזאמענפאָר פון דער ר. ס. ד. א. פּ. אין 1905“. מאסקווע, 1924. ז. ז. 411—416.

דעדושקין (באַבושקין *). איך וויל זאָגן עטלעכע ווערטער וועגן אונדזער באַציונג צום בונד. אויב מיר, קעגנער פון פֿעדעראַציע, געפינען פאַר ווינטשנסווערט די עקזיסטירונג פון באזונדערע פּאָליטישע ס.-ד. אָרגאניזאציעס מיט א ברייטער אווטאָנאָמיע, קענען מיר וועגן בונד דאָס ניט זאָגן.

מיר דוכט זיך׳ אז אויך דער צווייטער צוזאמענפֿאָר האָט געקוקט אַף דערדאָזיקער פראגע אזוי, אז אַ באזונדערע יידישע אָרגאניזאציע מיט א מער

*) דעלעגאט פֿון מינסקער גרופּע.

אָדער ווייניקער ברייטער אויטאָנאָמיע מוז פֿריער אָדער שפּעטער פֿאַרשווינדן (לענין: „הערט, הערט!") און אויב דער צווייטער צוזאַמענפֿאָר, ווענדיק אויסמיידן אַ צעשפּאַלטונג, איז געווען געצוווּנגען צו געבן דעם בונד זייער אַ ברייטע אויטאָנאָמיע, האָבן מיר איצטער קיין רעכט ניט דאָס צו טאָן.

קיין קלאַסנבאָדן איז פֿאַר דעם יידישן נאַציאָנאַליזם ניטאָ; ס׳איז דאָ אַ שטרעבונג פֿון דער בורזשואַזיע צו פֿאַרטונקלען דעם קלאַסנבאַוווּסטזיין פֿונם יידישן פּראָלעטאַריאַט מיט בורזשואַזע אידייען. דערדאָזיקער שטרעבונג ווירקן מיט אויסשליסלעך די געזעצן פֿון דער זעלבסטהערשנדיקער רעגירונג, וואָס זיינען געווענדעט קעגן די יידן.

און די אידייע פֿון נאַציאָנאַליזם האָט צווישן דעם יידישן פּראָלעטאַריאַט ווירקלעך קיין דערפֿאָלג ניט געהאַט, און די אַלע נאַציאָנאַליסטישע אַנשוויונגען פֿון די אַרבעטער האָט דער בונד דערנאָך אָנגענומען אַף דעם געקינסטלעכטן אויפֿן (לענין און אַנד.: „הערט, הערט!").

איך דערמאָן זיך אַף דער יידישער יוגנט פֿון דער ערשטער צייט פֿון בונד, איידער ער האָט זיך נאָך געבילדעט, ווען סיי די אינטעליגענטן, סיי די אַרבעטער—יידן, ווי נאָר זיי פֿלעגן אַראָפּוואַרפֿן פֿון זיך די טראַדיציעס פֿון די אַלטמאָדישע יידן, פֿלעגן אָנהויבן אַן אַנטשיידענעם קאַמף מיט דעם נאַ-ציאָנאַליזם. איך דערמאָן זיך אַף די ערשטע בונדיסטן, דאָס זיינען געווען וווּנדערבאַרע מענטשן. זיי פֿלעגן זיך בעשום אויפֿן ניט פֿאַרשפּאַרן אין די ענגע ראַמען פֿון זייער אייגענעם שמאָלן קרייז. זיי זיינען געווען מוטיקע קעמפֿער קעגן דער זעלבסטהערשונג און ניט צוליב דעם נאָר, קעדיי אויסצו-דינגען מער רעכט פֿאַר יידן. זיי האָבן געהאַסט דעם דעספּאָטיזם און האָבן געקעמפֿט פֿאַר אַ פֿולשטענדיקן דעמאָקראַטיזם אין אַלע זיינע דערשיינונגען. זיי האָבן זיך ניט אינטערעסירט נאָר מיט די אָנגעלעגנהייטן פֿון דעם אייגענעם פּאָטערלאַנד, זיי האָבן זיך ניט פֿאַרשפּאַרט אין אַזעלכע שמאָלע ראַמען. די אָנגעלעגנהייטן פֿון אונדזערע דייטשישע, פֿראַנצויזישע און אַנדערע ברידער האָבן זיי אויך פּונקט אַזוי לעבהאַפֿט אינטערעסירט.

און ס׳איז אַ גרויסן שולד האָט אַף זיך גענומען דער בונד, ווען ער האָט זיך באַמת אָנצובינדן אָט די דאָזיקע וווּנדערבאַרע סאָציאַלדעמאָקראַטן זיינע נאַציאָנאַליסטישע אַנשוויונגען! אין דער צייט פֿונם צווייטן צוזאַמענפֿאָר בין איך געזעסן אין טורמע. ווען מע האָט מיך נאָכן צוזאַמענפֿאָר באַפֿרייט און אַרויסגעשיקט אונטער פּאָליציייִשער אויפֿזיכט אין אַ שטאָט פֿון צאָפּנמאַירעוו-דיקן קאַנט, האָבן די רעזולטאַטן פֿון דער בונדישער פּאָליטיק זיך געלאָזן פֿילן.

גלייך נאָך מיין קומען בין איך קאָאָפּטירט געוואָרן אין דער אָרטיקער בונדישער אָרגאַניזאַציע (איך האָב זיך אויסגעבעטן פֿרייהייט פֿון וואָרט, און אַדאַנק דעם האָב איך געקענט פּאַראַליזירן די בונדישע טאַקטיק אין דערדאָזי-

קער אָרגאַניזאַציע), און איך האָב געקאנט באַאָבאַכטן די בונדיסטן. פֿון איין זייט האָבן איינצלנע בונדיסטן זיך גענומען גריבלען, קעדיי אויסצוטראַכטן וועלכע ניט איז באַזונדערקייטן אינם יידישן פּראָלעטאַריאַט, צוליב וועלכע ער דאַרף זיך אָרגאַניזירן אין אַ באַזונדער יידישער פּאַרטיי. פֿון דער אנדער זייט, האָבן זיך די בונדישע אינטעליגענטן מיר געקלאָגט, אַז די ארבעטער קאָנען בעשום אויפֿן ניט פֿארשטיין די ארטיקלען וועגן דער נאַציאָנאַלער פראַגע, וואָס עס דרוקן זיך אין די בונדישע אויסגאבן.

אין דער צייט איז מיר אויסגעקומען צו זיין אין דער שטאָט ב.*) און ארויסטרעטן דאָרטן אַף אַ פֿאַרזאמלונג פֿון די בעסערע אָרגאַניזירטע בונדישע ארבעטער. גערעט האָב איך וועגן דער נאַציאָנאַלער פֿראגע און וועגן דער פּאָזיציע פון בונד, און די גאַנצע פֿארזאמלונג האָט ווי איין מענטש געפּאָדערט פֿון מיר אַן אַנטשפּרעכנדיקע רעזאָלוציע.

אָט אזא לאגע איז געווען אין דעם מאָמענט, ווען דער בונד איז ארויס פֿון דער פּאַרטיי. ווען די ברייטע שיכטן פֿון די בונדישע ארבעטער האבן זיך פֿון דעם דערוווסט, האָט זיך אָנגעהויבן אין אלע אָרגאניזאציעס אַ שטאַר-קע אופֿרעגונג. אין דערדאָזיקער צייט איז דערשינען אין „איסקרא״ מיין פּרי-וואַטער בריוו, וואָס איז געווען אָפּגעדרוקט אָן מיין דערלויבעניש, אין וועלכן עס האָט זיך גערעט וועגן דעם, און ער האָט ארויסגערופֿן אַ גאַנצן שטורעם צווישן די „רעכטגלויביקע״ בונדיסטן. דער בונד האָט מאָביליזירט אלע זיינע קרעפטן. די בעסטע בונדישע רעדנער האָבן גלייך אָנגעהויבן ארומפֿאָרן זייער ראיאָן און גענומען אָן שום ראכמאָנעס „ארייגקלאַפּן״ אין די קעפּ פֿון די יידישע ארבעטער די נאַציאָנאַליסטישע אידייען פון בונד. די רעדנער פֿלעגן זיך פאר קיין זאַך ניט אָפּשטעלן: מע פלעגט זיך באַנוצן מיט דער ברייטסטער דעמאגאגיע.

די פארטעיִשע טוער, וואָס האָבן זיך דענסטמאָל געפֿונען אין דעם צאָפּנ-מאירעוודיקן געגנט, זיינען ניט געווען צוגעגרייט צו אַזאַ אַטאַקע. אונדזער פּאַרטיי האָט ניט נאָר ניט מאָביליזירט אירע קרעפּטן אַף צו ווירקן קעגן אָט דער טעטיקייט פֿון בונד, נאָר די איינצעלנע אירע אָנהעגער, וואָס האבן זיך דעמאָלט געפֿונען אינם ראיאָן פֿון בונד, זיינען אַפּילע ניט געווען פֿארבונדן צווישן זיך און האָבן קימאַט גאָרניט געקענט טאָן.

דער בונד האָט טריומפֿירט. אָבער ס׳אַראַ גרויסן שאָדן עס האָט געבראַכט דערדאָזיקער ניצאָכן.

פרעגט זיך, צו האָבן מיר רעכט נאָך אלץ, וואָס דער בונד האָט אופֿגעטאָן... צו געבן אים אַזאַ ברייטע אַווטאָנאָמיע, ווי די, וועלכע מיר האָבן אים געוואָלט געבן אַפֿן II צוזאמענפֿאָר? איך רעכן, אז מיר האָבן דאָס קיין רעכט

*) באריסאָוו.

ניט צו טאָן. מיר קענען די פּראַגע וועגן בונד דערלייזן מיט אַ מער ראַציאָנעלן מיטל, מיר דאַרפֿן איצט איינצלנע בונדיסטן דורכזייען דורך אונדזער אָרגאַניזאַציע, דאַן קענען מיר זיין גאַראַנטירט, אַז די אַלע ניט סאָציאַלדעמאָקראַטישע אידייען, וואָס די בונדיסטן האָבן אָן אַ קאָנטראָל אַריינגעקלאַפּט אין די קעפּ פֿון די יידישע אַרבעטער פֿאַר די לעצטע צוויי יאָר, וועלן זיך ניט אַריבערטראָגן אין אונדזערע אָרגאַניזאַציעס.

אַזאַ גאַראַנטיע האָבן מיר ניט, אויב דער בונד, אַלס אַ זעלבסטשטענדיקע אָרגאַניזאַציע, וועט אַריין אין אונדזער פּאַרטיי מיט אַ ברייטער אַווטאָנאָמיע. איך רעכן אַלזאָ, אַז מיר דאַרפֿן טאָן אַלץ, וואָס אָן אונדז ווענדט זיך, אַז איינצלנע בונדיסטן זאָלן אַריבערגיין צו אונדז. איך בין קעגן דעם, אַז מע זאָל דורכקומען מיטן בונד, פֿאַרשטעלנדיק אים אַ ברייטע אַווטאָנאָמיע.

נאָר עס פרעגט זיך, צי איז דאָס אַ לייזונג פֿון דער פּראַגע? איך פֿאַרזיכער, אַז יאָ. אַז גראָד אַף אַזאַ אויפֿן קענען מיר אַם ראַציאָנעלסטן לייזן די פּראַגע וועגן בונד. די זאַך באַשטייט אין דעם, אַז באַ אונדז איז איצטער דער באָדן אינגאַנצן צוגעגרייט דערצו, אַז די בונדיסטן זאָלן אַריבערגיין צו אונדז מאַסנווייז, און אויב מיר וועלן נאָר קענען גוט דערפֿילן אונדזער אויפֿגאַבע, וועט די פּראַגע געלייזט ווערן אין דער גאָר נאָענסטער צוקונפֿט.

איך האָב שוין דערמאָנט וועגן דער שטימונג פֿון דער בונדישער מאַסע ביז און נאָך דעם צוזאַמענפֿאָר. דידאָזיקע שטימונג האָט זיך אינם איצטיקן מאָמענט ווידער שאַרף אומגעביטן צום גונסטן פֿון אונדזער פּאַרטיי. דאָס איז אַ דאַנק דעם 9-טן יאַנוואַר. ווען אין רוסלאַנד האָט זיך אָנגעהויבן צו פילן אַן עמעסע רעוואָלוציע, האָבן די בעסערע בונדיסטן און די ברייטסטע בונדישע מאַסן פֿאַרשטאַנען די פֿאַלשקייט פֿון דער פּאָליטיק פון אָפּגעזונדערטקייט. אַ סאַך פֿון זיי זיינען שוין אַריבער צו אונדז, און אויב דער גרעסטער טייל בונדיסטן בלייבט נאָך באַם בונד, דערקלערט זיך דאָס דערמיט, וואָס אונדזער צאָפֿנמאַירעוודיקער קאָמיטעט, צום אומגליק, דערפֿילט לאַכלוטן ניט זיין אויפֿגאַבע.

מיר אַרבעטן שוין אין צאָפֿנמאַירעוודיקן קאַנט שוין מער פֿון אַ יאָר און מע קען זיכער זאָגן, אַז מיר האָבן דאָרטן געהאַט אַ גוטן ערפֿאָלג. נאָר דעמדאָזיקן ערפֿאָלג האָבן מיר צו פֿאַרדאַנקען וועמען איר ווילט, נאָר ניט דעם צאָפֿנמאַירעוודיקן קאָמיטעט, עס איז גענוג צו זאָגן, קעדיי צו כאַראַקטעריזירן דעמדאָזיקן קאָמיטעט, אַז ער האָט ביז אַהער ניט אַרויסגעלאָזן קיין איין געדרוקטן בלעטל אַף דעם יידישן זשאַרגאָן, און דאָס איז אין דער צייט, ווען אַרום 70 פּראָצ. אָרגאַניזירטע אַרבעטער זיינען באַ אים יידן. מער ניט פֿאַר דער לעצטער צייט האָבן איינצלנע גרופּעס, ווען זיי האָבן זיך איבערצייגט, אַז וואַרטן אַף הילף פֿונם צאָפֿנמאַירעוודיקן קאָמיטעט קען מען ניט, אַליין גענומען אַרויסלאָזן העקטאָגראַפּירטע זשאַרגאָנישע בלעטלעך. און וואָלט נאָר

כאָטש איין ענערגישער מענטש געווען אין דעמדאָזיקן קאָמיטעט, וואָלט אַוועקשטעלן אַ זשאַרגאָנישע טעכניק געווען זייער ניט קיין שווערע זאַך.

אויב מיר האָבן באַ אַזעלכע שווערע אומשטענדן געהאַט ערפאָלג, דאַרפן מיר דאָס פאַרדאַנקען אויסשליסלעך נאָר דער ריכטיקייט פון אונדזער פּאָזיציע. אויב אָבער די פּאַרטיי וויל אין איצטיקן מאָמענט לייזן די פראגע וועגן בונד, איז דער ראַציאָנעלסטער מיטל, ווי מיר שטעלט זיך פאָר, דער פאָלגנדיקער. דער צ. ק. דאַרף פאַרשטאַרקן דעם צוזאַמענשטעל פונם צאָפנמאַירעוודיקן קאָמיטעט, פאַרוואַנדלען אים אין אַ פאַרבאַנדקאָמיטעט און אויך זאָרגן וועגן אַרויסגעבן זשאַרגאָנישע ליטעראַטור. אויב אונדזערע אָרגאַניזאַציעס אינם צאָפנמאַירעוודיקן קאַנט וועלן זיין גענוג באַזאָרגט מיט מענטשן און טעכניק, וועט דער בונד ניט קענען האָפן אַף אַן ערפאָלג צווישן די פּראָלעטאַרישע מאַסן.

קאָנסטאַנטינאָוו (וולאַדימיראָוו *). דער כאַוועך, וואָס האָט גערעדט וועגן בונד, איז אי אַ פעסימיסט, אי אַן אָפּטימיסט. ער איז זיכער, אַז דער בונד וועט אינגיכן פאַרשווינדן. די גיכע פאַרשווינדונג פון בונד איז אַ גרויסער סאָפעק. עס איז באַ קיינעם ניטאָ אַזאַ דיסציפלין, ווי באַם בונד, דער בונד האָט אַ פעסטע פעריפעריע, באַ וועלכער ס'איז אַנטוויקלט אַ הייסער אָרגאַניזאַציאָנעלער פּאַטריאָטיזם — אַף אַזויפיל, אַז די בונדיסטן וועלן פאַרטיידיקן די מיינונג פונם בונד נאָר דערפאַר, וואָס דאָס איז אַ באַשטימונג פונם בונד, ווען זיי פערזענלעך זאָלן אַפילו ניט זיין איינשטימיק מיט דערדאָזיקער באַשטימונג. דער בונד איז גוט אָרגאַניזירט און דאָס אימפּאָנירט די אַרבעטער, און דער בונד וועט נאָך אַ היפשע צייט זיין לעבנפעיק.

אין דער פראַגע וועגן דער דערנעענטערונג מיטן בונד דאַרף מען זיך רעכענען דערמיט, אַז דער בונד וועט ניט אריין אין דער פּאַרטיי אָן אַוטאָנאָמיע און דידאָזיקע אַוטאָנאָמיע דאַרף מען אים געבן.

די טאַקטיק פון אַ סאך קאָמיטעטן פון ר. ס. ד. א. פּ. אין דעם יידישן „טכום” האַלט ניט אויס קיין קריטיק. דער צאָפנמאַירעוודיקער קאָמיטעט רופט אַרויס מיט זיין קאַמף אַן אופרעגונג באַ די בונדיסטן. ווו אזא מין קאַמף איז ניט געווען בענויגייע צום בונד, דאָרטן האָט זיך די שטימונג פון די אַרבעטער בענויגייע צו אונדז פאַרבעסערט.

די קראַפט פון בונד איז אין אונדזער שוואַכקייט, און אַ שטאַרקע אָרגאַניזאַציע אונדזערע וועט איינברעכן די קראַפט פון בונד. נאָר דאָס איז ניט אַ זאַך פון די נאָענטע כאדאָשים.

דער בונד קען ניט פאַרטראָגן קיין געמיינזאַמע פאַרזאַמלונגען פון יידישע אַרבעטער בונדיסטן און פון ר. ס. ד. א. פּ., קעדיי די יידישע אַרבע-

*) דעלעגאַט פון פּולעסער קאָמיטעט.

טער זאָלן ניט זען די אַרבעט פון אַנדערע אָרגאַניזאַציעס (קוילעס: „הערט, הערט״!), געמיינזאַמע אַרויסטרעטונגען, געמיינזאַמע טעטיקייט—דאָס איז דער בעסטער מיטל אַף צו קעמפן מיט דעם בונדישן נאַציאָנאַליזם.

## רעזאָלוציע פון III־טן צוזאַמענפאָר פון ר. ס. ד. א. פ. וועגן די נאַציאָנאַלע ס. ד. אָרגאַניזאַציעס.

(„דער 3-טער צוזאַמענפאָר פון ר. ס. ד. א. פ. אין 1905״. מאָסקווע. 1924).

נעמענדיק אין אַכט:

1) אַז די אינטערעסן פונם עקאָנאָמישן און פאָליטישן קאמף פונם פראָלעטאַריאַט פאָדערן די פאַרייניקונג פון די סאָציאַלדעמאָקראַטישע אָרגאַניזאַציעס פון אַלע נאַציאָנאַליטעטן פון רוסלאַנד;

2) אַז דער אָפענער רעוואָלוציאָנערער קאַמף, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן קעגן דער זעלבסטהערשנדיקער אָרדענונג און די נאָענטקייט פון א באַוואָפנטן אופשטאנד מאכן אזא פאַרייניקונג באַזונדערס נויטיק,—

באשטעטיקנדיק די באציונג פון II-טן צוזאמענפאָר צו דער פראַגע וועגן פעדעראַליזם, באַופטראָגט דער דריטער צוזאַמענפאָר ווי דעם צענטראַלן קאָמיטעט, אַזוי אויך די אָרטיקע קאָמיטעטן, אָנווענדן אלע באַמיִונגען אַף צו שליסן אַן אָפמאך מיט די נאַציאָנאַלע סאָצ.-דעמ. אָרגאַניזאַציעס, קעדיי צו קאָאָרדינירן די אָרטיקע אַרבעט און צוצוגרייטן אַף אזא אויפן די מעגלעכקייט פון דער פאַרייניקונג פון אַלע סאָצ.-דעמ. פארטייען אין איין איינהייטלעכער רוסלענדער סאָצ.-דעמ. אַרבעטערפּאַרטיי.

## די ערשטע קאָנפערענץ פון צאָפנמאַירעווקאַנט.

(פונם באַריכט אין „פראָלעטאַרי״ נומ. 17 פון 1-טן סענטיאַבר 1905).

עס איז פאָרגעקומען די ערשטע געגנטקאָנפערענץ פון צאָפנמאַירעווקאַנט, אין וועלכער עס האָבן זיך באטייליקט מיט באשטימונגרעכט דעלעגאַטן פונם פאָלעסער קאָמיטעט (2 שטימען), דווינסקער און ריגער קאָמיטעטן, צאָפנמאירעווופארבאנד, ווילנער, מינסקער, וויטעבסקער, סמאַרגאָנער און האָמליער גרופעס און װאַרשעווער מיליטער-רעוואָלוציאָנערער אָרגאניזאַציע (צו 1 שטים); מיט באראטונגרעכט אַ פאָרשטייער פון צ. ק., סמאָלענסקער קאָמיטעט און באָברויסקער גרופע. פון די איינגעלאַדענע זיינען ניט געקומען די פאָרשטייער פונם אָרגאַניזאציאָנעלן קאָמיטעט און פון ריגער גרופע. די באשלוסן פון דער קאָנפערענץ האָט מען באשטימט צוצוגעבן א

באראטנדיקע באדייטונג. די קאָנפערענץ האָט אָנגענומען פאָלגנדיקע רעזאָ-לוציעס.

## א. וועגן דער גאָסודאַרסטווענער דומע.

נעמענדיק אין אכט: 1) אַז די אינטערעסן פונם באפרייונגקאַמף פונם רוסלענדישן פראָלעטאריאט קעגן די פארמעגלעכע קלאסן פארן סאָציאליזם פאָדערן די פולקומענע פארניכטונג פון דער זעלבסטהערשונג און איר פאר-בייטונג מיט א דעמאָקראטישער רעפובליק; 2) אז לויט דעם צאַרישן מאני-פעסט ווערט געגעבן דער גאָסודארסטווענער דומע פון די אזוי גערופענע „פאָלקס״-פאָרשטייער בלויז באראטונגרעכט, און די עקזיסטירנדיקע זעלבסט-הערשנדיקע אָרדענונג בלייבט אלזאָ אומבארירבאר; 3) אז די וואלן אין דער גאָסודארסטווענער דומע וועלן פאָרקומען אָן דער גאראנטיע פון פרייהייט פונם וואָרט, פרעסע, פארזאמלונגען און פאריינען, די וואלן גופע וועלן, הייסט עס, פארוואנדלט ווערן אין א קאָמעדיע; 4) אז מיטן מאניפעסט פון 6-טן אוו-גוסט וועגן דער צונויפרופונג פון דער גאָסודארסטווענער דומע לויט דער ניט אלגעמיינער, ניטדירעקטער וואלסיסטעם באזייטיקט אינגאנצן די רעגירונג פון איין זייט, דעם פראָלעטאריאט פון צו באטייליקן זיך אין די וואלן און, פון דער צווייטער, פארזיכערט זי פאָרויס אין דער גאָסודארסטווענער דומע אַן איבערוועגנדיקע מערהייט די פאַרטרעטער פון דער גרויסער און מיטעלער בורזשואַזיע און מאַכט אין דער ווירקלעכקייט די פאַרטרעטונג פון די פויערים פאַר אַ פיקטיווע, אַז צוליב דעם אַלץ אַנטשפרעכט די גאָסודאַרסטווענע דומע, וועלכע דער מאניפעסט האָט פאַרקינדיקט, אינגאנצן ניט די ווירקלעכע אינ-טערעסן פונם פאָלק און איז מער ניט ווי א נידערטרעכטיקער פרווו פון דער צארישער רעגירונג צו צוציען אף איר זייט די בורזשואזיע און אָפּצונארן דעם פראָלעטאריאט און דאָס פויערטום מיט אן אילוזאָרישער פאָלקפארטרעטונג,— האָט די קאָנפערענץ, אָנשליסנדיק זיך פרינציפיעל אָן דער פאָרלאגע פונם צ. ק., באשטימט: א) אופדעקן דורך א ברייטער אגיטאציע צווישן דעם פראָ-לעטאריאט און פויערטום די רעאקציאָנערע צילן פון דער רעגירונג, וואָס רופט צונויף די גאָסודארסטווענע דומע, דערווייזנדיק די נויטיקייט אין די אינטערעסן פון די ארבעטער און פויערים צונויפצורופן אף א רעוואָלוציאָנערן וועג א גרינדונגפארזאמלונג אפן גרונט פון אלגעמיינעם, גלייכן און דירעקטן וואלרעכט מיט א געהיימער אָפּשטימונג; ב) ארויסטראָגן אף אלע אגיטאציע-פארזאמלונגען אנטשפרעכנדיקע רעזאָלוציעס; ג) באנוצנדיק זיך מיט דער פאָרוואלאגיטאציע אין אלע סטאדיעס פון דער וואלקאמפאניע, דריקן מיט די ענערגישסטע מיטלען אף די וואלפארזאמלונגען, באוועגנדיק זיי אָפּצוזאָגן זיך פון די וואלן; ד) אָנעמען די ענערגישסטע מיטלען אף צוצוגרייטן דעם פראָלעטאריאט צו אן אָפענער ארויסטרעטונג אין דער פאָרם פון אלגעמיינע

שטרייקן, באוואָפּנטע דעמאָנסטראַציעס און א באוואָפּנטן אופשטאנד—סאי איצט, באלד נאָך דער מעלדונג פון דער רעגירונג וועגן דער צונויפרופונג פון דער גאָסודארסטווענער דומע, סאי אין דער צייט פון די וואלן.

ב. די באַציִונג צו די נאַציאָנאַלע סאָצ.-דעמ. פּאַרטייען.

בלייבנדיק אין דער פּראַגע וועגן דער באַציִונג צו די נאַציאָנאַלע סאָציאַלדעמאָקראַטישע פּאַרטייען אַפן שטאַנדפונקט פונם צווייטן פּאַרטעיִשן צוזאַמענפאָר און האַלטנדיק פאַר נויטיק צו אָרגאַניזירן אונטער דער פאָן פון דער ר. ס. ד. א. פּ. דעם פּראָלעטאַריאַט פון אַלע נאַציאָנאַליטעטן, האַלט די קאָנפערענץ פאַר נויטיק, קעדיי צו פאַרשטאַרקן די ארבעט און די ווירקונג פון דער ר. ס. ד. א. פּ. אין דעם געגנט, אַרויסצוגעבן ליטעראַטור אַף די אָרטיקע שפּראכן. צוזאמען מיט דעם אזוי ווי עס איז נויטיק אינם איצטיקן פּאָליטישן מאָמענט צו פאריייניקן דעם קאַמף פונם רוסלענדישן פּראָלעטאַריאַט פאר אַ דעמאָקראַטישער רעפּובליק, אַנערקענט די קאָנפערענץ פאר נויטיק אַן אָפּמאַך צווישן דער ר. ס. ד. א. פּ. און די נאַציאָנאַלע ס.-ד. פּאַרטייען און לייגט פאָר: 1) צוליב דער פּאַרייניקונג פונם קאַמף פונם פּראָלעטאריאַט אינם איצטיקן רעוואָלוציאָנערן מאָמענט, צונויפצורופן פעריאָדיש קאָנפערענצן פון די פאָרשטייער פון די סאציאַלדעמאָקראטישע פּאַרטייען פון רוסלאנד, אף וועלכע עס קענען אויסגעקליבן ווערן עקזעקוטיווע קאָמיטעטן אף דורכצופירן אין לעבן די באַשטימונגען, וואָס די קאָנפערענצן האָבן אָנגענומען, און 2) קעדיי צו אָרגאַניזירן אלגעמיינע ארויסטרעטונגען פונם פּראָלעטאריאט, גרינדן אף די ערטער צייטווייליקע אָדער שטענדיקע קאָמיסיעס פון די פאָרשטייער פון די אָרטיקע סאָציאלדעמאקראטישע אָרגאניזאציעס. די אלגעמיינע גרונטלאגן פאר דער בילדונג פון אזעלכע קאָמיסיעס ווערן אויסגעאַרבעט דורך די צווישנפּאַרטעיִשע קאָנפערענצן.

## די אָרגאַניזאַציאָנעלע סטרוקטור פון די פּאַרטייאָרגאַניזאַציעס אין צאָפנמאַירעווודיקן געגנט.

(פון אַ קאָרעספּאָנדענץ פון מינסק אין „פּראָלעטאַרי" נומ. 19 פון 20 אווגוסט 1905).

...אין דער שפּיץ פון דער אָרגאַניזאַציע שטייט די „גרופּע", אין וועלכער עס גייען אַריין: אַ ליטעראַט, אַ סעקרעטאַר, א פאַראַנטוואָרטלעכער פּראפּאַגאַנדיסט און אַן אַגיטאַטאָר, וואָס פירט אָן מיט דער ארגאַניזאציע פון די שטודירנדיקע, א פאַראַנטוואָרטלעכער טעכניקער, אַ פאראַנטוואָרטלעכער „פינאנסיסט", עטלעכע אָרגאַניזאַטאָרן און דער אָרטיקער מיטגליד פונם צאָפנמאַירעווודיקן קאָמיטעט.

מיט דער אַרבעטעראָרגאַניזאַציע פירט אָן די צענטראַלע סכאָדקע, וווהין עס גייען אריין 8—10 אַרבעטער, אַן אָרגאַניזאַטאָר און אַ פֿאָרשטייער פֿון דער גרופּע, וואָס ווערט דורך איר געשיקט. אַלע שטאָטישע ארבעטעראָנגעלעגנהייטן, אַלגעמיינע שטרייקן, דעמאָנסטראַציעס, פֿאַריזאמלונגען א. א. וו.—ווערן באַהאנדלט און באַשטימט דאָ אַף דער צענטראַלער סכאָדקע. די לעצטע שיקט אָנפֿירער און פֿאָרשטייער אין די נידעריקערע קעמערלעך פֿון דער אָרגאַניזאַציע—אין די סכאָדקעס, וועלכע זיינען דאָ 4. צוויי פֿון זיי זיינען פֿאַכנ-סכאָדקעס, ווייל אין אונדזערע אָרגאַניזאַציעס זיינען דאָ צוויי גרויסע פֿאַכן (האַנדלאָנגעשטעלטע, לעמאָשל, ביז 100 מענטשן), אין דער דריטער סכאָדקע זיינען קאָנצענטרירט יענע פֿאכן, אין וועלכע די גרופּע האָט ווייניק ארגאַניזירטע אַרבעטער, צוליב וואָס דידאָזיקע „סכאָדקע" איז ניט קיין פֿאַכאָווע. דידאזיקע אַלע דריי סכאָדקעס זיינען „יידישע".

אַזוי ווי די קריסטלעכע אַרבעטערסוויווע איז דערווייל, אַדאַנק דער איינזייטיקער ארבעט פֿון בונד, שרעקלעך אָפּגעשטאנען, איז די אַרבעט צווישן די קריסטלעכע אַרבעטער דערווייל אַביסל אַן אַנדערע לויט אירע מעטאָדן און נאָענטסטע אופגאַבן. דאָס האָט געשטויסן די גרופּע שאַפן אַ באַזונדער אָרגאַן אַף צו פֿירן די אַרבעט צווישן די קריסטלעכע אַרבעטער—אַ פערטע סכאָדקע. יעדער „סכאָדקע" באַשטייט פון עטלעכע (5—10) אַרבעטעראָרגאַניזאטאָרס, וואָס קלייבן זיך צונויף אַלע וואָך אַף פֿאַרזאַמלונגען, אונטער דער אָנפֿירונג פֿון מענטשן, וואָס ווערן באַשטימט, ווי שוין געזאָגט, דורך דער צענטראַלער סכאָדקע.

אַלע פיר סכאָדקעס זיינען צוטיילט אַף נידעריקערע אָרגאַניזאציאָנעלע קעמערלעך, אזוי, אַז א באַשטימטער קרייז מענטשן, באשטימטע פארבינדונגען געפינען זיך אונטער דער שטענדיקער אָנפֿירונג פֿון א באַשטימטן מיטגליד פֿון דער געגעבענער „סכאָדקע".

די דורכפֿירונג פון דער אָרגאַניזאַציאָנעלער אַרבעט דורך „סכאָדקעס" שאַפֿט נים קיין אָפּגעזונדערטע נאציאָנאַלע אָדער פאַכאָווע פסיכאָלאָגיע, ווייל אַף די אַלגעמיינע פֿאַרזאמלונגען, דיסקוסיעס און קרייזלעך טרעפֿן זיך די אַרבעטער פֿון פֿארשיידענע נאַציאָנאַליטעטן, פאכן און סכאדקעס.

אָט אַזוי איז אַוועקגעשטעלט דער אָרגאניזאַציאָנעלער אַפּאַראַט פֿון דער גרופּע. אומאָפּהענגיק פֿון אים שטייט די קאָלעגיע פון פּראָפּאגאנדיסטן און אַגיטאַטאָרן, וואָס באהאַנדלען די פּראָגראַממען און די מעטאָדן פון דער אַרבעט אין די קרייזלעך, אונטער דער אָנפירונג פון אַ פֿאַראַנטוואָרטלעכן פּראָפּאַגאַנדיסט. זי טיילט אויך פאנאַנדער צווישן אירע מיטגלידער די קרייזלעך, וואָס זיינען געשאַפן דורך די אָרגאַניזאַטאָרס (סכאָדקעס).

די אָרגאַניזאַציע פֿון די שטודירנדיקע האָט איר צענטער, איר, אַזוי צו זאגן, „סכאָדקע", וועלכע איז פֿאַרבונדן מיט דער גרופּע דורך איר אָנפֿירער. די,

וואָס זיינען פאַרנומען מיט פּאַנאַנדערטראָגן, העקטאָגראַפירן, טראַנספּאָרטירן ליטעראַטור א. א. וו., געפינען זיך אונטער דער אָנפירונג פון דעם פּאַראַנטוואָרט-לעכן טעכניקער. און, לעצטנס, די פינאַנציעלע קאָמיסיע, וואָס קלייבט געלט און אָרדנט איין „קאָמערציעלע" אונטערנעמונגען, אַרבעט אונטער דער אָנפי-רונג פונם פאַראנטוואָרטלעכן „פינאַנסיסט".

## ר. ס. ד. א. פּ. וועגן די „פּראָלעטאַרישע ציעניסטן".

(רעזאָלוציע פון צ. ק. פון דער ר. ס. ד. א. פּ., „פּאָלקסצייטונג", נומ. 398, 1907).

### נעמענדיק אין באטראַכט:

א) אַז די ציעניסטישע פּאַרטייען (ס. ס. און פּ. צ.), אַרויסגייענדיק פון דעם קלאַל, אַז דער ייִדישער פּראָלעטאַריאַט ווערט קלוימערשט דורך דעם גאַנג פון דער עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג אומפאַרמיידלעך אַרויסגעשטויסן פון די רייען פון די פּראָדוצירנדע קלאַסן אין די רייען פונם לומפּנפּראָלעטאַריאַט און איז אומפאַרמיידלעך פאַרמישפּעט ביסלעכווייז צו דעגענערירן, און אָפּליי-קענענדיק דעריבער, אז עס איז פאַראן פאַר אים אַ וועלכע ניט איז מעגלעכקייט צו אַנטוויקלען זיך אין די גאָלעסלענדער און קעמפן מיט ערפאָלג פאַר זיין פולער באַפרייונג פון אַלע אַרטן אונטערדריקונג,—דערמיט זעלבסט אַנערקענען זיי פּאַקטיש, אַז פאַרן ייִדישן פּראָלעטאַריאַט איז אומעגלעך אַ קלאַסנקאַמף, וועלכער שטעלט זיך פאַר זיין ענדציל דעם ניצאָכן פונם פּראָלעטאַריאַט,—וועלכער וואַקסט שטענדיק סאַי אין צאָל און סאַי מאָראַליש, אָרגאַניזירט זיך און אַנט-וויקלט זיך,—איבער דער בורזשואַזיע;

ב) אַז פּריידיקנדיק, דאָס דער ייִדישער פּראָלעטאַריאַט קען קלוימערשט דערשלאָגן זיך צו זיין באַפרייונג נאָר אַף אַן אייגענער ייִדישער טעריטאָריע, וועגן וועלכער עס איז דערווייל ניט באַוווּסט, ווו זי געפינט זיך, לייקענען דיזע פּאַרטייען דערמיט זעלבסט אָפּ, דאָס עס זיינען פאַראַן געמיינזאַמע גרונט-אויפגאַבן באַם ייִדישן פּראָלעטאַריאַט מיטן פּראָלעטאַריאַט פון יענע לענדער, ווו ייִדן וואָינען, און מיט זייער אַגיטאַציע רייסן זיי אָפּ די ייִדישע אַרבעטער פון דעם סאָלידאַרן קאַמף מיט די אַרבעטער פון די אַנדערע נאַציאָנאַליטעטן, וועלכער פירט זיך אין דיזע לענדער פאַר דער פאַרווירקלעכונג פון דער סאָצי-אַליסטישער אָרדענונג;

ג) אז זייענדיק פאַרינטערעסירט אין דער דעמאָקראַטיזירונג פון דער סאָציאַלפּאָליטישער אָרדענונג פון יענע לענדער, אין וועלכע ייִדן וואָינען, נאָר אַף אזוי פיל, אף וויפל דיזע דעמאָקראַטיזירונג טראָגט אַריין איינצלנע פאַרבעסערונגען אין דער לאַגע פונם ייִדישן פאָלק און פאַרגרינגערט די מעג-

לעכקייט פֿון דער ציִעניסטישער אַגיטאַציע און אָרגאַניזאַציע, און אָנווענדנדיק די אופֿמערקזאַמקייט און די קרעפֿטן פֿונם ייִדישן פּראָלעטאַריאַט אַף פּראָיעקטן צו אָרגאַניזירן פֿאַרן ייִדישן פֿאָלק אַ מעלוכע אַף אַן אייגענער טעריטאָריע אויסער יענע לענדער, ווו די ייִדישע אַרבעטער פֿירן זייער אַלטעגלעכן קאַמף, רייסן דידאָזיקע פּאַרטייען דערמיט זעלבסט אָפּ דעם ייִדישן פּראָלעטאַריאַט פֿונם פּאָליטישן קאַמף, וועלכער שטעלט זיך פֿאַר אַ ציל ניט קיין איינצלנע רעפֿאָרמען, נאָר דאָס פֿאַרכאַפּן די גאַנצע מאַכט דורך דעם פּראָלעטאַריאַט צוליב דער סאָציאַליסטישער איבערקערעניש;

ד) אַז דידאָזיקע פּאַרטייען, אַנערקענענדיק זעלבסט, דאס די אַרבעט צו שאַפֿן אַף דעם אָדער יענעם וועג אַ זעלבשטענדיקע טעריטאָריע באַשטייט, דעריקער, איִן מאַכן דיפּלאָמאַטישע טריט, פֿאַרשפּרייטן מיט זייער אַנטשפּרעכנדער אַגיטאַציע צווישן דעם ייִדישן פּראָלעטאַריאַט שעדלעכע אילוזיעס וועגן דער מעגלעכקייט צו דערשלאָגן זיך צו זיין באַפרייונג דורך מיטלען, וועלכע ליגן אויסער זיין קלאַסנקאַמף;

ה) אַז ענדלעך, רופֿנדיק דעם ייִדישן פּראָלעטאַריאַט צו נעמען אַ טיכטיקן אנטייל אין דער פּלאַנמעסיקער אָרגאַניזירונג פֿון דער עמיגראַציאָנער ייִדישער באַוועגונג, אַלס אַ מיטל ראַדיקאַל צו לייזן די ייִדישע פֿראַגע, פֿאַרדאַרבן דידאָזיקע פּאַרטייען דעם באַוווסטזיין פֿון די ייִדישע אַרבעטער מיִטן פּריידיקן קליינבורזשואַזע אוטאָפּיסטישע איִדייען;

נעמענדיִק דאָס אַלץ אין באַטראַכט, געפֿינט דער צ. ק. פֿון דער רוסל. פּאַרטיי, אַז די ס. ס. און די פּ. צ. אַנטשפּרעכן ניט די פֿאָדערונגען, וועלכע זיינען נויטיק צוגעלאָזן צו ווערן אַף אינטערנאַציאָנאַלע סאָציאַליסטישע קאָנגרעסן, און דעריבער באַשליסט ער אָפּצוזאָגן די ס. ס. אין זייער ביִטע (אָנגענומען איינשטימיק).

# צוּ די ארבּעטער אוּן אנגעשטעלטע פוּן ליבּאַוועראָמענער אייזנבּאן.

כאַוויירים! זאָל אַלעמען זיין באוווּסט, אַז דער איצטיקער אַלרוּסלענדישער שטרייק פוּן די אַייזנבּאנער האָט אַף זיין פאָן אַוועקגעשטעלט אַלגעמיינע וואלרעכט, פּרייהייט פוּן פאַרזאמלוּנגען, פוּן פאריינען, פּוּן וואָרט, פוּן פּרעסע, פּוּן אוּמבּארירלעכקייט פוּן פּערזאָן, פּוּן וואָינוּנג, דאָס אַראָפּנעמען דעם קריגצוּשטאַנד אוּן פּאַרשיידענע אכראנעס, גלייכע רעכט אוּן געזעצלעכע אָרדענוּנג פאַר אַלעמען, קעדיי די גוואַלדטאטן אוּן פאַרשיידענע שרעקלעכע מאיסים, וואָס די רעגירוּנג טוּט אָפּ, ווי מאסן פּארבּרענוּנגען לעבּעדיקערהייט, פּאָגראמען, האריגעס אוּן צוּשיסוּנגען פוּן פרידלעכע איינוואָינער, זאָלן פּוּן איצט ניט האָבּן קיין אָרט. אוּן אַלע שוּלדיקע אין דידאָזיקע מערדערייען, די מיניסטאָרן, גוּבּערנאטאָרן, זשאנדארמער, פּאָליצמייסטער, אוּן אַנדערע אויסוווּרפן זאָלן באטראכט ווערן לויטן געריכט אוּן געזעץ, וואָס ווערט איצט נאָר אָנגעווענדעט צוּ שוואַכע אוּן שוּצלאָזע.

כאַוויירים, איר פּאָדערט צוּ באפּרייען אוּנדזערע אויסגעוויילטע אין קאָמיטעט אוּן דערפאר ווילט איר באצאָלן מיט איבּערייסן דעם שטרייק, דאָס דערווייזט, אַז אייך זיינען טייער די מענטשן, וואָס איר האָט אַוועקגעשטעלט אין די ערשטע רייען פוּן די קעמפער פּאַר דער אַלגעמיינער זאַך. אָבּער כאווירים איר בלאָנדזשעט, איר גיט זיך אוּנטער די געפּילן פוּן הארץ אוּן דעריבּער זאָגן מיר צוּ אייך אין נאָמען פוּן זיך אוּן אין נאָמען פּוּן די אַרעסטירטע כאַווירים אוּנדזערע, טוּט עס ניט. געדענקט כאווירים, אַז דער היינטיקער שטרייק איז דער איינציקער אוּן לעצטער מיטל אין קאמף מיט אוּנדזער פּרעכער אוּן געזעצבּרעכערישער רעגירוּנג. פּאַרגעסט ניט, כאווירים, אַז מאקריוו זייענדיק מיטן שטרייק, לאָזט איר איבּער אין די נעגל פוּן דער בּלוּטדוּרשטיקער רעגירוּנג הוּנדערטער; טויזנטער פּארשפּאַרטע אין די טוּרמעס נאָכן מאַניפּעסט פוּן 17-טן אָקטיאַבּר, אוּן איר גיט אָפּ טויזנטער ליידנדיקע פּאַרן ווייליטאָק אוּן פּרייהייט פּוּן פּאָלק דעם אוּמקוּם. איר גיט זיי אָפּ אַף די טליעס אַף צוּשיסוּנגען. ניין, כאַווירים, אויבּ אוּנדז אַלעמען וועט אויך אויסקוּמען אַריינצוּפּאַלן אין טפּיסע אוּן אַפילע מאַקריוו זיין מיטן לעבּן, פּאָדערן מיר פוּן אייך, כאַווירים, נאָר דרייסטקייט אוּן אויסגעהאלטנקייט אוּן איינהייטלעכקייט אין קאמף פּאר דער אַלגעמיינער הייליקער זאך פּוּן באפּרייוּנג. מיר רוּפן אייך פּעסטער צוּגויפשליסן די רייען, ניט אוּנטערגעבּן זיך די דראוּנגען אוּן די כניפעס פוּן די פּיינט. געדענקט, אַז דער וועג צוּ פרייהייט, צוּ גליק איז אַ שווערער, אָבער ס'איז שוין נאָענט זיין סאָף.

זאָלן לעבּן די כאַווירים. זאָל לעבּן די פּרייהייט!

אָרטיקער שטרייקקאָמיטעט פּוּן די אַייזנבּאנער.

# באשולדיקונגאקט

## איבער דעם איניען פון דעם געוועזענעם שטרייק פון די אייזנבאנער אין מינסק אין יאר 1905.

אין אקטיאבער כוידעש פון יאר 1905 איז באַ אייניקע פערזאנען פון דער צאל אנגעשטעלטע אין דער פארוואלטונג פון ליבאווראמענער אייזנבאנוועג אין מינסק געבוירן געווארן א געדאנק צו פארייניקן זיך צו דעם אלרוסלענדישן פאריין פון די אייזנבאנער און צו ארגאניזירן אין שטאט מינסק אן ארטיקע אפטיילונג. פאר דער פארווירקלעכונג פון דעמדאזיקן געדאנק, האבן זיך פון דער צאל אנגעשטעלטע אין דער פארוואלטונג פון דעם אנגערופענעם וועג גענומען די פאלגנדיקע פערזאנען: דער יוריסקאנסולט פון וועג מעטלין, דער געהילף זיינער וואלינסקי, דער טעכניק גאמזאגורדי, פאוועל זשאבא, ניקאלאי רעווערעלי, דער אינזשענער קוזנעצאוו, יעווגעני ספאנטי, דער מייסטער לעווינסקי, ניקאלסקי און די טעלעגראפיסטן ליאנדאכער, מאקסימענקא און דאצקא. דורך די אנגערופענע פערזאנען זיינען אנגענומען געווארן אלע מיטלען צו פארשפרייטן צווישן די אנגעשטעלטע פון וועג די אידייע פון נויטווענדיקייט צו פארייניקן זיך צום אלרוסלענדישן פאריין פון די אייזנבאנער, קעדיי, אף אזא אופן, צו דערגרייכן א פארבעסערונג פון זייער רעכטלעכער און עקאנאמישער לאגע. די מיטלען, וואס די ארגאניזאטארן פון דער ארטיקער אפטיילונג פון פאריין האבן אנגענומען, קעדיי צו צוציען מיטגלידער אין פאריין, האבן זיך אויסגעדריקט: אין פארשפרייטן צווישן אנגעשטעלטע פון אייזנבאנוועג עקזעמפליארן פון די טאקאנעס פון אלרוסלענדישן פאריין פון די אייזנבאנער, די טאקאנעס, וואס זיינען צונויפגעשטעלט געווארן דורך דער צענטראלביורא פון פאריין 22—24 פון כוידעש יון 1905 יאר, אין ארויסגעבן אונטערשריפטליסטעס צו פארשרייבן זיך פאר מיטגלידער פון פאריין, אין איינארדענען אין דער סוויווע פון די אנגעשטעלטע מיטינגען און פארזאמלונגען, אף וועלכע די אנגערופענע פערזאנען האבן איבערגעצייגט די אנגעשטעלטע צושטיין צום פאריין און האבן זיי דערקלערט די נוצן פון אריינטרעטן אין פאריין, דערביי האבן זיי דאך פארהוילן דעם פאליטישן ציל, וואס דער פאריין פאלגט נאך, און האבן נאר אנגעוויזן אף די פראפעסיאנעל-עקאנאמישע אופגאבן פון פאריין. די פערזאנען, וואס האבן ניט געוואלט אריינטרעטן פאר מיטגלידער פון פאריין, האבן די ארגאניזאטארן געדראט מיט א באיקאט, און די פערזאנען, וואס האבן זיך פארשריבן אלס מיטגלידער פון פאריין, האבן זיי פארגעלייגט אריינצוטראגן פאר די באדערפעניש פון דעם לעצטן צו איין האלבע קאפיקע פון רובל פון זייערע סכירעס, אדער פארדינסט.

אַ דאַנק דער אַגיטאַציע פֿון די אָרגאַניזאַטאָרן פֿון דער אָרטיקער אָפּטיילונג פֿון אַלרוסלענדער פֿאַריין פֿון די אייזנבאַנער, און אַ דאַנק דעם, וואָס די אָרגאַניזאַטאָרן האָבן אַרויסגעשטעלט אַלס די הויפּטאויפֿגאַבע פֿון פֿאַריין די פֿאַרבעסערונג פֿון דער עקאָנאָמישער לאַגע פֿון די אָנגעשטעלטע אַפֿן אייזנבאַנוועג, האָבן זיך אַלס מיטגלידער פֿון פֿאַריין פֿאַרשריבן אַסאַך אָנגעשטעלטע. אַזוי איז אין יענעם זעלביקן אָקטיאַבער כוידעש, אַף איינער פֿון די אַלגעמיינע פֿאַרזאַמלונגען פֿון די מיטגלידער פֿון פֿאַריין, וואָס זיינען פֿאָרגעקומען אַף דער סטאַנציע מינסק, ליבאַווער־ראָמענער אייזנבאַנוועג, אַנערקענט געוואָרן פֿאַר נויטיק צו אָרגאַניזירן אן אויספֿיראָרגאַן פֿון דער אָרטיקער אָפּטיילונג פֿון פֿאַריין — א צייטווייליקן קאָמיטעט, אין באַשטאַנד פֿון וועלכן עס זיינען אויסגעוויילט געוואָרן די פּערזאָנען, וואָס האָבן מער פֿון אַנדערע אַגיטירט צו פֿאַריייניקן זיך מיטן פֿאַריין. זיי זיינען: גאַמזאַגורדי, זשאַבאַ, רעווערעלי, קוזנעצאָוו, ניקאָלסקי און פֿאַרמאַקאָווסקי. אין די היסכאַיוועס פֿון דעמדאזיקן צייטווייליקן קאָמיטעט פֿון פֿאַריין, האָט די אַלגעמיינע פֿאַרזאַמלונג, אויסער דער פֿאַרוואַלטונג מיט די לויפֿנדיקע איניאָנים פֿון פֿאַריין, אַרויפֿגעלייגט אויך אויסצואַרבעטן אַ פּראָיעקט פֿון קלאָלים פֿאַר וואַלן פֿון אַ שטענדיקן קאָמיטעט פֿון פֿאַריין. דער פּראָיעקט פֿון די דערמאָנטע קלאָלים, וואָס דער צייטווייליקער קאָמיטעט האָט אויסגעאַרבעט, איז פֿאָרגעלייגט געוואָרן אַ פֿאַרזאַמלונג פֿון איינעם פֿון צען פֿון אלע אָפּטיילונגען פֿון פֿאַרוואַלטונג פֿון ליבאַווע־ראָמענער אייזנבאַנוועג און איז באַשטעטיקט געוואָרן דורך זיי אַף דער זיצונג פֿון 15-טן נאָיאַבר, דערביי איז דער מעטאָד פֿון וויילן מיטגלידער אין קאָמיטעט, קעגן דער מיינונג פֿון אייניקע מיטגלידער, אָנגענומען געוואָרן לויט דער רעקאָמענדאַציע פֿון די קלאַלימצונויפֿשטעלער. דערדאָזיקער מעטאָד איז אַזאַ, וואָס גאַראַנטירט די אַלטע מיטגלידער פֿון דעם צייטווייליקן קאָמיטעט, אָדער די פּערזאָנען, וואָס זיינען זיי געוווּנטשן אויסגעוויילט צו ווערן. לויט דידאָזיקע קלאָלים, זיינען פֿריער אויסגעוויילט געוואָרן קאַנדידאַטן פֿון אַלע באַזונדערע ספּעציאַליטעטן פֿון אייזנבאַנוועג און נאָכדעם זיינען פֿון דידאָזיקע קאַנדידאַטן, דורך אַן אַלגעמיינער אָפּשטימונג פֿון אַלע מיטגלידער פֿון פֿאַריין, אויסגעוויילט געוואָרן מיטגלידער פֿון קאָמיטעט. אַ דאַנק דעם, וואָס דורך דעם מעטאָד האָט זיך פֿאַרגרינגערט די אַגיטאַציע, זיינען די פּערזאָנען, צו וועלכע עס איז פֿאַראַן צוטרוי מיצאַד זייערע דירעקטע מישאַרבסטער, נאָר זיי זיינען אָבער ניט געווונטשן פֿאַר דעם צייטווייליקן קאָמיטעט, ניט דורכגעגאַנגען פֿאַר מיטגלידער פֿון קאָמיטעט אַף די וואַלן, וואָס זיינען פֿאָרגעקומען דעם צווייטן דעקאַבר פֿון יאָר 1905. אין באַשטאַנד פֿון קאָמיטעט זיינען אַריינגעגאַנגען: אלס פֿאָרזיצער — גאַמזאַגורדי, אַלס מיטגלידער — אַלע מיטגלידער פֿון צייטווייליקן קאָמיטעט מיט אַ צוגאָב פֿון אייניקע פּערזאָנען, וואָס זיינען זיי געווונטשן.

די מיטגלידער זיינען: זשאבא, רעווערעלי, וואָלינסקי, לעווינסקי, ניקאָלסקי,
ליאנדאכער, קולאקאָווסקי און רוטסקי. נאָך אין דער צייט, ווען עס האָט עק-
זיסטירט דער צייטווייליקער קאָמיטעט פֿון מינסקער אָפּטיילונג פֿון פֿאריין,
האָט דער לעצטער, לויט דער דערלויבעניש פֿון נאטשאַלניק פֿון ליבאַווע-
ראָמענער אייזנבאנוועג מאשקאָוו, איינגעאָרדנט אייניקע פֿאַרזאַמלונגען פֿון די
מיטגלידער פֿון פֿאַריין אין דער געביידע פֿון זאמלאָפּטיילונג און איין פֿאר-
זאַמלונג אין זאַל „פאריזש". אף דידאָזיקע פֿארזאמלונגען, וואָס זיינען פֿאר-
געקומען אונטערן פֿאָרזיץ פֿון מעטלין, גאמזאגורדי און זשאבא, האָבן אנטייל-
גענומען אויסער די מיטגלידער פֿון פֿאַריין, אויך זייטיקע פערזאָנען: אָר-
טיקע אַרבעטער, א סטודענט און אייניקע יידן, פֿאָרשטייער פֿון אָרגאַניזאַציע
„בונד" און דער סאָציאַלדעמאָקראַטישער אַרבעטערפאַרטיי. אַלס אראַטאָרן אף
דידאָזיקע פֿארזאַמלונגען זיינען, געווייגטלעך, ארויסגעטראָטן: מעטלין, גאמ-
זאגורדי, זשאבע, ניקאָלסקי, קוזנעצאָוו און וואָלינסקי, וואָס האָבן אין זייערע
רעדעס גערעט וועגן די אופֿגאַבן און צילן פֿון פֿאַריין און האָבן אויך גע-
האַלטן רעדעס אף פּאָליטישע טעמעס, דערביי האָבן זיי אין זייערע רעדעס
גערידלט די רעגירונג, אופֿגערעגט קעגן איר די מיטגלידער פֿון פֿאַריין און
האָבן אויך אָנגעוויזן אַף דעם, אז שטרייקן זיינען א נויטיקער מיטל צו קעמפֿן
מיט דער רעגירונג. זיי האָבן מודיע געווען, אַז עס שטייט פֿאָר אַ שטרייק
פֿון אייזנבאנער, וועלכער וועט געבן דעם אַנטשיידענעם קלאַפּ דער רעגירונג.
פֿון דער צאל אָנגערופענע פּערזאָנען האָט מעטלין אויסער דעם אָפּטמאָל גע-
לייענט אַף די פֿאַרזאַמלונגען יעדיעס פֿון צייטונגען וועגן פֿאַרשיידענע מינים
געשעענישן, וואָס שילדערן דעם העפֿקער פֿון דער רעגירונג און אויך וועגן
אומקום פֿון קעמפֿער פֿאר פֿרייהייט, באַומאן. די דערשיינונג פֿון יידן אלס
אָראַטאָרן אף דידאָזיקע פֿאַרזאַמלונגען, איז לעכאַטכילע באַגעגנט געוואָרן פֿון
די מיטגלידער פֿון פֿאַריין זייער ניט פֿריינטלעך, צוליב דעם זיינען דידאָזיקע
אָראַטאָרן לעכאַטכילע געווען זייער איינגעהאלטן, אָבער נאָכדעם, אַף די ווײַ-
טערדיקע פאַרזאַמלונגען, האָבן זיי באַוויזן צו ווירקן אף די צוהערער, אַז
זייערע רעדעס, וואָס האָבן געפֿאָדערט אופֿצורופן א גרינדונגפֿאַרזאַמלונג און
איינפירן אין רוסלאנד אַ רעפּובליקאַנישע אָרדענונג, זיינען אויסגעהערט גע-
וואָרן פֿון דער פֿאַרזאַמלונג אָן קיינע פּראָטעסטן. אף אזאַ אויפן האָט
זיך אין מינסק פֿאַרן פֿעריאָד צייט פֿון אָקטיאַבר איבער דעקאַבר פֿון
יאָר 1905 אָרגאַניזירט און אָנגעהויבן צו פֿונקציאָנירן די מינסקער
אָפּטיילונג פֿון אַלרוסלענדישן פֿאַריין פֿון די אייזנבאַנער מיט זיין
אויספֿיראָרגאַן, דעם מינסקער קאָמיטעט פֿון פֿאַריין, וועלכער האָט דעם אַכטן
דעקאַבר, איננאַנצן אומדערוואַרט פֿאַר דער מערהייט מיטגלידער פֿון פֿאַריין,
אָפּגעגעבן אַ פֿאַראָרדנונג וועגן אַן אַלגעמיינעם שטרייק, ווי אין דער פֿאַר-
וואַלטונג, אַזוי אויך אַף דער ליניע פֿון ליבאַווער אָמענער אייזנבאַנוועג. צוליב

דערדאָזיקער פאַראָרדנונג פֿון קאָמיטעט פֿון פֿאַריין איז אַף דער גאַנצער לענג פֿון ליבאַווראָמענעד אייזנבאַנוועג אין די גרעניצן פֿון מינסקער גובערניע איבערגעריסן געוואָרן די נאָרמאַלע אייזנבאַנקאָמוניקאַציע. עס זיינען אויך איבערגעריסן געוואָרן די אַרבעטן אין פֿאַרשיידענע אָפּטיילונגען פֿון דער וועגפֿאַרוואַלטונג. דערביי האָט דער שטרייק זיך געצויגן פֿון אַכטן אי- בערן 13-טן דעקאַבער פֿון יאָר 1905. דערדאָזיקער שטרייק איז דערקלערט גע- וואָרן און איז דורכגעפֿירט געוואָרן אַפֿן ליבאַווראָמענער אייזנבאַנוועג דורך דעם מינסקער קאָמיטעט פֿון פֿאַריין, אלס אַן אויספֿיראָרגאַן פֿון דער אָרטיקער אָפּטיילונג פֿון אַלרוסלענדישן פֿאַריין פֿון די אייזנבאַנער, אַפֿן גרונט פֿון דער פֿאַראָרדנונג פֿון דער דעפּוטאַטנקאָנפֿערענץ פֿון 29 אייזנבאַנוועגן און פֿון דער צענטראַלביוראָ פֿון אַלרוסלענדישן פֿאַריין פֿון די אַייזנבאַנער, וואָס איז פֿאָר- מולירט אין דער צירקוליאַרטעלעגראַמע פֿון מאָסקווע פֿון 7-טן דעקאַבער 1905 יאָר. אין דערדאָזיקער טעלעגראַמע איז געווען באַפֿוילן צו אָנהויבן אַן אַלגע- מיינעם פּאָליטישן שטרייק דעם 7-טן דעקאַבער 1905 יאָר. דער שטרייק האָט געדאַרפֿט זיין אין נאָמען פֿון אויפֿרופֿן אַ גרינדונגפֿאַרזאַמלונג אַף די יעסוידעס פֿון אַלגעמיינע, דירעקטע און געהיימע וואַלרעכט. די טעלעגראַמע פֿון דער דעפּוטאַטנקאָנפֿערענץ פֿון 29 און פֿון דער צענטראַלביוראָ פֿון אַלרוסלענדישן פֿאַריין פֿון די אייזנבאַנער מיטן באַפֿעל אָנצוהויבן אַ שטרייק, איז פּובליקירט געוואָרן אין אַלע אָפּטיילונגען פֿון דער פֿאַרוואַלטונג פֿון ליבאַווראָמענער אַייזנבאַן, אַרום האַלבן טאָג 8-טן דעקאַבער 1905 יאָר. דערביי איז דידאָזיקע טעלעגראַמע אין זאַמלאָפּטיילונג דורכגעלייענט געוואָרן, לויט דעם באַפֿעל פֿון דעם מיטגליד פֿון אָרטיקן קאָמיטעט פֿון פֿאַריין רעוועריעלי, דורך דעם נאַ- טשאַלניק פֿון דערדאָזיקער אָפּטיילונג גאָלושקאַ. אין וועגאָפּטיילונג האָט זי דורכגעלייענט דער פֿאָרזיצער פֿון קאָמיטעט גאַמזאַגורדי, אין קאָנטאָר פֿון מאַ- טעריאַלאָפּטיילונג—דער מיטגליד פֿון קאָמיטעט זשאַבאַ, וועלכער, האָט אַפֿן פּראָטעסט פֿון די אָנגעשטעלטע קעגן דעם שטרייק דערקלערט זיי, אַז אַנדע- רע לייגן די קאָפּ פֿאַר דער פֿרייהייט, און איר ווילט ניט צושטיין צום שטרייק.

דעמזעלביקן 8-טן דעקאַבער, אַרום 2 אַזייגער באַטאָג, האָט דער מינס- קער קאָמיטעט פֿון פֿאריין צושיקט א טעלעגראמע צו די אָנגעשטעלטע פֿון דער גאנצער ליניע, אָנצוהויבן דעם שטרייק. דערביי איז דער גרונט פֿון דער- דאָזיקער טעלעגראַמע געווען די צוגעשיקטע טעלעגראמע פֿון דער דעפּוטאַטנ- קאָנפֿערענץ פֿון 29 אייזנבאנוועגן און פֿון דער צענטראלביוראָ פֿון אלרוסלענ- דישן פֿאריין פֿון די אייזנבאנער פון 7-טן דעקאַבער.

אין דעם טאָג, ווען דער שטרייק איז דערקלערט געוואָרן, איז גאַמזאַ- גורדי און זשאַבא געקומען אַף דער סטאנציע מינסק פֿון ליבאווראָמענער אייזנבאַנוועג און האָבן אָנגעפֿירט מיט אַ האמוין פֿון צוואַנציק מענטשן, וואָס

האָבן אַרויסגעלאָזן די פּאַרע פון די לאָקאָמאָטיוון און האָבן געפּאָדערט איבערייסן די באַוועגונג. איידער דער צוג נומ. 1 איז אָנגעקומען פון ראמען, זיינען זיי אַרויסגעפאָרן אַף אַ דרעזינע צו באַגעגעגען אים און האָבן אים אָפּגעשטעלט פאַרן סעמאפאר.

אַ גרויסע מיטווירקונג אין דורכפירן דעם שטרייק האבן אַרויסגעוויזן די מיטגלידער פון פאריין לעווינסקי, רוטסקי, קולאַקאָווסקי, דאצקאָ, מאַקסימענקאָ, וואָס האָבן זיך באַשעפטיקט מיט אָפּטשעפּן וואגאָנעס פון די צוגן, האָבן געבאַלעבאַטעוועט איבער די לאָקאָמאָטיוון פון דעפאָ און האבן ביכלאַל זייער שטארק געזארגט, אַז די באַוועגונג זאָל זיך אָפּשטעלן, אין וואָס זיי האָבן דערגרייכט אַ פולשטענדיקן דערפאָלג. רוטסקי און קולאַקאָווסקי האָבן זיך כוץ דעם געפונען בעראָש פון אַ האַמוין אַרבעטער, וואָס האָט אונטער דער ווירקונג פון עפּעס אַ גרופּע ארבעטער, געקומענע פון שטאט אַף דער סטאנציע, פאַנאַנדערגענומען מעכאנישע טיילן פון לאָקאָמאָטיוון און זיינען נאָכדעם מיט א קאָמפּאַניע אומבאוווסטע פערזאָנען אַוועקגעפאָרן צום „ראַזיעזד” נומ. 15, און פון צוג, וואָס האט געפירט דער מאַשיניסט קארזון, האָבן זיי גענומען אַ לאָקאמאטיוו, אַף וועלכן זיי זיינען אַוועקגעפאָרן אַף דער סטאנציע מיכאנאוויטש, ווו זיי האָבן דערקלערט אַ שטרייק און גענומען דאָרטן אַ לאָקאמאטיוו באם מאשיניסט שווייער, אויך פון אַ צוג, און האָבן אים אַוועקגעפירט אַף דער סטאַנציע מינסק. שטעלן אַ ווידערשטאַנד די שטרייקער איז געווען אומעגלעך, ווײַלע רוטסקי האָט געדראָט דעם איידעס קארזון מיט אַ רעוואָלווער, די גאַנצע קאָמפאניע איז געווען באוואָפנט און האָט געשאָסן פון רעוואָלווערן.

אַגאַנץ אָנגעזעענע ראָל אין דער אַגיטאציע און אין דורכפירן דעם שטרייק האָבן אויך געשפּילט די טעלעגראַפיסטן: ליאנדאכער, מאקסימענקא און דאצקא. די צווײ לעצטע האָבן צוטריבן די, וואָס האָבן געוואָלט דעזשורן אין טעלעגראַף און האָבן געדראָט מיט גוואַלדטאט און מיט הארגענען די, וואָס האָבן ניט געוואָלט צושטיין צום שטרייק. מאקסימענקא האָט אַראָפּגענומען פון די לאקאמאטיוון אַף דער סטאנציע מינסק, און דאצקא האָט געדראָעט דעם טעלעגראַפיסט פאפאָוון אָפּצוגיסן אים מיט אָלים דערפאר, וואָס דער לעצטער איז קעגן שטרייק. ווייטער איז דער עצם דורכפיר פון דעם שטרייק געווען פארגרינגערט אַ דאנק דער מיטפילבאַציִונג צו דעם שטרייק פון די אייזנבאנער—טעלעגראַפיסטן, וואָס האָבן צוגענומען און איבערגעגעבן טעלעגראמעס פון די קאָמיטעטן און מיטגלידער פון דידאָזיקע קאָמיטעטן און האָבן ניט אויסגעפילט, לויטן באפעל פון גאמזאגורדי, ווי אַ פאַרזיצער פון קאָמיטעט, דעם צירקוליאר פון זיין נאטשאלניק באראוויצקי וועגן אופהערן די מיסברויכן. דער טעלעגראַפיסט פרישטשעפּענקא האָט אין דער צייט פון שטרייק, ווי אַ דעלעגאַט פון פאַריין, געפירט זיך ווי אַ גאַנצער באלעבאָס

פֿון צוג נום. 2, וואָס איז געגאַנגען פֿון האָמעל אין מינסק, ער האָט געגעבן פֿאַרשיידענע פֿאָדערונגען, טעלעגראַמעס אין דער צייט, ווען דער צוג איז געגאַנגען, און האָט אַפֿילע געמאַכט אַ זאַמלונג לעטויוועס דעם פֿאַריין.

די באַשריבענע אומשטאַנדן זיינען באַשטעטיקט געוואָרן אַף דער פֿאָראויספֿאָרשונג אין די אַנשפּרעכנדיקע טיילן אירע און דורך די באַווייזן פֿון די איידעס.

פֿון די אונטערזוכן, וואָס די פּאָליציי האָט געמאַכט באַ אייניקע אָנגעשטעלטע אין פֿאַרוואַלטונג פֿון ליבאַווער־ראָמענער אייזנבאַנוועג האָט מען געפֿונען באַ ליאַנדאַכערן צוויי עקזעמפּליאַרן פֿון דער רעשימע פֿון די מיטגלידער פֿון אייזנבאַנפֿאַריין פֿון טעלעגראַפֿאָפּטייל אַף ליבאַווער־ראָמענער אייזנבאַנוועג אין מינסק. אַ רעשימע פֿון די קאַנדידאַטן און מיטגלידער פֿון מינסקער קאָמיטעט פֿון אַלרוסלענדישן פֿאַריין פֿון אייזנבאַנער; די קלאָלים פֿון דורכפֿירן וואַלן פֿון דעמדאָזיקן קאָמיטעטס מיטגלידער, אַ רעזאָלוציע פֿון אַן אַלגעמיינער פֿאַרזאַמלונג פֿון די אָנגעשטעלטע און אַרבעטער אַף ליבאַווער־ראָמענער אייזנבאַנוועג 23־טן אָקטיאַבער 1905־טן יאָר אין מינסק. אין דערדאָזיקער רעזאָלוציע איז באַשריבן דער פֿאָרשלאַג פֿון דער שטרייקקאָמיסיע באַם מינסקער קאָמיטעט פֿון אַלרוסלענדישן פֿאַריין פֿון די אייזנבאַנער וועגן איבעררייסן דעם שטרייק. באַם גאַמזאַגורדין האָט מען געפֿונען: אַן עקזעמפּליאַר פֿון די וואַלקלאָלים, די רעזאָלוציע פֿון דער אַלגעמיינער פֿאַרזאַמלונג פֿון די אָנגעשטעלטע און אַרבעטער אַף דעם ליבאַווער־ראָמענער אייזנבאַנוועג פֿון 23־טן אָקטיאַבער 1905 און אַ פּראָטאָקאָל פֿון אָרטיקן שטרייקקאָמיטעט פֿון די אייזנבאַנער, אין וועלכער עס ווערט געזאָגט, אַז דער איצטיקער אַלרוסלענדישער שטרייק פֿון די אייזנבאַנער איז דער איינציקער, לעצטער בלוטלאָזער מיטל אין קאַמף מיט דער רעגירונג פֿאַר דער פֿרייהייט פֿון פֿאָלק. באַ אַ. וואַלינסקין: פֿינף עקזעמפּליאַרן פֿון די טאַקאָנעס פֿון פֿאַריין, אַן עקזעמפּליאַר פֿון די וואַלקלאָלים. באַ לעווינסקין: אַ טעלעגראַמע פֿון מאָסקווע פֿון דער דעפּוטאַטנקאָנפֿערענץ פֿון 29 אייזנבאַנוועגן און פֿון צענטראַלביוראָ פֿון אַלרוסלענדישן אייזנבאַנפֿאַריין וועגן אָנהויב פֿון שטרייק און אַ קאָפּיע פֿון דער טעלעגראַמע פֿון מינסק איבער די סטאַנציעס פֿון ליבאַווער־ראָמענער אייזנבאַנוועג וועגן אָנהויב פֿון שטרייק. די טעלעגראַמע איז אונטערגעשריבן פֿון ליבאַווער־ראָמענער קאָמיטעט, באַ מעטלינען אַ פּראָטאָקאָל פֿון דער זיצונג פֿון דער אַלגעמיינער פֿאַרזאַמלונג פֿון מיטגלידער פֿון אַלרוסלענדישן פֿאַריין פֿון די אייזנבאַנער אין זאַמלאָפּטיילונג פֿון ליבאַווער־ראָמענער אייזנבאַנוועג פֿון 12 און 13 נאָיאַבער 1905 יאָר, און אַן עקזעמפּליאַר פֿון די טאַקאָנעס. באַ ספּאַנטי: אַן עקזעמפּליאַר פֿון די וואַלקלאָלים. באַ זשאַבאַן: אַ בויגן פּאַפּיר מיט אַ שטעמפּל „אַלרוסלענדישער פֿאַריין פֿון די אייזנבאַנער, קאָמיטעט פֿון ליבאַווער־ראָמענער אייזנבאַנוועג", אַן אָנגעשריבענעם אַף אַ שרייבמאַשין אויפֿרוף מיט אַ פּאָליטישן כאַראַקטער

אין פֿאריין פֿון די פֿאריינען. בא פרישטשעפּענקען: אַן אונטערשריפֿטליסט לעטויוועס די שטרייקנדיקע אנגעשטעלטע פֿון ליבּאווראמענער אייזנבּאנוועג מיט פֿארצייכענונגען פֿון געלטאָפּצאָלן און בּא דאצקא: געדרוקטע טאקאָנעס פֿון פֿאריין און די רעזאָלוציע פֿון דער אַלגעמיינער פֿארזאמלונג פֿון די אנגעשטעלטע און אַרבּעטער אַף דער ליבּאווראמענער אייזנבּאנוֹעג.

בּאטראכטנדיק די טאקאָנעס פֿון פאריין פֿון די אייזנבּאנער, איז פעסטגעשטעלט געוואָרן, אַז דער פֿאריין האָט דעם ציל אָפּן גרונטלעכסטן אויפֿן צו פֿארבּעסערן די מאטעריעלע און אמטלעך-רעכטלעכע לאגע פֿון די אייזבּאנער, אנגעשטעלטע און אַרבּעטער, און קעדיי צו דערגרייכן דעמדאָזיקן ציל, שטרעבּט דער פֿאריין צו אַזא אָרדענונג, בּא וועלכער די אויסאַרבּעטונג פֿון אַלע רעגירונגגעזעצהאנאָכעס און פֿאראָרדענונגען, וואָס האָבּן אַ-שאיכעס צו דער אַרבּעט פֿון די אייזנבּאנער זאָלן זיך געפֿינען אין די הענט פֿון די אנגעשטעלטע און אַרבּעטער, און צוליבּ דעם, וואָס בּא היינטיקער מעלוכעאָרדענונג אין רוסלאנד איז עס אומעגלעך, שטעלט דער פאריין ארויס פאָדערונגען פֿון פֿולשטענדיקער בּירגערלעכער פֿרייהייט און פֿאָלקפֿארשטייערשאפֿט, וואָס פֿארזיכערט דעם אנטייל פֿון פֿאָלק אין דער פֿארוואלטונג פֿון לאנד און, אַז אַלס מיטגלידער פון פֿאַריין קענען צוגענומען ווערן כוץ די פערזאָנען, וואָס האָבּן אַ שאיכעס צו אייזנבּאנאיניאָנים, אויך אַנדערע פערזאָנען, וואָס זיינען נוציק מיט זייער טעטיקייט. עס איז קלאָר געוואָרן, אַז דער פֿאריין נעמט אינגאנצן ניט אָן די פּרינציפּן פֿון אַ וואָסער עס איז פֿארטיי און גיט דאָס רעכט פאַר פֿרייהייט פון פראָגראמישער זעלבּסטבּאשטימונג פֿון פֿאַרשיידענע גרופּן, בּאם בּאדינג צו אָנעמען זיי פֿאר א מינימום פֿון פאָליטישער און פראָפֿעסיאָנעלער פראָגראם פֿון פֿאריין, וואָס ווערט אָנגענומען דורך די צוזאמענפֿאָרן פֿון פֿאריין, עס איז קלאָר געוואָרן, אז אין זיין געזעלשאַפֿטלעכער און פאָליטישער טעטיקייט געפינט דער פֿאַריין פֿאַר מעגלעך צו צופּאַסן זיינע טאַטן מיט אַנדערע געזעלשאפֿטלעכע אָרגאַניזאציעס (פֿאַרטייען, פֿאַריינען און אַזוי ווייטער) מיטן בּאדינג, אַז די צילן פֿונדידאָזיקע אָרגאַניזאציעס זאָלן ניט ווידערשפּרעכן די פּאָליטישע און פּראָפֿעסיאָנעלע פּראָגראַם פֿון פֿאַריין, אַז די אַרבּעט פֿון קאָמיטעט, פֿון די צוזאמענפֿאָרן פֿון צענטראלבּיוראָ פֿון פֿאַריין איז, אַגעוו, צו שטיצן יענע מיטגלידער פון פֿאריין, וואָס האָבּן געליטן בּא אַ צוזאמענשטויס מיט דער אַדמיניסטראציע צוליבּ די איניאָנים פֿון פֿאַריין און אויך די אופגאַבּע פֿון קאָמיטעט איז אויך צו זוכן שטעלעס פאר די בּאפֿרייטע צוליבּ די איניאָנים פֿון פֿאריין כאַוויירים. לייזן פראַגן וועגן דער נויטיקייט פֿון אַן אַלגעמיינעם שטרייק, דערקלערן די צייט פון אָנהויבּ און פֿון סאָף שטרייק, אָרגאַניזירן בּיבּליאָטעקן מיט בּיכער, וואָס בּאלויכטן די היינטיקע לאַגע אין רוסלאַנד, איינאָרדענען פארזאמלונגען, מיטינגען, לעקציעס, מאסאווקעס א. אַז. וו. און אַז די מיטלען פֿון פֿאַריין ווערן צונויפֿגעשטעלט פֿון אבּליגאטארישע כוידעשדיקע אָפּצאָלן אין דער גרויס פֿון אַ האלבּן פראָצ.

פון כוידעשדיקע סכירעס, פון צופעליקע געלטן, דערביי ווערט 50 פראָצענט פון דידאָזיקע מיטלען אַוועקגעגעבן אין שטרייקפאָנד.

אין דער בראָשור „אַלרוסלענדער פאַריין פון די אייזנבאַנער", וואָס איז ארויסגעגעבן פון פעטערבורגער געגנטקאָמיטעט פון פאַריין און וועלכע מע האָט געפונען בא ספאנטי בייסן אונטערזוך, ווערן גערעט וועגן די צילן וואָס דער פאַריין שטעלט זיך—קאַמף מיט דער רעגירונג, זי זאָל זיין געצוווּנגען צו אופ-רופן אַ גרינדונגספאַרזאמלונג פון פאָלקפאָרשטייער, וואָס זיינען אויסגעקליבן אַפן גרונט פון אַלגעמיינע, גלייכע, דירעקטע און געהיימע וואַלרעכט (אַזאַ פאַרזאַמלונג וואָלט געשאַפן אנשטאט דער עקזיסטירנדיקער אַ נייע מעלוכע-אָרדענונג) און אַז אַ מיטל צו דעם קאַמף און צו דערגרייכן דעם געוווּנטשענעם ציל איז אַן אַלגעמיינער אייזנבאַנשטרייק און אַז אַלע מיטגלידער פון פאַריין דאַרפן מיט קאָל האַמעגלעכקייטן, אָנווענדן אַלע זייערע קרעפטן, אז דער שטרייק זאָל געדויערן ביז וואַנען עס וועט ניט אופגערופן ווערן קיין גרינדונגספאַרזאַמלונג. באַטראַכטנדיק די צוויי טעלעגראַמעס פון 7-טן דעקאבר, וועלכע זיינען אפגענומען געוואָרן בא וו. לעווינ-סקען, וועגן אָנהויבן דעם שטרייק פון די אייזנבאַנער און פון מינסקער קאָמיטעט פון פאַריין, איז פעסטגעשטעלט געוואָרן, אַז די ערשטע טעלעגראַמע פון דער דעפוטאַטנקאָנפערענץ פון 29 אייזנבאַנ-וועגן איניינעם מיט דער צענטראַלביוראָ פון אלרוסלענדישן פאריין פון די אייזנבאַנער, וואָס האָבן זיך פאַראייניקט צו דער באַשטימונג פון ראַט פון אַר-בעטערדעפוטאטן אין פעטערבורג און מאָסקווע, האָט דערקלערט פון 7-טן דע-קאבר אַן אלגעמיינעם שטרייק, וואָס דארף געדויערן ביז וואַנען עס וועט אופ-גערופן ווערן אַ גרינדונגספאַרזאַמלונג. דערביי ווערט אין דער טעלעגראַמע אָנ-געוויזן, אַז דער שטאָטיקער פראָלעטאַריאַט דאס הארעפּאַשנע פויערטום און דער באַוווּסטזיניקער טייל פון פלאָט זיינען שוין אופגעשטאַנען פאר דער פאָלק-פרייהייט. אין דער צווייטער טעלעגראַמע פון קאָמיטעט פון מינסקער אָפטיי-לונג פון אַלרוסלענדישן פאַריין פון די אייזנבאַנער, ווערט געמעלדעט די אָנ-געשטעלטע וועגן דעם, אז דער שטרייק הויבט זיך אָן 8-טן דעקאַבר 12 אַ זיי-גער באַטאָג און עס ווערט אָנגעוויזן, אַז די אויבנדערמאָנטע טעלעגראַמע פון דער קאָנפערענץ לאדט איין צו אַן אַלגעמיינעם שטרייק און אַז די מיטגלידער פון פאַריין אַפן ליבאַוועראָמענער אייזנבאַן זיינען אויך מעכויעוו צוצושטיין צום שטרייק אַפן גרונט פון די פאָדערונגען פון דער קאָנפערענץ. פון דער „רעזאָ-לוציע פון דער אלגעמיינער פארזאמלונג פון די אָנגעשטעלטע און אַרבעטער אַף ליבאווראמענער אַייזנבאנוועג פון 23-טן אָקטיאבר אין מינסק" און פון דעם אופרוף פון „קאָאַליצראַט" פון 11-טן דעקאבר, וואָס מע האָט געפונען בא וו. ליאנדרא-כער בייסן אונטערזוך, איז צו זען, אַז דער קאָמיטעט פון מינסקער אָפטיילונג פון אַלרוסלענדישן פאַרבאַנד פון די אייזנבאַנער איז אַריינגעטראָטן אין אייניקע

פֿראַגן אין אַ העסקעם מיִט דער סאָציאלדעמאָקראטישער פאַרטיי, מיטן „בונד״ און מיט די סאָציאַלרעוואָלוציאָנערן.

אַפֿן גרונט פון דעם ווערן באשולדיקט: דער געשוואָרענער אַדוואָקאַט א. א. מעטלין, פּ. יא. גאמזאגורדי, פּ. א. זשאבא, דער געהילף פֿון געשוואָרענעם אַדוואָקאַט ס. א. וואָלינסקי, נ. א. רעווערעלי, ג. אי. ניקאָלסקי, וו. א. לעווינסקי, מ. נ. קוזנעצאָוו, יע. א. ספאנטי, וו. פּ. ליאנדעכער, וו. ג. מאק-סימענקא, ס. ד. דאצקא, ק. וו. רוטסקי און ק. פּ. פרישטשעפענקא אין דעם, אַז איִן דער צייט פון 17-טן אָקטיאבער ביז 8-טן דעקאבער פון יאָר 1905 האבן זיי איינשטימיק צווישן זיִך אנטייל גענומען אין בילדן אַ קעגנ-געזעצלעכע געזעלשאַפּט אונטערן נאָמען: „מינסקער קאמיטעט פֿון אַלרוס-לענדישן פֿאַריין פון די אייזנבאנער״ און האָבן בּאַוווסטזיניִק אַוועקגעשטעלט זיִך פֿאר אַ ציל מיִט זייער טעטיִקייט צו אַראָפּוואַרפֿן די עקזיסטירנדיקע אָרדענונג פון דער רוסיִשער מעלוכע. ווי מיטגלידער פֿון דער אָנגערופֿענער געזעלשאַפּט, האָבן זיי זייער גאַנצע טעטיקייט געווענדעט צו דורכפירן און צו אויספֿילן דעם אַלגעמיינעם, פּאָליטישן שטרייק, וואָס איז דערקלערט געוואָרן פֿון די רעוואָלו-ציאָנערע פּאַרטייען. זיי האָבן איינגעאָרדנט דעם שטרייק אַף ליבאווראָמענער אייזנבאנוועג 3-טן דעקאבער פֿון יאָר 1905, דאָס הייסט זיי ווערן באשולדיקט אין אַ פֿארברעך, וואָס ווערט פֿאָרויסגעזען דורך 51 ערשטע טייל 126 און צ.פּ. 125 אַרטיִקל פֿון קרימינעלן קאָדעקס.

ד"ר ריווקין.

# אָרשער פּאָגראָם*).

אין שטאָט בא אונדז האָבן זיך געטראָגן קלאנגען וועגן אַ פּאָגראם. מע האָט געזאָגט, אַז דער פּריסטאוו מאדזעלעווסקי באפוילט די פּויערים צו קומען מיט געווער אין שטאָט, אַז דער געהילפשרייבער סיניצקי, איגנאטיעוו און סירין אַגיטירן שטארק אין שטאָט צווישן די פּויערים. מע האָט געזאָגט, אַז בא די זאדניעפּראווער מעשטשאנעס אַגיטירט דער מעשטשאנסקער סטאראָסטא סאָקאלאָוו און די פּאסטטשינאָווניקעס מוראשקא און קוריאנאָוו. 19 און 20 אָקטיאבר זיינען בא אונדז געווען דעמאָנסטראציעס מיט רויטע פאָנען צוליב דעם מאניפעסט פון 17-טן אָקטיאַבר. אָראטאָרן זיינען געווען יידן און רוסן, אין 20-טן אקטיאַבר, דערהויפּט רוסישע יוגנט. דאָס זאָג איך דערפאַר, וואָס אייניקע זיינען געניגט צו זעען די סיבע פון פּאָגראם אין דער דעמאָנסטראציע. 20-טן האָט זיך צוריקגעקערט פון אויעזד דער איספּראווניק וויסאָצקי. דעמזעלביקן טאָג אין אָוונט האָבן זיך אופגעקליבן די זאדניעפּראווער מעשטשאנעס און געשריען מיט קולעס: „שלאָגט די זשידעס". זנאָר אַ דאנק דעם, וואָס די נאכט איז אָנגעקומען, און אויך צוליב דעם, וואָס די זעלבסטשוץ האָט זיך באַלד צונויפגעקליבן, האָבן די זאדניעפּראווער ניט באשלאָסן איבערגיין דעם בריק.

פרייטיק, 21-טן אקטיאבר, אין טאָג פון אַרופגאנג אַפן טראָן, האָבן זיך פון אינדערפרי אָן גענומען זיך ציען פויערים פון די דערפער מיט ווילעס, קאָסעס, ביקסן אין די הענט. די יידן האָבן זיך פון פרי באהאלטן. מע האט זיך צונויפגעקליבן אַפן פלאַץ נעבן סאבאָר, אינדערצייט האָבן אַ סאך באמערקט דעם פּאָליצעישן שרייבער איגנאטיעוו אן איבערגעטאָנענעם אין פויערשע קליידער. איגנאטיעוו האָט מיט גרויס פּאטאס געטאינעט מיט די פויערים.

דאָ איז פאָרגעקומען אַזא סצענע: די אָרטיקע כוליגאנעס וואסיל גאלובאָוויטש און דער פּאָסטטשינאָווניק קוריאנאוו זיינען געקומען צום שטאָטגאָלאווא סטראטאנאוויטש צו רופן אים אין נאָמען פון איספּראווניק אַפן פלאץ. דער הער סטראטאנאָוויטש, וואָס האָט געוווּסט די שטימונג פון האמוין, האָט זיך אָפּגע-

*) דערדאזיקער בריוו איז געווען אפגעדרוקט אין „דניעפּראווסקי וועסטניק" נומ. 298 פון 3-טן נאיאבר 1905-טן יאר.

## קאָרבאָנעס פֿון אָרשער פּאָגראָם.



גרינדאָרף מאָרדכע (פֿון שטעטל שקלאָוו).





אַווירעם סאָלאָמאָן (פֿון שטעטל דובראָוונע).

זאָגט צו גיין. ער האָט געזאָגט, אַז אויב דער איספראַווניק דאַרף אים, קאָן ער קומען צו אים. נאָכדעם זיינען זיי ווידער געקומען צו אים, האָבן אים גע־נומען אונטער די הענט און מיט „קאָנוועד" געפירט אים צום איספראווניק. דער לעצטער האָט באגעגנט דעם גאלאוואַ מיט פאָלגנדיקע ווערטער: „ווער ביזטו — דער זשידאָווסקער גאָט, וואָס דו זאָגסט זיך אָפּ צו טראָגן דעם פאָרטרעט?" מיט אַזא באליידיקונג האָט ער אויך באגעגנט דעם ריכטער וואלקאוו (די־דאָזיקע צוויי, האָבן די כוליגאַנעס געוואָלט דערהארגענען, נאָר זיי האָבן בא־וויזן צו אַנטלויפן צו דער צייט. די פענצטער האָט מען בא זיי אויסגעשלאָגן).

און אַזוי האָט זיך די פאטריאָטישע מאניפעסטאציע, וואָס איז באשטאנען — פון שטאָטגאלאווא, וואָס האָט געטראָגן צווישן צוויי כוליגאַנעס דעם פאָרט־רעט פון קייסער; פון דער גאַנצער נאטשאלסטווע, פאָליציי, אפיצערן און סאָל־דאטן; פון אַ גוואלדיקן האמוין כוליגאַנעס און פון פויערים—אינאיינעם מיטן גאַלעך מיכאיל און מיט די הייליקע כארוגוויעס אַוועקגעלאָזן צום וואָקזאל. אַפן וואקזאל האָט מען געוואָרפן שטיינער אין די פענצטער פון יידישע הייזער. דורכגייענדיק דורכן מארק, האָבן אייניקע גענומען אָפרייסן שלעסער פון פּאַר־מאכטע קראָמען. נאָר דער הער סטראטאנאָוויטש האָט אָנגעווענדעט אַף דעם די אופמערקזאמקייט פון אַ זשאנדאַרמישן אפיצער און דער לעצטער האָט צייטווייליק אָפגעשטעלט די רויבעריי. אַפן וואקזאל האָט מען סטראטאנאוויטשן שיר ניט דערהאַרגעט, ער האָט זיך באהאלטן, ביז וואַנען אים האָט זיך איינגעגעבן אַוועקפאָרן אין מאָסקווע.

דאָס איז נאָר דער אַריינפיר. דער עצעם פאָגראם האָט זיך אָנגעהויבן, ווען די מאניפעסטאציע האָט זיך צוריקגעקערט פון וואָקזאל. פון וואקזאל ביזן שטאָט איז אַ וויאָרסט צוויי. די ערשטע שטוב, ווי דו גייסט אַריין אין שטאָט, איז כייפעצעס. כייפעץ איז אַ מענטש זייער אַ רייכער. דאָ האָט מען צום ערשטן אָנגעהויבן אויסער שטיינער וואַרפן, וואָס מע האָט שוין געטאָן גייענדיק צום וואקזאל, אויך ברעכן דעם פאַרקאַן און טויער. איינע פון די, וואָס האָט זיך געראטעוועט — אַ דינסטמיידל הינדינע—דערציילט, אַז דאָ אַפן אָרט האָט מען אָנגעהויבן צו שיסן אין די פענצטער דורך די אָפענע לאָדן. די פרויען, וואָס זיינען געווען אין שטוב, האָבן געכאפט די קינדער און זיינען אַנטלאָפן אין אַ קליין שטיבל אַפן הויף, ווו עס האָט געוואָינט אַן אַלטער מיט אַן אַלט־שינקער. איינער פון כייפעצעס איידעמס מ.*) מיט דעם אָנגעשטעלטן ב.**) זיינען

*) מינדלין.

**) בערגער—א קארעוו און אן אנגעשטעלטן כייפעצעס. איך האב אים דערוויסט מיט דורכגעשא־סענע לונגען. א האפענונג אף געזונט ווערן איז געווען ניט קיין גרויסע. איך האב אים געהיילט און אין דער צייט, ווען איך פלעג אים איבערבינדן, פלעגט ער קאם כאפנדיק דעם אטעם דערציילן מיר די פראטים. ניט גלויבן א מענטשן, וואס האט זין געפונען באם שוועל פון קייווער. האב איך ניט געקענט. אין דער צייט, ווען עס איז געווען דער פראָצעס איבער מיר, איז ער געווען א סאלדאט, אלע מיינע פאדערונגען צו אויספרעגן אים זיינען אפגעווארפן געווארן.

אַרויסגעלאָפֿן אַפֿן הויף און געוואָלט איבערשפּרינגען דעם פּאַרקאַן, אָבער דער הויף איז געווען אַרומגערינגלט. דעמאָלט האָבן מ. און ב. אויסגעשאָסן פֿון רעוואָל־ווערן. אין דער צייט איז דער פּאַרקאַן געפֿאַלן. ב., וואָס איז שוין געווען אונטער־געשאָסן און איז געווען פֿאַרווונדעט פֿון אַ סאָלדאַטישער קויל אין זייט, האָט זיך באַהאַלטן אין עסצימער, פֿאַרביי אים איז מען דורכגעגאַנגען און מע האָט אים ניט באַמערקט.

איך שעפּ מיינע יעדיעס: 1) פֿון באַקוקן דעם אָרט פֿון די דערהאַרגעטע באַלד נאָך דער האַריגע 2) פֿון דעם פֿאַרווונדעטן בערגער 3) פֿון דער געשע־דיקטער הינדינע*) וואָס האָט זיך געראַטעוועט 4) פֿון אייניקע איינטעלנעמער פֿון דער מאַניפעסטאַציע „פּאַסיווע צוקוקער״.

די האַנדלונג איז פֿאָרגעקומען אַזוי: דער איספּראַווניק און די מערהייט סאָלדאַטן זיינען פֿאַרבליבן אַפֿן שאָסיי. דער פּריסטאַוו מאַדזעלעווסקי, דער פּאָליצעישער נאַדזיראַטעל און די פּאָליצעישע שרייבער האָבן גענומען ברעכן די הויז. אַזוי ווי די פּויערים האָבן זיי לעכאַטכילע ניט געהאָלפֿן, האָט די נאַטשאַלסטווע אַ געשריי געטאָן, „וואָס שטייט איר״. דעם איידעם מ. האָט מען באַלד דערהאַרגעט, די דינסטמיידל ג. האָט מען געשלאָגן מיט שטעקנס. זי האָט זיך פֿאַרטאַיעט פֿאַר אַ געשטאָרבענע און, ווי מע האָט זיך נאָר אָפּ־געקערט פֿון איר, איז זי אַנטלאָפֿן. כאָטש דער נאַדזיראַטעל ראַקאָווסקי האָט געשריגן „דעריאָגט איר, דערהאַרגעט איר״, נאָר מע האָט איר ניט דעריאָגט. נאָכדעם האָט זיך אָנגעהויבן אַ שרעקלעכע סצענע: ווען מען האָט געפֿונען די איבעריקע פֿרויען, וואָס האָבן זיך באַהאַלטן אין קליינעם שטיבל, האָט מען יעדע איינציקע אַרויסגעצויגן און דערהאַרגעט מיט קוילן, מיט שייטלעך האָלץ און מיט מעסערס. ווען מען האָט גענומען אַרויסשלעפּן די ייִנגערע טאָכטער אַ דערוואַקסענע פֿריילן, האָט די שוועסטער איר ניט געלאָזן און האָט זיך איינגעטשעפּעט אין איר. די שוועסטער האָט מען צוויי מאָל געשאָסן אין די אויגן. נאָך יעדער האַריגע האָט מען דעם טרופּ אופֿגעהויבן אין דער הויך און דאָס „פֿאָלק״ האָט אויסגעשריען „הוראַ״.

דער גאַלעך מיכאיל מאַסלאַק האָט געפּראַוועט אַ גאָטעסדינסט אַפֿן שאָסיי: ער האָט געבעטן צום גאָט פֿון ליבע און טרייהייט... די מאַסים האָט געדוי־ערט באַ אַ שאָ צייט, מיליטער איז געשטאַנען מיט דער נאַטשאַלסטווע, האָבן געהאַלטן דעם קייסערס פּאָרטרעט, און דאָ אַף אַ קלאַפּטער צען פֿון זיי האָט מען אין נאָמען פֿון גאָט און פֿון קייסער געהאַרגעט. און ווי אַזוי האָט מען געהאַרגעט! די אַלטע**) האָב איך געפֿונען מיט זייער שוואַכע סימאָנים פֿון לעבן, זי האָט געהאַט באַ צען ווונדן: אַרום עווער איז געווען איבערגע־

---

*) אף מיין פּראָצעס האט זי באשטעטיקט אלץ, וואס איך האב פארשריבן. אַ. ר.

**) דער אלטער און די אלטע כייקין האָבן געוואָינט אין אַ קליין שטיבל באַ כייפעצן אַפֿן הויף.

בראָכן דער שאַרבן, דער האָרטייל פֿון קאָפּ איז געווען סקאַלפּירט, דאָס פּאָנים אַ שטיק סיניאַק, אַפֿן מאָרדע אַ גרויסע ווונד. באַם אַלטן איז דער צונג געווען אַרויסגעצויגן און דורכגעשטאָכן, די ציינער אויסגעשלאָגן... די שוועסטער כאַיע איז מיט צוויי גרויסע דורכגעשאָסענע שוואַרצע גריבער אָנשטאָט אויגן געלעגן און האָט געמאַכט אַ שרעקלעכן איינדרוק, דער קערפּער פֿון דער מיידל *) אַ היילער מיט אַ צושעדיקטן פּאָנים איז געלעגן אין אַ לוזשע בלוט.

איך קען שוין מער ניט באַשרייבן די איינצלהייטן, דאָס בלוט ווערט פֿאַרגליווערט אין די אָדערן, די האָר שטעלן זיך קאַפּויר. ווען דו דערמאָנסט זיך נאָר.

אַף אַזאַ אויפֿן זיינען דערהאַרגעט געוואָרן פֿינף פרויען און דריי מענער (איין אַלטער), נאָך ווען צו האַרגענען איז ניט געווען. די קינדער האָט אַן אייזנבאַנער קוזמין **) צוגעכאַפּט און אַנטלאָפֿן, ער האָט ניט געלאָזן זיי האַרגענען.

ענדיקנדיק מיט די קאָרבאָנעס האָט זיך אָנגעהויבן די רויבעריי, גערויבט האָט מען נאָכן טשין נאָך. אין דער צייט, ווען דאָס פֿאָלק און די סאָלדאַטן האָבן געשלעפּט וויניק שאַצבאַרע זאַכן, האָט דער נאַדזיראַטעל ראַקאָווסקי אַראָפּגעצויגן בא די געהאַרגעטע פֿון די פינגער די רונגען, דער פּריסטאַוו מאַדזעלעווסקע, ווי אַ מער דערפֿאַרענער מענטש (ער האָט פֿריער געדינט אַף קאַטאָרגע), האָט אונטערזוכט דעם בופֿעט און האָט דאָרטן געפֿונען אַ פּאָרטפֿעל מיט געלט 9400 רובל. דאָס געלט האָט ער צוגענומען, דעם פּאָרטפֿעל האָט ער איבערגעלאָזן, דאָס האָט געזען דער פֿאַרוונדעטער בערגער, וואָס האָט זיך באַהאַלטן הינטער די קליידער. קעדיי צו איבערצייגן זיך, אַז בערגערס באַווייזן זיינען ריכטיק, האָב איך זיך געווענדעט צו כייפעצעס אַן איידעם בליומין. ער האָט מיר געזאָגט, אַז זיין פֿאַרשטאָרבענע פרוי האָט ער געבעטן צוגרייטן געלט צו איינצאָלן פֿאַר אַ וואַלד, און ער ווייס, אַז 6500 רובל האָט מען גענומען פֿון באַנק, די איבעריקע פון קראָם. אַף מיין פֿראַגע, צו געטרויט ער אָן זיין געזעלן בערגער, האָט בליומין געענטפֿערט: אַז בערגער איז זייערער אַ קאָרעוו, אַז ער איז באַ זיי אויסגעוואַקסן און דינט שוין 12 יאָר. אויסער דעם האָט ער מיר געזאָגט דעמאָלט, ווען ער האָט אַליין ניט געוווּסט, צו ער וועט בלייבן לעבן, און פאַרן טויט זאָגט מען קיין ליגן ניט.

מיט דעם האָט זיך פֿאַרענדיקט דער ערשטער טאָג פון פּאָגראָם, דער 21-טער אָקטיאַבר. 22-טן אָקטיאַבר האָבן זיך נייע האַמוינען פֿון פויערים

---

*) דאס מיידל ביענע, כייפעצעס א טאָכטער, האָט זיך בא א געריכטלעך מעדיצינישער אויספֿאָרשונג אַרויסגעוויזן פֿאַרגוואַלטיקט.

**) דער געהילפֿמאשיניסט קוזמין האָט אזוי שטאַרק איבערגעלעבט דעם פּאָגראָם, אַז באַלד נאָך דעם איז ער קראנק געוואָרן מיט עפילעפּסיע. ער לעבט ביז היינטיקן טאָג, ער וואוינט אַפֿן יוּאָקזאַל פאקהאוזנע 20.

געלאָזט גיין מיט דיזעלביקע פּראָוואָקאַטאָרן מיט דערזעלביקער אַגיטאַציע. ווי־דער אַ מאַניפעסטאַציע. היינט האָט זיך אָנגעהויבן פון אַן אַנדער זייט פון שטאָט פון וויטעבסקער שאָסיי. דריי פויערים וואָס זיינען אומישנע געקומען אין שטאָט, האָבן זיך פאַרטשעפּעט מיט אַ פרוי און א קלאַפּ געטאָן איר מיט אַ שוואָרון אין זייט. ווען ד״ר׳ה גרנדיק אירע קוילעס, איז אַרויסגעלאָפן אַ שאָכן, אַ ייד מיט זיין טאָכטער, האָט מען אים אַ קלאַפּ געטאָן מיטן האַק איבערן שטערן, דער טאָכטער מיט אַ האלאָבליע איבערן רוקן. דאָס מיידל איז געפאַלן און האָט זיך אָנגעהויבן קאָרטשען אין קאנוולסיעס. עס איז אַרויסגעלאָפן דער זון פון דער ערשטער יירענע און האָט אויסגעשאָסן מיט אַ רעוואָלווער. די פויערים האָבן באַלד אויסגעשפּאַנט די פערד און זיינען אַוועקגעלאָפן נאָך הילף צו דער פּאָליציי.

אין דער צייט זיינען געגאַנגען אין שטאָט צו העלפן די יידן צען יידישע יונגעלייט פון שטעטל דובראָוונע. דערהערנדיק דעם געשריי, האָבן זיי זיך אַ לאָז געטאָן דורכן פעלד באַם דניעפּר. אַפן וועג האָבן זיי דערזען, אַז סאָל־דאַטן מיט אפיצערן מיטן איספּראַווניק וויסאָצקע, פּריסטאַוו מאדזעלעווסקי מיטן נאַדזיראַטיעל אין דער באַגלייטונג פון אַ גרויסן האַמוין כוליגאַנעס און באַוואָפנטע פויערים גייען אַהער. די יונגע לייט האָבן זיך באַהאַלטן אין אַ רוסישן שטיבל, מ׳האָט זיי אָבער באמערקט און דאָ איז פאָרגעקומען אַ בילד פון כינעזישן לעבן: געזעלשאַפטלעכע קעפּונג.

די מיליטער, די נאַטשאַלסטווע פאָרויס און די פּאָליציי, די כוליגאַניעס האָבן אַרויסגעשלעפּט איינציקווייז און יעדערן דערהאַרגעט אַף טויט. איינעם האָבן זיי אָבגעהאַקט דעם קאָפּ. אַף אַזאַ אויפן זיינען דערהאַרגעט געוואָרן 9 מאַן.

אַזוי ווי דאָס מיידל האָט נאָך פאָרגעזעצט זיך צו וואַרפן אין קאָנ־ווולסיעס, האָבן די כוליגאַנעס פאַר אַלעמען אין די אויגן דערלאַנגט איר מיט אַ שטיין אין קאָפּ און געמאַכט פון איר אַ סאָף. דער שאַבעסדיקער טאָג האָט זיך מיט דעם ניט באַגרעניצט. אין אָוונט האָבן די זאַדניעפּראָווער גערויבט אַף זייער אייגענער אַכראַיעס אָן דער הילף פון פּאָליציי און מיליטער: אויסגע־שלאָגן פענסטער אין דריי דירעס און צורויבט די קראָם פון זארכי. אף די רויבער האָט זיך אַ וואָרף געטאָן די זעלבסטשוץ. עמעס, אַף דער זעלבסטשוץ, וואָס איז געגאַנגען פון מינסקער גאַס, זיינען געשיקט געוואָרן סאָלדאַטן, אונ־טער דער אָנפירונג פון עפּעס איינעם אַ ציווילן. אָן נאַטשאַלסטווע האָבן די סאָלדאַטן געשאָסן העכער פון מענטשן, באַמערקנדיק דאָס, האָט די זעלבסטשוץ פאַרטריבן די זאַדניעפּראָווער אָן קיין שום קאָרבאָנעס פאַר די און פאַר יענע.

אין דעם טאָג זיינען אין אַן אַנדער אָרט געווען האַריגעס; אַף דער פּראַכטסטאַנציע פון ריגעאָרלאָווער אייזנבאַנוועג זיינען געקומען אַכט מאַן *).

---

*) עס זיינען געקומען מער, נאָר ניט אלע זיינע פארהאלטן געווארן. אנמערקונג פון רעד.

## קאָרבאָנעס פֿון אָרשער פּאָגראָם.



יוכוועץ יאנקעוו (פֿון שטעטל דובראָוונע).



זילבערבאָרד ס. (פֿון שטעטל דובראָוונע).

פֿון שקלאוו, אויך צו העלפֿן די ייִדן. אַ באַנדע כוליגאַנעס אונטער דער אָנפֿירונג פֿון איינעם מאַטוויי פֿון דאָרף כארבאראווא האָט זיי אָפּגעפֿירט אין וואַלד, אָפּגענומען באַ זיי די רעוואָלווערן און זעקס פֿון זיי דערהאַרגעט, צוויי האָט זיך איינגעגעבן צו אנטלויפֿן. מאַטוויי האָט זיך באַרימט, אַז דערפֿאַר האָט מען אים צוגעזאָגט א פרעמיע פֿון דער נאַטשאַלסטווע. די קערפּערס זייערע האָט מען אַרייַנגעוואָרפֿן אין אַן אייזנבאנשטאַל.

אין אָוונט פֿון דעמזעלביקן טאָג איז צו אונדז געקומען דער וויצעגובערנאַטער לאַדיזשענסקי אין דער באַגלייטונג פֿון דראַגונער.

ער האָט באַלד אַראָפּגענומען פֿון זיין שטעלע דעם איספּראַווניק וויסאָצקי, כאָטש אפילע ער האָט אַף זיין אָרט באַשטימט דעם מאָלעווער פּאָליצמייסמיזהיילאָ, אַ מענטש וואָס האָט זיך באַרימט געמאכט מיט זיינע בלוטבעדער. אַ סאַך האָבן שוין געמיינט, אַז עס האָט שוין גענומען אַ סאָף, אָבער ניט אַזוי איז עס געוועזן.

עס איז אָנגעקומען דער 23-טער אָקטיאַבר, ווידער האַמוינען פּויערים, ווידער רופֿט מען צו האַרגענען, ווידער קאמפּאַניעס — דער דריטער טאָג פֿון פּאָגראָם. מיט בלוט האָט מען זיך איבערגעזעטיקט. איצטער דאַרף מען באַצאָלן מיט מעטאַל פֿאַר דער פּאַטריאָטישער האָרעוואַניע. נאָך דער טפֿילע אַפֿן סאָבאָרפּלאַץ האָבן זיך גענומען טראָגן דראַגונער, נאָך זיי כוליגאַנעס און פֿון הינטן סאָלדאַטן, אַף אַזאַ אויפֿן האָבן די בעקאָוועדיקע פּערזאָנען, די כוליגאַנעס, געהאַט פֿון ביידע זייטן לייבהיטער. אַף זייער וועג האָבן זיי געשלאָגן פענצטער פֿון ייִדישע הייזער. קומענדיק אַפֿן מאַרק, האָבן די דראַגונער פֿאַרנומען איין זייט פֿון שקלאָווער גאַס, האָבן זיך אַוועקגעשטעלט מיט די פּלייצעס צו די רויבער און די סאָלדאַטן האָבן אין דער צווייטער זייט דורכגעמאַכט דעם זעלביקן מאַנעוור. אַזוי האָט זיך געבילדעט אַ מיליטערישע קאַרע. די רויבער וואָס זיינען געווען באַשיצט פֿון ביידע זייטן, זיינען צוגעטראָטן, אונטער דער אָנפֿירונג פֿון פּאָליצעישן נאַדזיראַטעל, צו אופבּרעכן די קראָמען און צו צונעמען די סכוירעס. דערביי האָט דער נאַדזיראַטעל געלערנט די נאַראָנים. ער האָט געזאָגט, אַז פֿריער דאַרף מען אופבּרעכן און צושלעפּן די סכוירע פֿון פּריזמאַנס אייזנקראָם, דעמאָלט וועט זיין גרינגער צו עפֿענען אַנדערע קראָמען. די רויבער האָבן צוגעהערט די קלוגע אייצע און האָבן אַזוי געטאָן. די אַרבעט איז געגאַנגען גוט, נאָר איינמאָל האָט מען געשטערט.

די דראַגונער*) זיינען געפֿאָרן באַגלייטן די פּויערים, וואָס האָבן אַוועקגעפֿירט די אָנגעראַבירטע גוטס אַף די וועגן. אין דער צייט האָט די זעלבסטשוץ געגעבן

---

*) ווען דער דניעפּראָווסקי וועסטניק איז אָנגעקומען אין אָרשע, האָט זיך דער קאָמאנדיר פֿון די דדאגונער באליידיקט און האָט מיך פּארופֿן אין הויז פֿון לאנדאַ צו קלאָר מאכן דעם עמעס, די דראגונער, וואָס זיינען אויסגעפֿרעגט געוואָרן ווי איידעס, האָבן געלייקנט וועגן זייער אנטייל. באר ווען די ייִדן האָבן זיך דערוווסט, אז מע האָט מיך אוועקגעפירט אפֿן פֿארהער, איז א גרוי–

אַ זאַלפּ אין די רויבער. די לעצטע זיינען זיך באַלד צולאָפן, אָבער די צוריק־געקערטע דראַגונער האָבן געגעבן אַן ענטפערזאַלפּ אין דער לויפנדיקער זעלבסטשוץ, צוויי האָט מען פאַרוואונדעט אין פוס. אַף אַזאַ אויפן האָבן די רויבער ווידער געקענט פאָרזעצן זייער אַרבעט.

פאַרוואָס האָט זיך איבערגעריסן דער גראַבעזש עקזיסטירן צוויי ווער־סיעס: לויט איינער צוליב דעם, וואָס עס איז אָנגעקומען די נאַכט, און לויט דער צווייטער האָט זיך דער ייד פ. מיט געפאַר פאַרן לעבן דערקליבן צום פאָלי־ציינאַדזיראַטעל און האָט אָנגעהויבן צו בעטן זיך באַ אים.

—„איך האָב אייך דען ניט געגעבן"... דער נאַדזיראַטיעל האָט קלוימערשט געענטפערט „די יידן וועלן מיר סאַי ווי פאַר מיין טעטיקייט האַרגענען" און דעמאָלט האָט אים פ. אָרעוו געוועזן פאַרן לעבן, אַז מע וועט זיך צו אים ניט צורירן.

דער נאַדזיראַטעל האָט נאָר אַ זאָג געטאָן „גענוג" און דער גראַבעזש האָט זיך איבערגעריסן.

אַף אונדז איינוואָינער האָבן די שרעקלעכקייטן פון דאָזיקן אָוונט גע־מאַכט אַ באַזונדער איינדרוק, די קלינגעריי פון די גלעקער, די אָפטע זאַלפן, די דורכלויפנדיקע רויבער מיט די אָנגעראַבירטע גוטס, דער אַרומלויפן אַהער און אַהין פון קאַמפּאַטריאַד האָט אָנגעצויגן די נערוון ביז אומעגלעכקייט, איך האָב געפילט, אַז מער וועל איך ניט איבערטראָגן, דער מארך אין קאָפּ רירט זיך — איך בין געוועזן נאָענט צו מעשוגאַס, אַנערקענענדיק אַז ווייטער ליידן איז אומעגלעך.

24-טן אינדער־פרי האָט זיך אומגעקערט צוריק אַהיים אַ טייל פון די צוהילפגעקומענע יידן פון דובראָוונע, זיי האָבן דערזען, אַז זיי קענען מיט גאָרנישט ניט העלפן, זיי איז אויסגעקומען צו איבערגיין דעם בריק, דערזע־ענדיק די כוליגאַנעס, האָבן זיי זיך באַהאַלטן ערגעץ אין אַ שטוב, האָט מען זיי אויך איינציקווייז אַרויסגעשלעפּט און דערהאַרגעט. די דריי, וואָס זיינען געבליבן, זיינען צושעדיקט געוועזן, מען האָט זיי געוואָלט אַריינוואַרפן אין דניעפּר, אָבער דאָ איז אָנגעלאָפן די זעלבסטשוץ און האָט זיי געראַטעוועט. איינ־

---

סער טייל פון די איינוואָינער, אין דער צאָל אויך געליטענע, געקומען צולויפן מיט פאָדערונגען, אז מען זאָל זיי אויך נעמען אפן פארהער און זיי וועלן איידעס זאגן, צו עס איז ריכטיק, וואס איך האָב געשריבן.

דער קאָמאַנדיר האָט געזאָגט, אז די דראגונער זיינען אזוי אין קאס פאר דער קאָרעס־פּאָנדענץ, אז ער קען ניט אָרעוו זיין פאר דער גאנצקייט פון דער שטאָט, אז מען דארף געפינען א וואָסער ניט איז אויסגאַנג, קעדיי צו באַרויקן זיי.

רעמאָלט האָב איך מאסקים געווען אנצושרייבן אַ בריף אין רעדאקציע וועגן דעם, אז זיי האָבן אליין ניט געראבירט. נאר אף וויפיל זיי האבן געקענט האבן זיי ניט דערלאזן צו האריגעס.

גאַנצן רעכנט מען אָן 30 מאן *) געהאַרגעטע, פון זיי איינער אַ רוסישער פון זעלבסטשוצאָטריאַד, זעקס פרויען און איין אַלטער און די איבעריקע—23 יונגע-לייט, וואָס האָבן מאקריוו געוועזן זייער לעבן פאַר זייערע פריינט.

ערע און ליבע די אומגעקומענע גיבורים!

פון די רויבער איז ניט געהארגעט און ניט פאַרוווּנדעט געוואָרן קיין איין מענטש. טיילווייז ווערט עס ערקלערט מיט דער סיסטעם פון דער זעלבסט-שוץ, באַ זיי איז פאַראַן א באַשטימונג: צוויי שאָסן אין דערהויך און אַ דריטן אין ציל **).

---

*) פאַרוווּנדעטע זיינען געווען א סאך מער, די פאַרוווּנדעטע (דערהויפּט אין קאָפּ) האָב איך איבערגעבונדן, די שווער פאַרוווּנדעטע אין הויז פון פאָליאַקאָוון אף שקלאָווער גאס, די גרינגפאַרוווּנדעטע פלעגן קומען צו מיר אַהיים, צוליב דעם האָב איך אופגעהאַנגען א פלאג מיט א רויטן קרייץ. א. ר.

**) דער נומער פון צייטונג מיט דערמאָנטן אַרטיקל איז אנגעקומען דעם 5-טן, שאבעס. מע האָט געזאָגט, אַז זונטיק דעם 6-טן וועט מען נאכדעם, ווי מען וועט מיספּאַלעל זיין אין קלויסטער, הארגנען מיך (איך בין געווען אלייז, די פאמיליע מיינע איז אוועקגעפאָרן אין מאָלעוו). אין דער נאכט פון 5-טן אפן 6-טן זיינען צו מיר געקומען נעכטיקן ארבעטער פון זעלבסטשוץ (איך געדענק די ברידער טעוולין און אנדערע) און זונטיק זיינען געקומען און אַרומגערינגלט מיין גאנעק, אייניקע ארבעטער פון באראנסקער זאוואָד (איצטער „רויטער אָקטיאבר”).

מיט דעם איז נאך דאָס אָפּקומען פאַר מיין אַרטיקל ניט פארענדיקט. אין יאָר 1906 האָב איך זיך געשטעלט פאַרן געריכט פאַר רעכילעס אין דער פרעסע לויט די אנקלאגן פון גאַלעך מאסלאק און פריסטאוו מאדזעלעווסקי. לויט דער ערשטער אָנקלאַגע האָט מען מיר באַרעכטיקט, נאָר אף דער צווייטער האָט מען מיר צוגעמישפּעט פיר כאַדאָשים טפיסע. דערביי האָט מען בער-גערן, ווי א מענטש, וואָס וואָינט אין אן אנדער שטאָט (קראָנשטאַט), אפגזאגט זיך צו נעמען אפן פאַרהער.

די געריכטפּאַלאַטע האָט אין יאָר 1909 פאַרקלענערט מיין שטראָף ביז צוויי כאראָשים טפיסע.

# אינהאַלט.

זייט


ש. (ס) אַגורסקי. פאָרוואָרט. I—XIII

י. בעלענקי (סערגיי). די מינסקער באָלשעוויסטישע אָרגאַניזאַציע ערעוו 1905. 1

נ. טימאָפעיעוואַ (מאַרוסיע די קליינע). וועגן דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג צווישן די שילער אין אָנהויב פון 1905 יאָר אין מינסק. 60

וו. מעטלין. קורלאָווס צושיסונג. 64

ג. ל. שקלאָווסקי. באָברויסק ערעוו 1905 יאָר. 72

גארעליק. באָבחויסק אין 1905 יאָר. 86

ב. מאראכאָוועץ. די פויערימבאַוועגונג אין ווייסרוסלאַנד אין 1905 י. און די סאָציאַלדעמאָקראַטיע. 130

א. ביילין. די געבורט פון דער „איסקראַ" אין מסטיסלאַוול. 144

די פאַרטייאַרבעט אין דווינסק. 156

דער יאָר 1905 אין פּאָלאָצק. 164

י. באָגדאַנאָוויטש. זיכרוינעס פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אין סלוצקער קרייז. 172

פ. כאראך. אַגראַראומאָרדענונגען אין שטעטל פעסאָטשנע. 177

ס. פרודניקאָוו. די רעוואלוציאנערע באַוועגונג אין דאָרף סעמיאָנאָווקע. 180


# ביילאַגעס:


די רוסלענדישע סאָציאַלדעמאָקראַטישע ארבעטערפאַרטיי (באָלשעוויקעס) אין צאָפּנמאַירעוו-קאַנט. 185

באַשולדיקונגאַקט איבער דעם איניען פון דעם געוועזענעם שטרייק פון די אייזנבאַנער אין מינסק אין יאָר 1905. 209

ד"ר ריווקין. אָרשער פּאָגראָם. 218

...ווּאָ פונ...ם ... בענט . . . . . . . . . . . . . . . . . . 256
...אס אָפּטיילן די פונקציעס פון געלט־קאַפּיטאַל און פון אינדוסטריעלן קאַפּיטאַל. וועבער־
קאַ...יטאַל . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . 258
...דאס אָפּטיילן די אונטערנעמערישע האַכנאַסע פונעם ליי־פּראָצענט . . . . . . . 260

## ...אַ...צנטער קאַפּיטל. קרעדיט און בענק

...8. באַנק־קרעדיט און קאָמערציעלער קרעדיט (קאַפּיטאַלער און אומזאַצלעכער) . . . . . . . 262
...8. דער וועקסל אַלס כויוו־פאַרפליכטונג . . . . . . . . . . . . 265
...9. וו קסל־ ...יסקאָנט. דיסקאָנט־פּראָצענט . . . . . . . . . . . 267
§ 91. אַל עמיינער באַגריף וו...גן בענק . . . . . . . . . . . . 268
§ 92. פּאַסיווע באַנק־אָפּעראַציעס . . . . . . . . . . . . . . 269
§ 93. אַקטיווע באַנק־אָפּעראַציעס . . . . . . . . . . . . . . 272
§ 94. בענק און קרעדיט־רעווּעך . . . . . . . . . . . . . . . 274

## ניינצנטער קאַפּיטל. קרעדיט־געלט און פּאַפּיר־געלט

§ 95. אַלגעמיינער באַגריף וועגן פּאַפּיר־געלט . . . . . . . . . . 275
§ 96. אין וואס פּאַר א מאָס קאָנען באַנקנאָטן פאַרבייטן פּ...לוועריק געלט . . . . . . 277
§ 97. פּאַ...יר־געלט, און מיט וו...ס אונטערשיידט זיך עס פון קרעדיט־געלט . . . . . 279
§ 98. די קויפקראַפט פון פּאַפּיר־געלט . . . . . . . . . . . . . 280
§ 99. סאַכאַ...לען און אויספּירן . . . . . . . . . . . . . . . 284
... אינפלּיאַציע און איר ווירקונג אויף דער פאָלקסווירטשאַפט . . . . . . . . 288
... אופשטעלונג פון א נאָרמאַלער געלט־צירקוליאַציע . . . . . . . . . 290
...ווישנפעלק רלעכע כעשבוינעס . . . . . . . . . . . . . . 2...2
...טאָרישער מאַטעריאַל צום VII אָפּטייל . . . . . . . . . . . . 294

### אכטער אָפּטייל

## ערד־רענטע

## ...ונציקסטער קאַפּיטל. ערד־רענטע אין די באַדינגונגען פון דער קאַפּיטאַליסטישער ווירטשאַפט

...10... אַלגעמיינע באַמערקונגען וועגן ערד־רענטע . . . . . . . . . . ...8
§ 104. דיפערענציאַלע ערד־רענטע . . . . . . . . . . . . . . 300
§ 105. דיפערענציאַלע רענטע II . . . . . . . . . . . . . . ...06
§ 106. דער געזעץ פון פאַלנדיקער פּרודוקטיוויטעט פונעם באָדן . . . . . . . ...08
§ 107. דער קוואַל פון דיפערענציאַלער רענטע . . . . . . . . . . .
§ 108. אַבסאָליוטע רענטע . . . . . . . . . . . . . . . . .
§ 109. דער קוואַל פון אַבסאָליוטער רענטע . . . . . . . . . . . .
§ 110. די ערד־רענטע און די פּרייז פונעם לאַנדווירטשאַפטלעכן פּראָדוקט. מאָנאָפּאָלע רענטע .
§ 111. דער פּרייז פון ערד . . . . . . . . . . . . . . . .
§ 112. די ט...נדענץ פון דער ערד־רענטע צו וואַקסן אין דער מאָס, ווי עס אַנטוויקלט זיך דער קאַ־
פּיטאַליזם . . . . . . . . . . . . . . . . . . . ...25
§ 113. דער סאַץ א ער באַדייט פון דער ערד־רענטע . . . . . . . . . 327
§ 114. די נאַציאָנאַליזאַציע פון דער ערד און רענטע . . . . . . . . . 330

וואָ פונעם מ... - פּראָצענט . . . . . . . . . . . . . . . . 256
...ס אָפּטיילן די פונקציעס פון געלט-קאַפּיטאַל און פון אינדוסטריעלן קאַפּיטאַל. וואָכער-
קאַפּיטאַל . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . 258
דאָס אָפּטיילן די אונטערנעמערישע האַכנאָסע פונעם ליי - פּראָצענט . . . . . . . 260

## אַכצנטער קאַפּיטל. קרעדיט און בענק

§ 88. באַנק - קרעדיט און קאָמערציעלער קרעדיט (קאַפּיטאַלער און אומזאַצלעכער) . . . . . . 262
§ 89. דער וועקסל אַלס כּליוו - פאַרפליכטונג . . . . . . . . . . . . 265
§ 90. וועקסל - דיסקאָנט. דיסקאָנט - פּראָצענט . . . . . . . . . . . 267
§ 91. אַלגעמיינער באַגריף וועגן בענק . . . . . . . . . . . . . . 268
§ 92. פּאַסיווע באַנק - אָפּעראַציעס . . . . . . . . . . . . . . 269
§ 93. אַקטיווע באַנק - אָפּעראַציעס . . . . . . . . . . . . . . 272
§ 94. בענק און קרעדיט - רעוואָך . . . . . . . . . . . . . . . 274

## נײַנצנטער קאַפּיטל. קרעדיט - געלט און פּאַפּיר - געלט

§ 95. אַלגעמיינער באַגריף וועגן פּאַפּיר - געלט . . . . . . . . . . . 275
§ 96. אין וואָס פאַר א מאָס קאָנען באַנקנאָטן פאַרבייטן פּאָלווערטיק געלט . . . . . . . 277
§ 97. פּאַפּיר - געלט, און מיט וואָס אונטערשיידט זיך עס פון קרעדיט - געלט . . . . . . . 279
§ 98. די קויפקראַפט פון פּאַפּיר - געלט . . . . . . . . . . . . . 280
§ 99. סאַכאַקלען און אויספירן . . . . . . . . . . . . . . . . 284
... אינפלאַציע און איר ווירקונג אויף דער פאָלקסווירטשאַפט . . . . . . . . 288
... אופשטעלונג פון א נאָרמאַלער געלט - צירקולאַציע . . . . . . . . 290
... ווישנפעלק רלעכע כעשבוינעס . . . . . . . . . . . . 292
...זאַרישער מאַטעריאַל צום VII אָפּטייל . . . . . . . . . 294

### אכטער אָפּטייל

## ערד - רענטע

## זעכציקסטער קאַפּיטל. ערד - רענטע אין די באַדינגונגען פון דער קאַפּיטאַליסטישער ווירטשאַפט

§ 103. אַלגעמיינע באַמערקונגען וועגן ערד - רענטע . . . . . . . . . . 298
§ 104. דיפערענציאַלע ערד - רענטע . . . . . . . . . . . . . . 300
§ 105. דיפערענציאַלע רענטע II . . . . . . . . . . . . . . 306
§ 106. דער געזעץ פון פאַלנדיקער פּראָדוקטיוויטעט פונעם באָדן . . . . . . . . 308
§ 107. דער קוואַל פון דיפערענציאַלער רענטע . . . . . . . . . . . 310
§ 108. אַבסאָליוטע רענטע . . . . . . . . . . . . . . . . 315
§ 109. דער קוואַל פון אַבסאָליוטער רענטע . . . . . . . . . . . 317
§ 110. די ערד - רענטע און די פּרייז פונעם לאַנדווירטשאַפטלעכן פּראָדוקט. מאָנאָפּאָלע רענטע . . . 320
§ 111. דער פּרייז פון ערד . . . . . . . . . . . . . . . . 323
§ 112. די טענדענץ פון דער ערד - רענטע צו וואַקסן אין דער מאָס, ווי עס אַנטוויקלט זיך דער קאַ-
פּיטאַליזם . . . . . . . . . . . . . . . . . . 325
§ 113. דער סאַכאַקל פון דער ערד - רענטע . . . . . . . . . . . 327
§ 114. די נאַציאָנאַליזאַציע פון דער ערד און רענטע . . . . . . . . . . 330